ברוך צוקערמאַן

# זכרונות

דריטער באַנד

פאַרלאַג „אידישער קעמפער״ און פאַרבאַנד ביכער־פאַרלאַג

תשכ״ו ניו־יאָרק 1966

# אינהאַלט

דעם דריטן באַנד פון מיינע זכרונות ווידמע איך מיט ליבשאַפט און דאַנקבאַרקייט די חברים שמואל באָנטשעק, מרדכי שטריגלער און שמואל שולזינגער, וואָס יעדער אויף זיין אופן האָט מיטגעהאָלפן מעגלעך מאַכן דאָס דערשיינען פון מיינע פריערדיקע דריי ביכער: „אויפן וועג" (דערשינען אין 1956); „זכרונות", ערשטער באַנד (דערשינען אין 1962); „זכרונות", צווייטער באַנד (דערשינען אין 1963) און „זכרונות", דריטער באַנד וואָס דערשיינט איצט. אין אָט דער ווידמונג שליס אויך איך איין דעם חבר א. באַלפור, וועלכער האָט אַזוי טריי געזאָרגט פאַר דער פאַרשפרייטונג פון די פריערדיקע דריי ביכער און וועט זיכער מיט דער זעלביקער טריישאַפט זוכן צו פאַרשפרייטן דעם נייעם באַנד. אַלע פיר חברים האָבן זייער אַרבעט צוגעטראָגן אין פולער התנדבות, אָן קיין פערזענלעכער טובת הנאה.

דער מחבר

# אַ ר יי נ פ י ר

איך וואָלט מיך אייגנטלעך געקענט באַגיין אָן אַן אַריינפיר צום דריטן באַנד זכרונות. עס איז דאָ ווייניק צוצוגעבן צו די אַריינפירן אין די ערשטע צוויי בענד. האָב איך אָבער אינעם אַריינפיר צום צווייטן באַנד אָנגעזאָגט צוויי זאַכן פאַרן דריטן באַנד: א) אַז איך וועל אין אים אַריינגעבן אַ גרויסן צוגאָב-קאַפּיטל פון „דערגענצונגען", כדי צו דערציילן וועגן פּאַסירונגען, וועלכע זיינען אין די פריערדיקע ביידע בענדער דורכגעלאָזט געוואָרן; ב) אַז איך וועל אויך צוגרייטן פאַרן דריטן באַנד אַ „זוך-צעטל" צו פאַרצייכענען וואו עס געפינען זיך נעמען און זאַכן וואָס ווערן דערמאָנט אין מיינע זכרונות. ביידע זאַכן האָב איך, ווי מען קען זען, ניט דורכגעפירט. די וויכטיקסטע סיבה פאַרן ניט דורכפירן איז פאָלגנדיקע: איך האָב געפּלאַנט אַריינצוברענגען אינעם דריטן באַנד אַלע פּאַסירונגען וואָס איך האָב באַטראַכט פאַר וויכטיק צו פאַרצייכענען, וואָס זיינען פאָרגעקומען ביז אונזערע טעג. דאָס איז מיר ניט געלונגען. איך האָב ביז איצט געקענט ברענגען מיינע זכרונות בלויז ביז דער פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל. פון דאַן זיינען אַוועק נאָך 18 יאָר פון גרויסע געשעענישן, אין וועלכע אונזער באַוועגונג האָט געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע. איך האָב דעריבער באַשלאָסן אַזוי:

אויב עס וועט מיר נאָך באַשערט זיין אָנצושרייבן און אַרויסגעבן דעם פערטן און לעצטן באַנד פון מיינע זכרונות (פאַר וועלכן איך האָב שוין אויפגעזאַמלט אַ טייל פון דעם מאַטעריאַל) וועט זיין מה טוב. וועל איך אין פערטן באַנד אַריינגעבן סיי די דערגענצונגען, סיי דעם „זוך-צעטל". טאָמער איז עס מיר ניט באַשערט, וועל איך זיך מוזן באַנוגענען (און איך האָף, אַז אויך מיינע לייענער וועלן זיך באַנוגענען) מיט דעם וואָס איך האָב יאָ זוכה געווען אָנצושרייבן און, מיט דער הילף פון טייערע חברים, אָפּצודרוקן.

∴

ניט ווייסנדיק צי אַ פערטער באַנד וועט קומען און צי איך וועל דאַן האָבן די געלעגנהייט צו קענען מאַכן אַ סך־הכל פון אַלץ וואָס איך בין דורכגעגאַנגען און דורכגעלעבט במשך פון איבער 60 יאָר פאַרבונדן זיין מיט — און אַקטיוו זיין — אין אונזער באַוועגונג, וויל איך איצט בלויז זאָגן:

עס איז ניט די עובדה פון זכרונות־ביכער אַנצואווייזן וואָס עס איז יאָ און וואָס עס איז ניט דערגרייכט געוואָרן פון די פאַרשיידענע פראָגנאָזן, פאַנטאַזיעס און פּלענער וואָס איך האָב אין מיין לעבן אַרויסגעבראַכט אין שריפט, אָדער בלויז געבראַכט צו די צענטראַלע אינסטאַנצן אונזערע. אין אָט דעם דריטן באַנד וועלן זיך די לייענער באַגעגענען מיט מיינע אפשר נאָך גרעסערע חלומות און פאַנטאַזיעס, ווי אין די פריערדיקע צוויי בענד. מעגלעך אַז זיי, די לייענער, וועלן פּרובירן פאַר זיך פעסטשטעלן וואָס ס'איז יאָ און וואָס ס'איז ניט דערגרייכט געוואָרן. איך בין זיכער, אַז זיי וועלן באַמערקן, אַז אַ טייל פון יענע פאַנטאַזיעס זיינען דאָך דערגרייכט געוואָרן. פאַר מיר אַליין ליגט ניט די אונטערשטע שורה אין דעם וואָס עס איז דערגרייכט געוואָרן, נאָר אינעם עצם חלומען, אין עצם פאַנטאַזירן. דאָס האָט געהאַלטן וואַך מיין נשמה און מיר זייער אָפט פאַרשאַפט התרוממות הרוח. פאַר דעם אַלעמען קען איך בלויז דאַנקען דעם בורא עולם, וואָס האָט מיך מזכה געווען מיט אַזאַ גורל. הלוואי וואָלט איך נאָר געהאַט די זיכערקייט צו באַהויפּטן דאָס, וואָס יעדער פשוטער איד זאָגט טאָג־איין טאָג־אויס צום רבונו של עולם: אלקי, נשמה שנתת בי טהורה היא. וואָלט איך געהאַט ד ע ם באַוואוסטזיין, בין איך מודה, אַז דאָס וואָלט מיך גייסטיק געשפּייזט אין די עלטערע יאָרן.

דערמיט גיב איך איבער דעם דריטן באַנד צו מיינע לייענער.

**ברוך צוקערמאַן**

# אונזער ערשטע עליה קיין ארץ־ישראל

א

איך האָב פאַרענדיקט מיין צווייטן באַנד זכרונות מיט אונזער ערשטער קיין ארץ־ישראל, אין פריען הערבסט פון 1932. נאַטירלעך האָט עס גענומען עטלעכע חדשים ביז מיין משפחה האָט אָנגענומען אָט דעם באַשלוס. אונזער ערשטע זאָרג איז געווען וועגן דער מעגלעכקייט צו באַקומען באַשעפטיקונג אין ארץ־ישראל. דאָס דאָזיקע פּראָבלעם איז פאַרענטפערט געוואָרן דורך מיין פאַרבינדונג מיטן קרן היסוד אין צפון־אַמעריקע, אין וועמעס נאָמען איך בין אויפגעטראָטן אין פאַרשיידענע שטעט איבערן לאַנד. די פּי־רערשאַפט פון קרן היסוד האָט מסכים געווען איך זאָל אַרויספאָרן אויף אַ טורנע פאַרן קרן היסוד אין מזרח־איראָפּע. פון ביידע צדדים איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז דאָס איז אַ צייטווייליקע פאַרבינדונג. מצד דער פאַרוואַלטונג פון קרן היסוד איז, גאַנץ פאַרשטענדלעך, ניט געווען קיין גרייטקייט פאַר אַ פּער־מאַנענטער פאַרבינדונג, ווייל זיי האָבן דאָך ניט געקענט וויסן, צי איינער וואָס האָט פון זיינע סאַמע יונגע יאָרן אָן געלעבט אין צפון־אַמעריקע, וועט זיך קענען אַריינפּאַסן אין די פאָרמען פון אויפקלערן דעם קרן היסוד פאַר אידישע מאַסן אין מזרח־איראָפּע. איך אַליין האָב אויך ניט געוואָלט זיך פאַרפליכטן פערמאַנענט צו בלייבן אַ וואַנדערנדיקער שליח. איך האָב געהאָפט סוף־סוף צו געפינען באַשעפטיקונג אין ארץ־ישראל גופא, בכדי צו קענען בלייבן מיט דער משפחה און זיך פאַרוואָרצלען אין לאַנד. איז דעריבער אונזער אָפּמאַך באַגרענעצט געוואָרן צו איין (1) יאָר צייט.

דאָן איז פאַר מיין משפחה אויפגעשטאַנען אַ צווייט פּראָבלעם: אונזער עלטערע טאָכטער, אביבה, האָט דאַן זיך געגרייט אַריינצוטרעטן אין אַן אוני־ווערזיטעט. אונזער ערשטע מחשבה איז דעריבער געווען, אַז מיר נעמען מיט נאָר אונזער אינגערע טאָכטער נעמי, וועלכע האָט ערשט געענדיקט פאָלקשול און האָט געדאַרפט אַריינטרעטן אין גימנאַזיע; אַז אביבה בלייבט אין צפון־אַמעריקע צו פאַרענדיקן איר שטודיום. מיר האָבן שוין אפילו געהאַט אַרויס־

גענומען אַ פּאַספּאָרט פֿאַר דריי פּערזאָן. אָבער נאָך אַ געשפּרעך מיט אונזער נאָענטן חבר און פֿריינט דר. יהודה קויפמאַן (דער גוט־באַקאַנטער דר. יהודה אבן שמואל, מחבר פון וויכטיקע ספרי־מחקר, וואָס לעבט שוין צענדליקער יאָרן אין ירושלים), וועלכער איז דאַן געווען אין ניו־יאָרק, האָבן מיר גע־ענדערט אונזער באַשלוס. ער האָט אונז שטאַרק איינגערעדט מיטצונעמען אויך אביבה׳ן און זי אַריינגעבן אין דער ירושלימער אוניווערזיטעט. נאָך פֿיל אינערלעכע ראַנגלענישן האָבן מיר ביידע, מיין פֿרוי און איך, באַשלאָסן אָנצו־נעמען זיין עצה. זייער שנעל האָבן מיר אויך פֿאַר אביבה׳ן באַזאָרגט אַ פּאַס־פּאָרט און זיינען אָפּגעפֿאָרן אַלע פֿיר. און פּונקט ערב שמחת־תורה, תרצ״ג (אָקטאָבער, 1932) זיינען מיר אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל.

## ב

אונזער דעמאָלטיקע נסיעה קיין ארץ־ישראל איז געבליבן טיף אין זכרון פֿון אַלע מיטגלידער פֿון מיין משפּחה, צוליב אַ מערקווירדיקן צופֿאַל, וואָס מיט אונז צוזאַמען איז אויך געפֿאָרן דער באַוואוסטער אידיש־רוסישער סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער מענדל ראָזנבוים — מחבר פֿון עטלעכע ספרים וועגן דער רוסישער רעוואָלוציע, נאָענטער ידיד פֿון דר. חיים זשיטלאָווסקי און וויקטאָר טשערנאָוו און איינער פֿון די אינטערעסאַנטסטע פּערזענלעכקייטן, וואָס איך האָב באַגעגנט אין מיין לעבן. דאָס איז דער זעלביקער חבר, וואָס האָט זיך שפּעטער באַזעצט אין „נען״ און איז גוט באַקאַנט געוואָרן, בעיקר צו דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטערשאַפֿט, אונטערן נאָמען „חבר מענדל״. ער, חבר מענדל, איז אין יענער צייט געשטאַנען זייער נאָענט צו אונזער אַמעריקאַנער באַוועגונג. ער האָט זיך צו איר דערנענטערט כמעט אין דער זעלביקער צייט וואָס חבר דר. חיים זשיטלאָווסקי האָט דורכגעמאַכט אַנטי־ציוניסטישע גלגולים. אין „אידישער קעמפער״ זיינען זייער אָפֿט דערשינען אַרטיקלען פֿוןביידן, וועלכע האָבן צווישן זיך זייער שטאַרק — און אָפּטמאָל אפילו זייער שאַרף! — פּאָלעמיזירט. זיי זיינען אָבער אַלעמאָל פֿאַרבליבן זייער נאָענטע ידידים.

ווען מיר האָבן זיך דערוואוסט אַז חבר מענדל גרייט זיך אויך צו פֿאָרן קיין ארץ־ישראל, האָבן מיר זיך גלייך פֿאַרבונדן מיט אים און אָפּגעמאַכט צו מאַכן די רייזע צוזאַמען. חבר מענדל האָט ניט נאָר שנעל מסכים געווען דערצו, נאָר ער האָט — ווי דער פּראַקטישער צווישן אונז — זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן מיט די טעכנישע צוגרייטונגען פֿאַר אַלעמען. ער האָט געקויפֿט אונזערע רייזע־קאַרטן און האָט אויסגעפֿלאַנט דעם מאַרשרוט פֿון דער גאַנצער

נסיעה, וואָס האָט איינגעשלאָסן: אַ שיף־רייזע ניו־יאָרק—האַוור, אַ באַן־רייזע איבער אייראָפּע מיט אָפּשטעלן זיך אין פּאַריז, בערן און מילאַן, דאַן ווידער אַ שיף־רייזע טריעסט—יפו. חבר מענדל האָט עס אַלץ צוגעגרייט סיי פאַר אים, סיי פאַר אונז.

דאָס געזעגענען זיך מיט חברים — נאָך צענדליקער יאָרן פון צוזאַמענ־אַרבעט — האָט אָנגענומען אַ פאָרם, וואָס איז געווען זייער שווער צו טראָגן, צוליב דער אויסערגעוויינטלעכער טיפער חברשאַפט וואָס האָט געהערשט אין אונזערע קרייזן. די דאָזיקע חברשאַפט האָט אונז פאַרוואַנדלט אין איין גרוי־סער משפחה, מיט דער היימישקייט און וואַרעמקייט און מיט דעם טיפן געפיל איינער צום צווייטן. דאָס צעשיידן זיך איז פאַר אַלעמען פון אונז געווען זייער שווער. און אַ סך באַגעגענישן אין חברשע הייזער, פיל באַגעגענישן פון גרעסערע גרופּן ביי גרעסערע אָפענע מסיבות, האָט שטענדיק געבראַכט דאָס העכסטע געפיל פון התרוממות, צוזאַמען מיט אַ טיפן געפיל פון ווייטיק. דאָס האַרץ איז איבערגעפולט געוואָרן ביז כמעט ניט צו קענען עס טראָגן מער. דער נוסח וואָס האָט געהערשט ביי אַלע אַזעלכע באַגעגענישן איז שטענדיק אויסגעדריקט געוואָרן אין איין פסוק: „להתראות בארץ ישראל!" אָבער וויפל פון אָט די ממש הונדערטער חברות און חברים, מיט וועמען דאָס האַרץ איז געווען אַזוי טיף פאַרוועבט, וועלן באמת קומען קיין ארץ־ישראל, האָט קיינער ניט געקענט וויסן. און די לעצטע פאַר וואָכן פון גרייטן זיך צו דער רייזע איז מען אַרומגעגאַנגען ממש ווי אין אַן עולם התוהו.

אָבער סוף־סוף איז געקומען דער טאָג, ווען די שיף האָט געדאַרפט אָפּ־שווימען. עס זיינען געקומען הונדערטער חברות און חברים צו באַגלייטן אונז. די שיף „ברעמען" (אַ דייטשע גרויסע שיף וואָס איז נאָך דער מלחמה אַריבער צו אַ פראַנצויזישער שיפס־געזעלשאַפט) איז אָנגעפילט געוואָרן מיט אונזערע באַגלייטער, צווישן זיי דר. חיים זשיטלאָווסקי, וואָס איז בעיקר געקומען זיך געזעגענען מיט זיין אַלטן חבר פון רוסלאַנד און אַמעריקע, דעם „חבר מענדל". דערביי האָט דר. זשיטלאָווסקי איבערגעשיקט דורך זיין חבר פאַרשיידענע גרוסן צו משפחה און פריינט אין בערן. ווען מיר האָלטן שוין ביים אָפּשווי־מען שטייען זיי נאָךביידע צוזאַמען און שמועסן. דר. זשיטלאָווסקי זעגנט זיך מיט מיין משפחה. ער וואונדערט זיך וואָס מיינע אין אַמעריקע־געבאָרענע טעכטער ריידן אַזאַ גוטן אידיש. דאַן ווענדעט ער זיך צו חבר מענדל:

„מענדל, טייערער, דו קענסט דאָך מיין זון וואָס געפינט זיך איצט אין פּאַריז. עפּעס גייט אים דאָרטן ניט זייער פויגלדיק. אפשר איז אַ פּלאַן זאָלסט אים גאָר מיטנעמען מיט זיך קיין ארץ־ישראל?"

ענטפערט אים חבר מענדל: „חיים, קיין ארץ־ישראל? — ער וועט דאָך זיך מוזן אַסימילירן אויף העברעאיש״.

אויף דעם זאָגט דר. זשיטלאָווסקי מיט אַ ביטערן שמייכל: „מילא, מענדל, אויב עס איז מיין זון באַשערט זיך צו אַסימילירן, טאָ זאָל ער זיך שוין אַסימילירן אין העברעאיש״.

## ג

ביי אָט דעם ביטערן וויץ האָט זיך די סירענע פון דער שיף שטאַרק צעפייפט, אָנזאָגנדיק אַז די באַגלייטער פון די פּאַסאַזשירן מוזן אַרונטער. דר. זשיטלאָווסקי איז אַראָפּ פון שיף דער לעצטער און מיר זיינען פאַרבליבן מיט זיך אַליין. ווידער האָט חבר מענדל גענומען די איניציאַטיוו צו זאָרגן אַז אונזער באַגאַזש זאָל געבראַכט ווערן אין אונזערע קאַבינעס און איינאָרדנען אַלע אַנדערע פּרטים פאַר דער רייזע; באַזאָרגט אַ פּאַסיקן טיש פאַר פינף מענטשן אין רעסטאָראַן. מיר זיינען אַלע געפאָרן טוריסטן־קלאַס.

אָפּגעטאָן דאָס אַלץ, זיינען מיר געשטאַנען אַלע צוזאַמען און זיך שווייגנדיק צוגעקוקט, ווי די הימל־קראַצער פון דער מעכטיקער ניו־יאָרק הויבן אָן אַלץ קלענער ווערן; מיר ווערן אַלץ מער אַריינגעצויגן אין דער פּראַכט פון וואַסער און הימל. יעדער איינער פון אונז טראַכט זיינע מחשבות. פּלוצים דערזעען מיר ווי פון אַ נידעריקערן דעק קריכט אַרויף אַ יונגער שיינער בחור און שמייכלט אַרויף צו אונז. ער קומט גלייך צו און שטעלט זיך פאָר: „מיין נאָמען איז דוד גליקסאָן. איך פאָר מיטן דריטן קלאַס. איך פאָר קיין ארץ־ישראל. איך בין איינער אַליין. איך האָב דורכגעקוקט די רשימות פון די פּאַסאַזשירן פון אַלע קלאַסן און האָב דאָרטן געפונען דעם נאָמען צוקערמאַן — אַ משפחה פון פיר — האָב איך גערעכנט: ווער ווייסט — אפשר פאָרט די משפחה אויך קיין ארץ־ישראל? ווען איך האָב אייך דערזען פון אונטן, זע איך אַז עס שטייען פינף מענטשן. דאָך האָב איך גערעכנט: איך וועל צוגיין אַ פרעג טאָן״.

נאָכן פאַנאַנדערריידן זיך מיט אים, לאָזט זיך אויס, אַז ער איז אַ נאָענטער קרוב פון דעם באַקאַנטן פּובליציסט משה גליקסאָן, וואָס איז דאַן געווען דער רעדאַקטאָר פון „הארץ״. ער, דער יונגער בחור, קומט איצט פונעם בוירקלי־אוניווערזיטעט פון קאַליפאָרניע, וואו ער האָט שטודירט אַגריקולטור. ער קען די לאַגע אין ארץ־ישראל; ער ווייסט וואָס דאָרט ווערט געטאָן אויפן אַגריקולטור־געביט. ער האָפט דעריבער דאָרט אָנגענומען צו ווערן ווי אַ לערער אין דער „כדורי״־שול. ווערט דער בחור מיט די אידעלע שטריכן פון פּנים

און מיט די אויגן וואָס דריקן אויס ראַפינירטקייט און ערלעכקייט, תיכף איינגעשלאָסן אין אונזער משפחה־קרייז. זי באַשטייט שוין בכן פון זעקס. חבר מענדל ווערט גאָר צוגעקלעפּט צום בחור. ער באַהאַנדלט אים ווי ער וואָלט געווען זיין לייבלעכער יונגער ברודערל. און מיר אַלע פילן, אַז אונזער רייזע האָט דורך דעם צוגעקראָגן אַ צוגאָב־געווירץ, וואָס וועט זי מאַכן נאָך מער באַטעמט.

און באמת האָבן מיר פון דער שיף־רייזע געוואַלדיק הנאה געהאַט. ווי ווייט איך געדענק האָט במשך פון 6 טעג — וואָס די רייזע האָט געדויערט פון ניו־יאָרק קיין האוור — קיין איינער פון אונז 6 ניט געליטן פון ים־קראַנקייט. מיר האָבן יעדן טאָג געשפּילט „שאָפל־באָארד". און אויסגעצייכנט זיך אין די שפּילן האָבן זיך דער עלטערער חבר מענדל און מיין יונגע טאָכטער נעמי, וועלכע איז אויפן שיף געוואָרן אַ בת־מצווה — זי איז געוואָרן 12 יאָר אַלט.

מיר וועט ניט אויסקומען מער זיך אומצוקערן צו אָט־דעם יונגן בחור דוד גליקסאָן. וויל איך נאָר פאַרצייכענען, אַז ער האָט אונז שפּעטער באַזוכט אַ פּאָר מאָל, סיי אין תל־אביב, סיי אין ירושלים. ער האָט זיך טאַקע אַראַנזשירט אין דער כדורי־שול און איז געווען זייער צופרידן פון זיין אַרבעט דאָרטן. וואו ער געפינט זיך איצט — אין יאָר 1964 — ווייס איך ניט. איך האָף אַז ער לעבט. ער דאַרף איצט זיין אַ מאַן פון עפּעס איבער 50 יאָר. זאָל איך האָפן אויף אַ נס, אַז ער וועט לייענען אָט די שורות? דאָס וואָלט באמת געווען אַ נס. מיין גאַנצע משפחה וואָלט זייער שטאַרק געווען גליקלעך ווען מיר הערן פון אים.

ד

קער איך זיך אום צו אונזער רייזע.

מער קיין אויסטערלישע זאַכן האָבן אויף דער שיף ניט פּאַסירט. אָבער פון דער רייזע אויף דער יבשה איז דאָ אַ סך צו פאַרצייכענען.

אָנקומענדיק קיין פּאַריז, האָט חבר מענדל זיך גענומען צוגרייטן אונזער ווייטערדיקע רייזע. מיר זיינען אַלע אַריינגעפּאָרן אין אַ קליינעם האָטעלעכל און חבר מענדל איז געגאַנגען פעסטשטעלן וועגן דעם ווייטערדיקן מאַרשרוט. ווען ער איז צוריקגעקומען, איז ער געווען ממש פאַרצווייפלט. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די שיף — אויף וועלכער ער האָט געקויפט רייזע־בילעטן פון טריעסט קיין יפו — גייט ערשט אָפּ אין דריי וואָכן אַרום. דער אָריגינעלער פּלאַן איז געווען, אַז מיר זעצן זיך אויף דער נייער שיף 5 טעג נאָך

דעם ווי די „ברעמען" קומט אָן קיין האַוור. אַזוי האָבן מיר אויך אויסגע־רעכנט און צוגעגרייט אונזערע הוצאות. הייסט עס, אַז מיר וועלן דאַרפן לעבן צווישן האוור און טריעסט ניט 5 טעג, נאָר איבער 20 — און די געלט־מיטלען זיינען ביי אַלעמען געווען זייער באַגרענעצט. אָבער ניט חבר מענדל גיט זיך אונטער. ער איז אַוועק צו דער שיפס־געזעלשאַפט — ביי וועמענס אַגענט ער האָט געקויפט זיינע רייזע־קאַרטן — און האָט פאַר זיי אַרויסגע־לייגט די גאַנצע פּרשה, ווי אַזוי זייער אַגענט האָט אונז געגעבן פאַלשע אינ־פאָרמאַציע, וואָס האָט אונז פאַרשאַפט ניט נאָר אומזיסטן האַרץ־ווייטיק, נאָר האָט אונז אויך געצוואונגען צו פיל גרעסערע הוצאות. די אונטערשטע שורה איז געווען אַזוי:

די געזעלשאַפט האָט פאַר אונז איינגעאָרדנט אַ פּלאַץ אויף אַן אַנדער שיף, אויף דער „וויענע", וואָס האָט געדאַרפט אָפּגיין פון גענואַ קיין יפו אין 10 טעג אַרום. זי האָט אונז אויך קאָמפּענסירט פאַר 10 טעג אויפהאַלט אין פּאַריז, וואַרטנדיק אויף דער „וויענע". די דאָזיקע קאָמפּענסאַציע האָט אונז געגעבן די מעגלעכקייט אַרויסצוציען זיך פון דעם זייער־קליינינקן האָטעל אין עפּעס אַ גרעסערן. מיר האָבן זיך געקענט דערלויבן צו מאַכן איניקע באַזוכן אין אויסטערלישע פּלעצער פון פּאַריז. דאַן האָט חבר מענדל איבערגעפּלאַנט אונזער ווייטערדיקע רייזע אויף דער יבשה, איינשליסנדיק אויך אַ באַזוך אין נערווי, ניט ווייט פון גענואַ.

חבר מענדל האָט אויך איינגעשלאָסן דעם חבר דוד גליקסאָן צווישן די באַ'עוול'טע און אויך ער האָט באַקומען זיין חלק קאָמפּענסאַציע. דער חבר גליקסאָן איז פון בוירקלי אַרויסגעפאָרן — אויסער זיינע רייזע־בילעטן — מיט 6 דאָלער אין מזומן. זיין קאָמפּענסאַציע האָט אים געדעקט אַלע זיינע הוצאות־הדרך און ער איז נאָך אָנגעקומען קיין יפו מיט מינדעסטנס 5 מאָל אַזויפיל מזומן.

אין פּאַריז זיינען מיר געבליבן 2 מעת־לעת, באַזוכט איניקע זעענס־ווערטיקייטן פון דעם פּרעכטיקן כרך. נאַטירלעך האָט אומעטום געפירט חבר מענדל, וועלכער האָט גוט געקענט די שטאָט. פון פּאַריז האָט זיך חבר מענדל פאַרבונדן מיט אַלע פּלעצער, וואו מיר האָבן זיך געגרייט צו מאַכן באַזוכן: בערן, מילאַן און — בעיקר — נערווי. דאָרטן האָט ער זיך געוואָלט באַגעגענען מיט זיינע סאָציאַליסטישע פריינט פון רוסלאַנד און אויך מיט איטאַליענער סאָציאַליסטן וועלכע ער האָט געקענט פון פריער־דיקע יאָרן.

פאַרענדיקט אַלע צוגרייטונגען איז ער אַוועק באַגעגענען דעם זון פון ד״ר חיים זשיטלאָווסקי. ווען ער איז צוריקגעקומען פון אַט־דעם באַזוך, איז ער געווען ממש אַ צעבראָכענער. עס זעט אויס, אַז ער האָט אָנגעטראָפן די לאַגע פון זשיטלאָווסקי׳ס זון פיל ערגער, ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט. חבר מענדל האָט אונז קיין פּרטים נישט דערציילט, אָבער זיין שטימונג, דעם צווייטן טאָג אין פּאַריז, איז געווען אַ דערדריקטע. ליידער האָט זיין שלעכטע שטימונג אויך אָנגעהאַלטן דעם ערשטן טאָג אין בערן. די לאַגע פון דער זשיטלאָוווסקי־משפחה, ווי ער האָט זי דאָן געפונען, האָט אים פאַר־שאַפט שרעקלעכע יסורים. זיין פאַריזער זון איז קיין ארץ־ישראל ניט גע־פאָרן, וואָס מיט אים האָט שפּעטער פּאַסירט, איז מיר ניט באַקאַנט. עס האָט געדויערט עטלעכע טעג ביז חבר מענדל איז צוריק אַריין אין זיין שוואונג.

## ה

אונזער באַזוך אין בערן וואָלט געווען גאָר־גאָר דורכגעדרונגען מיט דערהויבענע דורכלעבונגען, ווען ניט חבר מענדל׳ס מצב־רוח. מיר האָבן צום ערשטן באַזוכט ד״ר זשיטלאָווסקי׳ס ערשטע פרוי. מיר האָבן געפירט מיט איר לאַנגע געשפרעכן, בעיקר טאַקע וועגן דער צייט ווען ד״ר זשיט־לאָווסקי איז מיט איר געווען אין בערן. כלפּי אונזער משפחה האָט זי זיך געהאַלטן רעזערווירט, כאָטש זייער, זייער פריינטלעך. וועגן אירע אינ־טימע איבערלעבונגען פון יענער עפּאָכע האָט זי נאָר געשמועסט פּריוואַט מיט חבר מענדל. מיר האָבן עס בלויז געקענט אַרויסלייענען פון די וואָלקנס וואָס האָבן זיך פאַרצויגן אויף חבר מענדל׳ס פּנים, נאָך אַזאַ פּריוואַטן שמועס. איר טאָכטער מאַרוסיאַ האָט אונז דאַן אַרומגעפירט וויזן די פּרעכ־טיקע פּאַנאָראַמעס פון בערן און אומגעגנט; האָט אונז אויך געפירט צו די „בערן״ — אַ טיפער גרוב, אין וועלכער עס לעבן טאַקע גרויסע בערן. זי איז געווען זייער צוגעלאָזט צו אונז און האָט פון אונז געזוכט אַרויסצובאַ־קומען וואָס־מער ידיעות וועגן איר טאַטן, וועמען זי האָט שטאַרק רעספּעק־טירט. מיר האָבן נאָך אויך באַוויזן צו מאַכן אַ רייזע אויף דער טונערזעע און באַזוכן אַנדערע וואונדער־פלעצער פון דער שווייץ. אין שפּעטערדיקע צייטן האָבן מיר — אונזער משפחה, מיין איך — ניט איין מאָל ווידער באַזוכט אָט־די פּלעצער. דאַן האָבן מיר ערשט טיפער אַריינגענומען אין זיך די גאַנצע פּראַכט פון אָט־די נאַטור־וואונדער. אָבער דאַן, ווען מיר האָבן זיי צום ערשטן מאָל באַזוכט, זיינען די איינדרוקן דאָך פאַרנעפּלט

געוואָרן דורך די טיפע וויטיקן וואָס עס האָט דורכגעלעבט אונזער אַרומ־פירער — חבר מענדל.

אין מילאַן זיינען מיר געשטאַנען איין טאָג און איין נאַכט. חבר מענדל האָט דאָרטן אויך באַגעגנט אַלטע באַקאַנטע. אָבער אַזוי ווי ער האָט זיך נאָך אַלץ ניט געהאַט באַפרייט פון זיין געדריקטער שטימונג, האָט ער קיין סך צייט זיי ניט אָפּגעגעבן. מיר האָבן געמאַכט אַ לאַנגן באַזוך אין שטאָט און אומגעגנט. אין אָוונט זיינען מיר געגאַנגען הערן אַן אָפּערע אין דער לאַ־סקאַלאַ. פון דאָרטן איז מיר פאַרבליבן אין זכרון זייער אַן אומאָנגענעמע איבערלעבונג. מען האָט אויפגעפירט די אָפּערע „דהי פאָרס אָוו דעסטיני״, וועלכע מיין משפחה האָט ניט איין מאָל געהערט אין ניו־יאָרקער מעטראָ־פּאָליטן אָפּערע, מיט דער באַטייליקונג פון ענריקאָ קאַרוזאָ. דער דעמאָל־טיקער טענאָר פון לאַ־סקאַלאַ האָט זיך דווקא געפילט ניט אין פולן געזונט און זיין שטימע האָט זיך צוויי מאָל איבערגעריסן. דאָס האָט מיין פרוי און מיינע טעכטער — וועלכע האָבן אָפּטער באַזוכט אָפּערע ווי איך — ממש אַרויסגעשטויסן פון זייער גוטער שטימונג. אַזוי, אַז קיין גרויס הנאָה האָבן מיר פון דעם באַזוך אין מילאַן ניט געהאַט. אויך אָט־דעם איינדרוק האָבן מיר געקענט אויסבעסערן בעת די באַזוכן אין מילאַן מיט פיל יאָרן שפּעטער.

ו

דערפאַר אָבער איז אונזער הנאָה פונעם באַזוך אין נערווי געווען פולשטענדיק. ערשטנס, איז נערווי אַליין איינער פון די ליכטיקסטע פונקטן אויף אונזער גאַנצער ערד־קיילעך. דרום־איטאַליענישער הימל, די בלויע וואַסערן פון דעם מיטללענדישן ים, די אומגעהויערע בערג, וואָס דערהויבן זיך באַלד אין נערווי — זייער צוזאַמענשפּיל באַשאַפט אַ בילד וואָס איז אייגנאַרטיק. בלויז נאָך איין ענלעך פּלאַץ אַזאַ האָבן איך באַזוכט אין שפּע־טערדיקע יאָרן — דעם אַריינפאָר קיין ריאָ־דע־זשענעראָ; געקוקט פון דער הויך, פון אַ פליענדיקן אַעראָפּלאַן. צווייטנס, האָט זיך די שטימונג פון חבר מענדל לחלוטין געביטן, ווי נאָר מיר זיינען אָנגעקומען קיין נערווי. אין די ערשטע שעה׳ן האָט ער שוין באַוויזן צו טרעפן זיך מיט זיינע רוסישע סאָציאַליסטישע חברים, וועלכע האָבן אויך גוט געקענט דעם חבר ד״ר חיים זשיטלאָווסקי. פאַר זיי האָט ער, חבר מענדל, זיך געקענט בעסער אַראָפּריידן פון האַרצן די טראַגעדיע פון דער זשיטלאָווסקי־משפּחה. איז אים דערפון גרינגער געוואָרן. אין זיינע וויטערדיקע שמועסן מיט די אי־טאַליענישע סאָציאַליסטן, אין וועלכע מיר האָבן זיך אויך באַטייליקט, איז

ער געווען אין זיין פולשטענדיק־גייסטיקן גלייכוואָג און ער האָט — מער פאַר אונז אַלעמען — הנאה געהאַט פון די לאַנגע וויכוחים וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט.

די הויפּט־וויכוחים האָבן זיך באַוועגט אַרום דעם מוסאָליני־רעזשים. האָבן דאָך אַ גרופּע רוסישע סאָציאַליסטן — מיט דער באַלאַבאַנאָוואַ בראש — אַריינגעפירט מוסאָלינין אין דער איטאַליענישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. און ווען ער האָט דורכגעפירט זיין פאַשיסטיש פּוטש, האָבן זיך אַ סך רוסישע סאָציאַליסטן, נאַטירלעך, געפילט זייער שלעכט. דעריבער האָט זיך דער וויכוח פאַרנומען מיט אָפּשאַצונגען. ערשטנס, ווי־וויט דער לענין־פּוטש אין רוסלאַנד האָט משפיע געווען אויף מוסאָליני׳ס פּוטש. צווייטנס, צי האָט דער מוסאָליני־רעזשים געבראַכט נוצן דעם איטאַליענישן פאָלק אָדער ניט. די מערסטע וויכוחים זיינען געפירט געוואָרן אין רוסיש. בכדי איך זאָל זיי קענען נאָכפאָלגן, האָט מיין פרוי, נינה, פאַר מיר איבערגעזעצט די וויכטיקסטע אַרגומענטן. ווי ווייט מיר איז עפּעס פאַרבליבן פון יענע וויכוחים — איז מיין איינדרוק, אַז די מערסטע האָבן צוגעשריבן צו דעם לענין־פּוטש די גרעסטע מאָס השפּעה אויף אַרויספירן דעם פאַשיזם אין איטאַליע. אָבער בנוגע דעם צווייטן פּונקט זיינען די מיינונגען געווען שאַרף צעטיילט. אייניקע האָבן באַהויפּטעט, אַז מוסאָליני האָט אַריינגעבראַכט זייער וויכטיקע רעפאָרמען צום נוצן פון איטאַליענישן פאָלק. די צווייטע האָבן ניט אָפּגעלייקנט זיינע אויפטוען. זיי אַליין האָבן אָבער גערעדט וועגן דעם, וואוהין די פאַשיסטישע באַוועגונג מוז זיך דערקייקלען . . . און שרייבנדיק אין 1964 וועגן יענעם געשפּרעך, זעט מען בחוש ווי גערעכט עס זיינען געווען יענע פּעסימיסטן.

סיּיום: פאַר אונז, וועלכע זיינען ניט געווען אַזוי באַהאַוונט אין אַט־די פּאָליטישע אַנטוויקלונגען, האָבן די טעג אין נערווי אונז געגעבן אַ ברייטן פּאָליטישן סעמינאַר. גלייכצייטיק האָבן מיר אויך גענאָסן פון דער אויסערגעוויינטלעכער שיינקייט און לופט־ריינקייט פון נערווי.

דאָס לעצטע איז נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך אַ רייזע וואָס מיר האָבן געמאַכט אויף די דאָרטיקע בערג. מיר — מיין משפּחה — זיינען געפאָרן אין אַ מין „בריטשקע״, וואָס באַשרייבן איר פּרצוף האָט געקענט נאָר אַ שלום־עליכם. חבר מענדל און חבר דוד גליקסאָן האָבן געקלעטערט צופוס. דעם לאַנגן וועג פון אַ פּאָר קילאָמעטער האָבן די פוסגייער דורכגעמאַכט געשווינדער פון אונז. חבר מענדל איז געקומען דער ערשטער

צום פּלאַץ, וואו מיר האָבן זיך באַגעגענט אויפן שפּיץ באַרג. דאָס זעלביקע איז אויך געשען אויף דעם וועג צוריק.

ניט אומזיסט איז אַט־דאָס ווינקל באַקאַנט געוואָרן ווי איינס פון די בעסטע פּאַר האָרץ־ און בעיקר לונגען־קראַנקע. זייענדיק אין נערווי, האָט אונז אַלעמען פאַרדראָסן פאַרוואָס די „וויענע" שטייט ניט נאָך אַ פּאָר טעג אין גענואַ. אָבער פאַרפאַלן! עס ענדיקן זיך שלעכטע איבערלעבונגען, אָבער עס מוזן זיך אויך ענדיקן די גוטע און פּרעכטיקע. נאָך דער באַרג־רייזע, האָבן מיר זיך גענומען צו דער ווייטערדיקער שיפס־רייזע.

ז

אויך די עטלעכע טעג אויף דער שיף „וויענע" זיינען אַפּגעלאָפן אַן אויסערגעוויינטלעכע פּאַסירונגען. איין טיפע ענדערונג האָבן מיר אַלע, נאַ־טירלעך, דורכגעלעבט: אויב די שיף „ברעמען" איז — ווי איך האָב דערציילט — געווען איינע פון די גרעסטע און באַקוועמסטע שיפן אויפן אַטלאַנטישן ים, איז די „וויענע" געווען איינע פון די פאַרעלטערטע — כאָטש ניט קיין זייער קליינע שיף — אויפן מיטללענדישן ים. אין אַלע אירע קאַבינעס איז געווען שרעקלעך פינסטער. אַפילו אויפן דעק איז ניט פיל ליכטיקער געוואָרן. די שיף האָט זיך געדאַרפט אָפּשטעלן אויף צוויי טעג אין אַלעקסאַנדריע. פון דאָרטן האָט זי געדאַרפט אָפּשווימען קיין יפו. מיר האָבן לכתחילה ניט געהאַט קיין פּלאַן וועגן די צוויי טעג שטיין אין אַלעק־סאַנדריע. מיר האָבן זיך פאַרלאָזט אויף חבר מענדל, ער זאָל פאַרשלאָגן ווי־אַזוי אויסצונוצן אַט־די צוויי טעג. אָבער חבר מענדל האָט פּאַר זיך באַ־שלאָסן צו בלייבן אויף דער שיף און בלויז שפּאַצירן אַביסל אין שטאָט. אַזוי האָט אויך באַשלאָסן דער חבר דוד גליקסאָן. מיין משפחה האָט פון אָנהויב געטראַכט צו בלייבן מיט זיי, אָבער אונז — דאָס הייסט מיין משפחה — איז באַשערט געווען דורכצופירן במשך די צוויי טעג אַ רייזע קיין קאַירע און אַ באַזוך ביי די פּיראַמידן. די דאָזיקע פּרשה וועל איך דערציילן דורך געבן ציטאַטן פון אַ שילדערונג פון אַט־דער רייזע, וואָס מיין איינגערע טאָכטער, נעמי, האָט אָנגעשריבן אין יאָר 1945 — דאָס הייסט, מיט 12 יאָר שפּעטער, ווען זי האָט געלערנט אין דער פילאַדעלפיער „טיילאָר סקול אָוו אַרטס", פאַרבונדן מיט דעם טעמפּל אוניווערסיטעט פון פילאַדעלפיע. זי שרייבט אַזוי:

## ח

„מיר זיצן אויף דער שמוציקער טעראַסע פון האָטעל אין קאַיראָ, טרינקענדיק לעבלעכע 'ווישי־וואַסער' און וואַרטן, אַז 'דזשאָ' זאָל קומען מיט דער קאַר — 'אונזער' קאַר — קאָמפּלעט, צוזאַמען מיט אַ שאָפער און אַ 'גייד'. פון וואַנען האָט זיך פּלוצים גענומען צו אונז אַ קאַר מיט אַ 'גייד'? דער ענין האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי:

„גלייך נאָך פרישטיק פון דעם טאָג ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו אַלעקסאַנדריע, האָט איינער אַן אַלץ־וויסער אַנאָנסירט, אַז אַמעריקאַנער דאַרפן ניט קיין וויזעס אַרונטערצוגיין אין עגיפּטן. קיינער פון אונז האָט פריער גאָרניט געקלערט צו פאַרלאָזן די שיף במשך די צוויי טעג וואָס מיר דאַרפן שטיין אין אַלעקסאַנדריע. אָבער ווען די שיף האָט פאַראַנקערט און 'דזשאָ' איז אַרויף אויף דער שיף און האָט אָנגעהויבן באַשרייבן דעם גרויסן פאַרגעניגן, וואָס מען קען האָבן פון אַ 'סאַיט־סיאינג'־רייזע קיין קאַיראָ: פרייען האָטעל פאַר די צוויי טעג, אַ פרייע 'פּריוואַטע' קאַר אַרומ־צופאָרן, די זעלביקע קאַר נעמט אונז פון שיף און ברענגט אונז צוריק צו דער שיף, מיר באַקומען פרייע באַן־בילעטן פאַר דער באַן־רייזע צווישן אַלעקסאַנדריע און קאַיראָ, אַ רייזע אויף אַ קעמל פון קאַיראָ צו די פּיראַמידן און אַלץ צוזאַמען דאַרף אונז קאָסטן — פאַר 4 פּערזאָן — בלויז 30 אַמערי־קאַנער דאָלער — האָט עס אונז אַ צי געטאָן. און ווען ער האָט אונז נאָך שפּעטער געוויזן אַ פאָטאָגראַפיש בילד, ווי ער אַליין זיצט אויפן רוקן פון אַ קעמל — און דער 'ספינקס' און די פּיראַמידן זעען זיך פון גאָר־נאָענט און לעבן אים, אויף אַ צווייטן קעמל, זעט זיך ווי עס זיצט צעשפּרייט די אויסגעצויגענע פיגור פון גערי קופּער (דער אַמעריקאַנער מואווי־העלד) — האָט דאָס אונז גאָר פאַר'כישופ'ט: 'וואָס עס איז גוט פאַר גערי, דאַרף זיין גוט גענוג פאַר אונז אויך'.

„און איידער מיר האָבן גוט באַנומען וואָס מיט אונז איז געשען, האָבן מיר שוין באַקומען די נויטיקע דערלויבעניש פון אַ בייכיקן באַאַמטן און געפלויגן צו דער באַן־סטאַנציע אין אַ טרייסלדיקער טאַקסי. אונזער פּעאַי־קייט צו אָטעמען האָבן מיר ערשט ביסלעכוויז באַקומען צוריק, ווען מיר האָבן זיך געפונען אין אַ מיט־שטויב־איינגעוויקלטן קאָמפּאַרטמענט, אין אַ צווייטן קלאַס וואַגאָן אין אַ באַן. דאָס איז געווען דער אַלעקסאַנדריע־קאַיראָ 'עקספּרעס', וואָס האָט געדאַרפט אָפּפאָרן 10 אַזייגער אינדערפרי. דער דאָזיקער 'עקספּרעס' האָט זיך אָבער געמוזט אָפּשטעלן אויפן וועג, ווען מען האָט געדאַרפט אַראָפּטרייבן אַן עקשנותדיק אייזל פון די רעלסן.

„קומענדיק אויף דער באַן־סטאַנציע אין קאַיראָ, האָט שוין 'אונזער' קאַר אויף אונז געוואַרט. דעם שאָפער האָט געפעלט אַ פאָדערשטער צאָן. זיינע האָר זיינען געווען פעט באַשמירט מיט אויל, זיין פעלצענע 'פעסקע' אויפן קאָפּ האָט אַריינגעזויגן דעם אויל און פאַרמירט אַ שוואַרצע, קרומע צייכענונג ביים ברעג.

„מיר זיינען צוגעפאָרן צום האָטעל, אין וועלכן מיר זיינען נאָך דעם געזעסן וואַרטנדיק, וויל בשעת מיר האָבן זיך שטאַרק באַמיט צו באַפרייען פון די פאַרשידענע שיכטן פון אַלעקסאַנדריער און קאַירער שטויב, איז 'דזשאָ' אַוועק אין באַנק אויסצובייטן אונזערע אַמעריקאַנער 'טרעווילינג־טשעקס' אויף פולע הויפנס פון כלערליי געלעכערטע מטבעות. מיר זיינען געזעסן אין האָטעל, קלאַפּנדיק איינער דעם צווייטן מיט בלויע און שוואַרצע פליגן־אָפּטרייבער. דערביי האָבן מיר בלויז געהאַט אין דמיון דעם קלונג פון קאַלטן אייז אין אונזער אויסגעווּעפטן 'ווישי־וואַסער'.

„סוף־סוף איז די קאַר אָנגעקומען מיט אַ רעש. אויסער 'דזשאָ' איז אויך אַרויסגעהונקען דער איין־פוסיקער חאַקים. אונזער 'גייד' האָט גע־עפנט די טיר און האָט אונז אַריינגעשטופּט אין קאַר. באַלד פאָרן מיר אויס־דריקן אונזער רעספּעקט צו דעם 'ספינקס'.

## ט

„דער וועג איז לאַנג. מיר פאָרן לענגאויס דעם ברעג פון טייך. פון ביידע זייטן וועג שטייען פּאַלמען. דאָס וואַסער, וואָס פליסט פאַרביי אונז, האָט דעם קאָליר פון אַן אויסגעמאַטערטן ים. איז דאָס 'דאָס גרינס פון נילוס'? ווייס איך וואָס!

„דאַן האָבן מיר פון וויטן דערזען די שפּיצן פון די פּיראַמידן. מיר זיינען דערפון אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן, אַז מיר האָבן ניט באַמערקט קיין זאַך, וועלכע מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן; מיר האָבן כסדר געקוקט אויף די אומגעהויערע פּיראַמידן, וואָס דערנענטערן זיך צו אונז. מיר האָבן ניט דערוואַרט, אַז די קאַר זאָל אָנהויבן גיין פּיל לאַנגזאַמער און זיך פּלוצים אינגאַנצן אָפּשטעלן. אָבער ווען 'דזשאָ' האָט אונז דערקלערט די סיבה, זיינען מיר איבערצייגט געוואָרן.

„מיר האָבן דערזען, אַז דער געפלאַסטערטער וועג האָט זיך ביי יענעם פונקט פאַרענדיקט. קיין שום קאַר וואָלט ניט אויסגעהאַלטן אין דעם ווייכן, גליטשענדיקן זאַמד. און אויב מיר ווילן קומען ווייטער (מיר זיינען נאָך געווען אַרום 4 קילאָמעטער פון די פּיראַמידן), מוז יעדער איינער פון אונז

אויסקלייבן איינעם פון די 40 קעמלען, וועלכע זיינען דאָרטן געלעגן צו 10 אין אַ ריי.

„מיר האָבן זיך איבערגעקוקט צווישן זיך, דאַן אויף די קעמלען. זיי, די קעמלען, האָבן ווי צוריקגעקוקט צו אונז איבער זייערע לאַנגע, אויס־געקאָרבעטע נעזער. מיר האָט אויסגעזען וואונדערבאַר דער פאַקט, וואָס מיט זייערע נידעריקע מאָרדעס האָבן זיי, קייענדיק פלעגמאַטיש, אויסגעשריבן דעם ציפער 8. אַלע קייער פון גאָם וואָלטן זיי שטאַרק מקנא געווען. זיי, די קעמלען, האָבן נאָך אַלץ געהאַלטן אין אָנקוקן אונז מיט אַ הויכן און מעכטיקן אויסדרוק פון פאַראַכטונג.

„פון די 4 משפחה־מיטגלידער אונזערע האָבן בלויז מיין עלטערע שוועס־טער און איך געהאַט עטוואָס דערפאַרונג פון רייטן אויף אַ פערד. די מאַמע איז, אין איר יוגנט, אָפט געפאָרן אויף אַ וועליסאָפּעד. אָבער אויף פערד? — חס וחלילה! וואָס שייך דעם טאַטן, איז זיין גאָענטסטע באַקאַנטשאַפט מיט אַ 4־פיסיקער חיה געווען, ווען ער פלעגט מיין שוועסטער און מיך אַרויסנעמען אין בראָנקס־פאַרק (ווען מיר האָבן געוואוינט ניט ווייט פון פאַרק). ער פלעגט אונז דאַן באַזעצן אין איינעם פון די וועגעלעך, וואָס איז געשלעפּט געוואָרן פון אַ 'פּאָני' (אַ קלייניקן אייזל). ער האָט געקויפט פאַר אונז די ספּעציעלע רייזע־קאַרטלעך פאַר אָט־דער 'נסיעה'; אַליין האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק לייענען, וואַרטנדיק ביז מיר האָבן זיך אָנגעשריגן מיט 'גידאַפּ' און 'וואָאָ' פאַר צוויי, אַמאָל 4 און אַמאָל פאַר גאַנצע 8 רייזע־טיקעטלעך.

„ווען מיר זיינען געשטאַנען פאַר די קעמלען, קוקנדיק איינער אויפן צווייטן, האָט אונזער „גאַד" אויסגערופן: 'נו? — זאָלן מיר זיך באַגנוגענען מיט אָנקוקן און פאָרן צוריק?' 'דזשאָ' האָט אויסגעזען צו זיין שטאַרק אַמוזירט. האָקים שמייכלט. די קעמל־טרייבער האָבן אויסגעזען אומרואיק און אויפ־געגעגט. און די קעמלען? זיי האָבן שטאָלץ אַוועקגעקוקט אויף דער אַנדערער זייט.

„דאַן האָט מיין שוועסטער אַרויסגעזאָגט: 'איר ווייסט? — מענטשן טוען עס דאָך!' אויף דעם האָט זיך אָפּגערופן די מאַמע: 'מענטשן שפּרינגען אויך פון פאַראַשוטן. אָבער איר קענט מיך ניט באַוועגן עס צו טאָן'.

„מיין ביישטייער צום שמועס איז געווען: 'עס זעט אויס ווי זיי וואָלטן געווען אַריינגעזונקען אין זאַמד ביז זייערע בייכער'.

„די קעמלען האָבן זיך צעבורטשעט ווי אַ קאָרוס. דער טאַטע האָט זיך גענומען דערנענטערן צוריק צו דער קאַר.

„'דזשאַ' האָט דאַן פאַרגעשלאָגן, מיר זאָלן זיך בלויז זעצן אויף די קעמלען. אויב עס וועט אונז ניט געפעלן, וועלן מיר אַראָפּגיין. דאָס האָט דווקא געקלונגען זייער לאָגיש.

ד

„פּלוצים האָט די מאַמע אַ באַוועג־געטאָן מיט אירע אַקסלען אויף צוריק, ווי זי וואָלט געזאָגט: לאָמיר עס שוין איבערקומען! און מיט אַן אויג אויף די פרידלעכע ליפּן פון די קעמלען — וועלכע האָבן כסדר געקייט — האָט זי זיך אָנגעהויבן דערנענטערן פון דער זייט צו אַ קעמל און זיך שאַרף אַוועקגעזעצט אויף אים מיט אַ זייט, האַלטנדיק די פיס נאָך אויף דער ערד. מיין שוועסטער און איך האָבן געטאָן דאָס זעלביקע און זיך געזעצט אויף באַזונדערע קעמלען. עס איז גאָרניט געווען שלעכט. מיר זיינען נאָך אַלץ גאַנץ געבליבן. האָבן מיר אויסגערופן: 'טאַטע! קום זעץ זיך אויך. מיר וועלן נאָר זיצן אַ ווײַלע, דערנאָך וועלן מיר אַוועקגיין'. דער טאַטע ענטפערט: 'אויב דאָס איז אַלץ, איז אָ־קעי!' און טראָגנדיק זיין מאַנטל אויפן אָרעם, האָט ער אויפגעהויבן אַ פוס איבער אַ פערטן קעמל. מיר האָבן זיך אַלע איבערגעוואונקען מיט שוואַכע שמייכלען.

„דאַן האָט דער קעמל־יונג — פונעם קעמל אויף וועלכן איך בין געזעסן — אַרויסגעבראָמט אַן אומפאַרשטענדלעכן קלאַנג. פּלוצים האָט זיך מיין וועלט געטומען בויגן צוריקוועגס און איך מיט איר צוזאַמען. איידער איך האָב זיך באַוויזן צוצופּאַסן צו ליגן אין אָט־דעם אויסגעקרומטן צושטאַנד, האָט זיך די אויסגעקרומטקייט געביטן און איך האָב מיך גענומען ווילד בויגן פאָראויס. במשך אַ קליינער רגע האָב איך געטראַכט ווי גוט דאָס איז, וואָס אַ קעמל האָט אַן אויסגעבויגענעם האַלז, ווייל איך האָב מיך גענומען גליטשן ווי אַ 'לופּ־טהי־לופּ' אין קאָני־איילענד. מיט אַ שנעלן טרייסל בין איך צוריק געווען אין זאָטל. דער האָריזאָנט איז צוריק געווען אויפן ריכטיקן אָרט. אָבער די ים־פּלאַך איז געווען ווײַט אונטער מיר און איך בין ווי געבליבן שטעקן הויך אין דער לופט.

„איך בין געוואָרן אומאָנגענעם באַוואוסט פון דעם פאַקט, אַז דער זאָטל איז געווען באַדעקט מיט אַ האַנט־געוועבטן טעפּיך, וואָס האָט מיך שטאַרק געביסן. ווען איך האָב געכאַפּט אַ בליק אויף דער מאַמען, האָב איך דערזען ווי איר קעמל־יונג האָט אַ כאַפּ־געטאָן איר פוס און האָט אים אַריבערגעשלעפּט אויף דעם צווייטן זייט פון קעמל. דערביי האָט ער אינגאַנצן ניט געלייגט קיין אַכט אויף דעם צושטאַנד פון דער מאַמע'ס קלייד, וואָס האָט

זיך צו־הויך פאַרהויבן. ער האָט געפירט דאָס קעמל טריט ביי טריט. די מאַמע איז בכן געווען אויף דער זעלבער הויך וואָס איך, מאַטערנדיק זיך צו קענען אָטעמען און באַמיענדיק זיך מיט אַלע כוחות צו ברענגען איר קלייד אין אָרדענונג.

„דערוויל, ווערנדיק צוגעוואוינט צו דער הויך, האָב איך זיך אַרומגעקוקט און דערזען מיין שוועסטער און מיין טאַטן אויך אין דער זעלביקער הויך מיט אונז. ביידע זעען אויס אַ רעכט ביסל צערודערט. איך דערזע אויך ווי 'דזשאָ' — אַרום אַ גאַנצן שטאָק נידעריקער פון אונז — האַלט אַרומגענומען דעם האַלז פון אַן אייזל, וואָס האָט זיך געריסן פון אים און לאָזט זיך ניט קאָנטראָלירן. ווען 'דזשאָ' האָט ענדלעך באַקומען די אויבערהאַנט, האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין דעם אויסבויג פון דעם אייזל׳ס רוקן און האָט אויסגערופן צו אונז:

„'רילעקס! לאָזט פריי אייערע אַקסלען! זייט ניט אַזוי פאַרשטייפט! קעמפט ניט קעגן!'

„'קעמפט ניט קעגן'? — קעגן וואָס? אָבער ווען די קעמל־יונגען האָבן זיך אויסגעגלייכט מיט די קעמלען און האָבן זיי אָנגעהויבן אַרומפירן אין אַ צירקל, האָב איך אויסגעפונען, וואָס ער האָט געמיינט. און נאָך ווי אויסגעפונען!" (דאָ פאַרנעמט זיך מיין טעכטערל מיט שילדערן דעם חילוק צווישן רייטן אויף אַ פערד און אויף אַ קעמל. זי שילדערט מיט אַ סך פרטים אירע איבערלעבונגען די גאַנצע צייט ווען זי איז געזעסן אויפן קעמל׳ס האָרב. זי האָט דערשפּירט די קלוגשאַפט פון 'דזשאָ׳ס' וואָרענונג ניט צו קעמפן קעגן. זי שילדערט ווי זי האָט פלוצים באַמערקט, אַז דער זאָטל פאַרמאָגט פוס־הענגערס; ווי זי האָט ביסלעכוויז אַריינגעשטעהט אירע פיס־פינגער אין די הענגערס און דאַן זיך אַרומגעקוקט צו זען וואָס עס טוען די אַנדערע משפחה־מיטגלידער. זי דערזעט קודם די שוועסטער און זאָגט איר, אַז זי פילט ווי אַ טיכל מיט וועלכן מען זעגנט זיך מיט פריינט, ווען זיי פאָרן אַוועק אויף אַ שיף און דאָס טיכל פלאַטערט אַרום אין ווינט. די שוועסטער ענטפערט איר, אַז אויך זי האָט וועגן דעם געטראַכט. און דאַן הויבט זי אָן באַשרייבן ווי זי זעט טאַטע־מאַמע).

„אַביסל הינטער מיר זע איך די מאַמע. זי זיצט איינגעבויגן, האַבנדיק — זייער קלוג — אויפגעגעבן איר פאַרזוך אויסצוציען די ברעגן פון איר ענג קלייד, וואָס איז געווען אַרויפגעהויבן ביזן אָרט וואו די זאָקן זיינען צוגעשפּילעט צו אַ מעטאַלענעם גאַרטל. קאָנטראָלירנדיק איר שטיקנדיק געלעכטער, האָט זי אויסגעשריגן: 'איך בין איבער דער הויך פון קעמל־

יונג׳ס אויגן. ווען עס וואָלט ניט געווען אַזוי שטעכעדיק דאָ, וואָלט דאָ גוט געווען׳.

„אָבער דעם טאַטן איז שוין גאָרניט באַקוועם. זיין מאַנטל איז שוין איצט געהאַנגען אויפן הויקער פונעם קעמל, אין פראָנט פון דעם זאָטל. זיין עלנבויגן איז געווען האַרט צוגעדריקט צו זיין זייט־ביין; זיין מאַנטל טרייסלט זיך אויפן קעמל׳ס זייט; איין אַרבל שפרינגט אַרום דעם קעמל־יונג׳ס פנים. דער אַנדערער אַרבל איז געווען ענג פאַרקוועטשט צווישן טאַטנ׳ס זייט־ביין און זיין עלנבויגן. ער האָט זיך געטרייסלט הין און צוריק, ווען ער האָט מיט ברענענדיקע אויגן געקוקט אויף אונז פון אונטער זיינע וואָלדיקע ברעמען און האָט — רעזיגנירט — געביסן זיין אונטערשטע ליפּ.

„פונקט דאַן האָבן די צוויי קעמל־יונגען — וועלכע האָבן באַגלייט מיין שוועסטער און מיך — באַשלאָסן, אַז עס וואָלט געווען אַ גוטע זאַך פאַר אונז ווען מיר זאָלן אַביסל אַנהויבן לויפן. זיי האָבן געגעבן אַן אויסגעשריי צו די קעמלען, וואָס האָט געקלונגען ווי אַן אויפרייס, און מיר האָבן דערפילט ווי מיר וואָלטן געשוואומען אין דער לופט. מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן צו אָט־די נייע איבערלעבונגען. די קעמל־יונגען האָבן באַמערקט ווי עס שיינט אַ מין אויסדרוק פון עקסטאַז אויף אונזערע פנימער. האָבן זיי אָנגעהויבן דעמאָנסטרירן זייער גאַנצן ענגלישן לעקסיקאָן און האָבן אַרויסגעשריען ׳קעטש־פאַדזשאַמעס׳, ׳סאָנאָוואַביטש׳, ׳מעיק וווהופּי׳, ׳דוירטי באַסטאַרד׳. ווען מיר האָבן אַרונטערגעקוקט צו זיי, האָבן זיי זיך צעשמייכלט.

„אַ הויכער געשריי הינטער אונז האָט אונז געצוואונגען זיך שנעל אומדרייען. דאָס האָט די מאַמע געשריגן צום טאַטן וועגן זיין געלט־טייסטער אין זיין זיך־טרייסלענדיקן מאַנטל. דער טאַטע האָט עפּעס צוריקגעשריגן צו דער מאַמען, וואָס האָט געקלונגען אַזוי: ׳שטעל זיי אָפּ! די מיידלעך וועלן אַרונטערפאַלן!׳ די קעמל־יונגען — אויסטייטשנדיק די געשרייען ווי אַ מין אָנערקענונג פאַר זיי און פאַר די קעמלען — האָבן גלייך גענומען אונטערטרייבן די קעמלען נאָך אין אַ שנעלערן לויפן, שרייענדיק ווידעראַמאָל זייער גאַנצן ענגלישן לעקסיקאָן: ׳קעטש־פאַדזשאַמעס׳ און אַזוי ווייטער.

„מיין שוועסטער און איך האָבן פריילעך געשיקט, מיט הענט־באַוועגונג, באַגריסונגען צו טאַטע־מאַמע, וועלכע האָבן זיך שוין דאַן צוגעפּאַסט צו זייער שווימענדיקער לאַגע דורך דער לופט און מיר זיינען באַלד אַוועקגעריטן איבער די זאַמדן צווישן די פּיראַמידן.

„ווען מיר האָבן שוין אַרומגעצירקלט דעם פּיראַמיד ׳כעאָפּס׳, האָבן טאַטע־מאַמע אונז דעריאָגט. דער טאַטע האָט אויסגעזען ווי ער האָט סוף־

סוף שלום געמאַכט מיט זיין גורל. ער האָט אויסגעזען כמעט באַקוועם. זיין מאַנטל איז שוין גוט צוזאַמענגעלייגט געווען, אויסגעשפּרייט איבער זאַטל אַנטקעגן אים. פון זיין הויזן־קעשענע, וואָס איז געווען פאַרשפּילעט מיט אַ קנעפּל, האָט אַרויסגעשטאַרצט אַ הויך בערגל, וואָס האָט באַוויזן: זיין געלט־טייסטער איז גוט באַוואָרנט. ער האָט אויסגעזען ווי ביים האָבן דער־גרייכט אַ צושטאַנד, ווען ער קען אָנהויבן הנאה האָבן פון דעם וואָס דער גורל האָט אים אַזוי האַרציק צוגעגרייט.

„מיר האָבן געזאָגט אַ וואַרעמען 'האַודי' צו דער 'גראַנד אָלד ליידי און גיזעה' (זי האָט ניט געענטפערט, אָבער ביי איר עלטער, ווער וואָלט ניט געווען אַביסל טויבלעך?) און האָבן זיך פאַרנומען אומצוקערן זיך צו 'אונזער' קאַר. דאָס מאָל איז דער טאַטע געפאָרן דער ערשטער, נאָך אים די מאַמע, מיין שוועסטער און איך. נאָך זיי און נאָך אונז — 'דזשאָ'. ער האָט זיך געטרייסלט אויפן רוקן פון זיין דין־פּוסיקן אייזל, מיט די אַראָפּ־געלאָזענע אויערן.

„צום סוף פון דער רייזע זיינען די קעמלען פריער אַזויווי געפאַלן כורעים, דאַן צוזאַמענגעלייגט זייערע הינטערשטע פיס אונטער זיך. צום סוף האָבן זיי אונטערגעוויקלט זייערע פאָדערשטע פיס אונטער זייערע הער־צער. און אַט האָבן מיר זיך געפונען זיצנדיק ביי די ברעגן פון אַ לאַנגער ריי קעמלען און אונזערע פיס האָבן באַרירט דעם באָדן.

„די קעמלען האָבן גאַנץ פרידלעך ווייטער געקייט. די קעמל־יונגען זיינען אַרומגעלאָפן, לערנענדיק זייערע פריינט די צוגאָב־ווערטער פון זייער ענגלישן לעקסיקאָן, וואָס מיר האָבן זיי — אויף אַ גוטהאַרציקן אופן — אויסגעלערנט אויף אונזער צוריק־רייזע. און די גאַנצע חברה זייערע האָבן כסדר געהאַלטן אין שטיל אויסזינגען 'הללויה', 'קעטש־פאַדשזאַמעס' און 'האַנקי דאָרי'. זיי האָבן עס נאָך פאַרגעזעצט, ווען מיר זיינען אָפּגעפאָרן. זייערע קולות זיינען אָבער פאַרשלונגען געוואָרן דורך די געשרייען פון אַן אייזל און דורך דעם רעש פון אונזער מאָטאָר".

## יא

אין צוגאָב צו די ציטאַטן פון מיין טאָכטער'ס באַשרייבונג, דאַרף איך נאָך מוסיף זיין: נאָכן אַראָפּגיין פון די קעמלען איז אונז באַשערט געווען אַ נייע צרה. קיינער פון אונז האָט שעה'ן נאָכאַנאַנד ניט געקענט אויסגלייכן זיינע ביינער. נאָר דער, וואָס האָט אַליין דורכגעמאַכט אַ רייזע פון 8 קילאָ־מעטער לאַנג, און געטרייסלט זיך כסדר פון איין זייט אויף דער צווייטער,

אָנהאַלטנדיק זיך אָן דעם קעמל׳ס האָרב און שווימענדיק אין דער הויך אין דער לופטן, וועט קענען באַגרייפן אונזער געמיט. אין קאָפּ האָט גע־שווינדלט, אין מויל האָט געאיבלט און אַרומגעגאַנגען זיינען מיר ווי שיכורים. ניט געגוג דאָס אַלץ, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז יענער אַלץ־וויסער — וואָס האָט פאַרזיכערט, אַז אַמעריקאַנער דאַרפן ניט קיין וויזעס אין עגיפּטן — האָט במחילת כבודו געהאַט אַ טעות. אָבער מיר האָבן דערפאַר באַצאָלט מיט גרויסע יסורים.

ווען מיר זיינען אַראָפּ פון שיף אין אַלעקסאַנדריע, האָבן אונז באַגעגנט עגיפּטישע פּאָליציי־לייט און האָבן ביי אונז צוגענומען אונזערע פּאַספּאָרטן. אויף די פּאַספּאָרטן האָבן זיי געמאַכט עפּעס אַ צייכן און צוגעזאָגט אונז זיי אומצוקערן, ווען מיר וועלן דאַרפן אַרויפגיין אויף דער שיף. מן־הסתם האָבן זיי זיך געוואָלט פאַרזיכערן, אַז מיר זאָלן חלילה ניט פאַרבלייבן פּערמאַנענט אין זייער מדינה. נאָכן אַרונטערגיין פון די קעמלען זיינען מיר תיכף געפאָרן צו דער באַן, וואָס זאָל אונז צוריק־ברענגען קיין אַלעקסאַנדריע. די באַן איז דווקא געווען פּינקטלעך און „רעגולער״, מיטן זעלביקן שטויב און מיט די זעלביקע ריחות. אָבער ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין אַלעק־סאַנדריע און אַרונטער פון באַן, האָט זיך אָנגעהויבן די ריכטיקע לויפעניש צו זוכן אונזערע פּאַספּאָרטן. איין פּאָליציסט שיקט אונז צו אַ צווייטן. צו־זאַמענריידן זיך מיט זיי קענען מיר ניט. סוף־סוף האָבן מיר געפונען דעם פּאָליציסט, וואָס האָט געהאַט אונזערע פּאַספּאָרטן. אָבער די צייט שטייט ניט. ס׳זיינען באמת נאָר געבליבן געציילטע מינוטן, איידער די שיף האָט געדאַרפט אָפּגיין. דער עגיפּטישער פּאָליציסט איילט זיך ניט. אָבער אונז אַלעמען האָט נאָך מער אָנגעהויבן צו שווינדלען פאַר די אויגן.

ווי־ניט־ווי זיינען מיר אַוועק צום האַפן. ווען מיר זיינען אָנגעקומען, האָבן מיר דערזען, אַז די טרעפּלעך — וואָס פירן אַרויף צו דער שיף — זיינען שוין אָפּגעקייטלט פון ברעג און ווערן שוין אַרויפגעצויגן פון די שיף־אָנגעשטעלטע. פון ווייטן האָבן מיר געזען ווי די חברים מענדל און גליק־סאָן ריידן זייער היציק צו די וואָס שלעפּן די טרעפּ. נאָך עטלעכע מינוט פון איבערגעלעבטער שרעק, האָט מען צוריק אַראָפּגעלאָזט די טרעפּלעך און מיר זיינען, פאַרמאַטערטע און צעבראָכענע, מיט מזל אַרויף אויף דער שיף.

## יב

די שיף איז אָפּגעשוואומען קיין יפו. ביזן אָנקומען צום יפו׳ר האַפן, איז אַלץ געגאַנגען אין אָרדענונג. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן צום

לאַנדן. ווידער האָט חבר מענדל איבערגענומען די הויפּט־זאָרגן פאַר אַלע פּרטים. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צום האַפן, האָט זיך דער ים פאַנאַנדערגעשטורעמט און ס׳האָבן זיך באַוויזן ווייסע, שווערע כוואַליעס. צוזאַמען מיט זיי האָבן אָנגעהויבן הויך אַרויסשטאַרצן שוואַרצע שפּיציקע שטיינער, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי ווילדע ציינער פון ים. צווישן אָט־די שרעקלעכע שפּיציקע שטיינער האָבן זיך געהוידעט אַ סך קליינע שיפלעך מיט זייערע אַראַבישע מאַטראָזן. עס האָט אונז אויסגעזען, אַז די קליינע שיפלעך וועלן איבערגעקערט ווערן און צעבראָכן ווערן דורך די כוואַליעס, וועלכע האָבן זיי כסדר געהאַט צוזאַמענגעשטויסן מיט די שאַרפע שטיינערנע שפּיצן. מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז אָט־די שיפלעך וועלן עס דאַרפן ברענגען אונז און אונזער באַגאַזש צו דער גרויסער, אומגעלומפּערטער געביידע אינעם האַפן, וואָס האָט אויך אויסגעזען ווי אַ שוואַרצער, גרויסער שטיין. ווען די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט זיך אָנגעהויבן אַזאַ רעש מצד די אַראַבישע מאַטראָזן אונטן, אַז זיי האָבן איבערגעשריגן אַפילו דעם טומל פון די כוואַליעס. וואָס זיי האָבן געשריגן, האָבן מיר ניט פאַרשטאַנען. אָבער דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ סצענע, וואָס האָט אונז אַלעמען דערשראָקן צום טויט.

אויבן, פון שיף־דעק, האָבן אָנגעהויבן פליען פּעק פון באַגאַזש, וועלכע די אַראַבישע מאַטראָזן האָבן אויפגעכאַפּט און גענומען פּאַקן אין זייערע שיפלעך. דאָס האָט געדויערט אַ רעכטע צייט, ביז דער גאַנצער באַגאַזש פון אַלע וואָס האָבן געלאַנדעט אין יפו איז אַרונטערגעוואָרפן געוואָרן. אַוודאי איז אונזער באַגאַזש אויך געווען צווישן די אַרונטערגעוואָרפענע. אָבער אין וועלכער שיפל זיי זיינען פאַרשוואונדן? דאָס האָבן מיר ניט געקענט וויסן. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן דער אפשר נאָך פיל שרעקלעכערער פּראָצעס פון אַרונטערלאָזן די פּאַסאַזשירן. אויך זיי זיינען כמעט ווי געוואָרפן געוואָרן, שוין ניט פון אַזאַ הויך ווי דער באַגאַזש, אָבער פון אַ פּאָר מעטער הויך ביז אין די שיפלעך אַריין. די אַראַבער האָבן אויך די מענטשן אונטער־געכאַפּט, אַזויווי די פּעקלעך באַגאַזש. פיל צענדליקער מינוטן האָבן זיך געצויגן די יסורים.

סוף־סוף האָבן מיר, אַלע 6, זיך געפונען אין יענער שרעקלעכער, פינצטערער און צעבראָכענער געביידע. שעה׳ן האָט גענומען ביז מיר האָבן אויפגעזוכט אונזער באַגאַזש. דאַן די פּראָצעדור פון איבערקוקן אונזערע דאָקומענטן, קאָנטראָלירן דעם באַגאַזש. כמעט אַלץ איז געטאָן געוואָרן דורך אַראַבער. זייער לשון פאַרשטייען מיר ניט און זייערע געשרייען זיינען

שווידערלעכע. פּאַר אַ פּאַסאַזשיר וואָס קומט איצטער אָן קיין חיפה איז זיך שווער פֿאָרצושטעלן די לאַנדונגס־באַדינגונגען אין יענער צייט, אין יפו.

גאָר צום סוף האָט אונז דערוואַרט דאָס סאַמע־שענדלעכסטע און ווייטיקדיקסטע. מיר האָבן אַלע געדאַרפֿט דורכגיין דאָס שטעלן פּאָקן אין האַפֿן, איידער מיר וועלן אַרויסגעלאָזט. די ריי איז געווען לאַנג. דער פּאָקן־שטעלער, אַ זייער דיקער, שוואַרצער מענטש (ווי עס האָט אויסגעזען, איז דאָס געווען דער דאָקטאָר פֿון האַפֿן), האָט די מענטשן באַהאַנדלט ווי זיי וואָלטן געווען חיות. ווען עס איז ענדלעך געקומען צו אונזער ריי (ער האָט דערזען פֿון אונזערע פּאַספּאָרטן, אַז מיר זיינען אַמעריקאַנער בירגער), האָט ער— נאָכדעם ווי ער האָט אונז געשטעלט די פּאָקן — פֿאַרענדיקט מיט אָט־דער חנ׳עוודיקער פֿראַגע אין אַ צעבראָכענעם ענגליש:

„וואַי דיד יו קאָם היר ?" (צו וואָס זייט איר געקומען אַהער ?).

מיט אָט־די ווערטער זיינען מיר באַגעגנט געוואָרן ווען מיר האָבן דאָס ערשטע מאָל באַטראָטן דעם ארץ־ישראל׳דיקן באָדן. וואָס פֿאַראַ רושם דאָס האָט אויף אונז אַלעמען געמאַכט, איז ניט נויטיק אונטערצושטרייכן.

# דער ערשטער חודש אין ארץ־ישראל

א

זייענדיק אויף דער שיף צווישן אַלעקסאַנדריע און יפו האָבן מיר זיך אָנגעהויבן צוזאַמענריידן מיט פּאַסאַזשירן — וואָס קערן זיך אום קיין ארץ־ישראל — וועגן אַ גאַסט־הויז, אָדער אַ פּאַנסיאָן אין תל־אביב, וואוהין מיר זאָלן קענען פאָרפאָרן אויף אַ פּאָר טעג, ביז מיר וועלן באַשטימען וואו מיר וועלן בלייבן. חבר דוד גליקסאָן האָט געהאַט אַן אַדרעס פון אַ קרוב אין תל־אביב און ער איז נאַטירלעך געפאָרן צו אים. חבר מענדל האָט געהאַט פּריוואַטע אַדרעסן, וואוהין צו פאָרפאָרן. מיר האָבן קיין אַדרעס ניט געהאַט, אויסער די נעמען פון עטלעכע פירער פון דער ארץ־ישראל'דיקער אַרבעטערשאַפט, וועלכע האָבן זינט 1915 באַזוכט די פּאַראייניקטע שטאַטן. אַלע פון זיי זיינען געווען אונזערע נאָענטע פריינט. אָבער פאָרפאָרן צו וועמען פון זיי איז נאַטירלעך ניט געקומען אין באַטראַכט. מיר האָבן פון די שיף־מיטפאָרער באַקומען צוויי אַדרעסן. איינעם האָבן זיי אָנגערופן אַ „גאַסט־הויז" און דעם צווייטן — אַ „פּאַנסיאָן־האָטעל". דער ערשטער, האָט מען אונז איינפאָרמירט, קאָסט גאָרניט טייער. אינעם צווייטן זיינען די פּרייזן שוין פיל העכערע. דאָס ערשטע גאַסט־הויז האָט זיך געפונען ערגעץ הינטער דער געביידע פון דער גימנאַזיע „הרצליה" אין תל־אביב. דער פּאַנסיאָן־האָטעל האָט זיך געפונען אויף דער סאַמע אַלענבי גאַס, די הויפּט־גאַס פון תל־אביב.

מיר האָבן גענומען אַ טאַקסי צוזאַמען מיט חבר דוד גליקסאָן. די טאַקסי האָט אים אָפּגעפירט צו זיין אַדרעס און דערנאָך אונז גענומען צום „גאַסט־הויז". מיר זיינען אָנגעקומען צו כמעט אַ חורבה. אין דער איצטיקער צייט (אין 1964), וואָלט מען אַזאַ חורבה זיכער אַרונטערגעריסן. מיר זיינען אַריינגעקומען אינעווייניק; און ביים דערזען די „אויסשטאַטונג", וואָס מען האָט אונז אָנגעבאָטן, איז ממש פינצטער געוואָרן אין די אויגן. נאָך דעם קבלת־פּנים, וואָס מיר האָבן באַקומען פון דעם האָפּן־דאָקטאָר, איז אָט־

דאָס גאַסטהויז געווען נאָך אַ צוגאָב צו די יסורים. שילדערן פּרטים איז ניט נויטיק. ס'איז נאָר גענוג צו דערציילן, אַז מער ווי צוויי שעה זיינען מיר דאָרט ניט געווען. עס איז געווען פאַר אונז גענוג אָנצוקוקן דאָס פּלאַץ וואו מען האָט אונז אָנגעוויזן וואו זיך אַרומצואוואַשן, כדי צו באַשטימען: מיר אַנטלויפן אין דעם „פּאַנסיאָן־האָטעל מאַלקין". מיר האָבן זיך גע'מיאוס'ט אַפילו אויסצוטרינקען אַ גלאָז טיי אינעם „גאַסט־הויז".

אויך דעם „פּאַנסיאָן־האָטעל מאַלקין" האָט גענוג געפעלט צו פאַרדינען דעם נאָמען „האָטעל". אַפילו „פּאַנסיאָן" איז נאָך אויך געווען אַ צו־הויכער טיטל; אָבער אין פאַרגלייך מיט אונזער ערשטן „גאַסט־הויז", איז ער געווען ממש אידעאַל. מיר זיינען אָנגעקומען אין דעם נייעם „האָטעל" נאָענט צו מיטאָג. דאָרטן האָבן מיר זיך פונדעסטוועגן געקענט גוט אַרומוואַשן, אָפּ־שווענקען פון זיך די שטויבן פון קאַירא, אַלעקסאַנדריע, פון דער געביידע ביים האַפן און פון יפו און פון דעם ערשטן „גאַסט־הויז". ווען מיר האָבן זיך דערפרישט, האָבן מיר באַקומען גאָר אַ גוטן מאָלצייט. געווען איז עס פּונקט ערב שמחת־תורה. איז די סעודה פאַר די שטאַם־געסט קעווען צוגעגרייט אויף אַ ריכטיקן אידיש־באַלעבאַטישן שטייגער און אויך מיר האָבן פון דעם געגעסן. נאָך די שפּייזן, מיט וועלכע מיר האָבן זיך געגערט כמעט פולע דריי וואָכן, זינט מיר זיינען אַראָפּ פון דער שיף „ברעמען", סיי אין די רעס־טאָראַנען פון פּאַריז, סיי אין איטאַליע (אָן אויסנאַם זיינען געווען די פּאָר טעג וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין דער שווייץ) און נאָכדעם אויף דער שיף „וויענע", איז אָט־דער מאָלצייט געווען ממש מלכות'דיק; מיטן עכט־אידישן טעם פון ערב־יום־טוב'דיקע סעודות.

נאָכן עסן האָבן מיר זיך טעלעפאָניש פאַרבונדן מיט אונזערע חברים־ידידים; זיי אָנגעזאָגט, אַז מיר זיינען אָנגעקומען. און תיכף־נאָכמיטאָג, נאָך איידער מיר האָבן באַוויזן זיך אָפּצורוען, איז דער ערשטער געקומען חבר שלמה קאַפּלאַנסקי, עליו השלום, מיט אַ גרויסן קראַנץ בלומען אין האַנט. אַביסל שפּעטער איז געקומען דער קוועק־זילבערדיקער חבר ד"ר א. ש. יוריס, וועמען איך האָב געקענט פון פּועלי־ציון וועלט־צוזאַמענפאָרן. דער חבר קאַפּלאַנסקי איז געווען אַן אַלטער באַקאַנטער פון מיין פרוי און מיר. ער פלעגט זייער אָפט קומען צו אונז אין 1914 און 1915, ווען ער איז געווען אין אַמעריקע, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פון אייראָפּע אין אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה (אייניקע פּרטים וועגן דעם דערצייל איך אין מיין צווייטן באַנד „זכרונות", זייט 24).

חבר קאַפּלאַנסקי איז געזעסן אַרום אַ שעה צייט. ער האָט זיך באַקאַנט

מיט מײַנע טעכטערלעך, זיך אויסגעפּרעגט וואָס מיר טראַכטן דאָ צו טאָן; וואו וועלן מיר זיך באַזעצן פּערמאַנענט; וואו וועלן די טעכטער לערנען. מיר האָבן אים אינפאָרמירט וועגן אַלץ וואָס מיר האָבן דאַן אַליין געוואוסט. די קלאָרע פּונקטן זײַנען געווען, אַז איך וועל דאַרפן אינגיכן פאָרן אין איראָפּע פאַרן קרן היסוד; אַז די משפּחה וועט זיך וואַרשײַנלעך פּערמאַנענט באַזעצן אין ירושלים, ווײַל מיר פּלאַנירן אַרײַנצוגעבן די עלטערע טאָכטער אין ירושלים׳ער אוניווערזיטעט. ער האָט זיך דערקלערט גרייט אונדז צו העלפן מיט וואָס נאָר ער וועט קענען. ער האָט דערבײַ אַרײַנגעוואָרפן אַ באַמערקונג, וואָס האָט זייער באַאומרואיקט — און וואָס ערשט שפּעטער האָבן מיר דערזען איר פולע שווערקייט פאַר אונדז. ער האָט אַ פרעג געטאָן, צי אונדזער עלטערע טאָכטער איז גרייט פאַר דעם עקזאַמען וואָס זי מוז דורכמאַכן, איידער זי טרעט אַרײַן אין אוניווערזיטעט? מער האָבן מיר דאַן וועגן דעם ניט גערעדט. אָבער גאָר גיך — אין אַ פּאָר וואָכן אַרום — האָבן מיר זיך געמוזט ווענדן צו אים נאָך אַן עצה, ווען דאָס פּראָבלעם איז פאַר אונדז אויפגעקומען אין איר פולער שאַרפקייט.

ב

חבר יוריס — דער וואָס רוט ניט אַ מינוט; וואָס רעדט אָן אַן אויפהער און דער וואָס פּלוצים צעזינגט ער זיך און ער זינגט דײַטשע סטודענטן־לידער, אידישע פאָלקס־לידער און איז בכלל זייער אַ פריילעכער און קען פריילעך מאַכן אַלעמען צו וועמען ער רעדט און זינגט — איז געבליבן אַביסל צייט. נאָר דאַן ווען ער האָט דערזען ממש די מידקייט אין אונדז אַלעמען און די גרויסע נויטיקייט מיר זאָלן זיך אַביסל אויסרוען, האָט ער געמאָלדן, אַז ער פאַרלאָזט אונדז. אָבער תיכף האָט ער אונדז געמאָלדן, אַז נאָך אָוונט־ברויט קומט ער צוריק. ער מוז אונדז נעמען צום גרויסן פּאָעט חיים־נחמן ביאַליק, צו וועמען עס קומען זיך צונויפֿ אָוונט מסלתה ושמנה פון תל־אביב, אָנצוהויבן דאָרטן דעם יום־טוב פון שמחת־תורה.

נאָך אָוונט־ברויט איז ער געקומען. מײַן פרוי און אונדזערע טעכטערלעך זײַנען געווען צו־אויסגעמאַטערט פון אַלע איבערלעבונגען און זײַנען מיט אונדז ניט מיטגעגאַנגען. יוריס און איך זײַנען אַוועק. געקומען אין ביאַליק׳ס הויז, האָבן מיר עס געטראָפן אָנגעפּאַקט מיט באַזוכער, אַז עס איז ממש ניט געווען קיין אָרט אויף אַרײַנצושטעלן אַ פוס. לעבן די טירן איז געשטאַנען אַ גרויסע צאָל מענטשן און האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו הערן די רייד פונעם גרויסן פּאָעט, וועלכער האָט גערעדט וועגן דער באַדײַטונג

פון שמחת־תורה. איך בין געבליבן שטיין הינטער אָט־די מענטשן און זיך אויך אָנגעשטרענגט צו כאַפּן אַ וואָרט. חבר יוריס, דער קוועק־זילבערדיקער, האָט זיך דאָך אַריינבאַקומען אינעווייניק. אַרום אַ מינוט צען בין איך געשטאַנען אין דרויסן. דאַן האָב איך דערזען אונזער יוריס אַרויסקומען פון געדראַנג און ער ציט מיט זיך דווקא אַ הויך־געוואַקסענעם מענטש, מיט גאַנץ ברייטע אַקסלען. ווען דער מענטש האָט מיך דערזען, איז ער גלייך צוגעלאָפן צו מיר, האָט מיך זייער האַרציק אַרומגעכאַפּט. ווען איך האָב דערזען דאָס פנים האָט מיך אַדורכגענומען אַ טיף גליקס־געפיל. דאָס איז געווען דער „הבימה"־אַרטיסט אַהרן מעסקין. מיר האָבן זיך מיט אים זייער שטאַרק באַפריינדעט ווען ער האָט, צוזאַמען מיט זיין „הבימה"־אַנסאַמבל, גאַסטראָלירט אין ניו־יאָרק (עד־היום הזה דערשפּיר איך פּונקט אַזאַ גליקס־געפיל, ווען נאָר איך טרעף זיך מיט אים!). האָט מיך שוין פאַרדראָסן פאַרוואָס מיין בינה איז מיט מיר ניט געווען, ווייל אויך זי האָט ליב געהאַט מעסקינען אַהבת־נפש.

ער האָט זיך פונאַנדערגעפרעגט: ווען זיינען מיר געקומען? צי בלייבן מיר אין תל־אביב? דערנאָך האָט ער מיר צוגעזאָגט צו קומען אויף באַזוך צו אונז (ער האָט אויך געהאַלטן וואָרט!). מעסקין דערציילט מיר: „אָט־דער יוריסל שלעפּט מיך אין דרויסן אַרויס. איך וויל דווקא הערן די פּערל וואָס פּלייצן פונעם מויל פון אונזער חיים־נחמן. ווען דער גרויסער פּאָעט האָט זיך אויף אַ מינוט אָפּגעשטעלט, פרעג איך יוריסן: וואוהין שלעפּסטו מיך? ענטפערט ער, אַז אין דרויסן וואַרט אויף אים זיינס אַ טייערער חבר, ברוך צוקערמאַן פון ניו־יאָרק. האָב איך שוין אויסגעשריגן: חבר ברוך צוקערמאַן איז דאָ אין ארץ־ישראל און געפינט זיך אין דרויסן? קום, לאָמיר תיכף גיין! און אָט זיינען מיר דאָ".

גראָד דאַן האָט דער עולם שוין גענומען אַרויסשטראָמען פון ביאַליק'ס הויז. ביאַליק האָט, זעט אויס, שוין פאַרענדיקט זיין רעדע — און איצט פירט מען אים אויף אַ שפּאַציר איבער די גאַסן פון תל־אביב. באַטירלעך, גרייטן מיר זיך — אַלע דריי — מיטצוגיין. מעסקין און איך זיינען כמעט פון דער זעלבער הויך. יוריס איז קליין־וואוקסיק. איז ער אַריינגעקראָכן צווישן אונז ביידן. ער האָט פאַרדרייט איין האַנט אַרום מעסקינ'ס אָרעם און די צווייטע אַרום מיין אָרעם און איז כמעט ווי געבליבן הענגען אין דער לופטן. אַזוי האָבן מיר אַלע דריי מאַרשירט אַ גאַנץ־לאַנגע צייט אין דער ריי, מיט נאָך אַנדערע צענדליקער אידן, פירנדיק דעם גרויסן פּאָעט

אויף אַ גאַס־שפּאַציר, נאָכדעם ווי ער האָט פריער דערקוויקט זייערע נשמות מיט עכט־ביאַליקישן האָניק.

יענע פּאָר שעה האָב איך לגמרי פאַרגעסן אין די פּראָבלעמען פאַר וועלכע איך שטיי. ס'איז אַרויס פון האַרץ די ביטערקייט פון די לעצטע פּאָר טעג, סיי ביים האָפן, סיי אין דעם ערשטן גאַסטהויז. ערשט אַצינד האָב איך דערפילט דעם טיפען זין פון פסוק „בתוך עמי אנכי יושב" און בין דורכגעדרונגען געוואָרן מיט דאַנק צו מיין גורל, וואָס האָט מיך געבראַכט אַהער... און נאָך איצט, שרייבנדיק אָט־די שורות, לעב איך ווידער דורך די עקזאַלטירטקייט וואָס האָט מיך דאַן באַהערשט.

## ג

צוריק אין פּאַנסיאָן־האָטעל מאַלקין בין איך געקומען שפּעט נאָך חצות. אַלע דריי פון מיין משפחות זיינען פעסט געשלאָפן. איך האָב מיך ווי עס איז אַריינבאַקומען אין מיין בעט; אָבער שעה'ן נאָכאַנאַנד בין איך געלעגן מיט אָפענע אויגן און בשום־אופן ניט געקענט איינשלאָפן. בלייבנדיק אַליין האָבן מיך ווידער גענומען מאַטערן די פריערדיקע שאלות: וואָס איז אונז פּאַרט באַשערט אין אונזער נייעם לעבן? וויאַזוי וועט זיך דאָ פילן מיין חבר'טע נינה? און ווי וועלן זיך דאָ איינאָרדענען אונזערע טעכטערלעך? איך האָב גוט געוואוסט, אַז קיין ענטפער — ליגנדיק על משכבי — וועל איך ניט געפינען; אָבער זיך באַפרייען פון די פראַגן האָב איך לחלוטין ניט געקענט.

אויפגעשטאַנען אינדערפרי, האָב איך געדאַרפט דערציילן פאַר מיין משפחה אַלע פרטים פון מיינע איבערלעבונגען לעצטן אָוונט. איך האָב עס געמוזט טאָן נאָך איידער מיר האָבן געגעסן פרישטיק. פון דער פּאַרטיי האָט מען מיר צוגעשיקט אַן איינלאַדונג פאַר דער גרויסער אסיפה וואָס איז גערופן געוואָרן אויף מוצאי שמחת־תורה, אויף וועלכער עס וועט אויפ־טרעטן חבר דוד בן־גוריון.

דעם גאַנצן טאָג שמחת־תורה האָט די גאַנצע משפחה אַרומגעשפּאַצירט אויף די תל־אביב'ער גאַסן. ערשט בשעת יענעם שפּאַציר האָבן מיר אַלע דערפילט דעם טעם פון געפינען זיך אויפן ארץ־ישראל'דיקן באָדן. נאָך מער האָבן מיר דערשפירט דעם בוי־אימפּעט וואָס האָט זיך געטראָגן, ווי אונז האָט זיך געדוכט, פון יעדן הויז וועלכן מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען. אַ סך פון די הייזער האָבן זיך טאַקע געהאַלטן אין מיטן בויען. אונז האָט אינטערעסירט יעדער פרט, וואָס מיר האָבן געקענט אויסגעפינען וועגן יעדן

הויז. אַט־דער בוי־אימפּעט האָט אונז ווי פאַרזיכערט, אַז מיר האָבן נישט וואָס צו זאָרגן; אין אַזאַ אַטמאָספערע וועלן אויך מיר געפינען אונזער אָרט.

שעה׳ן־לאַנג זיינען מיר אַרומגעגאַנגען. זיך אָפּגעשטעלט ביי יעדער פענסטער פון אַ געשעפט. יעדער זאַך האָט אונז פאַר׳כישוף׳ט. מיר זיינען נאָר צוריק־געגאַנגען אין „האָטעל״ צו די צוויי יום־טוב׳דיקע מאָלצייטן. בינה מיט די טעכטער זיינען ווידער געווען אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון מיטגיין מיט מיר צו דער פּאַרטיי־אַסיפה. בין איך אַוועק אַהין אײנער־אַליין.

איך קום אַריין אין עפּעס אַ געביידע, וואָס זעט גיכער אויס ווי אַ פּוסטער „סאַראַי״ איידער ווי אַ זאַל. טויזנטער מענטשן זיינען צוזאַמענגעקוועטשט. זיץ־פּלעצער זיינען דאָ זייער ווייניק. די גרעסטע צאָל שטייען. אַ סך הענגען ממש ווי אין דער לופטן. פון דאַך האָבן אַרויסגעשטעקט לאַנגע, גראָבע קלעצער. האָבן אַ צאָל מענטשן זיך אָנגעהאַנגען אויף זיי און זייערע פיס האָבן זיך געטרייסלט אין דער לופטן. אויך אויף דער אימפּראָוויזירטער בינע זיצן די מענטשן אָנגעפּראָפּט. מיך האָט דער חבר — ווע מען איך האָב געוויזן די איינלאַדונג — אַדורכגעקוועטשט דורך דער מאַסע און מיך דער־פירט צו דער בינע. עמעצער האָט זיך אויפגעהויבן און מיך איינגעלאַדן צום זיצן.

חבר בן־גוריון האָט אָנגעהויבן זיין רעדע מיט אַ וואַרעמען קבלת־פּנים פאַר מיר. דערנאָך האָט מען מיך מכבד געווען מיט ענטפערן; און דאָ בין איך באַגאַנגען אַ שריט, וואָס האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך שוועריקייטן (די דאָזיקע שוועריקייטן, האָב איך מורא, ציען זיך נאָך ביזן היינטיקן טאָג!): איך האָב אויף דער באַגריסונג געענטפערט מיט אַ קורצן זאַץ, דווקא אין עברית, אַז איך בין דאָ ניט געקומען רײדן, נאָר הערן און לערנען. סיי חבר בן־גוריונ׳ס באַגריסונג, סיי מיין ענטפער זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אויף מאָרגן אין „דבר״. דער שרייבער האָט אונטערגעשטראָכן דעם פאַקט, אַז איך האָב געענטפערט אין עברית. דערפון האָט זיך געשאַפן פאַר מיר די פּסיכאָלאָגיש־לינגוויסטישע שוועריקייט, וואָס איך בין איר קרבן עד היום הזה.

לויט מיין נאַטור בין איך אַ מאַנאָלינגוויסט. איך ווייס, אַז עס איז נישטאָ וואָס צו באַרימען זיך דערמיט. בעיקר, איז מיר שווער צו ריידן עפנטלעך אויף אַן אַנדער שפּראַך, אויסער אידיש. אַזוי איז עס געווען במשך די העכער 50 יאָר, וואָס איך האָב געלעבט אין צפון־אַמעריקע — און אַזוי איז דאָס אויך אין די יאָרן, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין ארץ־ישראל.

אַפילו איצט, אין מדינת־ישראל. אין די ערשטע יאָרן פון מיין קומען קיין ארץ־ישראל — ווען־נאָר איך האָב זיך אומגעקערט פון אַ לענגערער רייזע אין אייראָפּע — האָב געדאַרפט אָפּגעבן אַ באַריכט פאַר אַ גרופּע חברים. האָב איך אָנגעהויבן ריידן אידיש. איינמאָל האָט זיך דער טייערער חבר יוסף אַהראָנאָוויטש זכרונו לברכה זייער שטאַרק אויסגעדריקט, אַז עס איז שוין צייט פאַר מיר צו ריידן עברית. ער איז אַוודאי געווען זייער גערעכט. אָבער דאָס האָט מיך ליידער ניט אויסגעהיילט פון מיין מאָנאָלינגוויסטישער קראַנקייט. ניט איינמאָל האָבן וועגן דעם געפּרוּווט משפיע זיין, אויף אַ גוטמוטיקן אופן, אַ סך טייערע חברים (בעיקר אונזער איצטיקער נשיא זלמן שזר שיחיה); אָבער אויך דאָס האָט ניט געהאָלפן. ווען־נאָר איך הויב אָן ערגעץ־וואו צו ריידן עברית — פאַרפּלאָנטערט זיך מיין צונג, גלייך ביים אָנהויב; כאָטש איך לייען און הער אַ סך עברית. איך האָב מורא, אַז אָט־די מחלה וועט מיך שוין באַגלייטן ביז מיינע לעצטע טעג.

די דעמאָלטיקע מעלדונג אין „דבר“, אַז איך האָב „גערעדט“ אין עברית, איז מיר אָפּט פאַרגעוואָרפן געוואָרן — ווען־נאָר איך האָב דערקלערט, אַז עס איז מיר שווער צו ריידן עברית.

## ד

מיין פאַרשטעטנדיקונג מיטן קרן־היסוד איז געווען: איידער איך פאָר אַרויס אין אייראָפּע דאַרף איך לכל־הפּחות אַ חודש צייט האָבן די מעגלעכקייט אַרומצופאָרן אין לאַנד און זיך באַקענען, באַקומען דירעקטע און פּינקטלעכע ידיעות פון אַלץ וואָס קומט־פאָר אין לאַנד. בלויז אַזוי קען איך מיין שליחות דורכפירן על צד היותר טוב. איך מוז זאָגן, אַז יענע ערשטע רייזע אונזערע איבער ארץ־ישראל האָט זיך איינגעקריצט ניט בלויז אין זכרון, נאָר אויך אין די הערצער פון אַלע 4 מיטגלידער פון מיין משפּחה. יעדער פון אונז האָט עס אויפגענומען לויט דער באַגאַבונג וואָס ער באַזיצט. איך מיין, אַז איך וועל חלילה ניט זינדיקן, ניט קעגן מיין פרוי און ניט קעגן זיך אַליין, ווען איך וועל באַהויפּטן: אַמטיפסטן איז דאָס געזעענע אַריינגעדרונגען אין די הערצער פון אונזערע יונגינקע טעכטער. איך בין זיכער, אַז דאָס האָט פיל מיטגעהאָלפן ביים אַנטוויקלען אין זיי אַזאַ טיפע ליבשאַפט צום לאַנד. דערפאַר זיינען אַלע שוועריקייטן, וואָס זיי האָבן שפּעטער באַגעגנט — און אַזעלכע זיינען געווען גאָר אַ סך — אין וועג פון זייער איינוואָרצלונג, ניט מסוגל געווען צו מינערן זייער אַנטשלאָסנקייט איבערצוקומען און סוף־סוף פאַרנעמען זייער אָרט אינעם ארץ־ישראל׳דיקן לעבן.

אונזער מזל איז אונז בייגעשטאַנען, וואָס די ביוראָ פון קרן־היסוד אין ארץ־ישראל האָט אונז געגעבן — במשך פון אָט־דעם חודש — אַ שאָפער, וואָס איז ממש געווען אַן אוניקום אין זיין פאַך. דאָס איז געווען דער — צום אומגליק! — יונג־פאַרשטאָרבענער יצחק ירושלמי, זכרונו לברכה. אַ חכם אַ איד און אַ מזג־טוב. געפינען זיך אין זיין געזעלשאַפט איז ממש געווען סיי אַ פריידע, סיי אַ גליק. עס האָט פון אים ממש געשטראָמט גוטס־קייט און טיף־חבר׳שע ליבשאַפט. דערצו האָט ער געקענט יעדעס ווינקעלע פון לאַנד. ער האָט געוואוסט יעדע פאַסירונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין יעדן פונקט. ער האָט געקענט יעדעס אָרט, וואו עס איז פאָרגעקומען אַ געפעכט צווישן אידן און אַראַבער; אָדער צווישן אידן און דער מאַנדאַטאָ־רישער פאָליציי. דערצו האָט ער פאַרמאָגט אַ פענאָמענאַלן כוח הסברה. ער האָט גערעדט אַ סך שפּראַכן — און יעדע זייער גוט: רוסיש, ענגליש, אַראַביש, אידיש און אַוודאי אַן אויסגעצייכנטן עברית. ניט איינמאָל, במשך דער נסיעה, האָב איך געטראַכט: ווען דער קרן־היסוד שיקט אַרויס אַזעלכע ירושלמי׳ס (איך בין זיכער, אַז ער איז ניט געווען דער איינציקער פון אַזאַ שיעור־קומה) איבער דער אידישער וועלט און זיי דערציילן אויף זייער אופן די געשיכטע פון יעדן פונקט — וואָס איז שוין דאַן געווען אויפגעג־שטעלט אין לאַנד — וואָלטן זיי געהאַט אַ גרעסערן דערפאָלג, ווי די וויכ־טיקסטע שליחים פון קרן־היסוד און קרן־קימת, וואָס זיינען דאַן אַרומגעפאָרן איבער דער אידישער וועלט. אָבער דער חבר יצחק ירושלמי האָט סייווי דורכגעפירט אַ וויכטיקע שליחות פאַר ארץ־ישראל. ער האָט אַרומגעפירט איבערן לאַנד די וויכטיקסטע געסט־פערזענלעכקייטן — אידישע און ניט־אידישע — וואָס האָבן באַזוכט דאָס לאַנד. איך ווייס, אַז איך וואַג אפשר צופיל מיט מיין וויטערדיקער באַהויפּטונג, אָבער איך וועל זי מאַכן: פון די אָפּקלאַנגען, וואָס זיינען געקומען צו מיר אין די שפּעטערדיקע יאָרן, האָב איך זיך איבערצייגט: אַזאַ השפעה ווי עס האָבן אויסגעאיבט אויף אַזעלכע פערזענלעכקייטן די נהגים יצחק ירושלמי און זיינע חברים — איז ניט געלונ־גען אויסצואיבן אַפילו די מערסטע וויכטיקסטע אָפיציעלע אָנפירער פון ישוב. אָט־דעם טייערן יצחק ירושלמי איז אונז באַשערט געווען צו האָבן מיט אונז אַ גאַנצן חודש צייט. און מיט וואָס פאַראַ ליבשאַפט ער איז אומעטום אויפגענומען געוואָרן! צי דאָס איז געווען אין דגניה, אין נהלל אָדער אַנדערע קיבוצים און ישובים, אָדער אין די האָטעלן פון חיפה און אַפילו פון דער פרומער צפת. אומעטום איז ער געקומען ווי צו זיך אַהיים. אָפטמאָל האָט ער מיטגעברענגט עפּעס אַ מתנה פאַר דעם קיבוץ אָדער מושב. על־פּי־

רוב זיינען די מתנות באַשטאַנען פון פאַרשידענע פייגל, וואָס ער האָט אַליין געהאַט דערשאָסן אויפן וועג. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט געוואוסט וועלכן פויגל מען מעג דערשיסן און וועלכן מען טאָר ניט. אַ שיסער איז ער געווען איינער אין דער וועלט. ווען מיר האָבן זיך מיט אים באַגעגנט צום ערשטן מאָל, האָט ער מיטגענומען אַ ביקס. דער אמת איז, אַז מיר האָבן זיך אַביסל איבערגעשראָקן. צי מיינט עס ניט, אַז ער דערוואַרט צוזאַמענשטויסן אויפן וועג? אפשר האָט ער אויך דאָס דערוואַרט. אָבער אונז האָט ער באַרואיקט, אַז ער וויל דערמיט שיסן פייגל, בכדי זיי ברענגען אין די קיבוצים, וועלכע עסן זעלטן־ווען אַ שטיקל פלייש. מיר האָבן געמיינט אַז ער באַרימט זיך אַביסל. אָבער ווי איבעראַשט זיינען מיר געוואָרן, ווען מיר האָבן דערזען ווי ער טרעפט שטענדיק אין ציל. ער האָט אַפילו באַוויזן אייניקע זייער געוואַגטע קונצן. ער פלעגט אונז אָנזאָגן ווען ער גייט שיסן; אָנווייזן אויף אַ פויגעלע, וואָס איז זיך געזעסן אויף אַ טעלעפאָן־דראָט, אַ קליינס, וואָס מען האָט כמעט ווי ניט געקענט אַרויסזען. אָבער ירושלמי האָט געטראָפן פונקט אין דעם אָרט וואו ער האָט באַשטימט; און באַשטימט האָט ער אַזאַ אָרט, וואו דער שאָס פאַרדאַרבט נישט צופיל דאָס פלייש. עטלעכע מאָל האָט ער אונז אָנגעזאָגט, אַז ער גייט שיסן צוויי פייגל מיט איין שאָס.ביידע זיינען געפלויגן אין דער לופטן און ירושלמי האָט זייביידן געטראָפן מיטן זעלביקן שאָס. איך געדענק, אַז ווען מיר זיינען געקומען קיין דגניה, זיינען אַרויסגעלאָפן אים באַגעגענען קיבוץ־קינדער און די ערשטע פראַגע זייערע איז געווען: „מה הבאת היום?" (וואָס האָסטו היינט געבראַכט?). ירושלמי האָט תיכף אַרויסגענומען זיין פאַנג און זיי איבערגעגעבן. דערנאָך האָט ער לאַנג אַרומגעשטיפט מיט די קינדער אין אַלע סאָרטן קינדערשע שפּילע־רייען. סיי ער, און נאָך מער די קינדער, זיינען זיך פאַרגאַנגען אין אַ שטיקנדיקן געלעכטער פון גרויס פרייד. אָט־דעם מענטש זיינען מיר געווען גליקלעך צו האָבן מיט אונז במשך פון דער גאַנצער רייזע איבערן לאַנד. די אינפאָרמאַציע, וואָס איך האָב דורך דעם באַקומען, האָב איך שפּעטער ברייט אויסגענוצט אין מיינע אויפטריטן פאַרן קרן־היסוד אין אַ סך אידישע קהילות פון אייראָפּע.

צווישן מיין משפחה מיט אים — און נאָכדעם מיט זיין גאַנצער משפחה — איז דאַן אויסגעוואַקסן געוואָרן אַ קעגנזייטיקע ליבשאַפט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז די לעצטע טעג פון זיין — ליידער, אַזוי קורצן — לעבן. אין אונזערע הערצער וועט אָט־די וואַרעמקייט פאַרבלייבן ביז אונזערע איי־גענע לעצטע טעג וועלן קומען.

זאָלן די עטלעכע ווערטער אויך דינען ווי אַ זייער־באַשיידענע מצבה, וואָס איך בין בכוח אויפצושטעלן צום זכר פון אָט־דעם טייערן מענטש, וואָס דער גורל האָט אונז צוזאַמענגעברענגט מיט אים.

## ה

נאָך דעם חודש אַרומרייזן, האָבן מיר געפונען אַ דירה, אין דעם ירושלימער חבשים־געסל — אין הויז פון דער לאַזאַרעווסקי־אַלמנה (איר מאַן איז דער׳הרג׳עט געוואָרן פון אַראַבער אין איינעם פון די אומרו־טעג). אונזער באַשלוס צו באַזעצן זיך אין ירושלים איז בעיקר געקומען פון דעם פאַקט, וואָס אונזער אַביבה וועט דאָך דאַרפן אַריינטרעטן אינעם ירושלימער אוניווערזיטעט. דאַרף זיך די משפחה דאָרט געפינען. איך פערזענלעך האָב סייווי געדאַרפט באַלד אַוועקפאָרן אויף מינימום אַ האַלב יאָר. איך האָב געהאָפט זיך אומצוקערן אויף פסח אַהיים. אַ צווייטן שטויס צו אָט־דעם באַשלוס האָט אונז אויך געגעבן די פאַרליבטקייט, וואָס מיר האָבן אַלע דערפילט צו ירושלים במשך די ערשטע צוויי טעג פון אונזער חודשדיקער נסיעה איבערן לאַנד. אויך דער דערמאָנטער יצחק ירושלמי האָט געלעבט אין ירושלים; און ער האָט טאַקע יענע נסיעה אָנגעהויבן מיטן אַרומפירן אונז איבער דער שטאָט און אומגעגנט. ער האָט גוט געוואוסט וויאַזוי אונז צו באַווייזן אַלע כישוף׳דיקע שיינקייטן פון ירושלים. פון דאַן אָן האָט די דאָזיקע פאַרליבטקייט זיך איינגענעסטעט אין אונזערע אַלעמענס הערצער, עד היום הזה.

איך דערמאָן זיך: ביי אונזער אָנקומען קיין ירושלים, האָבן אונז באַ־געגנט אין מיטן גאַס דער באַקאַנטער באָטאַניקער, פּראָפעסאָר הראובני און זיין פרוי חנה. זיי האָבן ביידע באַזוכט צפון־אַמעריקע, בכדי צו פאַראינ־טערעסירן אידן אין זייערע פּלענער אויפצובויען דאָס ספּעציעלע אָרט, וואו עס זאָלן צוזאַמענגעבראַכט ווערן אַלע מערקווירדיקע פלאַנצן וואָס ווערן דערמאָנט אין תנ״ך. ווען זיי זיינען געווען אין ניו־יאָרק, זיינען זיי עטלעכע מאָל געווען ביי אונז אין הויז און אונז געוויזן די „מוסטערן״ פון זייערע אַנטדעקטע, מערקווירדיקע פלאַנצן. זיי האָבן דאַן געהאַלטן רעפעראַטן אין צפון־אַמעריקאַנער אוניווערזיטעטן. ווי ווייט זייער רייזע אין צפון־אַמעריקע איז געווען דערפאָלגרייך ווייס איך ניט; אָבער די געוואַלדיק־אידעאַליסטישע איבערגעבנקייט צו זייער ציל, וואָס אָט־די צוויי מענטשן האָבן דעמאָנ־סטרירט, האָט אָנגעוואַרעמט אַ סך הערצער פאַר אָט־די מענטשן. אונזערע הערצער אויך.

פאַר מיינע אויגן איז נאָך איצט לעבעדיק דאָס בילד פון זייער באַ־געגענען אונז אין ירושלים אויף רחוב הנביאים, ניט ווייט פון דעם אַריינ־גאַנג אין דער חבשים־גאַס. דער אָרעמער פּראָפעסאָר האָט פון גרויס אויפ־רעגונג — וואָס ער האָט אונז דערזען — פאַרלאָרן זיין גלייכוואָג און איז געפאַלן אַן אויסגעצויגענער אויפן באָדן. דאָס בוך פון זיינע „מוסטערן" — וואָס ער האָט אומעטום מיטגעטראָגן מיט זיך — האָט זיך צעעפנט; און די באַזונדערע, מיט אַזויפיל טריישאַפט אָפּגעהיטענע בויגנס פּאַפּיר — וואָס אויף יעדן איינעם איז געווען אַריינגעקלעפּט איינע פון זיינע עקזאָטישע פלאַנצן — האָבן זיך צעשאָטן איבערן גאַס. סיי מיי פרוי און איך, סיי דער חבר יצחק ירושלמי האָבן זיך גלייך געוואָרפן אויף דער ערד בכדי זיי צוזאַמענצוקלייבן. חבר ירושלמי האָט אים אויפגעהויבן. מיר זיינען אַלע אַריינגעגאַנגען אין אונזער נייער דירה און חבר ירושלמי האָט פון ערגעץ געבראַכט אַ פלעשל וויין. האָבן מיר געפייערט צוזאַמען אונזער ווידער־באַגעגעניש מיט די הראובני'ס אין ירושלים און אויך דעם חנוכת־הבית פון אונזער נייער דירה.

## ו

מיר זיינען בלויז געבליבן געציילטע טעג, איידער איך בין אָפּגעפאָרן קיין איראָפּע. מיין רייזע האָט געפירט איבער בערלין, וואו איך האָב זיך גע־דאַרפט טרעפן מיטן הויפּט־פירער פון קרן־היסוד אין יענער צייט — ד"ר אַרטור האַנטקע. פון דאָרט האָב איך געדאַרפט פאָרן קיין פוילן, וואו עס זיינען שוין געווען צוגעגרייט פאַר מיר אייניקע אויפטריטן. דאָס וויכ־טיקסטע, וואָס איך האָב נאָך געדאַרפט באַזאָרגן פאַר מיין רייזע, איז געווען: צו רעגיסטרירן מיין טאָכטער אַביבה ווי אַ סטודענטין אין ירושלימער אוניווערזיטעט. בין איך אַוועקגעפאָרן צום סעקרעטאַר פון אוניווערזיטעט זיך דורכשמועסן מיט אים וועגן די פאָרמאַליטעטן פון רעגיסטרירן אַ נייעם סטודענט. האָט ער מיך געגומען אויספרעגן, וואָס עס זיינען אירע קוואַ־ליפיקאַציעס. ווען איך האָב זיך דערוואוסט וואָס עס איז אַלץ נויטיק פאַרן אַריינטריט אין אוניווערזיטעט, בין איך ממש געוואָרן אַ פאַרציטערטער. מיין האַרץ איז פול געוואָרן מיט תרעומת קעגן אונזער טייערן חבר ד"ר יהודה קויפמאַן, פאַרוואָס ער האָט אונז פריער ניט אינפאָרמירט וועגן דעם. ווען מיר וואָלטן געוואוסט וועגן דעם, בין איך מסופק צי מיר וואָלטן אָנגענומען זיין עצה. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, וואָלטן מיר איבערגעלאָזט אונזער אַביבה'ן אין ניו־יאָרק. אַוודאי קען איך איצט, העכער דרייסיק יאָר שפּעטער,

בלויז דאַנקבאַר זיין חבר יהודה קויפמאַן פאַר זיין עצה. מיין טאַכטער׳ס שטאַרקער ווילן, איר אומגעהויערער פלייס און איר גרייטקייט צו זיצן און לערנען בוכשטעבלעך 20 שעה אין יעדער מעת־לעת — בכדי זיך צוצוגרייטן פאַרן אוניווערזיטעט — האָט די דאָזיקע שוועריקייטן סוף־סוף בייגעקומען. אָבער וויפל געזונט דאָס האָט זי געקאָסט! און וויפל הארצווייטיק דאָס האָט פאַרשאַפט דער מאַמען (ווייל זי האָט געמוזט בלייבן מיט דעם פּראָבלעם, נאָכדעם ווי איך האָב געמוזט אָפּפאָרן)... דאָס אַלץ קען איך אַפילו ניט פּרובירן שילדערן. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז סיי אין אידישער געשיכטע, סיי אין תנ״ך — און זיכער די פּאָדערונג אַז מען מוז קענען איניקע בלאַט גמרא — פעלט מיין טאָכטער זייער פיל. אַפילו איר עברית איז נאָך ניט געווען צו־גוט, בכדי רייף צו זיין פאַר די לעקציעס אין אוניווערזיטעט.

איך האָב זיך באַלד פאַרבונדן מיט חבר שלמה קאַפּלאַנסקי און אים איבערגעגעבן די דילעמע אין וועלכער מיר געפינען זיך. חבר קאַפּלאַנסקי איז גלייך געקומען קיין ירושלים. זיין עצה איז געווען, אַז אַביבה מוז זיך באַמיען צו דערגרייכן כאָטש אַ טייל פון די וויכטיקע קוואַליפיקאַציעס במשך דעם ווינטער און זיך אָנמעלדן אין אוניווערזיטעט אין די ערשטע פרילינג־חדשים. פאַר דער צוגרייטונגס־צייט האָט ער אונז רעקאָמענדירט אַ זייער־גוטן העברעאישן לערער — חבר יצחק ליבני — ער זאָל מיט איר לערנען תנ״ך און עברית; זי זאָל זיך פאַרשרייבן ווי אַ פרייע צוהערערין פון די לעקציעס איבער אידישער געשיכטע, וואָס עס גיט אין אוניווערזיטעט פּראָפעסאָר יוסף קלויזנער. דאָס אַלץ האָט מיין טאָכטער אָנגעהויבן דורכפירן. אויף איינער פון קלויזנער׳ס לעקציעס האָט דער פּראָפעסאָר זי געפרעגט אויף איר נאָמען. ווען זי האָט אים געענטפערט, אַז איר נאָמען איז אַביבה, האָט ער זיך געוואונדערט: ווי קומט צו אַן אַמעריקאַנער אידיש מיידל אַזאַ עכט־העברעאישער נאָמען? אַביבה האָט אים דערויף געענטפערט, אַז אויך אין אַמעריקע זיינען דאָ גוטע ציוניסטן.

שוין זייענדיק אין פוילן האָב איך געקראָגן אַ ספּעציעלן בריוו פון דעם לערער יצחק ליבני. ער האָט מיר אינפאָרמירט, וואָס פאַראַ פּעולה אביבה האָט אין לערנען און שטאַרק באַוואונדערט איר אויסערגעוויינטלעכע התמדה. אויך מיין פרוי האָט מיר געשריבן וועגן דעם. אָבער אירע בריוו זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט צעוויטיקטן פחד, אַז עס זאָל, חלילה, דעם קינד ניט שאַטן צום געזונט.

נאָך איידער איך בין אָפּגעפאָרן, איז מיר איינגעפאַלן אַ פּלאַן: פאַרצושלאָגן דעם אוניווערזיטעט, אַז אַביבה זאָל אָנגענומען ווערן מיט אַן ערך

אַ העלפט פון די בויטיקע קוואַליפיקאַציעס און די צווייטע העלפט זאָל זי דאַרפן דערגרייכן במשך דעם ערשטן יאָר לערנען אין אוניווערזיטעט. איך האָב געהאָפט, אַז דורכדעם וועט אַביסל גרינגער ווערן אַביבה׳ס אָנשטרענגונג. צוליב דעם בין איך אַוועקגעפאָרן זיך טרעפן מיט ד״ר יהודה־לייב מאַגנעס אַליין. ער האָט דאָך מיר גוט געקענט פון ניו־יאָרק. ווען כ׳בין געקומען צו אים, האָט ער מיך זייער פיין אויפגענומען. ווען איך האָב פאַר אים פונאַנדערגעוויקלט מיין פּלאַן, האָט ער דערויף געהאַט זייער אַ קורצן ענטפער:

„חבר צוקערמאַן, איך געפין זיך אַליין אין דער זעלביקער דילעמע. מיין אייגענער זון געפינט זיך פונקט אין דער זעלביקער לאַגע ווי אייער טאָכטער. איך קען, לײדער, קיין שום ענדערונגען אין דעם ניט אַריינברענגען. איך קען נאָר ווינטשן אייער טאָכטער דערפאָלג אין איר שווערער אַרבעט".

דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט מיין ערשטער באַזוך אין ארץ־ישראל. מיין אינגערע טאָכטער, נעמי, האָט קיין שום שוועריקייטן ביים אָנגענומען ווערן נישט געהאַט. זי איז גלייך אָנגעקומען אין דער ירושלימער גימנאַזיע. אָבער ווען איך בין צוריקגעקומען אַהיים אויף פּסח האָב איך אויסגעפונען, אַז אויך נעמי האָט געהאַט גענוג אַנדערע שוועריקייטן.

# מיינע ערשטע באַזוכן פאַרן קרן-היסוד

## א

אין די הערכער 6 חדשים, פון סוף נאָוועמבער ביז סוף מאַי 1933, האָב איך, אין די אינטערעסן פון קרן־היסוד, באַזוכט די לענדער: פוילן, ליטע, לעטלאַנד און עסטלאַנד. איך בין אויפגעטראָטן אויף גאַר־גרויסע פאַרזאַמלונגען אין אַלע גרויסע שטעט און אַדרעסירט צענדליקער פאַרזאַמלונגען אין די מיטעלע און די גאַר־קלענערע שטעטלעך. די לאַנדעס־ביוראָען פון קרן־היסוד האָבן זיך צו מיר זייער גוט באַצויגן. בעיקר, האָט זיך צו מיר צוגעקלעפּט (און איך צו אים אפשר נאָך מער) דער פאַרוואַלטער פון קרן־היסוד אין פוילן, דער אומפאַרגעסלעכער, גרויסער תלמיד־חכם און אויסערגעוויינטלעך־טייערער מענטש, חבר אַברהם לעווענסאָן ז״ל. די איידישע פּרעסע פון יענע לענדער האָט מיך אויך אויפגענומען גאַר פיין. מיינע רעדעס זיינען איבערגעגעבן געוואָרן כמעט ווערבאַטים. איך האָב זיך אומעטום דערוואָרבן האַרציקע ידידים און די פרוכטן פון יענער פריינטשאַפט שפּייזן מיך נאָך אַפילו איצט. זייער אָפט באַגעגענט מיך אַ איד, שטעלט מיך אָפּ און דערמאָנט מיך וועגן מיין באַזוך ביי אים אין שטאָט אָדער שטעטל; און אַזעלכע אידן קומען פון אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען. איין מאָל האָט מיר פאַרשאַפט אַ טיפן תענוג דער מנהיג פון דער „חירות״־פּאַרטיי, חבר מנחם בעגין בכבודו ובעצמו. אין קעגנוואַרט פון זיין פּאַרטיי־חבר — און מיין עקזעקוטיוו־קאָלעגע — ד״ר יוסף שעכטמאַן, האָט ער, בעגין, מיך דערמאָנט וועגן אַ גאַר־גרויסער פאַרזאַמלונג פון אידישע סטודענטן אין ווילנע, וועלכע איך האָב אַדרעסירט. אויך ער, בעגין, איז דאָרטן געווען. און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט מיט שבחים פאַר מיין רעדע. ער האָט אַפילו באַהויפּטעט, אַז יענע רעדע האָט אים געמאַכט פאַר אַ ציוניסט. אויף יענער פאַרזאַמלונג איז אויך געווען נאָך אַ צוהערער: דער דעמאָלטיקער סטודענט און איצטיקער פּראָפעסאָר פון דעם בר־אילן־אוניווערזיטעט, דער

חבר מאַרק דוואָרזשעצקי, און נאָך פילע אַנדערע. אַוודאי פאַרשאַפט עס מיר גרויס תענוג.

די פּרטים פון מיינע רעדעס וויל איך דאָ ניט איבערגעבן. איך וויל אָבער איבערגעבן זייער תמצית. דאָס קען איך דערגרייכן אַמבעסטן דורכן איבערגעבן דעם ברייטן רעפּעראַט, וואָס איך האָב געלייענט מיט אַנדער־האַלבן יאָר שפּעטער אויפן צוזאַמענפאָר פון דער אַמעריקאַנער פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דעם 20־טן אָקטאָבער 1934, אין שיקאַגאָ. די אָרגאַניזאַציע האָט שפּעטער אָפּגעדרוקט דעם רעפעראַט אין אַ באַזונדערער בראָשור.

נאַטירלעך זיינען אין יענעם רעפעראַט אויך אַריינגעקומען געדאַנקען וואָס זיינען געווידמעט געוועזן אונזער אייגענער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אָט־די געדאַנקען האָב איך אויף די קרן־היסוד־פאַרזאַמלונגען ניט אַרויסגעבראַכט. איך ברענג אָבער דעם רעפעראַט אַזויווי ער איז גע־האַלטן געוואָרן, ווייל ער שטעלט מיט זיך פאָר אַ גאַנצע, פאַרענדיקטע אַרבעט. דער לייענער פון אָט־דעם באַנד וועט אַליין איינזען וועלכע טיילן עס געהערן בלויז אונזער באַוועגונג און דאָס איבעריקע, וועט ער זען, געהערט צום ציוניזם בכלל; בעיקר — צו דער בוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל. אַזוי איז אויך אַריינגערעכנט אין רעפעראַט אונזער גרויסער קרבן, ד״ר חיים אַרלאָזאָראָוו, צווישן יענע וואָס זייער גייסט גיט אַריין אין אונזער דור יענע גבורה־כוחות, וועלכע מיר מוזן האָבן צו בויען דאָס לאַנד. בעת איך בין געפאָרן אין די אויבן־אויסגערעכנטע לענדער, האָט נאָך חבר חיים אַרלאָזאָראָוו געלעבט און געשטאַנען אויף דער העכסטער מדרגה פון זיינע לעבנס־טעטיקייטן.

איך נעם מיר דאָס רעכט צו באַהויפּטן, אַז דער תוכן פון מיינע קרן־היסוד־רעדעס איז געוועזן אַביסל אַנדערש, ווי דער תוכן פון אנדערע קרן־היסוד־שליחים (איך זאָג ניט, אַז זיי זיינען געוועזן בעסער, נאָר, אַז זיי זיינען געוועזן אַביסל אַנדערש). איצט קען איך איבערגיין צום רעפעראַט גופא, וואָס זיין טעמע איז געוועזן „די לאַגע אין ציוניזם און אין ארץ־ישראל״:

## ב

„די ערשטע פראַגע, וואָס יעדער איינציקער פון אונז דאַרף זיך שטעלן, באַשטייט אין דעם: אין דער שווערער צייט וואָס אונזער פאָלק לעבט איצט אַדורך; אין דעם ים פון אומגליקן וואָס האָט זיך אַ גאָס געטאָן אויף אונז — וואָס פאַראַ פּלאַץ פאַרנעמט ארץ־ישראל, ווי אַ מעגלעכע לייזונג פון

דער באַלדיקער אידישער נויט? די צווייטע פראַגע: ווי ווייט קען זיך ארץ־ישראל פאַרמעסטן צו לייזן היסטאָריש דאָס גאַנצע אידישע פּראָבלעם?
און האָבן מיר אויפגעקלערט די צוויי פראַגן, מוזן מיר זיך באַשעפטיקן מיט דער פראַגע: וועלכע שטערונגען ליגן אין וועג, סיי בנוגע דער מי־נימום־אַרבעט פון די קומענדיקע, זאָגן מיר, צען יאָר, סיי בנוגע דעם גרויסן, היסטאָרישן פאַרנעם צו לייזן דאָס גאַנצע אידישע פּראָבלעם? וועלכע שטע־רונגען האָבן מיר מצד דער מאַנדאַט־מאַכט, מצד דער אַראַבישער וועלט, מצד אינעווייניקסטע באַציאונגען אין דעם אידישן פאָלק? וויאַזוי קען מען די דאָזיקע שטערונגען לגמרי באַזייטיקן, אָדער ווייניקסטנס אפשוואַכן זייער ווירקונג ביז צום קלענסטן מינימום?

וואָס קען ארץ־ישראל אונז געבן שוין איצט?

מיר קענען שוין אַזעלכע פראַגן פאַרענטפערן ניט סתם מיט השערות און ניט פאַרלאָזן זיך בלויז אויף אונזער ווילן. מיר זיינען אין דער לאַגע צו בויען אונזער ענטפער אויף סטאַטיסטישע ציפערן, וואָס ניט מיר האָבן זיי געשריבן. די דאָזיקע ציפערן זיינען צוזאַמענגעשטעלט פון רעגירונגס־אָרגאַנען. די רעגירונג האָט דורכגעפירט צוויי צענזוסן, דעם ערשטן אין 1922 און דעם צווייטן אין 1931. אַ בליק אויף די ענדערונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען במשך פון אָט־די 9 יאָר — צווישן די צוויי צענזוסן אין אידישן און אַראַבישן לעבן אין ארץ־ישראל — קען אונז לערנען זייער פיל.

וואָס ווייזן די ציפערן?

קודם־כל, ווי זעט אויס דער וואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג אין יענע 9 יאָר אין ארץ־ישראל? איר דאַרפט ניט פאַרגעסן, אַז אָט־די יאָרן זיינען ניט געווען קיין אויסטערליש־גוטע פאַר אונז. אין די 9 יאָר האָבן מיר אַדורכגעלעבט דעם שווערסטן עקאָנאָמישן קריזיס אין 1926־27, און דעם שווערסטן פּאָליטישן קריזיס פון 1929־30 — צוויי קריזיסן, וואָס האָבן ניט געהאָלפן אונזער וואוקס אין לאַנד. אין די אָנגעוויזענע 4 יאָר איז געפאַלן די איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל. געווען אין דעם אויך איין יאָר, ווען דער אַרויספאָר פון א״י איז געווען גרעסער פון דעם אַריינפאָר. אויב, בכן, מען נעמט די 9 יאָר ווי אַ שליסל פאַר ווייטערדיקע מעגלעכקייטן, פירט ער אונז זיכער ניט צו קיין איבערטריבענע, ניט־רעאַלע האָפענונגען. וואָס באַווייזט אונז אָט־דער שליסל?

מיר זיינען אין 1922 געווען אין ארץ־ישראל, לויט דער אָפיציעלער צאָל 83 טויזנט אידן. אין 1931 זיינען מיר אויסגעוואַקסן צו 175 טויזנט אידן. אין די 9 יאָר האָבן מיר בכן פאַרגרעסערט די אידישע באַפעלקערונג

אין ארץ־ישראל אויף קאַרגע 100 טויזנט מענטשן; אויף מער ווי 110% פון דער אייגענער אידישער באַפעלקערונג.

אַ פיל וויכטיקערער פונקט פאַר אונז איז ניט דער אַבסאָלוטער וואוקס פון דער באַפעלקערונג, נאָר דער פּראָצענטיקער וואוקס לגבי דער ניט־אידישער באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל.

אין 1922 האָבן מיר אויסגעמאַכט אַרום 11% פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג און אין 1931 — אַרום 18%. דאָס הייסט, אַז אונזער פּראָצענט איז אין די 9 יאָר פאַרגרעסערט געוואָרן אויף מער ווי אַ העלפט פון אונזער פריערדיקן פּראָצענט. אַ העלפט פון 11 איז $5\frac{1}{2}$. מיר וואָלטן בכן געדאַרפט פאַרמאָגן אין 1931 בלויז $16\frac{1}{2}$ פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. אונזער אמת׳ער צווואוקס איז אין די 9 יאָר געווען מער ווי אַ העלפט לגבי דעם פריערדיקן פּראָצענט. אָבער בכדי צו אָפּערירן מיט קיילעכיקע ציפערן וועלן מיר אָננעמען, אַז אין יעדער תקופה פון 9 יאָר — אויב מיר זאָלן כאָטש קענען אָנהאַלטן דעם בוי־אימפּעט פון די 9 יאָר צווישן 1922 און 1931 — דאַרף אונזער פּראָצענט זיך פאַרגרעסערן אויף אַ העלפט פון דעם פּראָצענט וואָס מיר זיינען געווען ביים אָנהויב פון די 9 יאָר.

פון דעם לעצטן צענזוס איז שוין ווידער אַוועק דריי יאָר. האָבן די דאָזיקע דריי יאָר באַשטעטיקט אונזער שליסל, אָדער פאַרקערט?

מיר זיינען געווען אין 1931 אַרום 18 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג. דאַרפן מיר — לויט דעם שליסל — ביים סוף פון דעם נייעם 9־יעריקן צייט־שטח אויסוואַקסן אין אַ העלפט פון די 18. דאָס הייסט, אַז מיר דאַרפן צו די 18 פּראָצענט צוקריגן נאָך 9 פּראָצענט. אין 1940 דאַרפן מיר בכן דערגרייכן ביז 27 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. מיר האָבן דערווייל דורכגעלעבט ניט מער ווי אַ דריטל פון דעם נייעם 9־יעריקן צייט־שטח — און מיר זיינען איצט שוין אַרום 24 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג. עס איז דעריבער, דוכט זיך, ניט צו־אָפּטימיסטיש צו דערוואַרטן, אַז אונזער צוואוקס אין די פאַרבליבענע 6 יאָר ביז 1940 וועט אַריבער־שטייגן די 27 פּראָצענט. די נייע 9 יאָר וועלן בכן זיכער באַשטעטיקן דעם שליסל פון די 9 יאָר צווישן 1922 און 1931.

אין 1940 דאַרפן מיר, הייסט עס, זיין אַן ערך 27% פון דער באַפעלקערונג, אין 1949 — אַרום 40 פּראָצענט; און ערגעץ־וואו צווישן 1950 און 1955 דאַרפן מיר זיין אויסגעגליכן מיט דער ניט־אידישער באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל.

אויב אונזערע חשבונות זיינען ריכטיקע, הייסט עס, אַז אין אונזערע

יאָרן קענען מיר דערלעבן דעם טאָג ווען דער ערשטער און וויכטיקסטער שטאַפּל — פאַרשטעלן די מאַיאָריטעט פון דער באַפעלקערונג פון ארץ־ישראל — קען דערגרייכט ווערן. דאַן עפענען זיך פאַר אונז נאָך גרעסערע מעגלעכקייטן פאַר וויטערדיקע צילן, וואָס מיר דאַרפן זיך שטעלן אין ארץ־ישראל.

פּרובירן מיר נעמען די זעלביקע ציפערן פון אַן אַנדער ווינקל. מיר זיינען געוואַקסן אין די 9 יאָר אויף איבער 110 פּראָצענט לגבי אונזער באַפעלקערונג. די אַראַבישע באַפעלקערונג איז לגבי זיך געוואַקסן אויף קאַרגע 20 פּראָצענט. אויב דער וויטערדיקער וואוקס זאָל אַנהאַלטן אין די זעלביקע פּראָפּאָרציעס, דאַרפן מיר אין 1940 דערגרייכן אַ באַפעלקערונג פון איבער 365 טויזנט און די אַראַבער — איבער 950 טויזנט. אין 1949 דאַרפן מיר דערגרייכן אַ צאָל פון איבער 767 טויזנט און די אַראַבער אַ צאָל פון איבער אַ מיליאָן מיט 140 טויזנט. און אין יאָר 1958 דאַרפן מיר דערגרייכן אַ צאָל פון איבער אַ מיליאָן 612 טויזנט און די אַראַבער אַ צאָל פון איבער אַ מיליאָן מיט 368 טויזנט. אויך לויט דער אויסרעכענונג דאַרף די אויסגלייכונג קומען ערגעץ צווישן 1950 און 1955.

אויך דאָ לערנען אונז די לעצטע דריי יאָר, נאָכן צענזוס, אַז דער וואוקס איז אַ סך שנעלער. מיר האָבן שוין דערגרייכט די צאָל פון 300 טויזנט. בכדי צו בלייבן אין די ראַמען פון דעם געבראַכטן חשבון דאַרפן מיר אין די קומענדיקע 6 יאָר, ביז 1940, צוקריגן ניט מער ווי נאָך 65 טויזנט. עס איז ניט איבערגעטריבן צו דערוואַרטן, אַז דעם דאָזיקן ציפער וועלן מיר דערגרייכן אין יאָר 1935.

נאַטירלעך וועט אויך די אַראַבישע באַפעלקערונג וואַקסן שנעלער ווי די אויבן־אויסגערעכנטע ציפערן. אָבער די פּראָפּאָרציע דאַרף אַלץ בלייבן די זעלביקע. דאָס הייסט, אַז אין יענער צייט, ווען די אַראַבישע באַפעלקע־רונג וועט אויסוואַקסן צו אַ מיליאָן מיט 400 טויזנט, דאַרף שוין אונזער באַפעלקערונג דערגרייכן איבער אַ מיליאָן מיט 600 טויזנט — אויב אונזער פּראָפּאָרציאָנעלער וואוקס זאָל אָנגעהאַלטן ווערן כאָטש מיטן זעלביקן אימ־פּעט ווי אין די יאָר צווישן 1922 און 1931.

זאָל די אַנטוויקלונג, סיי די אידישע, סיי די אַראַבישע גיין מיטן טעמפּאָ פון די לעצטע צוויי יאָר, דאַן דאַרפן מיר ערגעץ־וואו צווישן 1945 און 1948 דערוואַרטן די אויסגלייכונג. דאָס הייסט, אַז אין יענער צייט וועט זיין אין א״י אַ באַפעלקערונג פון אַרום 3 מיליאָן מענטשן, פון וועלכע אַ מיליאָן און אַ האַלב וועט זיין אַ אידישע. דאָס הייסט, אַז מיר דאַרפן זיך

פּאַרמעסטן אַריינצובערענגען אין ארץ־ישראל אין די קומענדיקע 10־12 יאָר ווייניקסטנס אַ מיליאָן אידן דורך אימיגראַציע, בכדי (צוזאַמען מיטן נאַטיר־לעכן צוּוואַקס) מיר זאָלן דערגרייכן די אַנדערהאַלבן מיליאָן.

אויב אָט־די חשבונות זאָלן אויסגעהאַלטן ווערן, דאַן פּאַרמעסט זיך דאָס קליינע ארץ־ישראל צו אַבסאָרבירן אַ אידישע אימיגראַציע פון בערך 100 טויזנט אידן אַ יאָר. מער ווי דעם דורכשניט וואָס די גרויסע אַמעריקע האָט אַריינגענומען אין די יאָרן פון דער העכסטער אידישער אימיגראַציע, צווישן 1900 און 1914.

## ג

אָבער ציפערן זיינען דאָך בלויז אַבסטראַקטע באַגריפן. דער חשבון קען טאַקע שטימען; אָבער איך בין נאָך מחויב אַרויסצוברענגען עטלעכע וויכטיקע פּונקטן, ביז איך וועל קומען צו דעם ענטפער אויף דער פראַ־גע: ווי ווייט קען א״י שוין איצט באַגעגענען די אידישע נויט, וואָס איר שאַרפסטער אויסדרוק איז — די נויט אין אויסוואַנדערן:

איך בין מחויב צו באַווייזן, אַז ארץ־ישראל האָט, אָביעקטיוו־גענומען, די קאַפּאַציטעט אויפצונעמען אָט־די מענטשן און זיי באַזאָרגן מיט אַ געזונטן עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן. איך בין מחויב אָנצוּווייזן, אַז די מאַנדאַט־מאַכט און די אַראַבער פון ארץ־ישראל קענען אפשר איינצוימען אונזער בוי־פּראָצעס; אָבער קענען אים שוין ניט מאַכן פאַר לגמרי־אוממעגלעך. ערשט דאַן בין איך נאָך מחויב צו באַווייזן, וואָס מיר דאַרפן טאָן בכדי אויסצונוצן די מעגלעכקייטן, וואָס א״י האָט געעפנט פאַר אונזערע מאַסן, אין אַ פולער מאָס.

כדי צו ענטפערן אויף דער ערשטער פראַגע דאַרף מען אַ קוק טאָן, וויאַזוי עס האָבן זיך ווירטשאַפטלעך איינגעאָרדנט יענע קאַרגע הונדערט טויזנט אידן, וואָס א״י האָט אויסגענומען צווישן 1922 און 1931.

אויך די עקאָנאָמישע ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין די 9 יאָר, ווערן אָנגעגעבן אין די צוויי צענזוסן.

אונזער אַגראַרע באַפעלקערונג איז אויסגעוואַקסן פון 15,100 מענטשן אין 1922 — וואָס האָט אויסגעמאַכט 18% פון דער אידישער באַפעלקערונג — ביז איבער 46 טויזנט אין 1931, וואָס דאָס האָט אויסגעמאַכט מער ווי 46% פון אונזער באַפעלקערונג. דאָס הייסט, אַז אין דער אַגראַר־ווירטשאַפט האָבן זיך באַזעצט אין די 9 יאָר איבער 31 טויזנט מענטשן; אַרום 34 פּראָצענט פון דער גאַנצער אימיגראַציע.

וויאַזוי האָבן זיך איינגעאָרדנט די איבעריקע 66 פּראָצענט, וואָס זיינען

געגאַנגען אין די שטעט? אויף דעם גיט אונז אַן ענטפער דאָס ווירטשאַפטלעכע בילד פון תל־אביב אין יאָר 1931. די גאַנצע וועלט רעדט וועגן דער גע־פערלעכער שפעקולאַציע, וואָס פאַרשפרייט זיך אין די שטעט; בעיקר אין תל־אביב. עס איז אָבער נויטיק צו האָבן אַ קלאָרן באַגריף פון דעם ווירט־שאַפטלעכן חילוק צווישן אַ שטאָט אין ארץ־ישראל און אידישע שטעט אין גלות. אין 1931 האָבן 78% פון דער תל־אביב'ער באַפעלקערונג געלעבט פון פּראָדוקטיווער אַרבעט. ס'איז ניט לייכט אויסצורעכענען, וועלכע סאָרטן אַרבעטן עס זיינען איינגעשלאָסן אין אָט־די 78 פּראָצענט. ס'איז אָבער גרינ־גער אויסצורעכענען די אַנדערע 22%. אין זיי זיינען איינגעשלאָסן: 11 פּראָצענט הענדלער, 6 פּראָצענט אינטעליגענטע פּראָפעסיעס, 2½ פּראָצענט פאַבריקאַנטן פון אַלע סאָרטן, 2½ פּראָצענט, וואָס האָבן געלעבט פון געלט וואָס קרובים האָבן געשיקט, פון דירה־געלט און ענלעכע ניט־פּראָדוקטיווע הכנסות.

אין קאַמף פאַר דער פּראָדוקטיוויטעט פון אונזער לעבן, בין איך גרייט אַריינצונעמען אַלע הענדלער אין דער רובריק פון ניט־פּראָדוקטיווע עלע־מענטן. אויך אין אַ סאָציאַליסטיש־אויפגעבויטער ווירטשאַפט וועט נאָך אַלץ זיין פּלאַץ פאַר יענער פונקציע, וואָס דער הענדלער פירט־אויס אין ווירט־שאַפטלעכן לעבן — די דיסטריבוציע פון געשאַפענע פּראָדוקטן צווישן אַלע וואָס דאַרפן האָבן אָט־די פּראָדוקטן פאַר זייער לעבנס־קיום. אַוודאי בין איך ניט גרייט צו שענקען דער רובריק פון ניט־פּראָדוקטיוויטעט אַלע 6 פּראָצענט אינטעליגענטע פּראָפעסיעס; און זיכער ניט דעם פאַבריקאַנט. אמת'ע ניט־פּראָדוקטיווע עלעמענטן זיינען די לעצטע 2½ פּראָצענט און יענער טייל פון די 11 פּראָצענט הענדלער, וועלכע האָבן אַ האַנט אין דער שפעקולאַציע. אָבער אַפילו ווען מיר זאָלן אָננעמען די אָפיציעלע ציפערן, האָבן 78 פּראָצענט זיכער געפירט אַ פּראָדוקטיוו לעבן.

הייסט עס, אַז אויך יענע ניט־דאָרפישע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין די שטעט — פון וועלכע תל־אביב פאַרנעמט דעם גרעסטן פּלאַץ — האָבן אין זייער ווירטשאַפטלעכן לעבן אַריינגעפירט די רעוואָלוציע פון אמת'ער פּראָדוקטיוויטעט. אין אָט־דער ווירטשאַפטלעכער דערשיינונג ליגט דער וויכטיקסטער חילוק צווישן אונזער פריערדיקער אימיגראַציע אין אַנ־דערע לענדער און אונזער איצטיקער עליה קיין א"י.

מיר זיינען געגאַנגען קיין ארץ־ישראל ניט ווי אימיגראַנטן, נאָר ווי קאָלאָניזאַטאָרן. דער אימיגראַנט זוכט נאָר זיינע אייגענע אינטערעסן. ער זוכט פאַר זיך און זיין משפחה אַן אָרט, וואו זיך אַריינצופּאַסן אין מאַכן

אַ לעבן. ער פאַרנעמט יעדעס אָרט וואָס עס מאַכט זיך אים. האָט ער פאַר־נומען דאָס אָרט, האָט ער אים שוין אויסגעפילט. קיין נייער אימיגראַנט קען שוין אָט־דאָס אָרט ניט פאַרנעמען. אַנדערש איז אָבער דער קאָלאָניזאַ־טאָר. זיין צוועק איז: מיט יעדן נייעם מענטשן, וואָס קומט אַריין אין לאַנד, זאָל געמאַכט ווערן מער פּלאַץ פאַר נאָך נייע מענטשן, וואָס וועלן קומען שפּעטער. אין דער אַלטער אימיגראַציע האָבן מיר געקענט זיין נאָר אימי־גראַנטן, אָבער אין א״י קענען מיר זיין — און מיר זיינען טאַקע — קאָ־לאָניזאַטאָרן.

## ד

אַ קאָלאָניזאַטאָר קען מען ווערן דורך דעם, וואָס מיט דער באַזעצונג פון מענטשן ווערן באַשאַפן נייע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס. מען רעקלאַמירט קודם־כל חרוב־ליגנדיקע באָדנס. מען צוזיבערט־אַרויס — דורך אייגן־פּראָ־דוקטיווער אַרבעט — אַ שטאָט, וואו פריער איז ניט געווען מער ווי זאַמד. בקיצור, מען באַשאַפט נייע, געזונטע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס. מען רייסט זיך ניט אַריין — ווי דער אימיגראַנט איז עס געצוואונגען צו טאָן — אין די שפּאַלטן פון אַ פאַרטיקער ווירטשאַפט, וואָס אַנדערע האָבן באַשאַפן.

דורכדעם וואָס מיר האָבן איינגעוואָרצלט אַ דריטל פון אונזער באַ־פעלקערונג אין דאָרף — און פון די, וואָס זיינען געגאַנגען אין שטאָט, האָבן מיר דריי־פערטל איינגעוואָרצלט אין פּראָדוקטיווער ווירטשאַפט, אַלץ פון אונז געשאַפן — האָבן מיר דערמעגלעכט, אַז מיט יעדע 10 טויזנט אידן, וואָס זיינען ווירטשאַפטלעך איינגעאָרדנט געוואָרן אין לאַנד, איז באַ־שאַפן געוואָרן אַן אַבסאָלוטע בויטוועגדיקייט, אַז נאָך 10 טויזנט זאָלן קומען און אויסברייטערן אונזער ווירטשאַפט. יעדע נייע 10 טויזנט אידן, וואָס זיינען געקומען ווי אימיגראַנטן קיין אַמעריקע, למשל, האָבן פאַרשמעלערט די מעגלעכקייטן פאַר נייע אידן צו קומען אין לאַנד. אין ארץ־ישראל אָבער איז מיט יעדע נייע 10 טויזנט אידן אויסגעברייטערט געוואָרן די מעגלעכ־קייט פאַר נייע אידן. אין דעם ליגט דער סוד פון אונזער וואוקס אין ארץ־ישראל.

צי איז אָבער אָט־דער וואוקס ניט באַגרענעצט אָביעקטיוו? ווי ווייט נאָך קען גיין די מעגלעכקייט פון באַשאַפן נייע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס? אפשר קענען מיר אָנגיין מיט דעם פּראָצעס נאָך 5 יאָר, אַריינברענגען נאָך אַ האַלבן מיליאָן אידן און דאַן זאָל מען שוין ווייטער ניט קענען גיין?

אַפילו אין די ראַמען פון דעם שטח באָדן, וואָס מיר פאַרמאָגן איצט אין א״י — וואָס מאַכט־אויס אַרום 8 פּראָצענט פון דעם גאנצן א״י־באָדן

— איז נאָך פֿאַראַן אָרט פֿאַר אייניקע טויזנט משפּחות אין אַגריקולטור. ווען מען זאָל אָננעמען אין א״י אַ פּראָפּאָרציע פֿון צוויי משפּחות אין ניט־אַגריקולטורעלער ווירטשאַפֿט צו יעדער משפּחה אין אַגריקולטור; און ווען מען זאָל נעמען אין באַטראַכט די גרויסע אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן פֿון די שטעט, קען מען אַריינבברענגען ווייניקסטנס נאָך אַ האַלבן מיליאָן אידן — אַפֿילו ווען מיר זאָלן קיין איין דונאַם ניט באַקומען.

אַוודאי איז אמת, וואָס דער קרן־קיימת באַהויפּטעט, אַז ער האָט ניט מער קיין באָדן אויסצוטיילן. אָבער דאָס הייסט ניט אַז מען קען שוין מער קיינעם ניט באַזעצן אויף קרן־קיימת־באָדן. דער באָדן איז איבערגעגעבן צו פֿאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, אָבער היות ווי דער קרן־היסוד האָט ניט געהאַט קיין געלט פֿאַר קאָלאָניזאַציע — זיינען אַט־די אָרגאַניזאַציעס נאָך ניט אַרויף אויפֿן באָדן. פּוסטעוועט ער! מ׳קען נאָך באַזעצן אַ סך הונדערטער משפּחות אויף קק״ל־באָדן, ווען ס׳זאָל ניט פֿעלן קיין נאַציאָנאַלער קאַפּיטאַל פֿאַר קאָלאָניזאַציע. אויסער דעם איז דאָ פּיק״אַ־באָדן פֿון אידישע יחידים.

הייסט עס, אַז אַפֿילו ווען מיר זאָלן, חלילה, בלייבן ביים איצטיקן שטח באָדן וואָס מיר פֿאַרמאָגן אין א״י, האָבן מיר נאָך אויך אַ געזונטן ווירטשאַפֿטלעכן יסוד אַריינצובברענגען ווייניקסטנס נאָך אַ האַלבן מיליאָן אידן.

אָבער וואָס זיינען די אויסזיכטן אויסצובררייטערן אַט־די קאַפּאַציטעט פֿון ארץ־ישראל? זיינען נאָך דאָ גרויסע באָדן־מעגלעכקייטן אין לאַנד? אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם:

## ה

איר ווייסט מסתמא, אַז איידער די אַגענטור איז געגרינדעט געוואָרן האָבן אונזערע רייכע אידן פֿון אַמעריקע ניט געוואָלט איינשטעלן זייער פּרעסטיזש און אַריינגיין אין אַן אַרבעט, בעת זיי זיינען ניט זיכער געווען, אַז זי האָט אַ מעגלעכקייט פֿאַר דערפֿאָלג. האָבן זיי באַשלאָסן צו שיקן אַ קאָמיסיע אויסצופֿאָרשן די קאַפּאַציטעט פֿון לאַנד. די דאָזיקע קאָמיסיע האָט באַזוכט א״י, אויסגעפֿאָרשט דאָס לאַנד און אָפּגעדרוקט אַ דיקן באַנד. פֿון אַט־דעם בוך קענען מיר לערנען אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן. אַז אין דעם בוך זיינען אויך דאָ גוטע רעקאָמענדאַציעס, קענט איר לערנען דערפֿון, וואָס אַט־די דייטשע אידן האָבן באַשלאָסן אַריינצוגיין אין דער אידישער אַגענטור. אָבער איך וויל ציען אייער אויפֿמערקזאַמקייט אויף צוויי פּונקטן, וואָס זיינען פֿאַרשריבן אין בוך — און זיי ווייזן־אָן, אַז מיר קענען דאָרט זייער

ווייניק אויפטאָן. וואָס איז געוואָרן פון די פונקטן, זינט דאָס בוך איז דערשינען?

אין באַריכט ווערן קודם־כל פאַר׳משפט יענע אַלע פלעצער, וואָס גע־הערן צום גרויסן שטח פון בערג אין ארץ־ישראל. דאָרטן וועט מען, לויטן באַריכט, קיינמאָל גאָרניט קענען אויפטאָן. אָבער זינט דאַן האָט מען צו־געלייגט צו אייניקע בערג פון א״י די מערקווירדיקע קאָמבינאַציע פון נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל און אידישע אַרבעט — און עפּעס איז אַרויסגעוואַקסן!

פאַראַן אַ פונקט וואָס הייסט קרית־ענבים. דאָרטן איז ניט נאָר פאַרענט־פערט געוואָרן די פראַגע, צי מען קען פרוכטבאַר מאַכן די בערג אין א״י, נאָר אויך צי די פּרוכט־ווירטשאַפט פון א״י מוז בלייבן באַגרענעצט צו ציטרוס־פרוכט און קיין אַנדער פרוכט קען אין א״י זיך ניט איינגעבן (און טאָמער וועט זי זיך יאָ איינגעבן, איז געווען אַ שאלה אויב דער ריווח פון אַנדערע פרוכטן קען זיך פאַרגלייכן מיטן ריווח פון אָראַנזשן). קרית־ענבים האָט געענטפערט פּאָזיטיוו אויף ביידע פראַגן: דער באַרג פון ארץ־ישראל קען באַפרוכפערט ווערן. ס׳קען זיך לוינען צו פלאַנצן עפל, באַרן און אַנדערע סאָרטן אין א״י. אַן אומגעהויערע אַגראַר־מעגלעכקייט האָט זיך אַנטפּלעקט אין די בערג פון ארץ־ישראל. די דאָזיקע חכמה, צוצולייגן אַרבעט צו בערג און אַרויסקריגן פרוכטן, האָבן שוין אויך געלערנט אונזערע שכנים; און די בערג האָבן געענטפערט מיט פרוכט אויך אויף זייערע מוסקול־כוחות.

לויט געוויסע היסטאָרישע באַהויפּטונגען, האָבן אין די דאָזיקע בערג פון ארץ־ישראל אַמאָל געלעבט קנאַפּע דריי מיליאָן אידן. די היינטיקע טעכנישע מיטלען זיינען נאָך דאַן ניט געווען. איך לאָז איבער צו אייער אייגענער פאַנטאַזיע די מסקנה, וואָס מען קען אַרויסברענגען פון דעם; וועגן דער גרויס פון דער באַפעלקערונג, וואָס קען זיך פאַרוואָרצלען אין די דאָזיקע בערג מיט היינטיקע טעכנישע אַרבעטס־מיטלען.

אַ צווייטן פסק־דין האָט דער באַריכט אַרויסגעטראָגן וועגן דעם עמק: ער קען קיינמאָל ניט ווערן קיין פלאַנצונגס־געביט, האָט אונז דער באַריכט דערציילט. מען וועט אַלעמאָל דאָרט דאַרפן מער ווי הונדערט דונאַם פאַר אַ משפחה. דערפאַר איז דער עמק פאַרמשפט צום ווערן אַן אייביקע לאַסט אויף די פּלייצעס פון ציוניסטישע פאָנדן. די עקשנים פון עין־חרוד האָבן אָבער אַנדערש געטראַכט. ווער עס איז געווען גערעכט, ווייסט היינט יעדער איינער. די קבוצות אין עמק פאַרמאָגן שוין גאָר־באַדייטנדיקע פלאַנצונגען אין זייערע ווירטשאַפטן. די ישובים פון עמק זיינען געוואָרן די בעסטע אַבסאָרבירונגס־פונקטן פון דער נייער דייטשער אַגראַר־עליה. די מערסטע

פון זיי האָבן שוין אָנגעהויבן צאָלן דעם קרן־היסוד פאַר די אינוועסטירונגען וואָס דער קרן־היסוד האָט אין זיי געמאַכט, ווען זיי זיינען געגרינדעט געוואָרן. דאָס זיינען אַלץ באַווייזן, אַז די אידישע נויט אין נייע ווירטשאַפט־לעכע פּאָזיציעס, צוזאַמענגעפּאָרט מיט אידישן נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל און אידישער אַרבעט, קענען ווירקלעך פאַרוואַנדלען חורבות אין פּרוכטבאַרע, לעבנס־אויפהאַלטנדיקע ישובים.

פאַראַן אַ שטח וואָס הייסט נגב. אַפילו ווען מ׳צייכנט נישט אָן די פאַרשיידענע פּונקטן — וואו עס ווערן שוין געמאַכט התחלות פאַר קאָלאָניזאַציע — איז גענוג צו געבן אַ קוק אויף אָט־דעם גרויסן שטח פון נאָך כמעט־נישט באַרירטן באָדן, כדי שנעל איינצוזען וויפל צענדליקער טויזנטער משפּחות עס קענען דאָ פאַרוואָרצלט ווערן אין אַגריקולטור; און הונדערטער טויזנטער אין אינדוסטריע און האַנדל.

און וואו איז דער חולה־געביט, דער געביט פון בית־שאן, דער אויבערשטער גליל, שוין אָפּגערעדט פון עבר־הירדן?!

קען דען ביי עמעצן בלייבן אַ ספק, אַז א״י קען פאַר די קומענדיקע 10־12 יאָר אַריינגעמען דעם נייעם מיליאָן אידן; זיי באַזאָרגן מיט אַזאַ געזונט־עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן, אַז ערשט דאַן זאָל גרייט ווערן דער באָדן פאַר נאָך ווייטערדיקע מיליאָנען, וואָס מ׳זאָל אַריינברענגען אין לאַנד?

דאָס ריידן וועגן דעם, אַז ארץ־ישראל קען ווערן אַ פּלאַץ פאַר עטלעכע מיליאָן אידן, איז שוין איצט זייער, זייער רעאַל. צי וועלן מיר קענען אויסנוצן אָט־די געעפנטע מעגלעכקייטן? דאָס ווענדעט זיך הויפּטזעכלעך אין אונז אַליין.

ו

ניט די מאַנדאַט־מאַכט און ניט די אַראַבישע קעגנערשאַפט קענען ענדגילטיק באַשטימען אונזער פאַרנעם אין ארץ־ישראל. מיר קענען שוין דאָ אָנווייזן אויף אָביעקטיווע פאַקטן, וואָס זאָלן באַגרינדן אָט־די באַהויפּטונג.

מיר וועלן דאָ ניט אַריינגיין אין דער ברייטער פראַגע, וואָס זוכט ענגלאַנד אין א״י און צי אירע אינטערעסן פאַלן אַלעמאָל צוזאַמען מיט אונזערע אינטערעסן. לאָמיר אָננעמען, אַזויווי פיל גלויבן, אַז ענגלאַנד וויל טאַקע פאַרהאַלטן דעם פּראָצעס פון אונזער וואוקס אין לאַנד. אָבער וואָס מיינט עס פּאַקטיש? ענגלאַנד קען בעיקר פאַרהאַלטן דעם פּראָצעס דורכן מאַכן שוועריקייטן אויפן וועג פון דער עליה. דאָס טוט זי טאַקע.

אָבער אויך מיט 3־4 יאָר צוריק האָט מען געהאַלטן, אַז ענגלאַנד זוכט צו פאַרקלענערן אונזער עליה; און אויך דאַן איז עס געווען אמת. דער חילוק באַשטייט בלויז דערין, וואָס דאַן האָט מען געטראַכט וועגן אַ גרויסער עליה פון 20 טויזנט אַ יאָר — און די ענגלישע באַגרענעצער האָבן ניט געוואָלט אַריינלאָזן אַפילו קיין 10 טויזנט אַ יאָר. היינט אָבער ווילן מיר אַ גרויסע עליה פון 100 טויזנט אַ יאָר, און די ענגלישע באַגרענעצער ווילן זי טאַקע באַגרענעצן ביז 40־50 טויזנט יערלעך. זעט מען דאָך, אַז מיט אונזער אַרבעט קענען מיר פונאַנדערברייטערן די גרענעצן אַפילו... פון די באַגרענעצונגס־טענדענצן ביי דער מאַנדאַטן־מאַכט. מיין איך ניט, אַז מיר דאַרפן דעם כוח וואָס הייסט מאַנדאַט־מאַכט בכלל איגנאָרירן. צו דעם כוח קער איך זיך באַלד אום. אָבער איך באַהויפּט, אַז דער ענדגילטיק־באַשטי־מענדיקער כוח זיינען מיר אַליין. ווייל אויב מיר בויען קאָנסטרוקטיוו — און פירן אונזער פּאָליטיק קאָנסטרוקטיוו — קענען מיר דערפירן די מאַנ־דאַט־מאַכט צו באַדייטנדיקע ענדערונגען, אַפילו אין אירע מכלומרשט־פעסטע באַשלוסן.

אַז די אַראַבער קענען ניט זיין דער אַנטשיידנדיקער פאַקטאָר אין אונזער בוי־פּראָצעס, ווייסן שוין די מערסטע פון די אַראַבער אַליין. אויך זיי קענען אונזער וועג שוואַכער מאַכן. אָבער דער ענדגילטיקער באַשלוס — צי זאָלן אין דער איצטיקער עפּאָכע פון דער אידישער געשיכטע אויסגענוצט ווערן, ביז צום מאַקסימום, די געוואַלדיקע מעגלעכקייטן, וואָס ארץ־ישראל האָט געעפנט פאַר אונז — איז אָפּהענגיק פון אונז אַליין. צי וועלן מיר אויך זען די גרויסע געפאַרן, וואָס האָבן זיך גלייכצייטיק אַנטפּלעקט אין אונזער בוי־אַרבעט? צי וועלן מיר געפינען אין זיך גענוג כוח צו באַזייטיקן אָט־די געפאַרן?

## I

די ערשטע וואָרענונג פון אָט־דער געפאַר קומט ווידער־אַמאָל פון אַ טרוקענער ציפער — וואָס איז נאָך ניט פאַרשריבן אין קיין צענזוס, אָבער זי איז ליידער אַזוי זיכער, אַז קיינער קען זי ניט אָפּלייקענען.

אין די פאַבריקע 9 יאָר, פון 1922 ביז 1931, האָבן מיר געזען אין אונזער דאָרפישער באַפעלקערונג אַ פּראָגרעסיוון וואוקס פון 18% ביז 26½ פּראָ־צענט. היינט איז אין ארץ־ישראל קיין ספק ניט: אין אַבסאָלוטע ציפערן איז היינט אונזער אַגראַר־באַפעלקערונג מער ווי איבער 46 טויזנט, אין פאַרגלייך דערמיט וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט אין 1931. אָבער פּראָפּאָרציאָ־

נעל צום וואוקס פון באַפעלקערונג זיינען מיר געגאַנגען צוריק. היינט שאַצן אָפּטימיסטן, אַז מיר זיינען ניט מער ווי 23% און פעסימיסטן מיינען, אַז אונזער אַגראַר־באַפעלקערונג איז געפאַלן צו 20% לגבי דער גאַנצער אי־דישער באַפעלקערונג. און אַט־דער ירידה־פּראָצעס גייט נאָך אַלץ טיפער.

אַט־דאָ ליגט איינע פון די צוויי גרעסטע סכנות פאַר אונזער בוי־אַרבעט. אַפילו ווען דורכדעם זאָל ניט אָפּגעשטעלט ווערן דער וואוקס פון אונזער צאָל — און ווען אַפילו אונזער שטאָטיש לעבן זאָל ווירטשאַפטלעך אויס־זען ניט ווי שיקאַגאָ, נאָר ווי תל־אביב אין 1931 — איז אין דעם ניטאָ קיין גאַראַנטיע קעגן דער סכנה. אויב מיר זאָלן, חלילה, דערגרייכן אַ מצב ווען די שטאָט זאָל זיין אַ אידישע אָבער דאָס דאָרף וועט ניט זיין אידיש — איז אַלץ וואָס מיר בויען אין ארץ־ישראל אויף אַ צעבראָכענעם יסוד, וואָס קען לאַנג ניט אָנהאַלטן. צי דאַרף מען, אין דער איצטיקער עפּאָכע פון דער מענטשהייט ריידן אַ סך וועגן דעם? וואו זיינען די גראַפן, באַראָנען און קניאַזן, וואָס האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט פּאַפּירן אין די קעשענעס, אַז זיי זיינען די בעלי־בתים, לאָמיר זאָגן, פון ליטווישן, פון לעטישן אָדער עסטישן באָדן? וועלכער כוח האָט באַשטימט די געביטענע באַלעבאַטישקייט? בלויז איין־איינציקער כוח: ווער עס האָט באַאַרבעט דעם באָדן, ווער עס איז געזעסן אויפן באָדן און האָט אין אים אַריינגעגעבן זיין שווייס און בלוט — דער איז געבליבן דער בעל־הבית פון באָדן, און דורך דעם: אויך דער בעל־הבית פון דער מדינה. מיינט ניט, אַז אין ארץ־ישראל קען געשען אַ נס וואָס זאָל ענדערן אַט־די דערשיינונג. מיר וועלן ניט ווערן די בעלי־בתים פון דעם דאָזיקן באָדן, ווען מיר זאָלן אים ניט באַאַרבעטן מיט אייגענע אידישע הענט; ווען אונזער מוסקול־קראַפט זאָל אים ניט באַפרוכטפערן. און די בעלי־בתים פון דער מדינה אַוודאי ניט.

די ערשטע סכנה ליגט בכן אינעם פאַרלירן דאָס אידישע דאָרף אין ארץ־ישראל. אַ צווייטע סכנה — פּונקט אַזוי געפערלעך און אפשר נאָך געפערלעכער — איז פּאָלגנדיקע: מ'שרעקט די אידישע וועלט דערמיט, וואָס די הסתדרות פירט אין ארץ־ישראל אַ קלאַסן־קאַמף. איך האַלט ניט קלאַסן־קאַמף פאַר קיין גרויסער מצוה. ניטאָ קיין גרעסערער שונא פון קלאַסן־קאַמף ווי דער אמת'ער סאָציאַליסט, וואָס וויל באַשאַפן אַ סאָציאַלע אָרדענונג, וואו קלאַסן־קאַמף איז מער נישט מעגלעך. אָבער קלאַסן־קאַמף אין דער איצטיקער געזעלשאַפט איז אַ פאַקט; און עס איז אַן אומזין צו שרעקן זיך פאַר אים. עס קען אָבער אַנטשטיין אַזאַ סאָרט קלאַסן־קאַמף אין ארץ־ישראל, וואָס קען ווירקלעך ברענגען אומגליק. אויב עס וועט באַ־

שאַפן ווערן אין ארץ־ישראל אַ מצב, ווען דער איד וועט זיין דער אַרבעט־געבער און דער ניט־איד וועט זיין דער אַרבעט־נעמער — און די קלאַסן־ליניעס וועלן זיך אויסגלייכן מיט די נאַציאָנאַלע ליניעס — האָבן מיר אַרונטערגעלייגט אונטערן סאָציאַלן לעבן אין ארץ־ישראל יענעם דינאַמיט, וואָס איז עלול אויפצורייסן אַלץ וואָס מיר האָבן ביז איצט געבויט. דאָס וועט מאַכן אוממעגלעך אונזער ווייטערדיקע בוי־אַרבעט.

## ח

אויב מען זאָל אויסמיידן אָט־די סכנות, דאַרף דוכט זיך זיין קלאָר פּאַר אַלעמען: ארץ־ישראל האָט שוין היינט די אָביעקטיווע קאַפּאַציטעט צו באַ־געגענען אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער גרויסער אידישער נויט. ניט באַר קען דערגרייכט ווערן דער מינימום־ציל פון אָנערהאַלבן מיליאָן אידן נאָך פאַר 1950 וואָס זאָלן זיין ניט ווייניקער ווי אַ העלפט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג אין לאַנד. ס׳קען אויך מעגלעך זיין דער פיל־גרעסערער פּאַר־נעם צו לייזן דאָס גאַנצע אידישע פּראָבלעם. דורכן אַריינברענגען, זאָגן מיר, אין די קומענדיקע 50 יאָר 5 מיליאָן אידן, קען אויך שוין באַטראַכט ווערן ווי אַ מעגלעכקייט, בתנאי, אַז די גרענעצן פון א״י זאָלן אויסגעברייטערט ווערן און דער אַמאָליקער געדאַנק פון „ארץ־ישראל און די שכנות׳דיקע לענ־דער״ זאָל קריגן אַ נייע אויסטייטשונג; בעיקר, אַז דער עבר־הירדן זאָל געעפנט ווערן פאַר אידישער קאָלאָניזאַציע. און נאָך צוויי תנאים: אַז די מאַנדאַט־מאַכט זאָל ענגער פאַרבינדן אונזער בוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל מיט דער געוואַלדי־קער נויט, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין דער גאַנצער אידישער גלות־וועלט און אַז די אַראַבישע וועלט זאָל זיך אָנהויבן אַנדערש אָריענטירן וועגן אמת׳ן ציוניזם, וואָס דאַרף באַצוועקן ניט נאָר אַ אידישע מאַיאָריטעט אין די איצטיקע גרענעצן פון א״י, נאָר די מאַיאָריטעט פון דעם גאַנצן איידשן פאָלק אין א״י און די שכנות׳דיקע לענדער.

## ט

איידער איך קום צום לעצטן פּונקט, נאָך איין פראַגע: וואָס דאַרפן מיר טאָן, בכדי אויסצומיידן די אָנגעוויזענע סכנות? דערלויבט מיר בלויז אָנ־צוצייכענען עטלעכע שטריכן וועגן יענע צוויי גרויסע פּאָליטישע פּראָבלע־מען: אונזערע באַציאונגען מיט דער מאַנדאַט־מאַכט און מיט דער אַראַבישער וועלט.

איך ווייס, אַז ביי אַלעמען אויפן געדאַנק ליגט איצט די פראַגע וועגן

לעגיסלאַטיוון ראַט. איך האַלט ניט, אַז אונזער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף דעם פּאָליטישן פראָנט וואָס הייסט מאַנדאַט־מאַכט, דאַרף קאָנצענטרירט ווערן נאָר אַרום דער פראַגע. אַוודאי איז עס אין אונזערע אינטערעסן, אַז דער לעגיסלאַטיווער ראַט זאָל ניט קומען פריצייטיק. דאָס איז נישט בלויז ווייל אונזער כוח האַלט זיך אין פאַרגרעסערן, נאָר בעיקר צוליב דעם, וואָס מיר זיינען איבערצייגט, אַז דער לעגיסלאַטיווער ראַט דאַרף קומען ווי אַ רעזולטאַט פון אַ פאַרשטענדיקונג צווישן אונז און די אַראַבער, און ניט ווי אַן אַרויפגעצוואונגענער אויף אונז אָדער אויף די אַראַבער. אויב די רעגירונג וועט פּאָרט וועלן אַרויפצווינגען שוין איצינד דעם לעגיסלאַטיוון ראַט, דאַרף מען זיך ווערן מיט אַלע כוחות. מיר דוכט זיך, אַז אויף דעם געביט האָבן מיר איצט נישט קיין שלעכטן, אינערלעך־ציוניסטישן מצב. כ׳מיין, אַז מען קען זאָגן מיט זיכערקייט: קיין שום עלעמענט אין ישוב וועט דאָ ניט ברעכן די נאַציאָנאַלע דיסציפּלין און וועט שטעלן אַ פעסטן ווידער־שטאַנד דער רעגירונג. איך רעכן אָבער, אַז מיר טאָרן צוליב דעם ניט פאַרקוקן, אַפילו אויף איין מאָמענט, די וויכטיקערע קאַמף־פּונקטן צווישן אונז און דער רעגירונג.

וואָס, צום ביישפּיל, העלפט אונז, ווען די רעגירונג וויל אונז פאַרזיכערן, אַז דער ענין פון עליה וועט אַרויסגענומען ווערן פון דער יוריסדיקציע פונעם געפּלאַנטן לעגיסלאַטיוון ראַט — אויב זי אַליין, אין וועמענס הענט דער עליה־ענין וועט בלייבן, מאַכט אונז אַזעלכע שוועריקייטן? און דווקא אויף אַט־דעם פּונקט — די באַציאונג פון דער רעגירונג צו אונזער עליה — מוז קאָנצענטרירט ווערן דער שטאַרקסטער קאַמף.

איך האָב שוין פריער אָנגעוויזן, אַז די רעגירונג איז געווען געצוואונ־גען אויסצובררייטערן איר עליה־פּאָליטיק. אָבער דאָס פּראָבלעם בלייבט נאָך אַלץ; איצט אפשר נאָך שאַרפער ווי פריער. ווען דאָס לאַנד קען אַריינבעמען הונדערט טויזנט אַ יאָר און מען דערלויבט בלויז 50 טויזנט, שטעלט מען אין סכנה פיל מער שוין־אויפגעבויטע ווירטשאַפטן — וואָס מוזן איינצוימען זייער אַנטוויקלונג — און געפּלאַנטע ווירטשאַפטן, וואָס מען קען נישט אָנהויבן, ווי בעת דאָס לאַנד קען אַריינבעמען 20 טויזנט און מען דערלויבט נאָר 10 טויזנט. מען שרויפט־אַרויף פיל מער די שטאַטישע פאַרדינסטן און דער שלעפּ־כוח פון דאַרף אין שטאָט ווערט שטאַרקער. די מאָס פון ניט־אויסגענוצטע מעגלעכקייטן ווערט גרעסער. דער שאָדן וואָס דאָס ברענגט — און פאַרקלענערט דעם ענטפער וואָס א״י קען שוין געבן אויף דער באַל־דיקער נויט — איז גאָר ניט אָפּצושאַצן. נאָך גרעסער ווערט די פשוטע

סכנה פאַר יענע ווייטערדיקע צילן, וואָס דאָס אידישע פאָלק פאַרבינדט מיט ארץ־ישראל. די וויכטיקייט פון אויסקעמפן ביי דער רעגירונג אַן עליה, וואָס זאָל ווירקלעך זיין אין הסכם מיט דער גרויסער אידישער נויט און מיט דער אויפנאַם־פעאיקייט פון לאַנד, קען גאָר ניט איבערגעשאַצט ווערן. אויף אַט־דעם שטח ליגט אונזער שווערסטער קאַמף־פראָנט. און די בולט־סטע פראַגן אַרום וועלכע אַט־דער קאַמף ווערט געפירט זיינען צוויי (נאַ־טירלעך צווישן פילע אַנדערע):

1) צי האָבן מיר דאָס רעכט צו באַשעפטיקן אויסשליסלעך אידישע אַרבעטער אין אידישע אונטערנעמונגען; אַ רעכט וואָס דאָס פאַספילד־פאַפיר האָט ביי אונז געוואָלט אָפּנעמען, דער מעקדאָנאַלד־בריוו האָט אונז צוריק־געגעבן און די איצטיקע א״י־רעגירונג וויל ווידער עס ביי אונז אָפּנעמען?

2) צי קענען מיר אַריינרעכענען אין דער אויפנאַמס־פעאיקייט פון לאַנד אַזעלכע אַרבעטס־פּלעצער, וואָס די רעגירונג האַלט פאַר צייטווייליקע? למשל: די אַרבעטס־מעגלעכקייטן אין דער בוי־אינדוסטריע, וואָס אויך דאָ וויל די רעגירונג אָפּזאָגן אונז אַ רעכט, וואָס איז אין דעם מעקדאָנאַלד־בריוו אונז קלאָר געגעבן געוואָרן. די שרעק פון דער רעגירונג פאַר דעם צייט־ווייליקן כאַראַקטער פון אַזעלכע אַרבעטס־מעגלעכקייטן איז בכלל ניט־באַ־גרינדעט. נעמען מיר ווידער ווי אַ ביישפּיל די בוי־אינדוסטריע: אויב די רעגירונג וועט אונז דערלויבן אַ גרויסע איינוואַנדערונג, וועט די בוי־אינדוסטריע כסדר אָנהאַלטן. זי און ענלעכע אַרבעטס־מעגלעכקייטן קענען בלויז ווערן צייטווייליק, ווען מען וועט אָפּשטעלן די איינוואַנדערונג.

אויב מיר וועלן הערן, אַז די רעגירונג האָט ווידער־אַמאָל באַשטעטיקט די אויבן־געבראַכטע צוויי פּונקטן — וואָס זיינען פאַרבונדן מיט אונזער עליה — וועט עס פאַר אונז האָבן אַ גרעסערע באַדייטונג ווי דאָס אָפּלייגן פון לעגיסלאַטיוון ראַט; הגם אויך דעם קאַמף קעגן לעגיסלאַטיוון ראַט דאַרף מען זיכער פאַרזעצן מיט דער גרעסטער ענערגיע. מיר מוזן אָבער געדענקען, אַז אַ זיג בנוגע דעם לעגיסלאַטיוון ראַט האָט נאָך אונז ניט גאַראַנטירט די מעגלעכקייט אויסצונוצן ביז צום מאַקסימום דאָס, וואָס עס קען איצט אויפגעטאָן ווערן אין ארץ־ישראל.

די פּאָליטישע פאַרהאַנדלונגען אויך אויף אַט־די געביטן גייען אָן. האָ־פענונגען זיינען דאָ. איך קען אייך אויף דעם געביט נאָר זאָגן דאָס, וואָס איך רעכן, אַז אַלע אידן זיינען באַרעכטיקט צו וויסן: אין די ראַמען פון מענטש־

לעכער באַגרענעצטקייט, פירט אָן די איצטיקע ציוניסטישע לייטונג אונזער פּאָליטישן קאַמף מיט אויסערגעוויינטלעכן מוט.

ד

אין קיין שום עפּאָכע פון ציוניזם — אַפילו אין הערצל׳ס טעג — איז ניט אויפגעעפנט געוואָרן, סיי פאַר דער מאַנדאַט־מאַכט, סיי פאַר דער אַראַבישער וועלט, אַזוי ברייט און ס׳איז נישט פאַרגעבראַכט געוואָרן אַזוי קלאָר און דייטלעך די אמת׳ע היסטאָרישע צילן פון ציוניזם, ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן פון אונזער איצטיקער פאַרטרעטערשאַפט. דאָס איז אַ רע־זולטאַט פון דער שיטה ביי אונזער באַוועגונג צו ריידן וועגן אַלע אונזערע פראַגן קלאָר און אָפן מיט אַלע פאַראינטערעסירטע. נאָכמער איז עס אַ פועל־יוצא פון אונזער אויסגעוואָקסענעם כוח אין לאַנד. אין דער צייט ווען מיר האָבן זיך געקריגט מיט דער רעגירונג וועגן דעם, צי נאָך צוויי־דריי טויזנט אידן אַ יאָר זאָלן אַריינקומען אין לאַנד, איז געווען אָן אומזין צו ריידן וועגן אַ פּלאַן אַריינצובריינגען אין 5 יאָר אַ האַלבן מיליאָן אידן. איצטער אָבער ווערט עס שוין מעגלעך.

ווער עס פאַרשפּרייט דעם איינדרוק, אַז בעת די פאַרהאַנדלונגען מיט דער בריטישער מאַכט פאָדערן מיר וויניק — אָדער אַז עס זיינען בכלל פאַראַן אַנדערע, וואָס שטרעבן צו אַ גרעסערן ציוניזם ווי מיר — פאַר־שפּרייט פשוט אַ שקר. אונזער ציל איז קיינמאָל ניט באַגרענעצט געוואָרן און מיר האָבן אַלעמאָל געשטרעבט צו אַ מאַיאָריטעט פון אידישן פאָלק אין ארץ־ישראל. מיט אַזאַ קלאָרן פּאָליטישן ציל רעדט מען היינט צו דער רעגירונג, צו די אַראַבער — און צו אַלע פאַקטאָרן וואָס קומען אין באַטראַכט און וועלכע קענען האָבן אַ ווירקונג אויף די פּאָליטישע פּאַסירונגען אין ארץ־ישראל.

ווי ווייט די רעגירונג וועט אונז אַנטקעגן־קומען, קען מען נאַטירלעך ניט וויסן. מען דאַרף אָבער געדענקען, וואָס איך האָב פריער אָנגעוויזן — אַז דורך אונזער אַרבעט קענען מיר אויסברייטערן די באַגרענעצונגס־ראַם, וואָס די רעגירונג וויל אַרויפלייגן אויף אונזער אַרבעט. מען דאַרף אויך לייענען אַזאַ בוך ווי „אַראַביאַ" פון דזשאָן פילבי, וועלכער איז — אין אַ געוויסער מאָס — געווען דער גייסטיקער פאָטער פון דעם מאַגנעסיסטישן „ברית־שלום". דאָס בוך צילט צו פאַרבינדן די פּאָליטישע צילן פון גרויס־בריטאַניע אין נאָענטן מזרח און אין דער אַראַבישער וועלט מיט די וואַהאַ־ביטן. ביים לייענען זיין בוך זעט מען, ווי עלאַסטיש ס׳איז די בריטישע

פּאָליטיק; ווי געשעענע פּאַקטן, באַשאַפענע און לעבעדיקע אינטערעסן פון געוויסע גרופּן פירן צו שנעלע ענדערונגען אין די בריטיש־פּאָליטישע ליניעס. דערפון מעגן מיר קומען צו דער מסקנה, אַז וואָס־מער עס וועלן געשאַפן ווערן לעבעדיק־אידישע אינטערעסן אין ארץ־ישראל — און דערצו זאָל פון אונזער זייט געפירט ווערן אַ קלאָר־פאָראויסגעזעענע פּאָליטיק, געפירט מיט מוט, ניט צוליב סתם־דעמאָנסטראַציע, נאָר מיט איבערצייגונג אין דער גערעכטיקייט פון אונזערע צילן אין ארץ־ישראל — וועט סוף־כל־סוף געפונען ווערן אַ מעגלעכקייט אַריינצוברעכן זיך אין פעסט־באַשלאָסענע פּלענער פון דער בריטישער רעגירונג.

איך וויל אייך ניט טרייסטן מיט דער האָפענונג און זיכערקייט, אַז מיר וועלן געווינען אויף די פונקטן. איך וויל נאָר ברענגען צו אייער באַוואוסטזיין, אַז יעדער עפנטלעכער אַקט, וואָס ברענגט צום אויסדרוק דעם ווילן פון אידישן פאָלק ניט צו פאַרנאַכלעסיקן קיין מאָמענט אין אונזערע בוי־מעגלעכקייטן; יעדער אַקט, וואָס ווערט געבראַכט צום אויסדרוק אויף אַ גע־העריקן, פּאָליטיש־ווירדיקן אופן, קען איבערוועגן די פּאָליטישע וואָגשאָל פון דער מאַנדאַט־מאַכט אויף אונזער זייט. מיר מוזן בכן זאָרגן, אַז אַזעלכע עפנטלעכע אַקטן זאָלן זיין וואָס מער.

דער פּאָליטישער פראַנט שעפּט זיך ניט אויס מיט די פּאָר פונקטן וואָס איך האָב באַרירט. מיר פירן אַ קאַמף מיט דער מאַנדאַט־מאַכט איבער דעם גאַנצן שטח פון אונזערע פּאָליטישע צילן. דעם קאַמף מוזן מיר פירן מיט דער גרעסטער געהיטנקייט. נאָר אין אויסנאַם־באַדינגונגען קען מען זיך, למשל, באַנוצן מיט דער טאַקטיק פון נישט־קאָאָפּעראַציע. אונזער כסדר'דיקן קאַמף פירן מיר אין קאָאָפּעראַציע מיט דער מאַנדאַט־מאַכט. אונזער ציל דאַרף זיין: אַרויסציען וואָס מער מעגלעכקייטן פון דער איצטיקער מאַנדאַט־מאַכט פאַר דער געזונטער איינוואָרצלונג פון אונזער עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן אין ארץ־ישראל.

דאָס זעלבע וועגן פאַרהאַנדלונגען מיטן אַראַבישן צד. עס טוט מיר לייד, וואָס איך האָב זיך צו־ברייט פאַרנומען. דערפאַר וועל איך ניט קענען אויסשעפּן דעם גאַנצן פונקט און זיך מוזן באַנוגענען מיט ראשי־פרקים.

## יא

קודם, עטלעכע ווערטער וועגן דעם עטיש־סאָציאַליסטישן כאַראַקטער פון אונזערע אידיש־אַראַבישע באַציאונגען.

אויב עס זיינען נאָך פאַראַן אין אונזער אייגענער מחנה אַזעלכע חברים,

ווען ס'איז נאָך ניט קלאָר צי איז דאָס געוויסנהאַפט פון אונזער שטאַנד־פונקט און אויב ס'איז סאָציאַליסטיש צו פירן דעם קאַמף פאַר אויסשליסלעך־אידישער אַרבעט; אויב ס'זיינען נאָך דאָ חברים, וואָס מיינען, אַז סאָציאַליסטן און הומאַניטאַריער קענען ניט פירן קיין קאַמף פאַר אויסשליסלעכער אידישער אַרבעט, האָבן זיי אַן אומגעהויער־גרויסן טעות.

לויטן שטאַנדפּונקט פון ריינעם באַגריף פון סאָציאַליזם — און פון אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען צווישן אַרבעטער — איז דער דאָזיקער קאַמף ניט בלויז באַרעכטיקט, נאָר אומפאַרמיידלעך. מיר ווייסן זייער גוט, אַז ווען עס וואָלט געהערשט אין דער אידישער וועלט פון ניט־אַרבעטער אין ארץ־ישראל יענע באַציאונג צו אונזערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, ווי עס הערשט ביי אידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל — וואָלט דער דאָזיקער קאַמף קיינמאָל ניט אַרויפגעצוואונגען געוואָרן אויף אונז. אין דער אַראַבישער ווירטשאַפט איז נישטאָ קיין איין אידישער אַרבעטער, הגם קיינער ווייסט ניט וועגן דעם. דער אַראַבישער אונטערנעמער באַשעפטיקט נישט קיין אידן — און ער דאַרף וועגן דעם קיין קאַמף ניט פירן. אָבער דאָ טראַכט קיינער ניט, אַז עפּעס איז ניט אין אָרדענונג. ווען דער אידישער אונטערנעמער זאָל טאָן דאָס זעלביקע, וואָלטן מיר קיין קאַמף ניט געדאַרפט פירן; און עס וואָלט זיכער בעסער געווען אָן דעם קאַמף. אָבער ווען דער קאַמף ווערט אויף אונז אַרויפגעצוואונגען — זאָל קיין איין חבר ניט האָבן אויפן געוויסן, אַז מיר טוען עפּעס וואָס איז קעגן דער סאָציאַליסטישער עטיק. אַן אמת'ער סאָציאַליסט מוז פאַרשטיין, אַז מיר ווילן דעם אַראַבישן אַרבעטס־מענטש ניט טאָן קיין גרויסע טובה, אויב מיר ווילן פאַר אים ווערן אַרבעטס־פילאַנטראָפּן און צוגרייטן פאַר אים פּאַרטיקע אַרבעטס־מעגלעכקייטן. ער וועט קומען צו זיין באַפרייאונג, ווען ער וועט אָננעמען די זעלביקע מעטאָדן וואָס מיר: מיט אייגענע כוחות, אויפן אייגענעם חשבון — לויט די ביישפּילן וואָס מיר גיבן אים — אויפבויען זיין אייגענע ווירטשאַפט און שאַפן פאַר זיך אַרבעטס־מעגלעכקייטן. מיר האָבן, ביז אין די לעצטע יאָרן, ניט אויפגעגעבן קיין איין אַרבעטס־פּלאַץ אין תל־אביב. אָבער דער ביישפּיל פון אונזער תל־אביב האָט דעם אַראַבער געהאָלפן בויען זיין יפו.

איך רייד שוין ניט וועגן דעם, אַז ס'איז גאָרניט אַזוי סאָציאַליסטיש צו לאָזן אונזער אידישע וועלט אין דער לאַגע וואו זי געפינט זיך; וואו זי גייט — מחמת מאַנגל אין אַרבעטס־מעגלעכקייטן — אויפגעבן עטלעכע צענדליק טויזנטער אַרבעטס־פּלעצער, וואָס מיר האָבן אויפגעבויט מיט אונזער ענערגיע, מיט אונזער קאַפּיטאַל און מיט אונזער מי און בלוט און זיי

אָפּגעבן עמעצן אַנדערש. ס'איז גאָרניט סאָציאַליסטיש צו מיינען, אַז דאָס בלוט פון אונזער אַרבעטער איז וויניקער רויט, ווי דאָס בלוט פון דעם אַראַבישן אַרבעטער.

אָבער אַפילו ווען מען נעמט ניט אין באַטראַכט אונזער לאַגע — און מען טראַכט נאָר וועגן דעם אַראַבער אַליין — איז נויטיק, אַז דער אַראַבער זאָל וויסן דאָס וואָס מיר וויסן: אונזער באַפרייאונג ליגט אין אונזערע הענט. די באַפרייאונג פון דעם אַראַבער ליגט אין די הענט פון די אַראַבער. פונקט ווי מיר, מוז ער זיך אַרויסשלעפּן מיט אייגענע כּוחות פון זיין פאַר־שקלאַפטער לאַגע. ער איז גליקלעכער דערמיט, וואָס ער לערנט זיך אויף אונזערע פּלייצעס; דערצו זיצט ער אויפן פּלאַץ. ער דאַרף ניט וואַנדערן אין אַנדערע לענדער. אונזערע אַרבעטס־זוכער איז פיל, פיל ערגער פון דעם אַראַבער; און ס'איז ניטאָ קיין סאָציאַליסטישער פּרינציפּ, וואָס זאָל אונז מעגן פאַרבאָטן אויפצובויען, אויף וויסטע שטחים, די אַרבעט־מעגלעכ־קייטן פאַר אונזערע אַרבעטס־זוכער.

איך וואָלט געקענט אויסרעכענען אַ ריי שטחים, וואו דער אַראַבער האָט טאַקע גענומען בויען אייגענע ווירטשאַפטן לויט אונזער ביישפּיל, אַפילו מיט אונזער הילף. איך וויל זיך אָבער ניט באַהאַלטן אונטער דעם. איך באַהויפּט, אַז מיר זיינען גערעכט אין סאַמע־יסוד. אַפילו ווען מיר וואָלטן ניט געווען נוצלעך דער אַראַבישער וועלט, וואָלטן מיר אויך געהאַט אַ רעכט אויף זעלבסט־באַפרייאונג דורך אייגענער אַרבעט.

## יב

אָבער מיר באַנוגענען זיך ניט מיט דעם. מיר ווילן אַ קאָנקרעטיקע פאַרשטענדיקונג מיט די אַראַבער. מיט וועמען פון זיי און אויף וועלכער באַזע קען קומען אַזאַ פאַרשטענדיקונג?

דער אַראַבישער עפענדי, וואָס זיין אינטערעס ליגט אין זיין שטיקל באָדן — מיט אים וועלן מיר זיך ניט קענען צונויפרעדן; ער מוז בלייבן אונזער שונא, ווייל אונזער אַרבעט גיט אַ ביישפּיל זיין פאַרשקלאַפטן פעלאַך, אַז ער קען לעבן אַ פרייערן, מער־מענטשלעכן לעבן. פאַר אָט־דער אַנטוויקלונג ציטערט דער עפענדי. דערפאַר איז ער אונזער שונא. אָבער מיט יענעם אַראַבער — וועלכער טראַכט אין טערמינען פון באַפרייען דאָס גאַנצע אַראַבישע פאָלק — דאַרף ווערן קלאָר, אַז דאָס וואָס איז געוואָרן פון יפו צוליב תל־אביב, קען ווערן פון איראַק צוליב ארץ־ישראל. פונקט ווי תל־אביב האָט געהאָלפן אויפשטעלן דאָס ניט־אידישע יפו, אַזוי קען דער

ביישפּיל פון ארץ־ישׂראל העלפן אויפשטעלן איראַק. און ניט נאָר איראַק אַליין: דאָס זעלבע קען געשען אין אַלע אַנדערע אַראַבישע לענדער. די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פוןביידע פעלקער מוז באַטראַכט ווערן פון אַט־אַזאַ שטאַנדפּונקט. די ביז־איצטיקע אָריענטאַציע וועגן אַראַבישן פּראָבלעם מוז לאָזן פּלאַץ פאַר אַ נייער אָריענטאַציע אין אַט־אַזאַ ליניע.

ביז איצט האָבן מיר געהאַט פאַרשידענע אָריענטאַציעס. געוועזן אַן אָריענטאַציע, אַז מ׳קען דעם אַראַבער אונטערקויפן — און מען קויפט אונטער ניט נאָר מיט געלט; מען קען אים אויך קויפן דורך פּאָליטישן פּרעסטיזש און דורך פאַרשידענע אַנדערע וועגן. די צרה איז אָבער, אַז דער וואָס מען קען אים קויפן בכלל — קען זיך אויך פאַרקויפן צו אַנדערע. און בושה אָן אַ זייט: ס׳זיינען אויך דאָ אידן, וואָס מ׳קען קויפן. דאָס איז ניט קיין פּאָליטישער יסוד.

דאָן איז געווען אַן אָריענטאַציע: צו לאָזן אַלץ גיין ווי עס גייט און האָפן אַז עס וועט גוט זיין. די אָריענטאַציע האָט ניט געבראַכט צו פאַרשטענדיקונג, נאָר פאַרקערט.

מיר האָבן אָנגענומען אַן אַנדער אָריענטאַציע. אונזער באַוועגונג האָט שטענדיק געזוכט אַריינצוברענגען איר אָריענטאַציע אין דער לעבעדיקער פּאָליטישער אַרבעט. זי באַשטייט אין ווייטערדיקע פּונקטן:

ערשטנס, די אַראַבישע וועלט מוז קלאָר וויסן דעם מאַקסימום פון אונזערע צילן. זי מוז וויסן, אַז פאַר דעם אידישן פאָלק איז ניטאָ קיין אַנדער ברירה ווי דאָס ברענגען די מיליאָנען אידן קיין ארץ־ישׂראל און די שכנות׳דיקע לענדער.

צווייטנס, מיר ווילן פירן אונזערע אַרבעטן אין פולשטענדיקער פאַרשטענדיקונג מיט דער אַראַבישער וועלט. מיר מיינען, אַז אַזאַ פאַרשטענדיקונג איז מעגלעך אויף דער באַזע פון בשותפות׳דיק־היסטאָרישע אינטערעסן, וואָס באַצוועקן די פולשטענדיקע פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט פאַר ביידע פעלקער.

דריטנס, אויב די אַראַבישע וועלט וועט באַלד ניט איינזען די בשותפות־דיקייט פון די היסטאָרישע אינטערעסן ביי ביידע פעלקער — און וועט אונז וועלן שטערן מיט כוח אין אונזער אַרבעט — וועלן מיר, מיט טיפן ווייטיק, זיך מוזן פאַרטיידיקן.

מיר קלייבן אויס דעם וועג פון פאַרשטענדיקונג. דער דאָזיקער וועג איז ניט בלויז פאַרבונדן מיטן שטח פון איצטיקן ארץ־ישׂראל. ער איז פאַרבונדן מיט דער צוקונפט פון גאַנצן אַראַבישן פאָלק, וועמענס אינטערעסן

עס ליגן ניט בלויז אין ארץ־ישראל. ער איז פאַרבונדן מיט דער צוקונפט פון גאַנצן אידישן פאָלק, וואָס געפינט זיך נאָך איצט צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט.ביידע פעלקער מוזן געפינען זייער אָרט אין די גרויסע שטחים פון ניט־אויסגענוצטן באָדן אין און אַרום ארץ־ישראל. ביידע פעלקער שליסן אָן אָפּמאַך זיך צו העלפן קעגנזייטיק, סיי אין דער אַנטוויקלונג פון די שטחים, סיי אין דער אויסבילדונג פון זייערע אייגענע פּאָליטישע, סאָציאַלע און קולטורעלע אָרגאַנען. ביידע פעלקער העלפן זיך קעגנזייטיק אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטישער וועלט. זייט ביי זייט מיט דער פאַרהעלטנישמעסיק־קלענערער אידישער מלוכה אינעם איצטיקן ארץ־ ישראל און דעם עבר־הירדן ווערט אויפגעשטעלט אַ גרעסערע מלוכה פונעם פאַר־אייניקט־אַראַבישן פאָלק. די באַציאונגען צווישן די צוויי מלוכות קענען נאָכנישט אָנגעצייכנט ווערן מיט גענויע פּרטים. זיי קענען וואַריאירן פון אַין פּאָליטישער איינהייט כלפּי חוץ — מיט פולשטענדיקער פרייהייט פאַר אינערלעך־קולטורעלער און סאָציאַלער אויסלעבונג — ביז צוויי באַזונדערע, פּאָליטיש־זעלבסטשטענדיקע קערפּערשאַפטן, וואָס שליסן צווישן זיך אַ פעסטן בונד צוליב קעגנזייטיקער אויפבוי־הילף און שוץ. איך האָב שוין פריער אָנגעוויזן אויפן ביישפּיל: דאָס וואָס תל־אביב איז געוואָרן צו יפו אין מיניאַטור, קען די אידישע מלוכה ווערן פאַר דער אַראַבישער וועלט אין גרויסן פאָרמאַט.

## יג

צו אַט־דער פּאָליטישער בשותפות׳דיקייט צילן מיר. אויף דעם האָפן מיר. מיר באַהויפּטן, אַז פאַר די אַראַבער טאָר ניט זיין קיין אַנדער פּאָלי־טישער ציל; און פאַר אונז אַוודאי ניט. ווען מאָרגן זאָל געשען אַ נס און מען זאָל אויסרייניקן ביידע טיילן ארץ־ישראל פון אַלע אַראַבער וואָס זייבען דאָ — און מען זאָל אונז געבן אַ מעגלעכקייט פון אַן אַבסאָלוט־האָמאָגענער אידישער באַפעלקערונג — וואָלט נאָך אַפילו דערמיט ניט פאַרענטפערט געוואָרן די פראַגע פון אונזערע באַציאונגען מיט דער אַראַבישער וועלט. מיר וואָלטן דאַן געבויט אונזער פּאָזיציע אין אַ ים פון אַראַבישע לענדער. אָן אַ היסטאָרישער פאַרשטענדיקונג מיט זיי האָבן מיר ניט קיין גאַראַנטירטע פּאָזיציע אין ארץ־ישראל; און די היסטאָרישע פאַרשטענדיקונג מוז באַזירן אויף פולשטענדיקער פרייהייט פון ביידע פעלקער.

ווען די אַראַבישע וועלט זאָל אויף אונז היינט אַרויפצווינגען קריג — וועלן מיר אָבער אין יעדן מאָמענט זיין גרייט פאַר אַ פאַרשטענדיקונג,

באַזירט אויף דער מעגלעכקייט פאַר ביידע פעלקער צו לעבן פולשטענדיק פריי און זיך אַנטוויקלען.

ס׳איז שווער צו דערוואַרטן, אַז די איצטיקע אַראַבישע פירערשאַפט — ווי למשל די אַראַבישע עקזעקוטיווע אין ארץ־ישראל — זאָל אָננעמען אַזאַ שטאַנדפּונקט. אָבער מיט דער פאַרטרעטערשאַפט פון דער גרעסערער אַראַבישער וועלט — וואָס טראַכט אין טערמינען פון גרעסערן, פאַראייניקטן אַראַבישן פאָלק — וועלן מיר זיך סוף־כל־סוף צוזאַמענריידן.

קיינער האָט נאָך ניט אין קעשענע דעם אונטערגעשריבענעם פאַר־שטענדיקונגס־דאָקומענט. ס׳מוז אָבער קלאָר זיין, אַז מיר בויען אויף דער אַנטוויקלונג פון אַראַבישן פאָלק און אויף אַ פאַרשטענדיקונג מיט אים. אין דער זעלביקער צייט מוזן מיר וויסן, אַז די דאָזיקע פאַרשטענדיקונג זאָל קומען וואָס־שנעלער איז אָפּהענגיק פונעם וואוקס פון אונזערע לעבעדיקע כוחות אין לאַנד. ווילן מיר זיך דערשלאָגן צו אַן אַראַביש־אידישער פאַר־שטענדיקונג, מוזן מיר פאַרגרעסערן אונזער אייגענעם כוח.

אויך צוליב דעם איז בכן דער געבאָט פון דער איצטיקער צייט אַריינ־צוברענגען אין ארץ־ישראל וואָס מער אַרבעטס־ און שוץ־פעאיקע מענער און פרויען.

דאָ קומען מיר צום לעצטן און וויכטיקסטן פּונקט: וואָס דאַרף געטאָן ווערן כדי צו קענען אַריינברענגען וואָס מער אַרבעטס־ און שוץ־פעאיקע מענטשן אין לאַנד?

אויפן אויסערלעך־פּאָליטישן פראָנט מוז געפירט ווערן דער קאַמף פאַר אַ גרויסער עליה. אויף דעם אינערלעך־אידישן און ציוניסטישן פראָנט מוז דער גרויסער קאַמף געפירט ווערן אויף פאַרשידענע שטחים.

דער וויכטיקסטער קאַמף־שטח איז פאַר דער פאַרגרעסערונג פון אונ־זערע נאַציאָנאַלע קאַפּיטאַלן. אויב מיר ווילן בויען געזונטע דאָרפישע ישובים — וואָס זאָלן אויך זיין פאַרפאַנצערט קעגן די רייצן פון שטאָט — וועלכע זאָלן פאַרזיכערן פאַרן אידישן פאָלק די אמת׳ע באַלעבאַטישקייט איבער ארץ־ישראל, קענען מיר זיי נאָר בויען דורכן פאַרשטאַרקן דעם געשלאָ־סענעם הייליקן בונד צווישן נאַציאָנאַלן אידישן קאַפּיטאַל (קרן־היסוד און קרן־קיימת) און דער פעסט־אָרגאַניזירטער אידישער אַרבעט. אין אַלע פריער־דערמאָנטע געביטן — אין די בערג, אין נגב, אין חולה, אין בית־שאן און אין אַנדערע אַזעלכע שטחים פאַר גרויס־אַגראַרער קאָלאָניזאַציע — וועט פּריוואַט־קאַפּיטאַל ניט גיין, ווייל די אינוועסטירונגען דאָרט וועלן קיין באַל־

דיקן ריווח ניט ברענגען. בלויז נאַציאָנאַלע קאַפּיטאַלן — וואָס זייער ריווח באַשטייט אינעם מעגלעך־מאַכן קאָלאָניזאַציע פון נאָך צענדליקער טויזנטער אידישע משפחות — קענען און וועלן גיין אין אָט־די אַלע געביטן. אין דער גרויס פון די סכומים, וואָס דאָס אידישע פאָלק וועט אויפזאַמלען פאַר נאַציאָנאַלע פאָנדן, וועט זיך ווענדן די גרויס פון אונזער פאַרנעם; פאַר ווייטערדיק־קאָנסטרוקטיווער בוי־אַרבעט.

דאָס זעלביקע מוז אויך געזאָגט ווערן וועגן אונזערע מעגלעכקייטן אין עבר־הירדן. ווען מיר זאָלן זיצן הונדערט מאָל אַ טאָג און איבער׳חזר׳ן בכל תפוצות הגולה, אַז מיר ווילן אַ אידישע מדינה אויףביידע זייטן ירדן, וואָלטן מיר דערמיט אַליין זיך ניט דערנענטערט צו אונזער ציל. מיר קענען אָט־דעם ציל נאָר דערגרייכן דורך אַ געזונטער, קאָלאָניזאַטאָרישער פּאָליטיק. אַ בליק אויף דער ארץ־ישראל׳דיקער לאַנד־קאַרטע וועט קלאָר מאַכן וואָס איך מיין.

ווען איר וועט אַ קוק טאָן אויף די געביטן וואָס זיינען אידישע, וועט איר זען: אונז איז געלונגען צו פאַרנעמען כמעט דעם גאַנצן פּאַס פון חיפה ביז רחובות מיט זייער ווייניק איבערברעכונגען.

קאָלאָניזאַטאָריש איז דאָס פאַר אונז זייער וויכטיק. פּאָליטיש — נאָך וויכטיקער. דאָס לעצטע וואָרט אין פּאָליטישער וויכטיקייט האָבן אויפגעבויטע, לעבעדיקע אינטערעסן. מיר האָבן געזען וואָס דגניה האָט פאַר אונז געמיינט ביים באַשטימען די גרענעץ צווישן א״י און עבר־הירדן. מיר האָבן געזען וואָס מתולה און כפר־גלעדי האָבן געמיינט פאַר אונז ביים באַשטימען די גרענעץ צווישן ארץ־ישראל און סיריע. קיין זאַך קען ניט געטאָן ווערן אין ארץ־ישראל, ניט אָנרירנדיק קיין לעבעדיק־אידישע אינטערעסן. אָט־דער פאַקט איז פאַר אונז פון אומגעהויערער באַדייטונג. ווען דער קרן־קיימת האָט פאַר אונז דעראָבערט דעם עמק, האָט עס ניט בלויז געהאַט אַן עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעכע באַדייטונג. דורכן עמק האָבן מיר אויפגעבויט אַ גאַנצן קאָמפּלעקס פון לעבעדיק־אידישע אינטערעסן. איצט קען שוין קיין זאַך ניט פּאַסירן ניט אין צפון פון עמק און ניט אין דרום פון עמק, וואָס זאָל ניט באַרירן קיין לעבעדיקע אידישע אינטערעסן. און אויב מיר קענען נאָר דורכפירן אונזערע איצטיקע קאָלאָניזאַטאָרישע פּלענער אין דעם חולה־געביט, און מיר וועלן קענען אויפבויען ביי די גרענעצן פון עבר־הירדן לעבעדיק־אידישע אינטערעסן, וועט עס פיל מער דערנענטערן צו קאָלאָניזאַציע־מעגלעכקייטן אין עבר־הירדן, ווי אַלע רעזאָלוציעס און דעמאָנסטראַציעס.

יד

קען עמעצער גלויבן, אַז אַט־די פּאָזיציעס וועט פאַר אונז בויען פּרי־וואַט־קאַפּיטאַל? איז דאָ אַ מענטש וואָס גלויבט באמת, אַז עפּעס אַ פּריוואַטער מענטש וועט אינוועסטירן זיין געלט אין אַט די געביטן?

אין 10־15 יאָר אַרום — נאָכדעם ווי די כוחות פון נאַציאָנאַלע קאַפּיטאַלן און אידישע אַרבעט וועלן האָבן אויפגעבויט אַ אידיש לעבן אין אַט־די נייע געביטן — וועט מסתמא קומען פּריוואַט־קאַפּיטאַל, אינוועסטירן זיינע געלטער און קריגן זיין ריווח. אָבער איצט? אַצינד איז ניטאָ קיין אַנדער גאַראַנטיע, אַז מיר וועלן אויפבויען די נייע געביטן, אויסער דער פאַרשטאַר־קונג פון אונזערע נאַציאָנאַלע פאָנדן און דאָס פאַרגרעסערן דעם כוח פון אידישער אַרבעט אין לאַנד. פּונקט ווי מיר האָבן, דורך די זעלביקע כוחות, דערוואָרבן דעם עמק; פּונקט ווי מיר דערווערבן איצטער אַ נייעם עמק — דעם עמק־חפר.

פאַרשטאַרקן די נאַציאָנאַלע פאָנדן, מיינט: זיי פאַרפילפאַכן. זיי וועלן אונז דאַן אויך קענען געבן דעם יסוד פאַר אַ גאַר־גרויסער נאַציאָנאַלער הלוואה, וואָס זאָל אונז קענען דערמעגלעכן, נאָך אויף אַ פיל־ברייטערן אופן, אויסצונוצן די אומגעהויערע מעגלעכקייטן, וואָס האָבן זיך געעפנט פאַר אונז אין ארץ־ישראל. פאַרשטאַרקן דעם כוח פון אונזער אָרגאַניזירטער אַרבעט, מיינט: שטעלן זיך אומעטום אין קאַמף פאַר איר; אָפּשלאָגן די אַטאַקעס אויף איר; העלפן איר אין איר הייליקן קאַמף פאַר אידישער אַרבעט. עס מיינט אויך: שטעלן צו איר רשות אייגענע פאָנדן, סיי פאַר איר אָרגאַניזאַ־טאָרישער און פּאָליטישער טעטיקייט און סיי פאַר אירע אייגענע קאָלאָניזאַ־טאָרישע טעטיקייטן.

דעם ביישפּיל פון אַזעלכע אייגענע קאָלאָניזאַטאָרישע טעטיקייטן גע־פינען מיר אין דעם עמק־חפר. דאָרט איז, פון זיינע 30 טויזנט דונאַם, באַ־שטימט געוואָרן כמעט אַ העלפט פאַר די משפחות פון דעם אַזוי־גערופענעם מיטל־קלאַס. בלויז 9 טויזנט דונאַם זיינען געשטעלט געוואָרן צום רשות פון אידישע אַרבעטער־גרופּירונגען.

וואָס זעען מיר דאָרט היינט? יענע פּונקטן, וואָס זיינען באַשטימט פאַר דער אַרבעטערשאַפט, האָבן שוין אָנגעהויבן פונקציאָנירן. עטלעכע הונדערט משפחות זיינען שוין דאָרט קאָלאָניזירט. אָבער די פּונקטן, וואָס וואַרטן אויפן מיטלשטאַנד, וואַרטן נאָך אַלץ. זיי זיינען על־פּי רוב וויסט און לער. ס'איז אַ גרויסער ווייטיק. מיר וואָלטן אַוודאי געווען צופרידן, ווען אַט־דער מיטלשטאַנד — אין ווענעס נאָמען מען פירט אָפט אַ קאַמף קעגן די

אָרגאַניזירטע אַרבעטער — וואָלט געהאַט אַ טייל אין דער אַרבעט ביים איינוואָרצלען דאָס לעבן פון אידישן פאָלק אין דער אַגראַר־ווירטשאַפט. אָבער די סיבה פאַרוואָס ער איז נאָך ניטאָ אין עמק־חפר איז: ווייל דער קרן־היסוד האָט ניט גענוג געלט אויף נייער קאָלאָניזאַציע. די אַרבעטער־גרופּן האָבן זיך דאָרטן באַזעצט מיט דער הילף פון די אייגענע פינאַנצן פון „ניר״. מיר מוזן אָט־דעם פאַקט כסדר אין זינען האָבן, בכדי צו פאַרשטיין די באַדייטונג פון באַזאָרגן די הסתדרות־העובדים מיט זעלבסטשטענדיקע פינאַנץ־מיטלען. זיי זיינען נויטיק, בכדי מיר זאָלן קענען טאָן נייע קאָלאָניזאַציע־אַרבעט אַפילו ווען דער קרן־היסוד — פאַר וועלכן מיר מוזן אַרבעטן מיט אַלע כוחות — זאָל ניט האָבן גענוג פאָנדן. און אויך דאָס דאַרפן מיר געדענקען אַפילו ווען דעם קרן־היסוד זאָל געלונגען צו זאַמלען פיל מאָל אַזויפיל ווי ער זאַמלט איצט — וועט ער נאָך אַלץ ניט קענען אויסשעפּן אַלע ניט־אויסגענוצטע מעגלעכקייטן פאַר קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. עס וועט אַלעמאָל בלייבן גענוג אָרט פאַר אייגענער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט פון דער אידישער אַרבעטערשאַפט.

באַזאָרגן די אידישע אַרבעטערשאַפט מיט וואָס־גרעסערע מיטלען, איז איינער פון די וועגן צו העלפן אויסנוצן דעם מאַקסימום פון די מעגלעכקייטן וואָס האָבן זיך געעפנט אין ארץ־ישראל.

## טו

מיר האָבן בכן אין ארץ־ישראל אומגעהויערע מעגלעכקייטן. מיר שטייען אָבער פאַר אומגעהויערע סכנות, וואָס מיר מוזן פאַרמיידן. מיר דאַרפן פירן אַ קאַמף מיט דער מאַנדאַט־מאַכט; מיר דאַרפן פירן אַ קאַמף אינעווייניק, אין ציוניזם; און מיר דאַרפן פאַרשטאַרקן אונזער אייגענע באַוועגונג. דווקא דערפאַר ווייל מיר טראָגן די אַחריות פאַרן גאַנצן ציוניזם, איז דער געבאָט פון דער שעה אַז מיר זאָלן זיין שטאַרק. מיר מוזן האַלטן וואַך דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, סיי פאַר די גרויסע מעגלעכקייטן, וואָס ארץ־ישראל האָט פאַר אונז געעפנט, סיי פאַר די גרויסע געפאַרן, פאַר וועלכע מיר שטייען.

צווישן די אַנדערע געפאַרן, איז אויך דאָ די סכנה אינעם אידישן פאָלק פון פאַרשווענדן זיין ענערגיע ניט־ראַציאָנעל; ניט דאָרטן, וואו זי קען ברענגען דעם מאַקסימום־נוצן. איך האָב דאָ אין זין די ידיעה, אַז אין פּאַריז איז ווידער אויפגעלעבט געוואָרן די טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע — מכלומרשט דערפאַר, ווייל ארץ־ישראל פאַרענטפערט ניט די נויט פון אַלע אידן. אויב מיט 25 יאָר צוריק איז אַזאַ שטאַנדפונקט אפשר געווען באַ־

רעכטיקט, דערנענטערט ער זיך איצט צו אַ פֿאַרברעכן: מ׳רויבט דערמיט אַוועק יענע ענערגיע, וועלכע קען — ביים אינוועסטירן זי אין ארץ־ישראל — ווירקלעך העלפֿן אויסברייטערן די אויפֿנאַמס־פֿעאיקייט פֿאַר בייע צענד־ליקער טויזנטער עולים. אָבער מען פֿאַרשווענדעט זי ערגעץ־אַנדערש, מיטן אויסרייד, אַז דאָרטן קען שוין פֿאַרענטפֿערט ווערן די אידישע נויט. אויב עס זאָל אַפילו געלונגען צו באַקומען ערגעץ אַ ניי לאַנד, וואָס זאָל אַפילו לגמרי געשטעלט ווערן צו אונזער רשות — וועלן דאָרט פֿעלן די זייער־גרויסע געשיכטלעכע כוחות, וואָס האָבן געהאָלפֿן בויען ארץ־ישראל. דערצו מוז קלאָר זיין, אַז ביז אַט־אַזאַ ניי לאַנד וועט זיך קענען פֿאַרמעסטן צו קאָנקורירן מיט ארץ־ישראל, וועלן דאָרט צוויי דורות מוזן אַריינלייגן זייער פּיאָנערן־בלוט; און ערשט דאַן בלייבט נאָך אַ פֿראַגע, צי זיי וועלן אויסהאַלטן.

אויב אַזאַ נייער פּונקט זאָל געפֿונען ווערן — און עס זאָל זיין מעגלעך דער פֿאַרמעסט אַריינצוברענגען אַהין 2־3 טויזנט יערלעך די ערשטע יאָרן, און דאַן 4־5 טויזנט יערלעך אין שפּעטערע יאָרן — וועט עס זיין אַ דער־פֿאָלג. וויל איך זיך איצט ניט אַריינלאָזן אין אַ דיסקוסיע, צי אַזעלכע בייע פּלענער פֿון קאָלאָניזאַציע אין אַנדערע פּונקטן זיינען כדאי. פֿאַר מיר אַליין איז קלאָר: די אויסגעגעבענע ענערגיע אויף יעדן נייעם טעריטאָריאַליסטישן פּלאַן (וועגן איבערגיין צו אַגראַר־ווירטשאַפֿט און צו געזונטער אינדוסטריע אין די לענדער וואו מיר לעבן, רייד איך איצטער ניט) קען זיך — אין געהאָפֿטע רעזולטאַטן — ניט פֿאַרגלייכן, מיט די רעזולטאַטן וואָס די זעל־ביקע ענערגיע וואָלט אַרויסגעבראַכט, ווען זי איז אָנגעווענדעט אין ארץ־ישראל. די צאָל געראַטעוועטע אידן וואָלט געקענט זיין גרעסער און דער פּראָצעס פֿון פֿאַרפֿעסטיקן אין ארץ־ישראל אונזערע פּאָליטישע פּאָזיציעס וואָלט געווען זיכערער און שנעלער. דערצו איז אויך זיכער: יעדער פֿאַרזוך איינצופֿירן די גאַנצע אידישע עפֿנטלעכקייט אין דעם טעות — אַז ס׳איז מעגלעך אַ טעריטאָריאַליסטישער פּלאַן, וואָס זאָל געבן אַ בעסערן און שנע־לערן ענטפֿער אויף דער אידישער נויט, ווי עס גיט שוין היינט ארץ־ישראל און ווי עס קען נאָך דורך אונזער אַרבעט פֿאַרגרעסערט ווערן — קען נאָר אַרויסוואַקסן פֿון אַזאַ שנאה צו ארץ־ישראל, וואָס מאַכט אומפֿעאיק דעם מוח צו טראַכטן אין טערמינען פֿון רעאַליטעט.

## טז

איך ווייס, אַז איך האָב דורכגעלאָזט און ניט באַרירט אַ סך פֿראַגן. איר זייט זיכער נייגעריק און באַרעכטיקט צו וויסן: וואָס איז אונזער

ביישטייער צו יענעם פּראָצעס פון צוגרייטן דעם מענטש צו אַ נייעם סאָ־ציאַליסטישן צוזאַמענלעבן; אַ ביישטייער, וואָס ערשט קומענדיקע דורות וועלן קענען ווי געהעריק אָפּשאַצן? איר זייט זיכער נייגעריק און באַרעכטיקט צו וויסן: וואָס אַזוינס איז געבוירן געוואָרן אין ארץ־ישראל אויף יענעם געביט, וואָס איז דער הויפּט־ציל פון אונזער צוריקקער קיין ארץ־ישראל; אויפן געביט פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אידישער אייגנאַרט? וואָס האָבן מיר שוין באַשאַפן? וואָס פעלט אונז נאָך? וואָס איז בכלל געשען אויף דעם געביט דורכדעם, וואָס אידישע מאַסן האָבן זיך ווידער גענומען איינוואָרצלען אין יענעם לאַנד, וואו אונזערע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אייגנאַרט האָט זיך אָנגעהויבן שפּינען; דורכדעם וואָס מיר האָבן זיך צוריק פאַרבונדן מיט יענער שפּראַך, אין וועלכער אונזערע גרויסע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אוצרות זיינען איינגעזאַמלט; דורכדעם וואָס מיר קענען דאָרט פולע הונדערט פּראָצענט פון אונזער נאַציאָנאַל־קולטורעלער שעפערישער ענערגיע אַריינגיסן אין אייגענער יצירה און מיר דאַרפן ניט אויסגעבן 80־70 פּראָצענט דערפון אין קאַמף קעגן אויסערלעכער אַסימילאַציע? איך וואָלט נאָך געדאַרפט באַרירן אַ ריי אַנדערע, קלענערע און גרעסערע פראַגן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער לאַגע פון ציוניזם און ארץ־ישראל. עס איז אָבער פאַראַן אַ געזעץ, וואָס זאָגט אַז מען מוז אַמאָל ענדיקן. מוז איך אָט־די פראַגעס איבערלאָזן פאַר אַנדערע געלעגנהייטן. איצטער וויל איך נאָך פאַרענדיקן דערמיט, אַז מיר שטייען פאַר אַ לאַגע וועגן וועלכער קיינער פון אונזערע גרעסטע וויזיאָנערן האָבן אַפילו ניט געקענט חלומ'ען. אויב עס וועט אונז נאָר באַשערט זיין אַ פּאָר צענדליק רואיקע בוי־יאָרן; אויב נאָר די וועלט וועט ניט אַריינגעוואָרפן ווערן אין אַ נייער, גרויסער מענטשן־שלאַכט; אויב די מאַנדאַט־מאַכט וועט ניט שטערן און די אַראַבישע וועלט וועט אונז ריכטיק פאַרשטיין; אויב נאָר מיר וועלן אינערלעך וויסן ווי אָפּצושאַצן די אמת'ע כוחות וואָס בויען דאָס לאַנד און העלפן עס אַנטוויקלען און פאַרשטאַרקן; אויב נאָר מיר וועלן וויסן, וויאַזוי אויסצונוצן ריכטיק אונזער ענערגיע — שטייען מיר פאַר דער מעגלעכקייט צו קענען, שוין באַלד, ענטפערן דורך ארץ־ישראל אויף אַ גרויסן טייל פון אידישער נויט. ביי אַ באַדייטנדיקן אָנפאַנג פון דער אמת'ער גאולה פון אונזער פאָלק, שטייען מיר אויך ביי דער שוועל פון קענען — אין אַ גרויסער מאָס — העלפן דער גאַנצער מענטשהייט געפינען אַ וועג, וואָס זאָל זי אַרויספירן פון דעם גרעסטן אומגליק, אין וועלכן זי האָט זיך ווען־ס'איז געפונען.

איז דען נויטיק אונטערצושטרייכן, אַז דאָס אידישע פאָלק קען ניט

און וועט ניט זיין אַזוי נאַריש צו דענקען, אַז מיר קענען אויפבויען פאַר זיך ערגעץ אַן אַאַזע פון גליק, בעת די גאַנצע מענטשהייט וועט זיך טרינקען אין אַ ים פון אומגליק? צי איז נויטיק נאָך אַ באַשטעטיקונג פאַר יענע ניט־צופעליקע און היסטאָרישע געשעענישן, וואָס כמעט אַלע משיח־באַוועגונגען ביי אונז זיינען געווען פאַרבונדן מיט אוניווערסאַלער באַפרייאונג? צי איז נויטיק אָנצואווייזן אויף דעם גליקלעכן צופאַל, וואָס יעדע נייע פּאָזיציע — וועלכע די אידישע אַרבעטערשאַפט בויט־אויס אין ארץ־ישראל — איז גלייכצייטיק אויך אַ נייע פּאָזיציע פאַר דער פאַרפעסטיקונג פון אונזער פאָלקס־גאולה און אַ נייע פּאָזיציע פאַר דעם קאָנסטרוקטיוו־סאָציאַליסטישן איבערבוי פון דעם מענטש בכלל? מיר שטייען פאַר קאָלאָסאַל־געשיכטלעכער, משיחישער אַנטפּלעקונג. מיר האָבן אפשר זוכה געווען צום גרעסטן גליק פון אַלע דורות.

יז

מיט טיפער אימה קוקן מיר אויף דער אויפגאַבע. מיר זוכן צו פאַרשטיין: פון וואַנען וועט צו אונז קומען די גבורה, וואָס אַזאַ דור דאַרף פאַרמאָגן? מיר מוזן זיך דערגריבלען צו די סאַמע־טיפסטע מקורות, פון וואַנען מיר האָבן ביז־איצטער געשעפּט די גבורה פון אויפשטעלן אַזאַ פּיאָנערן־דור. די אידישע נויט אַליין האָט עס ניט געקענט געבוירן. נויט האָט אַ געוואַלדיקע שטויס־קראַפט. אָבער וואוהין דער געשטויסענער זאָל געשטויסן ווערן — אין די טיפע אָפּגרונטן פון יאוש און אונטערוועלט, אָדער צו די העכסטע יצירה־אָנשטרענגונגען פון פּיאָנערטום — דאָס הענגט־אָפּ אָן דער אינערלעכער נשמה־רייכקייט פון דעם געשטויסענעם. פון וואַנען קענען מיר ציען אָט־די אינערלעכע נשמה־רייכקייט?

אַוודאי פון די אַלע קוואַלן אין אונזער אידישער געשיכטע. אָבער דערלויבט מיר איך צו ברענגען בלויז איין ביישפּיל, וויאַזוי דער סאַמע־בוי פון ארץ־ישראל באַשאַפט פאַר אונז נייע קוואַלן פון גבורה.

פאַראַן אין ארץ־ישראל אַ פּונקט, וואָס הייסט גבעת־השלושה. צי ווייסט איר די מערקווירדיקע געשיכטע פון אָט־דעם נאָמען? אין דער צייט פון קריג איז געקומען דזשעמאַל פּאַשאַ קיין פּתח־תקוה און זי באַשולדיקט, אַז אין איר געפינען זיך ענגלישע שפּיאָנען. ער האָט פאַרלאַנגט מען זאָל אים אַרויסגעבן די שפּיאָנען — אויב ניט, וועט ער חרוב מאַכן פּתח־תקוה. קיין איין קאָלאָניסט, קיין איין זון פון אַ קאָלאָניסט האָט זיך ניט אָפּגערופן צו ראַטעווען פּתח־תקוה. עס האָבן זיך אָבער געפונען דריי אַרבעטער, וועלכע

האָבן באַצאָלט דעם פולן פּרייז. מיט זייערע לעבנס איז פּתח־תקוה געראַ־טעוועט געוואָרן. וויאַזוי פּתח־תקוה צאָלט־אָפּ דער אידישער אַרבעטערשאַפט פאַר יענע דריי לעבנס, איז אַ טעמע, ניט איצט צו באַהאַנדלען. אָבער אונזער באַוועגונג האָט — לזכר פון אָט־יענע דריי גיבורים און קדושים — אויפ־געבויט נעבן פּתח־תקוה גבעת־השלושה.

ווען איך בין דאָרט געווען, איז מיר פאַרענטפערט געוואָרן די פראַגע, וואָס לאה פרעגט אין אַנסקי׳ס „דיבוק״: וואָס ווערט פון די ניט־אויסגע־לעבטע טעג פון מענטשן, וועמענס לעבן ס׳איז פאַרשניטן געוואָרן אין זייער יוגנט? אין גבעת־השלושה האָב איך געזען, וואָס עס איז געוואָרן פון די ניט־אויסגעלעבטע טעג און יאָרן פון דריי אַרבעטער. זיי זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ענערגיע, וואָס גיסט זיך דורך די מוסקולן פון אַנדערע הונ־דערטער אידישע אַרבעטער פון ארץ־ישראל; אין אַ נייעם פונקט פון העכ־סטער יצירה, פון אמת׳ן מענטשלעכן און אידישן לעבן.

אָט־דאָס זיינען די גבורה־קאַנאַלן, פון וואַנעט מיר ווערן געשפּייזט. פון די ערשטע לעבנס פון אונזערע שומרים, דורך אַלע גיבורים און קדושים, וואָס מיר האָבן שוין פאַרמאָגט אין ארץ־ישראל, ביז אונזער חיים אַרלאָ־זאָראָוו — פון יעדן איינעם פון זיי שעפּן מיר נייע אוצרות פון גבורה; און באַהאָפטן מיטן קוואַל, וואָס ציט זיך פון דער גאַנצער אידישער געשיכטע, ווערן זיי אַלע פאַרוואַנדלט אין אַזאַ געוואַלדיקער, גבורה־באַשאַפנדיקער קראַפט, אַז מיר האָבן זיך אויף וואָס צו שטיצן!

מיט אָט־דעם גבורה־פאַרנעם גייען מיר צו אונזער גרויסער געשיכט־לעכער אַחריות; און וואָס גרעסער דער פאַרנעם, אַלץ גרעסער און זיכערער דער דערפאָלג!

אַלע אָט־די פונקטן מיט וועלכע איך האָב מיך באַשעפטיקט אין דעם דאָ געבראַכטן רעפעראַט האָב איך פיל ברייטער אַנטוויקלט אין מיינע אויפ־טריטן פאַרן קרן־היסוד אין אַלע באַזוכטע לענדער. מיינע אויפטריטן האָבן אויך איינגעשלאָסן טעמעס, וועגן וועלכע איך האָב אין יענע יאָרן — אָנהויבנ־דיק פון 1930 און ווייטער — פיל געטראַכט. זייער תוכן און די ענטפערס וואָס איך האָב געזוכט צו געבן אויף די אַלע פראַגן, האָב איך פאַרעפנטלעכט אין פאַרשיידענע קאַפּיטלען פון מיין בוך „אויפן וועג״ (ניו־יאָרק 1956) און אין געוויסע פּרשיות וואָס איך האָב אַרויסגעבראַכט אין די צוויי ערשטע בענד פון מיינע זכרונות לויט דער רעאַגירונג פון דער אידישער פּרעסע אין אַלע באַ־זוכטע לענדער, האָבן די אויפטריטן איבערגעלאָזן אַ גוטן רושם.

## מפעל אַרלאָזאָראָוו

### א

סוף 1933 האָב איך פאַרענדיקט מיין ערשט האַלב יאָר אַרבעט פאַרן קרן־היסוד און בין צוריקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. איך האָב גערעכנט צו בלייבן אַ וואָך אָדער צוויי און צוריקפאָרן, בכדי צו קענען פאַרענדיקן דאָס צווייטע האַלב־יאָר. במשך מיין זיין אין ארץ־ישראל האָב איך געהאָפט צו באַקענען זיך מיט די נייע בוי־דערגרייכונגען אין לאַנד, כדי אַביסל אָפּצוּפרישן דעם תוכן פון מיינע רעדעס. איך האָב אויך געהאָפט, אַז במשך פון דער צייט וועל איך געפינען פאַר מיר אַ פערמאַנענטע באַשעפטיקונג אין לאַנד גופא, נאָכדעם ווי דאָס יאָר קרן־היסוד־אַרבעט וועט זיך ענדיקן. דער גורל האָט אָבער אַנדערש באַשטימט.

אין דעם האַלבן יאָר, וואָס איך בין געווען אין אויסלאַנד, האָט מיין פרוי באַוויזן צו אַרבעטן אַרום 4־3 חדשים אין עין־חרוד. די טעכטער זיינען פאַרבליבן אין ירושלים. נאָר אין דער צייט פון רייסן פרוכט זיינען זיי אויך געקומען קיין עין־חרוד. זיי האָבן אַפילו אַרויסגעהאָלפן אין שניט, ווען עס האָבן געפעלט אַרבעטס־הענט. מיין פרוי האָט זיך בעיקר אָפּגעגעבן ביים באַנוצן אויפן פּראָדוקטיווסטן אופן די זייער באַשיידענע מאַטעריאַלן, וואָס די קיך האָט פאַרמאָגט. מיין פרוי האָט זיך זייער־נאָענט באַפריינדעט מיט די מערסטע חברות און חברים פון עין־חרוד. ווען זי האָט געוואוסט, אַז איך דאַרף אָנקומען קיין ירושלים, איז זי פריער געקומען איינאָרדענען אונזער דירה און צוגרייטן אונזערע טעכטער צו מיין צוריק־קומען.

איידער זי איז אָפּגעפאָרן פון עין־חרוד האָבן די פירנדיקע חברים פונעם גרויסן קיבוץ אויסגעדריקט דעם וואונטש, אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט זאָל מיין גאַנצע משפחה מאַכן אַ באַזוך אין עין־חרוד. דערביי האָבן זיי צוגעגעבן, אַז זיי וואָלטן באַשטימט אַ ספּעציעלן אָוונט פאַר מיר, בכדי איך זאָל זיי דערציילן וועגן די אידן אין מזרח־אייראָפּע; וועגן אונזער דאָרטיקער באַוועגונג און בעיקר וועגן דער „החלוץ"־באַוועגונג אין פוילן, וואָס איז

זיך דאַן שטאַרק צעוואָקסן. באַלד ווי איך האָב מיך באַגעגנט מיט מיין משפחה אין ירושלים, האָבן מיר באַשלאָסן אָנצונעמען די איינלאַדונג פון עין־חרוד. מיר האָבן זיי תיכף מודיע געווען, אַז מיר קומען אַלע אַהין דעם 5טן יוני; ווייל פונקט אין יענעם טאָג איז פאָרגעקומען אין עין־חרוד אַ צוזאַמענפאָר פון דער מועצת־הפועלות. אַזוי האָבן מיר טאַקע געטאָן.

פאַר מיר איז דער פונקט ניי. אין אונזער ערשטער רייזע מיטן חבר יצחק ירושלמי האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין עין־חרוד אויף געציילטע מינוטן. דאָס מאָל זיינען מיר געקומען צו פאַרברענגען דאָרט עטלעכע טעג. מיר זיינען אָנגעקומען נאָכמיטאָג. מיין פרוי איז גלייך אַוועק אין קיך. די קינדער האָבן זיך געלייגט אָפּרוען פון דער רייזע. איך גיי אַרום איבער עין־חרוד און הויב אָן אַריינזאַפּן אין זיך דאָס ארץ־ישראל וואָס פאַרווירקלעכט אונזערע אינערלעכסטע בענקשאַפטן. אַ גליק־געפיל נעמט מיך אַרום. חברים אין עין־חרוד פאַרטיפן נאָך אַט־דאָס געפיל.

נאָכן אָוונט־מאָלצייט קומען אַלע צו דער „שיחה" מיט מיר. איך דערצייל נאָר אַביסל פון דעם, וואָס איך האָב צוגעגרייט. איך לאָז איבער דאָס איבעריקע פאַר אַ צווייטן אָוונט. איך וויל בעסער הערן וואָס זיי האָבן צו דערציילן. איך נעם אַריין מיט אַלע נשמה־פיברען ניט בלויז וואָס זיי דערציילן, נאָר אויך דאָס וואָס זיי סימבאָליזירן. און יעדער איינער פון זיי איז דאָך אַ סימבאָל. צום נאָענטסטן ווער איך יענעם אָוונט צוגעצויגן צום חבר שלמה לעפקאָוויטש־לביא. אַזוי ציען זיך שעה'ן. שווער זיך אָפּצורייסן פון דער „שיחה". מיר גייען שלאָפן זייער שפּעט.

ליגנדיק אויף מיין געלעגער טראַכט איך וועגן דעם, וואָס איך האָב היינט דורכגעלעבט. איך טראַכט זייער פיל וועגן חלוצישן לעבן פון מיין נייעם נשמה־חבר שלמה לביא, אויך וועגן די אַנדערע. אַזוי ליג איך וואַך אַ לאַנגע צייט.

## ב

ווי נאָר איך האָב אָנגעהויבן איינדרעמלען, דערהער איך פּלוצים דעם קלאַנג פונעם עין־חרודער גלאָק, מיט וועלכע מען רופט חברים צו פאַרזאַמלען זיך. איך כאַפּ מיך אויף. איך גיי אַרונטער אין חדר־האוכל. דאָרטן זיינען שוין זייער פיל חברים. אַלע זיינען אַרומגעקלעפּט אַרום דעם טאָוול פון מודעות. אויך איך דערנענטער זיך צום טאָוול, וואו איך דערזע אַ קליינע מודעה אַרומגענומען מיט אַ שוואַרצער ראַם. בלויז דריי שרעקלעכע ווערטער: „חיים אַרלאָזאָראָוו נרצח"! אַלע שטייען שטום. קיין וואָרט קען מען פון

קיינעם נישט אַרויסבאַקומען. קיין וואָרט קומט ניט אַרויס פון אייגענעם מויל. שטום און שטיל קער איך זיך אום, מיט מיין משפחה, צוריק אינעם צימער, וואָס אַ יונג חברים־פּאָרל האָט אונז אָפּגעטראָטן. שטום און שטיל ווערן מיר באַלד אָוועקגעפירט אין אַ גרויסן, געפּאַקטן משא־טראָק פון עין־חרוד קיין תל־אביב. די מינוטן ציען זיך ווי טעג; די שעה׳ן — ווי יאָרן. ענדלעך זיינען מיר אָנגעקומען. אַן אומגעהויער־גרויסע וואָך אַרום דעם צימער, וואו ער ליגט. איך דערשלאָג זיך נאָענט. איך דערזע זיין פּנים. בלויז נעכטן האָב איך דאָך מיט אים גערעדט! ווי איז דאָס מעגלעך? ווי־אַזוי איז עס געשען?

צי איז דען מעגלעך צו פאַרגעסן יענע טיפע פאַרצווייפלונג, וואָס האָט מיך דאַן אַרומגענומען?

דער קהל אַרום דער הסתדרות־הויז ווערט וואָס ווייטער אַלץ גרעסער און געדיכטער. אין אַ באַזונדערן צימער האָבן זיך פאַרזאַמלט די פירער פון דער הסתדרות און פון די אַרבעטער־פּאַרטייען. אויך דאָ שווייגן אַלע. איך האָב נאָר אַריינגעבליקט דורך דער טיר און מיין פאַרצווייפלונג איז נאָך שטאַרקער געוואָרן. אויף אַ מינוט בין איך אָפּגעטיילט געוואָרן פון מיין משפחה. איך האָב זיי גענומען זוכן, אָבער מיר איז שווער געווען זיך צו באַוועגן. ביז עס האָט מיך דערזען דער טייערער חבר משה גור־אריה. מיט אים און זיין פרוי האָבן מיר זיך שטאַרק פאַר־חבר׳ט, ווען זיי האָבן זיך געפונען אין ניו־יאָרק. מיר פלעגן זיך דאָרט זייער אָפט באַגעגענען. האָט ער מיר געהאָלפן אויפזוכן מיין משפחה. ער האָט אַלעמען געקענט פון ניו־יאָרק. ער האָט אונז ענדלעך צוזאַמענגעבראַכט און אונז אַרויפגע־נומען צו זיך אין דירה, וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט פונעם הויז, וואו דער גרויסער מת איז געלעגן. ער און זיין פרוי זיינען באַשטאַנען, אַז מיר זאָלן עפּעס איבערכאַפּן און טרינקען. מיר זיינען טאַקע אַלע געווען זייער פאַרשמאַכט. אָבער ערשט ביי אים אין הויז האָבן זיך די הערצער ברייט צעעפנט און מיט זיי — די קוואַלן פון ברענענדיקע טרערן, וואָס ס׳איז געווען אוממעגלעך צו קאָנטראָלירן.

## ג

אוודאי איז מיין ווייטיק ניט געווען שאַרפער ווי די ווייטיקן פון אַלע צענדליקער טויזנטער חברים, וואָס זיינען יענעם טאָג געקומען אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד דעם געפאַלענעם יונגן ריז. יעדער איינער האָט דורכגעלעבט דעם צער לויט דער מדריגה פון נאָענטקייט, וואָס זיין נשמה האָט געשפּירט

צום דערמאָרדעטן גרויסן חבר. מיר איז באַשערט געווען דער אויסערגע־ווײנטלעכער גורל, צו באַגעגענען אים אין די סאַמע־לעצטע וואָכן פון מײַן אַרבעט אין פוילן. ער איז דאַן אָנגעקומען פון דײַטשלאַנד — וואו ער האָט גענומען צוגרייטן זײַנע באַרימטע „טראַנספער"־פּלענער, דורך וועלכע ער האָט געוואָלט אַרויסראַטעווען כאָטש אַ טייל פון דעם גרויסן אידישן פאַר־מעגן אין דײַטשלאַנד און שטעלן אים אין דינסט פון דער בוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל. דער „טראַנספער"־פּלאַן איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אין ארץ־ישראל דורך אַ גרופּע חברים, מיט בערל כצנלסון און חיים אַרלאָזאָראָוו בראש, תיכף אין די ערשטע סטאַדיעס פון היטלער'ס ממשלה; ווען עס האָט אָנגעהויבן ווערן קלאָר, וואָס דער משחית זוכט צו טאָן מיט די דײַטשע אידן. דער דאָזיקער פּלאַן האָט דאַן אַרויסגערופן אַ גרויסן שטורעם אין דער אידישער וועלט. די אַנטי־ציוניסטן האָבן געפּאַדערט דורכצופירן אין דער גאַנצער וועלט אַ באָיקאָט אויף דײַטשלאַנד. די גרופּע חברים, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט דעם „טראַנספער"־פּלאַן זײַנען אַוודאי אויך געווען פאַרן באָיקאָט. זיי האָבן אָבער געפילט, אַז דאָס איז ווייט ניט גענוג. איך האָב ניט בדעה דאָ אַרײַנצוגיין אין דער באַגרינדונג פון אָט־דער שטעלונג. ווער עס איז פאַראינטערעסירט אין אָט־דער פּרשה מוז זיך באַקענען מיט דער ברייטער ליטעראַטור, וואָס זי האָט בשעתו אַרויסגעבראַכט. איך האָב דערצו בייגעטראָגן מײַן קליינעם חלק דורכדעם, וואָס איך האָב אין מײַן בוך „אויפן וועג" (אַרויסגעגעבן אין 1956, אין ניו־יאָרק) פאַרעפנטלעכט אַן אַרבעט, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין 1943, צום צענטן יאָרצײַט פון חיים אַרלאָ־זאָראָוו, וועגן מײַנע „באַגעגענישן מיט חיים אַרלאָזאָראָוו". דאָרטן גיב איך איבער זײַנע, אַרלאָזאָראָוו'ס, אייגענע באַגרינדונגען פאַר „טראַנספער"־פּלאַן, ווי איך האָב עס פון אים געהערט געציילטע וואָכן פאַר זײַן דערמאָרדונג. ווער עס וועט לייענען אָט־די אַרבעט, וועט דערשפּירן ווי צוגעצויגן איך בין געוואָרן צום גרויסן חבר, וואָס איך האָב צום ערשטן מאָל באַגעגנט אויף דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער קאָנפערענץ, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין זומער פון 1920 אין לאָנדאָן. ווער עס וועט דאָס לייענען, וועט דערשפּירן ווי גרויס מײַן ווייטיק איז געווען אין יענעם טאָג פון 6טן יוני, 1933.

איך האָב אויך ניט בדעה צו פאַרנעמען זיך מיטן נאָך־גרעסערן שטורעם, וואָס איז אויסגעבראָכן באַלד נאָכן מאָרד און נאָך די אַרעסטן פון די באַ־שולדיקטע; דעם טיפן תהום, וואָס האָט זיך געעפנט צווישן די צדדים אין דעם גרויסן געראַנגל אַרום זייער משפט. אויך די פּרשה, וועלכע איז נאָך

עד־היום (אין 1964) ניט אויפגעקלערט מיט אַבסאָלוטער זיכערקייט, מוז טיפער שטודירט ווערן פון די פאַראינטערעסירטע. פאַרן המשך פון מיינע זכרונות איז נאָר נויטיק געווען צו דערמאָנען אָט־דאָס טראַגישע קאַפּיטל, ווייל עס האָט לגמרי צעשטערט אַלע מיינע פריערדיקע אַרבעטס־פּלענער. איך בין צו דער קרן־היסוד־אַרבעט מער ניט צוריק־געפאָרן. עס האָט זיך דאַן צעפלאַקערט אין דער ציוניסטישער וועלט דער וואַל־קאַמף צום 18טן ציוניסטישן וועלט־קאָנגרעס, וואָס איז געפירט געוואָרן אין דער צערייצטער אַטמאָספערע פון דעם אַרלאָזאָראָוו־מאָרד. איך האָב זיך באַטייליקט אין אָט־דעם וואַל־קאַמף אין אייניקע לענדער פון מזרח־אייראָפּע, וואו איך האָב ווידער פאַרבראַכט די הייסטע זומער־חדשים. איך אַליין בין אויסגעוויילט געוואָרן פאַר אַ דעלעגאַט צום קאָנגרעס פון דער ארץ־ישראל'דיקער פּאַרטיי. אויך מיין פרוי איז געוויילט געוואָרן ווי אַ דעלעגאַטין. מיר האָבן זיך צוריק־געטראָפן שוין אין פּראַג.

דערווייל איז פון דער הסתדרות־פירערשאַפט אויסגעאַרבעט געוואָרן דער פּלאַן פאַרן „מפעל אַרלאָזאָראָוו". איך וועל באַלד בקיצור איבערגעבן דעם תוכן פון אָט־דעם „מפעל". דער פּראַגער קאָנגרעס האָט דעם „מפעל" געגעבן זיין באַשטעטיקונג. אין פּראַג איז אויסגעקליבן געוואָרן זיין הויפּט־לייטונג. די טעטיקסטע מיטגלידער זיינען געווען חבר יוסף שפּרינצאַק, זכרונו לברכה, און זיי צו לאַנגע יאָר — ד"ר נ. מ. געלבער און ישראל מערע־מינסקי. די הויפּט־ביוראָ פונעם „מפעל" איז טאַקע פאַרבליבן אין פּראַג. שוין במשך פון דעם קאָנגרעס האָבן די דעלעגאַטן פון דעם אַרבעטער־פליגל אויסגעקליבן די אָנפירער פון „מפעל" פאַר פאַרשידענע לענדער. איך בין באַשטימט געוואָרן צו פירן דעם „מפעל" אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער און מיין הויפּט־ביוראָ זאָל זיין וואַרשע. בין איך, צוזאַמען מיט מיין פרוי, צוריק־געפאָרן קיין ארץ־ישראל און נאָכן בלייבן דאָרט עטלעכע וואָכן, בין איך ווידער אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע אָנצופירן מיטן „מפעל־אַרלאָזאָראָוו".

געפירט געוואָרן איז דער „מפעל" פון מיטן סעפּטעמבער 1933 ביז פעברואַר 1934. די לענדער וועלכע איך האָב באַזוכט פאַרן „מפעל" זיינען געווען כמעט די זעלביקע לענדער, וואָס איך האָב פריער באַזוכט פאַרן קרן־היסוד: פּוילן, ליטע, לעטלאַנד און עסטלאַנד.

לאָמיר באַצייכענען ווער עס האָט זיך באַטייליקט אינעם „מפעל" אין פּוילן. גלייך פון אָנהויב האָב איך די טיפע הנאה פעסטצושטעלן, אַז מיר איז באַשערט געווען אַן אומגעווינטלעך־גוטער מזל אין מיין „מפעל"־אַרבעט

אין פוילן, איך האָב באַקומען פאַרן סעקרעטאַר פון דער לייטונג דעם יונגינקן, זייער־פעאיקן און זייער־איבערגעגעבענעם חבר זאב שערף. איך פאַרשפּאַר היינט, אין 1964, צו שילדערן די פעאיקייט פון אָט־דעם חבר: אין די לעצטע 16 יאָר, זינט הקמת המדינה, האָט ער פאַרנומען גאָר־וויכטיקע און פאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן אין די העכסטע אינסטאַנצן פון דער ישראל־רעגירונג מיט אַ סך הצלחה. אָט־דער יונגינקער חבר האָט זיך דאַן איבער־געגעבן מיטן גאַנצן פלייס דעם „מפעל". איך ווייס ניט, צי מיר בײדע קענען זיך שטאַרק איבערנעמען מיט דער סומע, וואָס מיר האָבן געזאַמלט פאַרן „מפעל". כאָטש אין פאַרגלייך מיט סכומים, וואָס זיינען דאַן געזאַמלט געוואָרן פאַר די וויכטיקסטע ציוניסטישע פאָנדן — קרן־היסוד און קק"ל — האָבן מיר זיך מיט די פינאַנציעלע רעזולטאַטן אויך ניט געדאַרפט שעמען. אָבער איך בין מודה, אַז בעיקר זע איך אונזער דערפאָלג אין דעם הויכן גייסטיקן ניווא, וואָס איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אין אונזער פּראָפּאַגאַנדע פאַרן „מפעל". צו דעם, רעכן איך, האָבן מיר בײדע, חבר זאב שערף און איך, צוגעטראָגן אונזער חלק.

איך באַטראַכט אויך פאַר אַ דערגרייכונג דאָס, וואָס אונז איז געלונגען צו קאָנצענטרירן — אין דער צערייצטער שטימונג, וואָס האָט דאַן אַלעמען באַהערשט — אַ וויכטיקן טייל פון ציוניסטישע עסקנים און וויכטיקע פּער־זענלעכקייטן אַרום דעם „מפעל". איך האָף דאָס צו באַווייזן דורך דאָקומענטן און פּראָטאָקאָלן פון דער אַרבעט. איך רעכן, אַז אָט־דער וועג פון ציטירן דאָקומענטן און פּראָטאָקאָלן איז טאַקע דער בעסטער ווי צו דערציילן וועגן גאַנצן „מפעל".

ד

דער ערשטער בריוו, וואָס האָט אָנגעזאָגט וועגן „מפעל", איז אַרויס־געשיקט געוואָרן דעם 14טן סעפּטעמבער, 1933, צו אַלע ציוניסטישע אָר־גאַניזאַציעס אין וואַרשע און צו די ביוראָס פון קרן־היסוד, קרן־קיימת און „ליגע פאַר דער ארץ־ישראל'דיקער אַרבעטערשאַפט" (ווייטער וועלן מיר זי רופן „ליגע") און איז געחתמ'עט געוואָרן דורך מיר. זיין תוכן איז געווען:

„דער 18טער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט באַשלאָסן צוצוטרעטן תיכף אַדורכצופירן אַ 'מפעל־אַרלאָזאָראָוו', וואָס זיין ציל איז צו גרינדן אַ קאָלאָניע אין ארץ־ישראל אויפן נאָמען פון חיים אַרלאָזאָראָוו.

„אין 'מפעל' באַטייליקן זיך: די אידישע אַגענץ, דער קרן־היסוד, דער קרן־קיימת און די 'ליגע'. דעם 'מפעל' מוז מען דורכפירן תיכף, כדי ניט צו שטערן די נאָרמאַלע אַרבעטן פון קרן־היסוד און קרן־קיימת.

„תיכף נאָכן קאָנגרעס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ גאַנצע ריי זיצונ־גען, מיט דער באַטייליקונג פון די דירעקטאָריומס פון קרן־היסוד און קרן־קיימת, אויף וועלכע עס זיינען אָנגעצייכנט געוואָרן די אַרבעט־פּלענער פון ‚מפעל׳. עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ וועלט־צענטער פאַרן ‚מפעל׳, וואָס זיין זיץ־פּלאַץ איז אין פּראָג. דער סעקרעטאַריאַט פון אָט־דעם וועלט־מרכז באַשטייט פון די חברים ד״ר נ. מ. געלבער, ישראל מערעמינסקי און יוסף שפּרינצאַק. דער וועלט־צענטער האָט מיך דעלעגירט קיין פּוילן צו העלפן דאָ דורכפירן די אַרבעט פון ‚מפעל׳.

„אין נאָמען פון אָט־דעם וועלט־צענטער האָב איך דעם כבוד אייך צו פאַרבעטן צו דער ערשטער באַראָטונג, וואָס וועט פאָרקומען מוצאי־שבת, 16טן סעפּטעמבער, אין דער ביורא פון קרן־היסוד, גזשיבאָווסקאַ 13. איך בעט אייך צו שיקן צו דער באַראָטונג אייערע פאַרטרעטער.

„איך אַנטשולדיק זיך, וואָס ס׳איז אייך געבליבן אַזאַ קורצע צייט צווישן דערהאַלטן די איינלאַדונג און דער באַראָטונג. די צייט פון אונזערע אַק־טיוויטעטן איז אַ באַגרענעצטע. מיר טאָרן דעריבער ניט פאַרנאַכלעסיקן די אַרבעט אַפילו פאַר איין איינציקן טאָג. בעט איך אייך צו שיקן אייער פאַר־טרעטער צו דער באַראָטונג.

„מיט ציונ׳ס ברכה, אין נאָמען פון וועלט־צענטער פאַרן ‚מפעל־אַר־לאָזאָראָוו׳, ברוך צוקערמאַן״.

די דאָזיקע באַראָטונג איז פאָרגעקומען און אין איר האָבן זיך באַטייליקט אַ ריי פאַרטרעטער. איך רעכן זיי ניט אויס, ווייל די זעלביקע און נאָך פאַרטרעטער האָבן זיך באַטייליקט אין אַ ברייטערער פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, דינסטיק, דעם 19טן סעפּטעמבער. פון מיין אַריינפיר צו יענער צווייטער זיצונג גיב איך באַלד איבער דעם פּראָטאָקאָל. איך גיב אויך איבער מיין אַריינפיר צו יענער צווייטער זיצונג, וואָס האָט אויך איינגעשלאָסן דעם תוכן פון מיין אַריינפיר צו דער ערשטער זיצונג. איך וועל צום פּראָטאָקאָל פון דער צווייטער זיצונג אויך צוגעבן דעם תוכן פון דעם וויכוח אויף דער ערשטער זיצונג. דורך דעם וועט קלאָר ווערן פאַרן לייענער די ערשטע שריט פון „מפעל״; און דער יסוד אויף וועלכן ער איז געבויט געוואָרן גלייך פון אָנהויב.

## ה

דער פּראָטאָקאָל פון דער צווייטער זיצונג דערציילט: עס האָבן זיך אין איר באַטייליקט: ברוך צוקערמאַן, אינזשינער אַנשל רייס, מ. קירשנ־

בוים, יעקב ביאַלאָפּאָלסקי, רעדאַקטאָר אינדעלמאַן, רעדאַקטאָר משה קליינ־בוים, יונה גרינפעלד, מלך ניישטאַדט, ד. ראָזנבוים, מילער, אַברהם ביאַלאָ־פּאָלסקי, א. ל. בלאָך (לייטער פון קרן־קיימת אין פוילן), פּראָוואָלסקי, דירעקטאָר חפץ, רחל שטיין, אינזשינער לאַנדשטאָק, דירעקטאָר מאָרגנשטערן, אַברהם לעווינסאָן (לייטער פון קרן־היסוד אין פוילן), אַדוואָקאַט גראָספעלד, מאַגיסטער פּאָליאַקעוויטש, רפאל גוטמאַן, מ. עלנבערג, דירעקטאָר בערגער, אַדוואָקאַט ראָטפעלד, אַלעקסאַנדראָוויטש, מ. טאַצאַ, אַדוואָקאַט לעווי.

נאָך דער דערעפענונגס־רעדע פון ה׳ רייס ווערט ער געוויילט פאַרן פּאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג און גיט איבער דאָס וואָרט דעם ה׳ ב. צוקערמאַן.

ה׳ ב. צוקערמאַן גיט איבער אין אַלגעמיינע שטריכן די אויפגאַבן פון „מפעל־אַרלאָזאָראָוו״ און שטעלט פעסט צווישן אַנדערן: לויטן באַשלוס פון קאָנגרעס האָט זיך אין פּראַג קאָנסטיטואירט די הויפּט־לייטונג פונעם „מפעל״, צו וועלכן עס געהערן פאָרשטייער פון אַגענץ ה׳ פּאַפּער, דעפּ. גאָלדשטיין פון די טשעכישע ציוניסטן, שפּרינצאַק און מערעמינסקי אין נאָמען פון דער הסתדרות און ה׳ געלבער אין אויפטראַג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אין דער אַקציע זיינען באַטייליקט די אַגענץ און אַלע דורך איר פּאַרטראָטענע גרופּירונגען: קרן־היסוד און קרן־קיימת. די קאָלאָניע אויפן נאָמען פון חיים אַרלאָזאָראָוו וועט קאָסטן ביז 75,000 פונט. פון געזאַמלטן געלט ווערט באַשטימט צוויי דריטל פאַר קרן־היסוד און איין דריטל פאַרן קרן־קיימת. די קאָלאָניע וועט זיין באַשטימט פאַר 250 פאַמיליעס פון פאַרשידענע אָר־גאַניזאַציעס אין ארץ־ישראל, דייטשע אידן אַאַז״וו. ער שלאָגט־פאָר אויס־צואוויילן אַ פּרעזידיום און אַן עקזעקוטיווע און חוץ דעם אַ גרויסן קאָמיטעט. דער סעקרעטאַריאַט זאָל באַשטיין פון 3 פּערזאָן — די לייטערס פון קרן־קיימת, קרן־היסוד און די „ליגע״.

ביז סוכות דאַרפן געמאַכט ווערן אַלע פאָרבאַרייטונגען צום „מפעל״. סוכות־צייט זאָלן פאָרקומען אין אייניקע פונקטן גרויסע כינוסים, וואו ס׳וועט פּראָקלאַמירט ווערן די אַקציע אויף דער פּראָווינץ. די אַקציע מוז שנעל אַדורכגעפירט ווערן און אין מזומנים. די אַרבעטערשאַפט זאָל געבן אָדער אַן אַרבעטס־טאָג, אָדער אַ פאַרברויך־טאָג, אָדער אַ טאָג פאַרדינסט. אויך די שול־קינדער זאָלן אָנטייל־נעמען אין דער אַקציע.

אינזשינער לאַנדשטאָק פרעגט, צי די קאָלאָניסטן פאַר דער אַרלאָזאָראָוו־קאָלאָניע וועלן רעקרוטירט ווערן בלויז פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס,

אָדער אויך פון אַנדערע שיכטן פון פאָלק. ביי די איצטיקע שטימונגען אין דער ציוניסטישער באַוועגונג איז דאָס זייער וויכטיק צו וויסן.

מאַג. פאָליאַקעוויטש פרעגט, ווער ס׳וועט זיין דער אויספירונגס־אָרגאַן פונעם „מפעל" אין א״י. א. רייס ענטפערט, אַז ס׳ווערט ניט געשאַפן קיין ספּעציעלער פאָנד. די מחלקת ההתיישבות וועט, צוזאַמען מיטן קרן־קיימת, דורכפירן די גרינדונג פון דאָרף אויף די געלטער פון „מפעל".

רעד. אינדעלמאַן: ביי דער קרן־היסוד־קאַמפּאַניע, ווי איצט ביים „מפעל־אַרלאָזאָראָוו", מוז קלאָר זיין פאַר די מאַסן ווער ס׳וועט געניסן פון דעם פאָנד. ס׳איז באַזונדערס וויכטיק צו וויסן פונעם פּראָפּאַגאַנדיסטישן שטאַנדפּונקט, בכדי ס׳זאָלן קענען אָפּגעווענדעט ווערן די פאַרשיידענע אַטאַקעס פון דער אָפּאָזיציע.

מלך ניישטאַדט: מיר דאַרפן נאָר זיין קלאָר ביי זיך וואָס מיר ווילן טאָן. די אידן וועלן מיר שוין אויפקלערן וואָס ס׳קען אָביעקטיוו קומען אין באַטראַכט, ביי דער קאָלאָניזאַציע אין אַ פּאַרוואָרפענעם ווינקל פון לאַנד, וואו ס׳ווערט פּראָיעקטירט דאָס נייע דאָרף. ער איז מסכים מען זאָל זיך ווענדן מיט אַ וואונטש צו דער הויפּט־לייטונג פון דעם „מפעל" מיט דער בקשה צו נעמען אין באַטראַכט דעם מיטל־שטאַנד אין דער נייער קאָלאָניע.

א. ביאַלאָפּאָלסקי: אויך ביז איצט האָבן די פאָנדן גענומען אין באַטראַכט דעם מיטלשטאַנד־עלעמענט אין דער התיישבות. דער קק״ל האָט באַשטימט באָדן אין עמק־חפר פאַר מיטלשטאַנד־קאָלאָניזאַציע. אָבער ביז היינט, לייי־דער, איז דער דאָזיקער באָדן ניט אינגאַנצן באַזעצט געוואָרן. אויך דער ציוניסטישער צענטראַל־קאָמיטעט האָט געמאַכט אַ געלונגענעם פּרואוו צו באַזעצן פּערזאָנען פון מיטלשטאַנד דורכן „יכין" אויפן קק״ל־באָדן.

צוקערמאַן: לייגט־פאָר מען זאָל זיך ווענדן נאָך אינפאָרמאַציעס קיין פּראַג אין דער דאָזיקער פראַגע.

אינדעלמאַן פרעגט, צי עס זיינען דאָ ידיעות פון דער פּראָווינץ וועגן דער באַציאונג צו דער אַקציע.

מלך ניישטאַט: קלענערע סכומים זיינען אַריינגעפלאָסן אין קק״ל און איבערגעוויזן געוואָרן קיין ירושלים אויפן חשבון פון „קרן־הצלה". קלענערע סכומים זיינען אויך אָנגעקומען אין „היינט" און אין „החלוץ".

אַנשל רייס מעלדעט, אַז די אָרגאַניזאַציעס „מכבי" און „תרבות" האָבן געמאָלדן וועגן זייער אָנטייל אין דער אַקציע. ער לייגט־פאָר צו קאָנסטיטואירן אַ פּרעזידיום פון 3 פּערזאָן; אַן עקזעקוטיווע פון 7־9 פּערזאָן און אַ קאָ־מיטעט פון אַ גרעסערע צאָל פּערזאָנען.

עס ווערט באַשלאָסן, אויפֿן פאָרשלאַג פון ח׳ א. ל. בלאָך, פּאַרלויפיק נישט צו ווילן דעם פּרעזידיום און שאַפן בלויז אַן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט אין וועלכן, חוץ דעם ח׳ ב. צוקערמאַן און די חברים א. לעווינסאָן (קרן־היסוד), א. ל. בלאָך (קק״ל) און מ. ניישטאַט („ליגע״), זאָלן אויך אַרייַנגיין די חברים קליינבוים, רייס, גרינפעלד און אייגעס.

אַדוו. מאָרגענשטערן לייגט־פאָר, אַז אַלע אָנוועזנדיקע זאָלן זיך שטעלן צו דער דיספּאָזיציע פון „מפעל אַרלאָזאָראָוו״ און אַרויספאָרן אויף דער פּראָווינץ.

ס׳ווערט אויך אויסגעדריקט דער וואונטש, אַז אין קאָמיטעט זאָלן אַרייַנגעצויגן ווערן נישט בלויז פאָרשטייער פון פאַרשידענע ציוניסטישע גרופּירונגען און פאַרטרעטער פון דער אַגענץ, נאָר אויך פאָרשטייער פון ווירטשאַפטלעכע און פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס און אַ ריי אָנגעזעענע געזעלשאַפטלעכע טוער.

ב. צוקערמאַן דערקלערט, אַז מ׳וועט זיך באַמיען אַרייַנצוציען וואָס־מער פּערזאָנען און אָרגאַניזאַציעס אין דער אַקציע. דער ציוניסטישער אַקציאָנס־קאָמיטעט וועט זיך ווענדן צו די מיטגלידער פון א. ק. אין פּוילן מיטן פאָרשלאַג אַרייַנצוטרעטן אין קאָמיטעט און זיך באַטייליקן אַקטיוו אין זיין אַרבעט.

אַ. רייס שליסט די זיצונג און דריקט־אויס די האָפענונג, אַז אַלע אָנטיילנעמער אין דער באַראָטונג וועלן נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַרבעט און אַז אין די נאָענטסטע טעג וועט שוין פאָרקומען די קאָנסטיטואירונג פון דער עקזעקוטיווע, איר פּרעזידיום און פון גרויסן קאָמיטעט.

אייניקע פון די מיינונגען ביי דער צווייטער זיצונג זיינען שוין אַרויסגעבראַכט געוואָרן אויף דער ערשטער זיצונג. צוויי מיינונגען פון דער ערשטער זיצונג דאַרפן צוגעגעבן ווערן, כדי דער תוכן פוןביידע זיצונגען זאָל פאַרצייכנט ווערן אין פּולן. חבר אַנשל רייס האָט אויף דער ערשטער זיצונג געזאָגט, אַז די מזרחי און רעוויזיאָניסטן וועלן זיך ניט באַטייליקן אַקטיוו אין „מפעל״. דעריבער קענען מיר זיך פאַרלאָזן נאָר אויף די חברים פון דער ליגע און די אַלגעמיינע ציוניסטן. אַדוואָקאַט לעווין האָט געזאָגט, אַז וויבאַלד דער „מפעל״ איז פּראָקלאַמירט דורכן ציוניסטישן קאָנגרעס, פאַרפליכטעט עס אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען. דעריבער דאַרף די פירערשאַפט פון „מפעל״ זוכן מאָראַליש משפּיע צו זיין אויף אַלע גרופּירונגען זיך צו באַטייליקן, כדי עס זאָל ניט קומען צו קיין שטערונג מצד קיין שום גרופּירונג אין דער אַרבעט. ווי וויכטיק עס זיינען געווען די באַמערקונגען פון אָט־די צוויי חברים, וועלן מיר באַלד זען.

ו

סוף־סוף איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ברייטערער ראַט, אַן ענגערע עק־זעקוטיווע און אַ פּרעזידיום צו פירן די אַרבעט. די הויפּט־ביוראָ איז איינ־געשטעלט געוואָרן. ס'איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ רוף אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן, מיט דער אינסטרוקציע צו פאָרמירן לאָקאַלע „מפעל"־קאָמיטעטן, אַריינציען אין זיי פאַרטרעטער פון אַלע ציוניסטישע ריכטונגען, פון אַנדערע קערפּערשאַפטן וועלכע זיינען גרייט צו העלפן אין דער אַרבעט און וויכטיקע פּערזענלעכקייטן.

די ערשטע אָפּרופן זיינען געווען זייער דערמונטערנדיק. די צוגרייטונגס־אַרבעט איבערן לאַנד, אָנגעפירט דורך חבר זאב שערף, איז זיך שטאַרק צעוואַקסן. במשך די לעצטע 10 טעג פון סעפּטעמבער און דעם חודש אָק־טאָבער זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן „מפעל"־קאָמיטעטן אין 260 שטעט און שטעטלעך. דאָס איז געווען דער באַריכט וואָס חבר שערף האָט אָפּגעגעבן צו אַ זיצונג פון דער הנהלה פון „מפעל", וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דעם 1טן נאָוועמבער. לויט זיין באַריכט זיינען שוין אָרגאַניזירט 60 שטעט און וואַרשעווער געגנט, 31 שטעט אין וואָלינער געגנט, 27 אין לובלינער, 27 אין פּאָלעסיער, 25 אין קיעלצער, 20 אין לאָדזשער, 17 אין ווילנער, 17 אין ביאַליסטאָקער און די איבעריקע אין די געגנטן פון נאָוואָגרודעק און באַראַנאָוויטש. די ביוראָ איז אויך געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט נאָך 60 שטעט, וואו די אַקציעס האָבן זיך ניט געקענט באַלד אָנהויבן, ווייל קרן־היסוד האָט געפאָדערט מ'זאָל דאָרט פריער דורכפירן זיינע געלט־זאַמלונגען. חבר שערף גיט־צו, אַז אין די מערסטע שטעט באַטייליקן זיך אַלע גרופּי־רונגען, וואָס נעמען אָנטייל אין צענטער פון „מפעל".

גלייכצייטיק זיינען אויך איינגעשטעלט געוואָרן פאַרבינדונגען מיט ליטע, לעטלאַנד און עסטלאַנד צוצוגרייטן דאָרט די אַרבעט. ס'זיינען אויך געמאַכט געוואָרן אָנהויבן צוצוגרייטן די אַרבעט אין גאַליציע.

אָבער אין דער אַרבעט גופא האָבן מיר באַגעגנט זייער גרויסע שווע־ריקייטן. בכדי צו העלפן באַגעגענען די שוועריקייטן האָט חבר יוסף שפּרינ־צאַק עליו השלום געדאַרפט קומען אַ פּאָר מאָל קיין וואַרשע. אין וואָס זיינען באַשטאַנען די שוועריקייטן? בכדי זיי צו אילוסטרירן, וועל איך נאָר ציטירן אייניקע דאָקומענטן.

ז

אַזוי שנעל ווי דעם 3טן אָקטאָבער איז שוין חבר שפּרינצאַק געקומען קיין וואַרשע. עס איז צוזאַמענגערופן געוואָרן אַ ספּעציעלע זיצונג פון דער

„ליגע" מיט דער באַטייליקונג פון „פועלי־ציון", „השומר הצעיר", „פריי־היט", „גורדוניה", „החלוץ" און „החלוץ הצעיר". די „ליגע" האָט געהאַט אַ לאַנד־קאָנפערענץ און האָט זיך געגרייט אַדורכצופירן די וואַלן צו אָט־דער קאָנפערענץ. ס'איז באַשטאַנען די געפאַר, אַז די גאַנצע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג וועט זיין פאַרנומען ראשה־ורובה מיט די וואַלן און זי וועט זיך ניט קענען ווידמען דעם „מפעל". און פאַר אונז אַלעמען איז דאָך געווען קלאָר, אַז דווקא די ציוניסטן־סאָציאַליסטן, פון אַלע ריכטונגען, וועלן דאַרפן טראָגן אויף זיך דעם גרעסטן חלק לאַסט פון דעם „מפעל". איז חבר שפּרינצאַק געקומען צו דער ספּעציעלער סעסיע און ער האָט זי געעפנט מיט אַ דערקלערונג וועגן דער באַדייטונג פון „מפעל־אַרלאָזאָראָוו". ער האָט געזאָגט: „פאַראַן 4 מאָמענטן, וואָס מאַכן דעם „מפעל" באַזונדערס־וויכטיק: א) דער מאָנומענט לזכר חיים אַרלאָזאָראָוו; ב) אַ פּאָליטישער מאָ־מענט. עס עקזיסטירט איצט אַ פאַראייניקטער פראָנט קעגן דער נייער ציוניסטישער עקזעקוטיווע. מען האָפט אויף איר דורכפאַל און פון אונזער באַוועגונג. אַ דערפאָלג פון „מפעל" וועט פאַרשטאַרקן די עקזעקוטיווע און אויך אונזער אייגענע באַוועגונג; ג) דער געלט־מאָמענט; און ד) זייער וויכטיק איז דאָס וואָס נאָך אַזויפיל יאָרן וועט ווידעראַמאָל דורכגעפירט ווערן דורך אונז אַ גרויסע נאַציאָנאַלע קאָלאָניזאַציע־אונטערנעמונג. עס איז דע־ריבער נויטיק, אַז מיר זאָלן זיך אַלע קאָנצענטרירן אַרום אָט־דעם „מפעל" און אָפּלייגן אַלע אַנדערע אַרבעטן ביז נאָכן פאַרענדיקן דעם „מפעל". קודם דאַרפן זיך איבערגעבן צום „מפעל" אונזערע ארץ־ישראל'דיקע שליחים. איך פאָדער, אַז אַלע שליחים זאָלן זיך גלייך שטעלן צו אָט־דער אַרבעט און זאָלן איבערגעבן צו אונזער מחנה אין גלות, ווי גרויס עס איז די שפּאַ־נונג פון דער ארץ־ישראל'דיקער אַרבעטערשאַפט אין זייער אַרבעט פאַרן „מפעל־אַרלאָזאָראָוו".

נאָך זיין איינלייטונג האָט זיך אַנטוויקלט אַ וויכוח. געווען אויך קעגנער צו זיין פאָרשלאַג אָפּצולייגן די לאַנד־קאָנפערענץ. ער איז אָבער אונטער־געשטיצט געוואָרן דורך די חברים יהודה גאָטהעלף (וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין וואַרשע), ד"ר אַריה טאַרטאַקאָווער און אַנדערע. צום סוף האָט חבר שפּרינצאַק רעזומירט די באַשלוסן פון אָט־דער זיצונג:

א) אַלע מרכזים מאָביליזירן אַלע זייערע מענטשן פאַרן „מפעל";

ב) דער מרכז „החלוץ" וועט באַהאַנדלען די פראַגע וויאַזוי צוצופּאַסן זיין אַרבעט פאַר די נויטן פון „מפעל";

ג) די אַרבעט צווישן אונזערע חברים ווערט געפירט אונטער דער לאָ־זונג פון ביישטייערן אַ „טאָג אַרבעט" פאַרן „מפעל".

נאָך אָט־דער זיצונג האָט זיך די גאַנצע „ליגע"־מחנה אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט.

ח

די גרעסטע שטערונגען זיינען געקומען מצד דער „מזרחי" און דער „יודענשטאַט־פּאַרטיי". אויך וועגן דעם וויל איך איבערגעבן ציטאַטן פון איי־ניקע דאָקומענטן.

אין אַ בריוו פון כ"ט תשרי ה'תרצ"ה צו חבר ישראל מערעמינסקי פון הרב מאיר בערלין — אָנערקענטער פירער פון וועלט־מזרחי — רעאַגירט דער לעצטער אויף דער איינלאַדונג וואָס ער האָט באַקומען, אַז „מזרחי" זאָל זיך באַטייליקן אין „מפעל". צווישן אַנדערן זאָגט ער: „ערשטנס, קען ער נאָך ניט אויסדריקן די שטעלונג פון מזרחי איידער ער וועט זיך אומקערן צוריק קיין ירושלים (ער האָט זיך דאַן געפונען אין פּוילן). דאָרט וועט זיך פאַרזאַמלען דער וועלט־צענטער פון מזרחי און וועט באַשליסן זיין שטעלונג צום „מפעל"; צווייטנס, „שוין איצט קען איך זאָגן, אַז דיין וואונ־דערן זיך אויף דעם, וואָס מזרחי אין פּוילן האָט באַשלאָסן דערווייל ניט אָנטייל צו נעמען אין „מפעל", רופט ביי מיר אַרויס פאַרוואונדערונג אויף דיר. צי דערפאַר ווייל דער קאָנגרעס האָט באַשטעטיקט דעם 'מפעל־אַרלאָזאָראָוו', איז עס שוין אַ חוב פון יעדער ציוניסטישער גרופּירונג צו באַטייליקן זיך אין דעם? אויב עמעצער וויל זיך באַטייליקן אין דער אַרבעט פאַרן קרן־היסוד, אָדער קרן־קיימת, קען ער עס דאָך טאָן אויך מחוץ דעם 'מפעל'. דו ווייסט דאָך ניט לייקענען, אַז דער עיקר־ציל פון 'מפעל' איז דאָך אויפצו־שטעלן אַ כבוד־מאָנומענט צו אייערן אַ לערער און פירער. איז אויב דאָס איז פאַרשטענדלעך פאַר דיר און דיינע חברים, איז עס נאָך ניט אינעם גדר פון אַ 'מושכל־ראשון' פאַר אונז. ביי אונזער גאַנצער אויפטרייסלונג צוליבן מאָרד און אונזער אָפּשאַצונג פון דעם נפטר, געהערן מיר ניט צו זיינע חסידים". דריטנס, דערמאָנט ער טענות, וואָס מזרחי האָט געהאַט צו חיים אַרלאָזאָראָוו. פערטנס רעאַגירט ער קעגן דעם פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל פאַרן „מפעל", וואָס חבר מערעמינסקי האָט אים צוגעשיקט. ער וואונדערט זיך אויף דער תמימות פון די מחברים און די וואָס האָבן אויפגעשריבן דעם רוף צום „מפעל", וואָס זיי ריידן דאָרטן וועגן „איינשליסן אין אַלע פּלעצער פאַרטרעטער פון אַל־ציוניסטישע שטרעמונגען אין דער אָנפירונג פון 'מפעל'.

ער דערמאָנט די עוולות, וועלכע עס זיינען, לויט זיין מיינונג, באַגאַנגען אויפן לעצטן קאָנגרעס די פירער פון אַרבעטער־בלאָק, וואָס האָבן ניט געהאָלפן איינצושטעלן איינקייט אין די ציוניסטישע רייען. ער ענדיקט זיין בריוו מיט דער שאַרפער באַמערקונג, אַז „איר פאַרלאַנגט די פאַר־טרעטער פון אַלע שטרעמונגען נאָר צו זאַמלען דאָס געלט און ניט בכדי צו באַשליסן ווי דער ׳מפעל׳ זאָל געפירט ווערן און וואָס עס זאָלן זיין זיינע נייע צילן״.

איז אַוודאי איצט ניט פאַר מיר אַריינצוגיין אין אַ וויכוח מיט די אַרויס־געבראַכטע פונקטן אין דעם בריוו פון הרב מאיר בערלין. איך האָב עס נאָר געבראַכט בכדי אָנצואווייזן אויף די שטערונגען, וואָס דאָס האָט געלייגט אויף אונזער וועג. מיר האָבן עס באַגעגנט אין אַ סך ערטער. ווען די אַרבעט פאַרן „מפעל״ האָט זיך אָנגעהויבן אין לאַטוויע, האָט דער מזרחי־פירער, הרב מרדכי נוראָק — וואָס איז פערזענלעך געווען פאַרן „מפעל״ — ניט געקענט אָפיציעל זיך באַטייליקן אין אים. מיר האָבן זיך אויך אָנגעטראָפן מיט אַזעלכע רעאַגירונגען מצד נאָך וויכטיקע מזרחי־פערזענלעכקייטן, ווי הרב בראָדט און אַנדערע.

## ט

פיל שאַרפער איז געווען די רעאַגירונג מצד דער „אידנשטאַט־פּאַרטיי״. אויך דאָ וועל איך איבערגעבן ציטאַטן פון אַ דאָקומענט. צוזאַמען מיט דעם דערציילט דער דאָקומענט אויך וועגן אַ דריטער שוועריקייט, וואָס האָט געהייסן: „דער ענין האַרטגלאַס״, מיט וועלכן דער דאָקומענט הויבט אָן. אַדוואָקאַט א. האַרטגלאַס איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע אַלגעמיין־ציוניסטישע פירער אין פוילן און דעפּוטאַט אין פוילישן סיים. דער דאָ־קומענט איז געשריבן געוואָרן (דאָס איז אַ בריוו, וואָס איך האָב געשריבן צום חבר מערעמינסקי און ד״ר געלבער קיין פּראַג) אין דער צייט ווען חבר שפּרינצאַק האָט זיך געפונען אין פוילן: דעם 6טן אָקטאָבער, 1933, וויניקער ווי דריי וואָכן נאָכדעם ווי דער „מפעל״ האָט זיך אָנגעהויבן. דער בריוו דערציילט אויך סיי וועגן אַנדערע שטערונגען, סיי וועגן דעם פּאָזיטיוון גאַנג פון דער אַרבעט. דערפאַר גיב איך אים אינגאַנצן:

„פאַר דער גאַנצער צייט וואָס חבר שפּרינצאַק איז דאָ אין וואַרשע, האָב איך דיר ניט געשריבן. איך רעכן אַז ח׳ שפּרינצאַק האָט דיך געהאַלטן אינפאָרמירט וועגן אַלץ, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. איך וועל איצט נאָר פּרובירן רעזומירן די געשעענישן זייער קורץ.

„1) ענין האַרטגלאַס: דאָס איז געווען דער ביטערסטער טראָפּן, וואָס מיר האָבן דאָ געדאַרפט אַראָפּשלינגען. נאָך דעם ווי דער קאָמוניקאַט איז געווען פאַרעפנטלעכט און זיין נאָמען, מיט זיין הסכם, איז געווען איינגעשלאָסן אין פרעזידיום, האָט ער אָפּגערופן דעם ח׳ לעווינסאָן אויפן טעלעפאָן און אים געזאָגט, אַז ער ציט זיך צוריק פון פרעזידיום. ער און הינדעס (אַ צווייטער אַלגעמיין־ציוניסטישער פירער אין פוילן. ב. צ.) זיינען אין איין ביורא. הינדעס האָט דאַן נאָך צוגעגעבן, אַז אויב האַרטגלאַס ציט זיך צוריק, ציט ער זיך אויך צוריק. לעווינסאָן און איך זיינען גלייך אַוועק צו זיי. האַרטגלאַס האָט דאַן קיין צייט ניט געהאַט צו פאַרהאַנדלען מיט אונז. מיט הינדעסן האָבן מיר איינגעג׳טענה׳ט און ער איז געוואָרן אַביסל ווייכער. אָבער ער האָט דורכאויס פאַרלאַנגט, אַז מיר זאָלן נאָך אַמאָל פאַרזוכן צו ריידן מיט האַרטגלאַסן.

„מיר זיינען אַוועק צו האַרטגלאַסן. דאָס איז געווען ערב יום־כיפור. דריי שעה זיינען מיר אָפּגעזעסן ביי אים און אים ניט געקענט רירן. די אָנגעגעבענע סיבה איז, אַז פון דעם אַרטיקל פון פּרץ פערלמוטער איז ׳היינט׳ האָט ער זיך דערוואוסט, אַז ח׳ אַרלאָזאָראָוו איז געווען פאַרבונדן מיטן טראַנספער־אָפּמאַך. דעריבער קען ער, האַרטגלאַס, ניט העלפן אויפבויען אַ מאָנומענט לזכר אַרלאָזאָראָוו, ווייל ער באַטראַכט דעם דאָזיקן טראַנספער־אָפּמאַך פאַר אַ נאַציאָנאַלער בגידה. איך וויל ניט מאַריך זיין וועגן דעם גאַנצן געשפּרעך. דער דאָזיקער שמועס איז געווען אַזוי ביטער, אַז איך קען אים עד־היום ניט פאַרגעסן. ניט קוקנדיק אויף דעם, האָבן מיר געמאַכט נאָכאַמאָל אַ פאַרזוך. ח׳ שפּרינצאַק און איך זיינען ווידער געגאַנגען אים זען. ח׳ שפּרינצאַק האָט אין פאַרלויף פון דעם געשפּרעך ניט געשאַנעוועט האַרטגלאַסן. אָבער דער רעזולטאַט איז אַלץ דער זעלביקער. בכן, חסל סדר האַרטגלאַס. ווי דו זעסט פון דעם בלאַנק, איז זיין נאָמען שוין ניטאָ.

„2) ענין „השומר הצעיר": קומענדיק פרייטיק אינדערפרי, ערב יום־כיפור פון לאָדזש, האָב איך דערזען, אַז אין פּרעזידיום איז צוגעגעבן געוואָרן דער נאָמען פון ד״ר צבי זוהר. מיר האָבן דעם ענין פאַרהאַנדלט, איידער איך בין אָפּגעפאָרן קיין לאָדזש, און איך האָב געזאָגט דעם סעקרעטאַריאַט, אַז מען דאַרף ניט ענדערן דעם באַשטאַנד פון פּרעזידיום, נאָך דעם ווי עס איז מיט פיל שוועריקייטן געלונגען צו קריגן דעם הסכם פון די פינף מענטשן; אָבער ווען איך בין געווען אין לאָדזש, האָט ׳השומר הצעיר׳ געשיקט אַ ספּעציעלע דעלעגאַציע צו ח׳ בלאָק, דערקלערנדיק: אויב צבי זוהר וועט ניט אַריינגענומען ווערן אין פּרעזידיום, וועלן זיי מאַכן

אַ דערקלערונג אין דער פּרעסע. וואָס די דערקלערונג האָט געדאַרפט זיין וויים איך ניט. דער ענין האָט מיך אַזוי דענערווירט, אַז איך האָב אַפילו מער קיין פראַגן ניט געשטעלט. דו שרייבסט מיר, אַז לויט שפּרינצאַק׳ס ידיעות, האָב איך דאָ געהאַט שוועריקייטן אויך פון אייגענע מענטשן. דאָס איז טאַקע אמת. איך האָב דיר וועגן דעם ניט געשריבן, ווייל איך האָב ניט געוואָלט שווערער מאַכן דיין געמיט, וויסנדיק, אַז אויך דו האָסט גענוג שטיינער צו באַזייטיקן. אָבער אָט־די האַנדלונג פון השוה״צ האָט פול גע־מאַכט די מאָס און איך האָב מיין כעס אויסגעדריקט צו ח׳ לעווינסאָן, וואָס האָט מיר מיטגעטיילט די ידיעה. דערמיט האָט זיך דער ענין געענדיקט. צבי זוהר איז אַדאַנק גאָט אין פּרעזידיום. כאָטש איך האָב אים דערווייל ביי קיין איינער פון די פיל זיצונגען, וואָס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן זינט איך בין דאָ, ניט געזען.

„3) ענין גראָסמאַן: די פאַרהאַנדלונגען מיט אים האָבן זיך אָנגע־הויבן גלייך ווי ער איז געקומען. דאָס איז געווען אַ פאָרזעצונג פון מיינע פאַרהאַנדלונגען מיט ד״ר כהן (דער באַרימטער פּאָעט ד״ר יעקב כהן, וואָס איז געווען אַ מיטגליד פון דער „אידנשטאַטס־פּאַרטיי״. ב. צ.). מיין אָפּ־שאַצונג איז געווען אַ ריכטיקע. גראָסמאַן האָט זיי טאַקע געשריבן, אַז זיי זאָלן ניט אָננעמען מיין שטעלונג צום ׳מפעל־אַרלאָזאָראָוו׳, ביז וואַנעט ער וועט קומען. מיין ערשטע באַגעגעניש מיט אים איז געווען ערב יום־כיפּור. שפּעטער איז פאָרגעקומען אַ באַגעגעניש מיט אים, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט פון אונזער זייט אויך די חברים שפּרינצאַק און ד״ר העלמאַן. די לאַנגע שקלאַ־וטריאַ׳ס האָבן דערפירט צום פאָלגנדיקן: ער האָט פון אונז אַלעמען געוואָלט אַן ענטפער אויף צוויי פראַגן. ערשטנס, ווי וויים איז די ׳ליגע׳ אַ שותף צום מפעל? צווייטנס, וועלכע עלעמענטן וועלן קאָלאָנירט ווערן און וואָס פאַראַ פאָרם פון קאָלאָניזאַציע עס וועט אויפגעבויט ווערן דורכן מפעל־אַרלאָזאָראָוו? מיר האָבן פאָרמולירט אונזער ענטפער אין צוויי פּאַראַגראַפן, וועלכע מיר האָבן אים איבערגעגעבן ווי אַ טעקסט, וואָס מיר וועלן באַנוצן, ווען פון אים וועט אָנקומען דער אָפיציעלער בריוו מיט די צוויי פראַגן. מיר האָבן זיך אויך פאַרשטענדיקט, אַז אויב דער טעקסט וועט אים ניט צופרידנשטעלן — און ער וועט קיין פּאָזיטיווע באַ־ציאונג צום מפעל־אַרלאָזאָראָוו ניט קענען אָננעמען — דאַן זיינען די פאַר־האַנדלונגען בטל למפרע; און ניט מיר האָבן אים געשיקט בריוו, ניט ער אונז. דער טעקסט פון אונזער ענטפער איז פאָלגנדיקער:

„1. עבודת הליגה חשובה בעינינו מאד. באקטיביות שלה תלויה

הצלחת המפעל. מובן מאליו שסמכות ב״כ הליגה בהנהלת עניני המפעל הנה כסמכות כל אותם הגופים הציבוריים המשתתפים במפעל והממלאים בזה את החובה שהטיל הקונגרס הציוני על כל הציונים בלי הבדל זרם ומפלגה.

„2. הנהלת מפעל ארלוזורוב תפקידה רק בארגון המגבית בגולה. שאלת השימוש בכספי המגבית וקביעת אופן ההתיישבות אינה בסמכות הנהלת המפעל, כי אם בסמכותם הרגילה של קרן היסוד והקרן הקימת. עד כמה שידוע לנו לא נקבעו עדיין פרטי ההתיישבות על המפעל של ארלוזורוב.

„דעם דאָזיקן טעקסט האָב איך אים איבערגעגעבן מיט דריי טעג פריער און היינט אָדער מאָרגן דערוואַרט איך אַ תשובה. מיין איינדרוק איז, אַז זי וועט זיין אַ נעגאַטיווע און אַז אויך אין דעם פאַל האָבן מיר אויסגעגעבן לבטלה אַ גרויסע מאָס פון ענערגיע און צייט.

„4) ענין ביוראָ: ווי דו זעסט, האָבן מיר שוין מיט מזל אַן אייגענע וואוינונג. ניט קרן־היסוד און ניט קרן־קיימת האָבן געוואָלט געבן פּלאַץ. אויף די פאַרהאַנדלונגען האָבן געדויערט טעג, ביז פון די טעג איז געוואָרן וואָכן און מען האָט זיך ניט געקענט רירן פון אָרט. דאָס, אייגנטלעך, פירט מיך צו פאַרשידענע געדאַנקען און ספיקות, צי האָבן מיר בכלל געדאַרפט אַרויפוואַרפן דעם מפעל־אַרלאָזאָראָוו אויפן קאָנגרעס און פון קאָנגרעס אויף די קרנות און פון די קרנות אויף פּלייצעס וועלכע ווילן עס ניט טראָגן. מיר דוכט זיך, אַז עס וואָלט פיל בעסער געווען, ווען מיר מאַכן דערפון אויסשליסלעך אַן אייגענע אונטערנעמונג מיט אייגענע כוחות; און ווען איך טראַכט וועגן די קאָמפּליקאַציעס, וואָס וועלן שפּעטער אַנטשטיין דורך דעם, וואָס אויף טיילן פון דעם געלט וועט זיין איין בעל־הבית און אויף יענעם טייל וואָס איז געזאַמלט געוואָרן אין א״י אַן אַנדער בעת־הבית — ווערן נאָך מיינע ספיקות שאַרפער. צי וואָלט ניט בעסער געווען, ווען מיר אַליין מאַכן דעם גאַנצן מפעל? אָבער פאַרפאַלן. מען מוז דעם ענין פאַרענדיקן אויף דעם בעסטן אופן ווי נאָר מעגלעך.

„5) החלוץ: איבערגייענדיק צו פרייליכערע ידיעות. דו געפינסט דאָ אַ קאָפּיע פון דעם קאָמוניקאַט, וואָס ווערט היינט איבערגעגעבן דער איט״אַ. די דאָזיקע זיצונג, וועגן וועלכער עס ווערט דאָ דערציילט, איז ווירקלעך געווען די בעסטע, וואָס מיר האָבן ביז איצט געהאַט אין פאַרבינדונג מיטן מפעל. די באַשלוסן ריידן פאַר זיך אַליין. היינט פאָר איך אין גראָכאָוו, וואו דער גאַנצער מרכז געפינט זיך, און מיר וועלן איינשטעלן דעם דע־פּאַרטאַמענט, וואָס ווערט אָנפירן די אַרבעט אין החלוץ. מיר וועלן האָבן

אונזערס אַ ספּעציעלן מענטשן; נאַטירלעך, איינעם פון זייער מרכז, וואָס וועט זיך די קומענדיקע זעקס וואָכן אינגאַנצן אָפּגעבן דעם מפעל און וועט באַנוצן די זעלביקע קאָנטראָל־סיסטעמען, וואָס החלוץ האָט באַנוצט אין דער שקל־אַקציע. אַזוי, אַז מען קען ווירקלעך דערוואַרטן אַ מאַקסימום פון ביישטייערער.

„6) ליגע: די פאַרזאַמלונג מיט די פאָרשטייער פון דער ליגע האָט זיך זייער גוט איינגעגעבן. דער פּראָטאָקאָל וועט מיר צוגעשיקט ווערן.

„7) אינסטרוקטאָריאַט: בנוגע דעם אינסטרוקטאָריאַט האָבן מיר באַשלאָסן אַריינצוטראָגן אַ באַדייטנדיקע ענדערונג. ווען מיר פירן אַדורך דעם פריערדיקן פּלאַן, וואָלטן מיר אַריין אין אַ בודזשעט פון קאַרגע 225,000 זל. אויפן אינסטרוקטאָריאַט אַליין. מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן צו טיילן דאָס לאַנד אין 7 אָדער 8 ראַיאָנען. אין יעדן ראַיאָן דאַרף מען אַריינזעצן אַ גוטן מענטש, ער זאָל באַאַרבעטן די גרויסע שטאָט פון ראַיאָן אַליין און זאָל, דורך וואָלונטערער הילף, קענען דיריגירן באַזוכן אין די איבעריקע שטעט פון זיין ראַיאָן. אויף אַזאַ אופן וועלן באַזוכט ווערן מער שטעט און געלט וועט דאָס אונז קאָסטן ווייניקער ווי אַ העלפט. מיר האָבן זיך דאָ געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די וויכטיקסטע קאַנדידאַטן און תיכף נאָך יום־טוב וועט זיך אָנהויבן די אַרבעט.

„8) ענין וואַרשע: דינסטיק וועט פאָרקומען אַ גרעסערע פאַרזאַמלונג צו אָרגאַניזירן דעם וואַרשעווער קאָמיטעט. אַ קאָפּיע פון דער איינלאַדונג, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן צו 60 אָרגאַניזאַציעס און נאָך אַ צאָל מענטשן — בייגעלייגט. אויף שבת, דעם 20טן, ווערט געפּלאַנט אַ גרויסע אַקאַדעמיע צו עפענען דעם מפעל אין וואַרשע. ווייטערדיקע ידיעות וועסטו באַקומען.

„9) ענין לאָדזש: מאָנטיק קומט־פאָר די אָרגאַניזיר־פאַרזאַמלונג אין לאָדזש. אויך וועגן דעם וועסטו באַקומען פּרטים אין אַ פּאָר טעג אַרום.

„10) פּרעסע: אין אַ פּאָר טעג אַרום וועלן מיר אַרויסגעבן צו דער פּרעסע דעם רוף פון ועד הפועל פון דער הסתדרות און דער וועלט־ליגע. מיר גרייטן־צו אַן אויפרוף אין נאָמען פון דער היגער עקזעקוטיווע. עס וואָלט ניט געשאַדט, ווען איר קענט קריגן אַ פּאַסנדיקן בריוו פון ד״ר ווייצמאַן און פון סאָקאָלאָוו פאַר דער פּרעסע. קען מען עפּעס מאַכן פאַר דער פּרעסע פון אוסישקינ׳ס אויפטריט? אויב יאָ — שיקט עס אונז צו.

„צום סוף האָסטו מיין הבטחה, אַז דו וועסט איצט קריגן פון מיר אַ בריוו ווייניקסטנס יעדן צווייטן טאָג. וויבאַלד מיר האָבן שוין אונזער אייגענע

דירה און ח׳ שערף אַרבעט מיט מיר צוזאַמען, וועלן דיר קיין אינפאָרמאַציעס איבער פוילן ניט פעלן״.

ו

מיין אַרכיוו פון „מפעל־אַרלאָזאָראָוו״ איז אָנגעפּיקעוועט מיט זייער־אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל. אָבער נישט אַלץ קען איך אַריינגעבן אין מיינע זכרונות (נאָכן פאַרענדיקן שרייבן דאָס איצטיקע בוך, וועל איך דעם „מפעל״־אַרכיוו — און אַרכיוון פון אַנדערע אַקטיוויטעטן — איבערגעבן אין „אַרכיון העבודה על שם נחמן סירקין״ אין תל־אביב). אין די קומענדיקע שורות פון אָט־דעם קאַפּיטל וועל איך געבן נאָך איין לענגערן דאָקומענט, וועלכער וואַרפט אַ ליכט אויף אַנדערע זייטן פון דער אַרבעט — און דאַן, עטלעכע קירצערע ציטאַטן, וואָס ברענגען־אַרויס וויכטיקע מאָמענטן. די לעצטע ציטאַטן וועל איך ברענגען לויטן כראָנאָלאָגישן סדר. די מערסטע — למען הקיצור — אָן קאָמענטאַרן.

דער לענגערער דאָקומענט איז ווידער אַ בריוו, וואָס איך האָב געשריבן צו דער הויפּט־ביוראָ אין פּראַג, דעם 6טן נאָוועמבער; פּונקט אַ חודש נאָכן פריער־געבראַכטן בריוו פון 6טן אָקטאָבער. במשך דעם חודש האָט מיין ביוראָ באַקומען פיל בריוו פון פּראַגער הויפּט־ביוראָ. אייניקע געשריבן פּערזענלעך פון חבר יוסף שפּרינצאַק, וועלכער האָט מיט געוואַלטיקער זאָרג און חברישער אויפמערקזאַמקייט נאָכגעפאָלגט אונזער אַרבעט. אין אייניקע פון זיינע בריוו האָט ער, אויף זיין פאָטערלעכן שטייגער, אויך אָנגעוויזן אויף די פעלערן אין אונזער אַרבעט. מיין שטעלונג צו זיי ווערט אַרויסגעבראַכט אין דעם בריוו, וואָס איך פאַרעפנטלעך דאָ.

„מיין ליבער ישראל, איך גרייט זיך דיר איצט צו שרייבן אַ לאַנגן בריוו. איך פיל, אַז בנוגע דער קאָרעספּאָנדענץ מיט דיר בין איך ניט אין גאַנצן אין אָרדענונג. איך האָב אַוודאי געדאַרפט אַליין שרייבן מער. אָבער גלויב מיר, אַז איך האָב פשוט ניט געהאַט די פיזישע מעגלעכקייט דערצו. איך בין אין די באַנען מער טעג און מער נעכט ווי אין די שטעט; און אויף די באַנען קען איך ניט שרייבן. איך מוז דיר זאָגן, אַז איך האָב נאָך אַ גרויס מזל, וואָס דער רבונו־של־עולם האָט מיר צוגעשיקט דעם חבר שערף. אָן אים וואָלט מיך די גאַנצע אַרבעט פאַרטרונקען און איך וואָלט געפאַלן אונטער דער לאַסט. דווקא דאָס וואָס איך האָב געוואוסט, אַז ער וועט פאַר־זאָרגן אונזער קאָרעספּאָנדענץ ווי געהעריק, סיי מיט אַלע פּונקטן אין לאַנד, סיי מיט דער הויפּט־ביוראָ, האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט איך זאָל

קענען, מיט פאַרהעלטנישמעסיקער רואיקייט, אָנגיין מיט דער אַרבעט אין
די שטעט וועלכע איך האָב באַזוכט. איך האָב מיר דעריבער דערלויבט
אַן אָפּשוואַכונג אין מיין פערזענלעכער קאָרעספּאָנדענץ מיט אייך, וויסנדיק,
אַז ער וועט שוין די זאַך מאַכן על צד היותר טוב.

און ער האָט עס טאַקע אַזוי געמאַכט: איך האָב נאָכגעפאָלגט זיינע
בריוו און אייערע צו אים. אויף וויפל איר האָט אַמאָל געהאַט אַ גערעכטע
טענה קעגן אים, איז עס געווען מיין שולד. איך האָב אָפּט צוגענומען אייערע
בריוו מיט זיך, האָפנדיק, אַז איך וועל אַליין קענען ענטפערן. איך האָב
די זאַכן אין אייערע בריוו ניט געקענט באַזאָרגן. ער האָט פון זיי ניט
געוואוסט און עס איז אָפּט אַרויסגעקומען אַ פאַרשפּעטיקונג אָדער אַ מיס־
פאַרשטייעניש אין אַ פּאָר פונקטן. אָט־דאָס דאַרפט איר אין גאַנצן פאַר־
שרייבן אויף מיין חשבון. אָבער פאַרן גאַנצן באַרג מיט אַרבעט, וואָס ער
האָט יאָ דורכגעפירט, געהערט אים דער קרעדיט. דאָס זאָג איך נישט נאָר
צוליב דעם, בכדי אויף אַזאַ אופן אויסצודריקן מיין אָנערקענונג צו זיין
אַרבעט — אָן וועלכער מיר וואָלטן געווען ווייט פון יענע דערגרייכונגען,
וועלכע מיר האָבן טראָץ אַלע שוועריקייטן דאָך דערגרייכט — נאָר וויל
פון אָט־דער לאַגע אין אונזער אַרבעט קען מען און מען דאַרף קומען
צו אַן אַנדער אָפּשאַצונג פון דער לאַגע אין פּוילן בנוגע מפעל־אַרלאָזאָראָוו,
ווי צו די וועלכע, ווי מיר שיינט, איר זייט געקומען. ספּעציעל האָב איך אין
זינען דעם טאָן אין דעם בריוו פון חבר שפּרינצאַק צו דער מזכירות אונזערער.

„איך האָב נאָך ניט געהאַט קיין געלעגנהייט פאַר זיי צו לייענען דעם דאָזיקן
בריוו. איצט וועל איך עס אויך מער ניט טאָן. איך וויל ניט צוגעבן נאָך אַביסל
ביטערקייט צו דער פאַרביטערטקייט, וואָס עס האָבן ביי זיי אַרויסגערופן די
ספּעציעלע בריוו, וואָס איר האָט זיי געשריבן. איך וויל זיי אָבער ניט געבן קיין
מעגלעכקייט זיי זאָלן קענען זאָגן, אַז מען טשעפּעט זיך סתם צו זיי; און אין
חבר שפּרינצאַק׳ס בריוו קענען זיי געפינען אַ באַגרינדונג צו אַזאַ באַהויפּטונג.
גענוג צו נעמען אין באַטראַכט יענעם פונקט, וואו עס רעדט זיך וועגן דעם, אַז
פּוילן מוז זיך פאַרמעסטן צו שאַפן גאַנצע צען טויזנט פונט.*) יעדער איינער
פון זיי ווייסט, אַז דאָס איז אַזוי ווייט פון רעאַליטעט כרחוק מזרח ממערב.
דער קרן־היסוד האָט אַ גאַנץ יאָר צייט צו זיין רשות, האָט אַ גרויסן שטאַב
אין וואַרשע און אין לאַנד, האָט אַ גוט־איינגעאָרדנטע און ברייט־באַזעצטע
ביוראָ, קריגט אַ סך גרעסערע סכומים ווי ווער עס איז האָט געהאָפט אַז מיר
וועלן קריגן — און במשך פונעם גאַנצן יאָר האָט קרן־היסוד איבערגעשיקט

*) עס רעדט זיך אומעטום וועגן פונט שטערלינג. — ב. צ.

ניט מער ווי זיבן טויזנט פונט. און מיר? אין אַזעלכע באַדינגונגען ווי מיר אַרבעטן, ביי דער קעגנערשאַפט וואָס מיר באַגעגענען אויף שריט און טריט, מיט אַ צייט־באַגרענעצונג וואָס דריקט שוין איצט אויף אונז, מיט אַן אַפּאַראַט וואָס נאָר דורך דער אויסערגעוויינטלעכער איבערגעבנקייט און לייסטונג־גרייט־קייט פון אַ פּאָר מענטשן, האָבן מיר אויסגעהאַלטן די לאַסט פון די לעצטע וואָכן — ווען דאָס לאַנד האָט אויף אונזערע אָרעמע קעפּ אָנגעהויבן משפּיע זיין רוב טובה: מעלדונגען פון קאָמיטעטן וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירט, פאַר־לאַנגען פאַר רעדנער און מאַטעריאַלן פאַר דער אַרבעט — צו דערוואַרטן ביי אַזעלכע באַדינגונגען, אַז מיר זאָלן נאָך איבערשטייגן די געזאַמלטע סומע פון אַ יאָר קרן־היסוד, איז גאַנץ ווייט פון רעאַליטעט. אפשר ווען מען רעדט אַזוי אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג — און מען מיינט, אַז דורך דעם וועט מען געבן דעם עולם ברייטערע פליגלען, אַ גרעסערן שוואונג און אַרויסרופן מער ענטוזיאַזם—האָט עס נאָך אפשר אַ זין, כאָטש מיינע איגענע דערפאַרונגען לייקענען אויך אָפּ די באַהויפּטונג. אָבער צו מיינען, אַז אַזאַ פאָרשלאַג, אויסער יעדער פּראָפּאָרציע, קען ווירקן אויף מענטשן — וועלכע זיינען אַליין אין דער קיך און ווייסן וויאַזוי יעדער זאַך ווערט געקאָכט — איז נאָך מיין מיינונג אַ טעות. מיר דוכט זיך, אַז דאָס ברענגט צו פונקט־פאַרקערטע רעזולטאַטן. טאַקע צוליב דעם וועל איך אָט־דעם בריוו ניט פאַרלייענען. סיידן חבר שפּרינצאַק באַשטייט אויף דעם. דאַן וועל איך, נאַטירלעך, אויספירן זיין פאַרלאַנג. אָבער איך בין איבערצייגט, אַז קיין נוצן וועט עס ניט ברענגען.

„וועגן ענין בודזשעט האָב איך ניט פיל צוצוגעבן צו דעם וואָס חבר שערף האָט געשריבן. בלויז אַ פּאָר אַלגעמיינע באַמערקונגען. אונזער בודזשעט קען שוין צוליב דעם ניט אָנגעגעבן ווערן אין מער קאָנקרעטע ציפערן, ווייל אַפילו היינט ווייס איך ניט צי וועלן מיר יאָ אָדער ניט אָנשטעלן נאָך אַ פּאָר מענטשן. מיר זוכן אַ פאַסנדיקן מענטשן פאַר לובלינער ראַיאָן און קענען ניט געפינען. אינעם מאָמענט ווען מיר וועלן אים געפינען שטעלן מיר אים גלייך אָן. מיר פאַרהאַנדלען למשל מיט ד״ר שיפער, וואָס איז אָקאָרשט געקומען פון ארץ־ישראל פול מיט באַגייסטערונג. מיר ווילן אים האָבן אויף אַ פּאָר וואָכן, אַרויסצושיקן אין פאַרשידענע שטעט. וועט עס מוזן קאָסטן אַביסל געלט. אַגב, ווען דער ענין־שיפער געלינגט, איז ניטאָ וואָס צו ריידן וועגן אַלשוואַנגער. ווי דו זעסט בכן, איז די ציפער — וואָס חבר שערף האָט דיר געגעבן — די איינציק־מעגלעכע. עס וועט אונז געווים קאָסטן ניט ווייניקער ווי 15 טויזנט זלאָטעס, אָבער ווי ווייט מען קען פאָראויסזען, וועט עס ניט איבערשטייגן די סומע פון 20 טויזנט זלאָטעס.

„וויפל מען קען דערוואַרטן הכנסה — איז ניט אַזוי גרינג צו פעסטשטעלן. וועגן דעם זיינען דאָ פאַרשידענע אָפּשאַצונגען. איך קען נאָר פאַרזיכערן, אַז מיר וועלן ווייט איבערשטייגן יענע אָפּשאַצונג וואָס עס האָט, צום ביישפּיל, געמאַכט חבר זילבערבערג — דער וואָס איז מערסטנס פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער קרן־היסוד־אַרבעט אין פוילן. ער האָט געהאַלטן, אַז אויב מיר וועלן אויפקלייבן 40 טויזנט זלאָטעס וועט עס זיין אַ גרויסער אויפטו. אַז 100 טויזנט זלאָטעס וועט זיין אַ גרויסער אויפטו — דאָס זאָגן כמעט אַלע. איך בין אַן אָפּטימיסט און רעכן, אַז מיר וועלן דערגרייכן אַרום 125 טויזנט זלאָטעס, אָבער אויב מיר וועלן דאָס דערגרייכן, וועט עס טאַקע זיין דער מאַקסימום. ווייל מיר וועלן דאַן קענען אָפּשיקן אין מזומן מער ווי אַ העלפט פון די מזומן־הכנסות פון אַ גאַנצן יאָר קרן־היסוד. אויב די זעלביקע פּראָפּאָרציע וועט זיין אין אַלע לענדער, גיט עס אונז די 100 טויזנט פונט פאַרן מפעל־אַרלאָ־זאָראָוו, וועגן וועלכע עס איז געווען די רייד אין פּראָג. ווייל דער פאַרגלייך איז דאָך מיט לעצטן יאָר קרן־היסוד, וואָס האָט דערגרייכט די סומע פון 175 טויזנט פונט. אויב די וועלט אויסער ארץ־ישראל זאָל זאַמלען אומעטום מער ווי אַ העלפט ווי דאָס מזומן־געלט פאַר קרן־היסוד — און ארץ־ישראל האָט דאָך שוין איבערגעשטיגן די זאַמלונגען פון קרן־היסוד — האָבן מיר דאַן געבראַכט דעם מפעל אונזער צום גרעסט־מעגלעכן דערפאָלג.

„ענין סאָקאָלאָוו. ליידער איז נאָך דער דאָזיקער ענין אויך איצט ניט אינגאַנצן פאַרענדיקט. אָט האָב איך אָקאָרשט גערעדט מיט חבר קליינבוים און ער האָט מיר געזאָגט, אַז סאָקאָלאָוו איז נאָך איצט אַלץ אין וואַרשע. ער וואַרט מען זאָל דאָ עפּעס צוגרייטן פאַר אים אַן אימפּאָזאַנטע זאַך. אָסור אויב איך ווייס, וואָס מיר קענען טאָן. איך וועל צוזאַמענרופן אַ זיצונג פון מזכירות אויף מאָרגן וועגן דעם. איך ציטער פאַר דער צערודערונג, וואָס עס קען ווייטער אַריינגעטראָגן ווערן צוליב דעם אין אונזער אַרבעט. מיר וועלן נאָך איינע אַזאַ צערודערונג ניט קענען איבערטראָגן. איצט איז אַוועק צו סאָקאָלאָוון אַ דעלעגאַציע, בכדי אויסגעפינען, וואָס ער דערוואַרט מען זאָל טאָן. מאָרגן פרי וועל איך זיך דערוויסן וועגן דעם. איך וועל דיר שרייבן. כאָטש וואָס איר קענט פון דאָרטן טאָן, ווייס איך ניט. איך וויל נאָר זאָגן, ביי דער געלעגנהייט, אַז אויך בנוגע דעם פּונקט זייט איר ניט אינגאַנצן גערעכט קעגן דער היגער מזכירות. חבר בלאָך, למשל, איז ניט געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט, אַז סאָקאָלאָוו׳ס באַזוך קען יאָ ברענגען נוצן פאַרן מפעל און דאָך דאַרף מען אים ניט ברענגען. פּונקט פאַרקערט: חבר בלאָך האָט אַרגומענטירט, אַז סאָקאָלאָוו׳ס באַזוך קען דעם מפעל קיין שום

נוצן נישט ברענגען. צי ער איז געווען גערעכט אין זיין אַרגומענטאַציע, איז שווין אַן אַנדער פראַגע. מען דאַרף ניט לאָזן דעם איינדרוק, אַז ביים גלויבן אין דער נוצלעכקייט פונעם באַזוך, האָט ער אים פאַרט ניט געוואָלט. די שטעלונג פון די אַנדערע חברים האָט אויך אַרויסגעשטראַמט פון געוויסע באַגרינדונגען, וואָס קענען זיין גערעכט אָדער ניט; אָבער מען האָט זיך געמוזט רעכענען מיט די אַרגומענטן. איך פּערזענלעך גלויב, אַז אַפילו די אַרגומענטן פון חבר ניישטאַט אין דער פראַגע זייבען אויך געווען גאַנץ וואַגיקע. מען קען ניט מזלזל זיין דעם חשש, אַז ווען מיר וואָלטן געדאַרפט אויסטראָגן דעם גאַנצן פּאַראַד — וואָס אַן אָפיציעלער באַזוך סאָקאָלאָוו'ס האָט געפאָדערט — אויף די פּלייצעס פון מפעל, וואָלט עס אונז זייער באַשוועררט אונזער אַרבעט אין אייגענע קרייזן. זיי וואָלטן גאָרניט אַזוי לייכט געקענט פאַרדייען דעם גאַנצן קלאַפּערגעצייג פון רעגירונגס־פּאַרטרעטער, מיט אַלץ וואָס מוז באַגלייטן אַזאַ פּאַרטרעטערשאַפט. איך באַטראַכט דעם ענין סאָקאָלאָוו — אין פאַרבינדונג מיט אונזער אַרבעט — ווי איינעם פון די ניט־מזל'דיקע. אָבער די ניט־מזל'דיקייט שטאַמט ניט פון דער שטעלונג אין וואַרשע, נאָר פון דעם עצם ניט־צוגעפּאַסטקייט פון זיין אַרויסטריט, דווקא אין פוילן, צו אונזער מפעל. אַז די דערוואַרטונג פון זיין נוצלעכקייט ווי אַ שלום־ברענגער איז אויך געווען אַ צו־אָפּטימיסטישע, איז דאָך שוין איצט אַוודאי קלאָר. איז בעסער מען זאָל דעם גאַנצן ענין מער ניט אויפהויבן. זיכער טאָר מען דערפון ניט מאַכן קיין באַזע פאַר אַ טענה קעגן דער פוילישער מזכירות.

„איך וואָלט אָבער פון דעם ענין צייט־באַגרענעצונג יאָ געמאַכט אַ באַזע פאַר אַ טענה. דער פאַקט איז, אַז צוליב די פאַרהאַנדלונגען וועגן דער דירה פאַרן מפעל האָבן מיר פאַרלאָרן אַזויפיל צייט און ענערגיע — און אין דעם איז געווען שולדיק די מזכירות, צוזאַמען מיט די אַנדערע חברים פון ערשטן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, וועלכע האָבן ניט מסכים געווען צו פירן די אַרבעט אין דער ביוראָ פון קרן־היסוד אָדער פון קרן־קימת. אויך די טענה קעגן דער דערקלערונג פון קרן קימת וועגן חודש תשרי איז אַן אמת'ע. די וויכטיקסטע פון אַלע טענות איז אָבער די פיזישע אוממעגלעכקייט אָפּ־צושניידן די אַרבעט דאָ, ווען זי האָט זיך צעברענט. בכדי צו באַווייזן ווי ווייט ערנסט ס'איז די לאַגע, וויל איך בלויז ציטירן אַ פּאַראַגראַף פון אַ בריוו פון איב. לעוויטאַס — וואָס פירט די אַקציע אין וואָלין, און אים איז אַמבעסטן געלונגען צו אָרגאַניזירן זיין אַרבעט אין אַ גרויסן שטח. ער שרייבט:

‘איך בין שוין העכער צוויי וואָכן אין וועג און איך האַלט, אַז עס איז ממש אוממעגלעך צו ענדיקן די אַקציע ביז דעם 15טן נאָוועמבער. יעדער פּונקט וויל אַ באַזוך. דער באַזוך העלפט טאַקע זייער אַ סך צו אַקטיוויזירן די חברים . . . איך בין מער ווי זיכער, אַז וואָלין וועט שלאָגן דעם רעקאָרד, אויב איר וועט מיר נאָר געבן צייט צו באַאַרבעטן מיין ראַיאָן ווי געהעריק. דערווייל שטיי איך אין פאַר־בינדונג מיט 41 פּונקטן. איך מוז אָבער אויך אָרגאַניזירן די איבעריקע פּונקטן. אַלע מוזן זיך באַטייליקן אין מפעל. איר מוזט מיר נאָר געבן גענוג צייט. איך רעכן נאָך פון 4 ביז 6 וואָכן’.

„אַזוי שרייבן אויך די אַנדערע. און אַלע ענדיקן, אַז עס וועט זיין אַ שאָד די ענערגיע, וואָס איז שוין אַריינגעלייגט געוואָרן אין דער אַרבעט, אויב מען וועט מוזן איבעררהאַקן די אַרבעט. מען מוז קריגן די הסכמה צו מיין פאָרשלאָג: ביי קאָמיטעטן אין נאָך־ניט־אָרגאַניזירטע שטעט זאָלן מיר קענען גרינדן ביז דעם 1טן דעצעמבער. די גאַנצע אַרבעט זאָל זיך ענדיקן דעם 15טן דעצעמבער. חבר קליינבוים האָט מיר צוגעזאָגט צו שרייבן אייך און ווענדן זיך אויך קיין ירושלים צו די הויפּט־ביוראָס פון די קרנות, פאַר־לאַנגענדיק אומבאַדינגט, אַז די צייט זאָל פאַרלענגערט ווערן.

„וואָס שייך מיין אייגענער צייט — וואָס איך קען נאָך בלייבן אין וואַרשע — איז עס דערמיט ניט פאַרבונדן דירעקט. אויב חבר ד״ר שיפּער זאָל זיך באמת שטעלן צו דער אַרבעט, דאַן וואָלט די פראַגע פון באַזוכן אין די גרעסערע שטעט פאַרענטפערט געוואָרן — און איך וואָלט געקענט אַוועקפאָרן פריער. עס וועט דאַן בלויז בלייבן די פראַגע פון דער אַלגעמיינער לייטונג פון מפעל. אויב ח׳ שפּרינצאַק קען דאָ בלייבן צווישן אַ חודש און 6 וואָכן, וואָלט ער דאָס געדאַרפט פאַרענדיקן. טאָמער וועט ער ניט קענען קומען, זע איך ניט קיין אַנדער אויסוועג סיידן אַז די פאַרענדיקונג פון דער אַרבעט זאָל איבערגעגעבן ווערן דעם חבר ניישטאַט. אויב עס איז דאָך מעגלעך, אַז קרן־היסוד זאָל שיקן עמעצן אַנדערש קיין פינלאַנד און איך זאָל דאָ קענען בלייבן, זאָגן מיר, ביז אַרום אַ וואָך אין דעצעמבער, וואָלט עס געווען פאַרן מפעל, ווי מיר שיינט, אַמבעסטן. די ווייטערדיקע פאַרענדיקונג — וואָס וועט אויך דאַרפן דויערן עטלעכע וואָכן — וואָלט שוין געקענט פירן דער ח׳ שערף.

„אַ קורצע באַמערקונג וועגן שלום אַש׳ס אַרטיקל. דו ביסט אונטער דעם איינדרוק, אַז מיר האָבן דאָ שוין געוואוסט וועגן זיין אַרטיקל, ווען איך האָב איבערגעגעבן דעם קאָמוניקאַט מיט דעם אויסצוג פון זיין בריוו צו מיר. דאָס איז אַ טעות. ווען איך האָב איבערגעגעבן דעם קאָמוניקאַט האָב איך

נאָך קיין אַנונג ניט געהאַט, אַז ער שרייבט באַזונדער אַן אַרטיקעלע. האָב איך דערפאַר מיט אַ כיוון אַריינגעכאַפּט אויך דעם פּאַראַגראַף וועגן זיין שטעלונג צום מפעל־אַרלאָזאָראָוו.

„וועגן ענין דאַנציג ביסטו שוין דוכט זיך אינפאָרמירט. חבר אייזענשטאַט האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט שטיין מיט דיר אין שטענדיקן קאָנטאַקט. דאָס געלט, וואָס וועט דאָרטן געזאַמלט ווערן, וועט געשיקט ווערן דירעקט קיין פּראָג. צו אונזער שלימזל דאַרף דווקא איצט אַרויסגעגעבן ווערן אַזאַ פאַראָרדענונג אין אַ שטאָט, וואו מיר וואָלטן ווירקלעך געקענט דורכפירן אַ באַדייטנדיקע אַקציע.

„מיר גרייטן־צו אַ וועכנטלעכן איבערזיכט איבער אונזער אַרבעט און נאַטירלעך וועסטו אַלעמאָל קריגן אַ קאָפּיע דערפון.

„וואָס שייך דער היגער פּרעסע, איז עס איינע פון אונזערע אַנגעווייטיקט־סטע פּונקטן. ‚היינט' איז ניט דאָס וואָס געווען. האָסט וואַרשיינלעך באַ־מערקט, אַז ניט נאָר גראָסמאַנ'ס נייע יודענשטאַטס־פּאַרטיי, נאָר אויך יע־דער געגנעץ פון אַ מזרחיסט געפינט דאָרטן איצט אַ פּלאַץ. דאָס איז אָן ספק אַ טענדענץ. איך האָב אַפילו געהערט, אַז ווי רעדאַקטאָר איז אויסגעקליבן געוואָרן הער יאושזאָן, וואָס איז פּריינטלעך צו אונז און צום מפעל. אָבער צי וועלן זיי קענען בייקומען די קאָמבינאַציע פון גאָטליב, איינהאָרן עט קאָמפּ. איז אַ גרויסע שאלה. אָט האָט דאָך ח' ליריק צוגעזאָגט דעם ח' שפּרינצאַק צו שרייבן וועגן אונזער מפעל און דערווייל איז קיין וואָרט ניטאָ. וואָס שייך ‚דאָס וואָרט', וויל איך חלילה ניט זיין דער פּאַרטיידיקער פון די וואָס באַשטימען דאָרט די ריכטונג. זיי זיינען געווען שטאַרק פאַרנומען מיט דעם הונדערטסטן נומער. מען האָט אונז צוגעזאָגט, אַז איצט וועט גיין יעדן טאָג ‚מפעל־אַרלאָזאָראָוו'. אין היינטיקן נומער האָבן זיי געהאַלטן וואָרט. וואָס עס וועט זיין ווייטער — ווייס איך נישט. מיר האָבן מאָרגן אַ זיצונג מיט די צענטראַל־קאָמיטעטן פון יענע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען אָנגעשלאָסן אין דער ‚ליגע'. די זיצונג איז געווידמעט דעם מפעל. אויך דער ענין וועט דאָרטן מן הסתם פאַרהאַנדלט ווערן. איך וועל אים אַוודאי אַרויפברענגען.

„ווען איך וואָלט געדאַרפט משפּט'ן די רעזולטאַטן פון דעם מפעל לויט מיינע באַזוכן אין דער פּראָווינץ, וואָלט מען געמעגט זיין זייער אָפּטימיסטיש. אָבער איך ווייס, אַז ניט אַלעמאָל זיינען די רעזולטאַטן פון ממשות'דיקע זאַמלונגען אין פּראָפּאָרציע מיט דער באַגייסטערונג פאַר זיי. דאָך איז דאָס אַליין — וואָס אין יעדער שטאָט, וואו מען קומט, ווערט געפירט ביי אונ־

געהויער־גרויסע פאַרזאַמלונגען אַן אַגיטאַציע פאַר דער קאָנסטרוקטיווער, קאָלאָניזאַטאָרישער, סטראַטעגישער און אינעווייניק־ציוניסטישער באַדייטונג פון דעם מפעל — פון גאָר אַ גרויסער חשיבות פאַר אונזער גאַנצער אַחריות, וואָס מיר טראָגן איצטער פאַרן ציוניזם. האָבנדיק אין זינען, אַז אַפילו צווישן די אָנהענגער פון דעם אַזוי־געדופענעם ציוניסטישן צ.ק. זיינען נאָך אויך דאָ אַ סך וואָס טראָגן זיך אַרום מיט אינערלעכע ספיקות וועגן דער איצטיקער עקזעקוטיווע און וועגן איר לינקער ריכטונג — דאַרף מען אויך פון דעם שטאַנדפּונקט זוכן פאַרצוזעצן די אַרבעט, בכדי אָנצוהאַלטן אָט־די סאָרט פּראָפּאַגאַנדע״.

## יב

צום פּונקט וועגן שלום אַש, וואָס ווערט דערמאָנט אין אָט־דעם בריוו, וויל איך צוגעבן: דער חבר ישראל מערעמינסקי האָט געפירט אַ לאַנגע קאָרעספּאָנדענץ מיטן גרויסן שריפטשטעלער, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין ניצע (אייניקע קאָפּיעס פון אָט־דעם בריוו־אויסטויש געפינען זיך אין מיין „מפעל־אַרכיוו״. מן הסתם געפינען זיי זיך אויך — צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע — אינעם אַרכיוו פון חבר מערעמינסקי). דער גרויסער שריפט־שטעלער איז פאַרבעטן געוואָרן צו באַטייליקן זיך אין דער גרויסער אַקאַ־דעמיע אין וואַרשע, צו דער דערעפענונג פון „מפעל״. איך, פון מיין זייט, האָב געשריבן וועגן דעם צו שלום אַש. אויף דעם איז אָנגעקומען זיין פאָלגנ־דיקער ענטפער:

„איך באַדויער זייער, וואָס איך קען נישט דערפילן אייער בקשה צו קומען יעצט קיין וואַרשע אַרויסצוטרעטן פאַר דעם ׳מפעל־אַרלאָזאָראָוו׳, וועלכער איז מיר זייער סימפּאַטיש. איך האָב זיך נאָר־וואָס צוריקגעקערט אַהיים און גענומען זיך פאַרענדיקן מיין ספר, אויף וועלכן איך אַרבעט שוין אַ פּאָר יאָר. עס איז פאַר מיר יעצט אוממעגלעך צו מאַכן די לאַנגע רייזע פון דאַנען קיין וואַרשע. איך וואָלט עס דווקא יאָ גערן געוואָלט, איבער צוויי טעמים: ערשטנס, איז מיר די אונטערנעמונגען, ווי איך האָב אייך שוין געשריבן, זייער צום האַרצן און איך וואָלט געוואָלט צוהעלפן מיט וויפל איך קען. צווייטנס, האָב איך אויף דער פאַרזאַמלונג געוואָלט פאַריכטן אַן עוולה, וואָס איך בין — כאָטש ביודעים, אָבער דאָך בשוגג — באַגאַנגען קעגן ארץ־ישראל. צוליב דער אויפרעגונגען, וואָס עס האָט אַרויסגערופן ביי מיר, ווי ביי אַלע אידן, די אומפאַראַנטוואָרטלעכע אונטערהאַנדלונגען מיט די דייטשן מצד געוויסע ציוניסטישע גרופּעס, האָט זיך אין מיין אַרטיקל איבער דער

פּראַגע, אין אימפּעט פון כעס, אַריינגעכאַפּט אַ פּראַזע, פון וועלכער איך האָב דערנאָך געהאַט פיל פאַרדרוס. איך קען זיך נישט באַרואיקן, ביז איך וועל דעם פעלער נישט אויסבעסערן. איך מיין די פּראַזע, וואו איך זאָג: 'אַז פון ארץ־ישראל איז נאָך ביז איצט קיין איין שעפערישער געדאַנק נישט אַרויסגעקומען' אָדער עפּעס ענלעכעס. גאָט, ווי האָב איך געקענט דאָס זאָגן! דאָס גרויסע שעפערישע, וואָס איז אַרויסגעקומען פון ארץ־ישראל, איז נישט נאָר בלויז דאָס, וואָס אידן האָבן אויפגעטאָן אין ארץ־ישראל במעשים, נאָר דעם כבוד וואָס זיי האָבן פאַרשאַפט דעם אידישן נאָמען אין דער וועלט דורך א״י. איך האָב געפילט, אַז דאָס, וואָס אונזערע זיידעס האָבן נאָר געקענט אויפטאָן — דורך זייער טויט פאַר דעם אידישן נאָמען — טוען עס אויף די א״י־אידן דורך זייער לעבן. מיט אַנדערע ווערטער: ביז איצט האָבן אונזערע עלטערן נאָר מקדש־השם געווען דורך דעם, וואָס זיי האָבן געקענט שטאַרבן פאַר דער אידישער אמונה. ארץ־ישראל האָט צום ערשטן מאָל באַוויזן, אַז מען קען 'מקדש־השם זיין' דורך לעבן און אַרבעט. דאָס איז דאָס גרויסע און דאָס נייע, וואָס איז אַרויסגעקומען פון ארץ־ישראל".

קאָמענטאַרן צו דער כאַראַקטעריסטישער חרטה, צו וועלכער נאָר אַזאַ מענטש פון גייסט ווי שלום אַש איז פעאיק געווען, זיינען איבעריק.

## יג

איך קום צו עטלעכע קירצערע ציטאַטן:

פון מיין בריוו קיין פּראַג פון 13טן אָקטאָבער וויל איך ציטירן איין פּאַראַגראַף, וואָס איז נוגע די צוגרייטונגען פאַרן „מפעל" אין צפון־אַמעריקע. אַהין איז מיט העכער אַ חודש שפּעטער, סוף נאָוועמבער, געפאָרן חבר יוסף שפּרינצאַק ז״ל. איך האָב דאַן געשריבן:

„אין אַמעריקע מוזן מיר מאַכן די זאַך פּאָרזיכטיקער. מיין איינדרוק איז, אַז דאָרטן דאַרף עס זיין אַ ריינע געווערקשאַפטן־קאַמפּיין־אַקציע. דאָס געלט וואָס וועט געזאַמלט ווערן, זאָל געהערן צו דער זעלביקער קאַטעגאָריע, ווי דאָס געלט וואָס די הסתדרות האָט אַליין געזאַמלט אין ארץ־ישראל. איך בין זיכער, אַז דאָס ביסל הילף, וואָס מען קען קריגן פון די דאָרטיקע אַל־געמיינע ציוניסטן, וועלן זיי סיווי געבן. איך האָב אָבער מורא, אַז אויב מען וועט דאַרפן אָנהויבן פאַרהאַנדלונגען מיט די אַלגעמיינע ציוניסטן, קען עס פירן דערצו, אַז דאָרטן זאָל מען היי־יאָר אינגאַנצן ניט דורכפירן דעם 'מפעל'. די פאַרהאַנדלונגען וועלן זיך פאַרציען ביזן אָנהויב פון קרן־היסוד־אַקציע און עס וועט זיך אויך צוזאַמענשטויסן מיט דער 'אוסישקין־אַקציע'.

צרות וועלן אונז דאָן ניט פעלן און קיין נוצן וועט עס ניט ברענגען. אויב אָבער מיר פאַרבינדן עס מיטן געוועקשאַפטן־קאַמפּיין, קען עס אַריינטראָגן אין אים אַ נייעם רוח־חיים".

דעם 25טן אָקטאָבער שרייבט חבר זאב שערף צו חבר מערעמינסקי, צווישן אַנדערן:

„חבר צוקערמאַן איז היינט אַרויסגעפאָרן אויף באַזוכן אין שעדליץ, בריסק, גראָדנע, בידגאָשטש, דאַנציג, קאַליש און ווילנע. קומענדיקן מיט־וואָך וועט ער קומען אויף עטלעכע שעה קיין וואַרשע. צו דער ביוראָ־אַרבעט וועט ער זיך ערשט אומקערן אין צוויי וואָכן אַרום, אויב עס וועלן דערווייל ניט איינגעאָרדנט ווערן נאָך באַזוכן. עס פעלן אונז מענטשן פאַר באַזוכן. אַלע קערפּערשאַפטן באַשעפטיקן זיך מיט זייערע אייגענע זאַכן, קרן־היסוד מיט זיינע אינטערעסן און קרן־קימת מיט זיינע.

„די אַקאַדעמיע אין וואַרשע איז דורכגעגאַנגען מיט אַ מיטלמעסיקער הצלחה. עס האָבן גערעדט ד"ר יצחק גרינבוים, בערל קאַצענעלסאָן און ברוך צוקערמאַן. געעפנט די אַקאַדעמיע האָט פּראָפעסאָר שאָר. מיר טרעטן צו איצט צו דער פּאַקטישער אַרבעט אין וואַרשע.

„חבר צוקערמאַן האָט זיך באַטייליקט אין דער אַקאַדעמיע אין ביאַליס־טאָק, וואָס איז אַדורך מיט גרויס דערפאָלג.

„מיר זעען דאָ ניט קיין מעגלעכקייט צו ענדיקן דעם מפעל ביזן 15טן נאָוועמבער. אויב מיר וועלן דאָס קענען פאַרענדיקן דעם 15טן דעצעמבער, וועט זיין זייער גוט".

אין אַ בריוו פון 14טן נאָוועמבער פון חבר מערעמינסקי געפינט זיך פאָלגנדיקער פּאַראַגראַף:

„פון אַלע לענדער, אויך פון מזרח־גאַליציע, קומען ידיעות, וועלכע האַלטן אין אונטערשטרייכן, אַז טראָץ די מעלדונגען און באַפעלן פון די אַלגעמיינע ציונים גרופּע ב' געפינען זיך אַ סך 'מורדים' צווישן זייערע חברים, וואָס גיבן אַליין ביישטייערן צום 'מפעל' און העלפן אויך אין דער אַרבעט".

אין אַ בריוו פון 22טן נאָוועמבער שרייבט חבר מערעמינסקי צווישן אַנדערן:

„מיר מאַכן אַלע אָנשטרענגונגען צו פאַרזיכערן די פאָרזעצונג פון חבר צוקערמאַנ'ס אַרבעט אויף נאָך 10־12 טעג אין פּוילן. מיר זיינען זיכער: אויב נאָר עס וועט קלאָר ווערן צו די פירער פון קרן־היסוד, אַז זיין קומען קיין ליטע פאַר דער קרן־היסוד־אַרבעט וועט ניט ליידן — ווען ער וועט

קומען אַהין מיט 10 טעג שפּעטער — וועלן מיר אויף דעם באַקומען דעם הסכם פון קרן־היסוד".

דעם 24טן נאָוועמבער האָב איך געשריבן צו חבר מערעמינסקי אַ קורץ בריוול:

„היינט בלויז עטלעכע ווערטער. איך האָב געקראָגן דורך דער קרן־היסוד־ביוראָ אַ טעלעגראַמע פון האנטקע, אַז איך קען דאָ בלייבן ביז דעם 10טן דעצעמבער. היות מען האָט מיר דאָס איבערגעגעבן טעלעפאָניש, האָב איך נישט דעם פּינקטלעכן נוסח. איך וועל עס דיר צושיקן אין צווייטן בריוו. אַלנפאַלס, ביזן 10טן פאַרבלייב איך דאָ. איך קען דיר פאַרזיכערן, אַז איך וועל טאָן אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך צו זאָרגן פאַר דעם נאָרמאַלן אָפּשלוס פון דער אַקציע.

„איך האָב שוין אָפּגערעדט מיט ח' גרינפיעלד וועגן דער הילף וואָס ער וועט מיר געבן סיי פאַר די צוויי וואָכן וואָס איך בין אין וואַרשע, סיי נאָכדעם ווי איך וועל אָפּפאָרן. ער איז גרייט אָפּצוגעבן עטלעכע שעה אַ טאָג. דאָס וועט העלפן.

„היינט האָבן מיר געהאַט אַ זיצונג פון סעקרעטאַריאַט און אַרומגערעדט נאָך עטלעכע פראַגן. אַ פּראָטאָקאָל וועט דיר צוגעשיקט ווערן מאָרגן אָדער פּונטיק. וועגן איין פּונקט וויל איך דיר גלייך שרייבן עטלעכע ווערטער.

„מיר אָרדענען איין אויף קומענדיקן דאָנערשטיק אַ באַגעגעניש פון פּרעזידענט סאָקאָלאָוו מיט דער אידישער פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ. מיר שיקן אַרויס איינלאַדונגען צו אַלע אידישע דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און אינזשינערן. מיר דערוואַרטן אַ פּאָר הונדערט אַנוועזנדיקע. פּרעזידענט סאָקאָלאָוו האָט מסכים געווען צוריידן דאָרטן וועגן מפעל און בעטן געלט. מיר גרייטן צו אַ שיינע איינלאַדונג, וואָס וועט זיין גע'חתמ'עט דורך פּראָפ' שאָר, ד"ר גרשון לעווין, אַדוואָקאַט האַרטגלאַס און אינזשינער קערנער. אויף דער פאַרזאַמלונג וועלן מיר צעטיילן אַ פיין־אָפּגעדרוקט קאַרטל, וואו מיר וועלן בעטן די אַנוועזנדיקע צו צייכענען זייערעביישטייערונגען און דעם דאַטום ווען מען זאָל קומען צו זיי איינקאַסירן. וואָס דאָס וועט ברענגען, ווייס איך נישט. אָבער פּטור בלא כלום וועט שוין זיין אי־אפשר.

„איך וועל שוין מער קיין רייזעס ניט מאַכן. סיידן אין די גאָר־נאָענטע שטעט, וועלכע וועלן ביי מיר ניט אָפּנעמען די טעג פון וואַרשע. ווען איך וואָלט פריער געוואוסט, אַז איך וועל דאָ קענען בלייבן לענגער, וואָלט איך געקענט שפּאָרן עטלעכע הונדערט זלאָטעס, וואָס עס האָבן געקאָסט ד"ר שיפּער'ס באַזוכן. אָבער פאַרפאַלן.

„בדרך־כלל בלויז איין וואָרט וועגן די באַזוכן. זיי זיינען אַלע, אָן אויס־נאַם, מצליח. ווען דער געלט־דערפאָלג וואָלט געווען אין וועלכער ס׳איז פּראָפּאָרץ צום דערפאָלג פון די באַזוכן, וואָלטן מיר געזאַמלט אַ סך געלט. די העכער צוואַנציק שטעט וואָס איך האָב באַזוכט, די באַזוכן פון שיפער, דער באַזוך פון לעווינסאָן אין ווילנע און די באַזוכן פון חבר ביאַלאָפּאָלסקי אין אַ גרויסער צאָל שטעט, זיינען אַלע געווען אויסערגעוויינטלעך־דערפאָלג־רייך. איך שאַץ אָפּ, אַז מיר האָבן אַדרעסירט וויניקסטנס הונדערט טויזנט מענטשן. אומעטום איז די באַגייסטערונג געווען זייער גרויס; און אומעטום איז עס אויסגענוצט געוואָרן פאַר פּראָפּאַגאַנדע פאַרן קאָנסטרוקטיוון ציוניזם, פאַר דער ראָלע פון נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל, פאַר אַן אויפקלערונג און באַרואיקונג וועגן דער פּאָליטישער לאַגע און פאַר אַ קאַמף פאַר דער איצטיקער עקזעקוטיווע. מען דאַרף אויך דעם מאָמענט נעמען אין באַטראַכט ביים אָפּשאַצן דעם סך־הכל פון אונזער אַרבעט״.

אין זיין ענטפער פון 26טן איז דאָ פאָלגנדיקער פּאַראַגראַף:

„דיין מאַמר־המוסגר וועגן אונזער גרויסער אויפקלערונגס־הצלחה אין פּוילן איז אָוודאי פון גרויסער באַדייטונג. צי אויך די פאָנדן, די עקזעקוטיווע און די באַוועגונג וועלן עס אָנבעמען אַזיווי מיר נעמען עס אָן — איז אַ ספק. יעדנספאַלס ביים צוטרעטן צום קאַמפּיין, ביים איבערוועגנדיקן פּעסימיזם דאָ אין פראַגע גופא, איז דאָס פּאַראויסזען פון דיין אַלגעמיינער אָפּשאַצונג געווען ביי מיר אַ שטאַרקער געווער קעגן דערשראָקענע״.

אין אַ צווייטן בריוו פון זעלביקן דאַטום שרייבט חבר מערעמינסקי:

„מיר זיינען צופרידן צו פאַרצייכענען די גרויסע פאַרשטענדעניש, וואָס מיר האָבן געפונען אין דער צענטראַלער פירערשאַפט פון קרן־היסוד פאַרן מפעל, בעיקר פאַר איר הסכם מעגלעך צו מאַכן פאַר אונזער שליח, דעם חבר ברוך צוקערמאַן, צו פאַרבלייבן אין פוילן ביזן 10טן דעצעמבער, כדי צו פאַרענדיקן דעם וויכטיקן טייל פון דער אַרבעט און דאָס איינקאַסירן דאָס געלט״.

אין אַ בריוו פון 22טן דעצעמבער 1933, וואָס איך האָב געשריבן פון ריגע צו חבר שערף, גיב איך איבער:

„עטלעכע ווערטער וועגן ווילנע. די פאַרזאַמלונג שבת אין אָוונט איז דאָרטן געווען זייער אַ גראַנדיעזע. ווילנער חברה האָבן געזאָגט, אַז ס׳איז אין ווילנע שוין לאַנג נישט געווען אַזאַ געוואַלדיקע פאַרזאַמלונג. ס׳איז באמת געווען אַ נחת צו ריידן. דערצו האָבן זיי נאָך געמאַכט אַרום 60 זלאָטעס ריווח פון דער פאַרזאַמלונג. זיינען זיי אָוודאי געווען צופרידן.

„זונטיק אַ גאַנצן טאָג בין איך געווען באַשעפטיקט מיט באַזוכן, אָבער שוין נישט קיין פּראַקטישע באַזוכן, נאָר ריין־געזעלשאַפטלעכע. כ׳האָב נאָך אַדרעסירט אַ פאַרזאַמלונג פון צ.ס.־אַקאַדעמיקער און אין אָוונט איז געווען אַ מין באַנקעט. דאָס וויכטיקסטע פונעם באַנקעט איז געווען די רעדע פון יוסף טשערניכאָוו, וועמענס אַרטיקלען וועגן זיין לעצטן באַזוך אין א״י דרוקן זיך איצטער אין ׳היינט׳. איך ווייסט מן הסתם, אַז ער איז אַן אַלטער ס.ס.׳אָווער. אין יאָר 1906־1907 איז ער דעלעגירט געוואָרן פון די רוסישע ס. ס. קיין אַמעריקע. דאָרטן האָב איך זיך מיט אים באַקענט. איך בין, מיט אים צוזאַמען אַרומגעפאָרן אין עטלעכע שטעט. ובכן: אַלטע זכרונות, אַלטע אַסאָציאַציעס. ער איז דערנאָך אַוועק אויפן וועג פון עקסטרעמען אַנטי־ציוניזם, אַנטי־העברעאיש, אַנטי־א״י. ער איז געוואָרן איינער פון די פירנדיקע אידישיסטן און פון דער ׳פאָלקס־פּאַרטיי׳. לעצטנס, ווי איר זעט פון זיינע אַרטיקלען, האָט ער זיך אַ נויג געטאָן אויף אונזער זייט. זיין באַזוך אין א״י האָט פאַרשטאַרקט דעם דאָזיקן איבערברוך, און אָט־דער פּראָצעס איז דעמאָנסטרירט געוואָרן אין זיין רעדע — כאָטש נאָך אַלץ מיט רעזערוואַציעס, אָבער מיט מער פּאָזיטיווער באַציאונג צו א״י. מיר האָט עס דערוויל געגעבן אַ געלעגנהייט צו ענטפערן אויף די דאָזיקע רעזער־וואַציעס. מיר דוכט זיך, אַז איך בין אַרויס בשלום. צי עס וועט האָבן אַ פּראַקטישע ווירקונג, ווייס איך נישט״.

## יד

מיר הויבן זיך אָן דערנענטערן צום אָפּשלוס פון מפעל. דעם 18טן דעצעמבער שרייב איך אַ בריוו צו חבר מערהעמינסקי פון קאָוונע:

„איך אייל מיך דיר צו שרייבן עטלעכע ווערטער איידער דו פאָרסט אָפּ. איך האָב דעם איינדרוק, אַז בנוגע אייניקע פונקטן האָב איך ניט קלאָר געגעבן אַרויסגעבראַכט וויאַזוי דער אָפּשלוס פון דער אַקציע אין פוילן וועט פאָרקומען. טראָץ דעם וואָס אין אַ צירקולאַר צו די מפעל־קאָמיטעטן האָב איך די דאָזיקע פונקטן דווקא זייער קלאָר אַרויסגעבראַכט, און טראָץ דעם וואָס אַ קאָפּיע פון דעם צירקולאַר איז צו דיר געשיקט געוואָרן — ווייס איך אָבער, אַז איך האָב אָפּט געזינדיקט דורכן ניט איבערלייענען גענוג אויפמערקזאַם אַלע קאָפּיעס וואָס דו האָסט ׳אָנגעשיקט׳ אויף מיר. במילא קען איך דאָך קיין תרעומות ניט האָבן, אויב דו האָסט אַמאָל ניט גענוג אויפ־מערקזאַם איבערגעלייענט קאָפּיעס וואָס מיין גוטער חבר שערף האָט אָפּט

'אַנגעשיקט' אויף דיר. איך קען דעריבער פאַרשטיין פאַרוואָס די טענה פון חבר ניישטאַט — אַז מען האָט אים אָפּגעשניטן די קאַפּאָטע און מען האָט צוגענומען פון דער מזכירות דעם אָפּשלוס פון דער אַקציע — איז יאָ געבליבן שטעקן ביי דיר אין געדאַנק און דער ספּעציעלער פּאַראַגראַף פון מיין צירקולאַר איז ערגעץ־וואו פאַרלאָרן געגאַנגען.

„דער דאָזיקער פּאַראַגראַף לייענט זיך אַזוי: 'די מזכירות פון מפעל־אַרלאָזאָראָוו אין פּוילן בלייבט, ווי געווען, צוזאַמענגעשטעלט פון די חברים א. ל. בלאָך, א. לעווינסאָן און מ. ניישטאַט דאָס זעלביקע אויך דער פּרע־זידיום און די עקזעקוטיווע'.

„פאַרוואָס חבר ניישטאַט האָט טענות, וויל איך דווקא צו דיר — ווי צו דעם אָפיציעלן לייטער פון דער וועלט־ביוראָ פון מפעל־אַרלאָזאָראָוו — ניט שרייבן. פאָרמעל האָט ער זיך געהאַלטן קאָרעקט. אָבער אַ גאַנצער תהום ליגט צווישן פאָרמעלער קאָרעקטקייט און אמת־האַרציקער און חבר'־שער הילף. מיר איז ליידער אויסגעקומען צו פילן אָט־דעם תהום אַמטיפסטן מצד כמעט־אַלע שותפים אין מפעל; און מער פון אַלעמען פון דעם שותף 'ניישטאַט'. איך שרייב בפירוש 'ניישטאַט', ווייל דאָס וואָס ער פאַרשטעלט זיך הינטער דער פירמע 'ליגע' איז איינע פון יענע פאַרדרייטע באַדינגונגען אונטער וועלכע אונזער באַוועגונג אין פּוילן לעבט. וועגן דעם וועט מען מוזן זייער פיל ריידן, אָבער ביי אַנדערע באַדינגונגען. איך קען דיר נאָר זאָגן, אַז מיין אָפּשאַצונג פון דער לאַגע האָב איך געהאַלטן פאַר מיין חוב איבער־צוגעבן צו די חברים בערל קאַצענעלסאָן און בן־גוריון. איך האָף נאָר, אַז זיי וועלן געפינען צייט און אויסדויער צו באַטראַכטן מיינע אויספירן און צו האַנדלען וועגן מיינע פאָרשלאַגן. אין דער באַציאונג צום מפעל קען איך נאָר זאָגן, אַז ווען 'ליגע' און ניישטאַט וואָלט געווען היינו־הך, וואָלט אונז אין פּוילן געווען נאָך ערגער ווי עס איז געווען. צום גליק האָבן זיך געפונען געענוג חברים אין דער 'ליגע' (די גרעסטע מאַיאָריטעט אירע), וואָס ביים שפּירן די בלויז־פאָרמעל־קאָרעקטע באַציאונג פון אויבן, האָבן זיי דאָך גע־געבן דעם 'מפעל' זייער אמת־האַרציקע, אמת־חבר'שע מיטאַרבעט.

„און אַז איך רייד שוין וועגן דעם, וויל איך דיר פאַרזיכערן, אַז דיין אָפּשאַצונג וועגן דעם מפעל אין פּוילן — אין דיין בריוו צו חבר לאָקער, וואָס איך האָב צופעליק געלייענט, ווייל חבר ראַשיש האָט מיר געוויזן די קאָפּיע וואָס דו האָסט אים צוגעשיקט — איז צו־פּעסימיסטיש. מיר וועלן האָבן אין גאַנץ פּוילן אַ באַדייטנדיקן סכום מער ווי 60 טויזנט גילדן ברוטאָ. איך האָף נאָך אַלץ, אַז מיר וועלן דערגרייכן אַ סכום צווישן 80 און 100

טויזנט ברוטאָ. און דאָס — טראָץ דעם וואָס אַפילו בנוגע דעם אַפשלוס האָט מען פוילן געגעבן ווייניקער אָטעם־פויזע ווי אַנדערע לענדער. ווייניקסטנס ווי ליטע און לעטלאַנד, וואו די אַקציע איז דערלויבט געוואָרן ביז דעם 15טן דעצעמבער. אַלע אַנדערע חומרות־הדין זיינען אויך אויף פוילן אָנגעווענדעט געוואָרן שטרענגער ווי אומעטום. הגם אויך די אַטאַקע אויפן מפעל איז אין פוילן געפירט געוואָרן העפטיקער ווי אומעטום; און אין ערגעץ איז ניט געפירט געוואָרן אַזאַ דירעקטע אַגיטאַציע אין שולן און בתי־מדרשים — ניט צו געבן פאַרן מפעל — ווי אין פוילן. דאָך וועט פוילן געבן צווישן צוויי און דריי טויזנט פונט נעטאָ, ווייניקסטן אַ דריטל פון דעם וואָס קרן־היסוד שיקט־איבער פאַר אַ גאַנץ יאָר. צוליב דעם פאַרדינט בישט פוילן אַזאַ פעסימיסטישע אָפּשאַצונג.

„אַ באַמערקונג וועגן דער דירה־פראַגע. דו גיסט גערעכט דעם חבר ניישטאַט וועגן דעם. ניישטאַט׳ס בריוו האָב איך ניט. וואָס זיין מיינונג איז ווייס איך ניט. אויב דו גיסט אים גערעכט אין דעם — אַז מיר האָבן ניט געדאַרפט קיין אייגענע דירה, ווייל קרן־היסוד אָדער קק״ל האָט אונז געדאַרפט געבן אַ פּלאַץ — ביסטו גערעכט. אָבער איך קען מיר נישט פאָרשטעלן, אַז דאָס איז וואָס ניישטאַט טענה׳ט. ער האָט געוואָלט אַיין דירה — ׳ליגע׳. אויב דו גיסט אים אין דעם גערעכט, ביסטו אויך אומגערעכט. עס וואָלט אונז, צוליב אַ סך טעמים, געווען זייער ניט־גוט, ווען מיר וואָלטן גענומען די דירה פון דער ׳ליגע׳. הגם עס איז אמת, אַז די וואָס האָבן די פראַגע אויפגעהויבן האָבן דערביי געהאַט אויך פאַרטייאישע מאָטיוון — האָבן זיי, בדיעבד, אונז געטאָן אַ גרויסע טובה. דער דאָזיקער אַדרעס וואָלט אונז געשטערט ניט דווקא צווישן זייטיקע, ניט־אונזערע עלעמענטן, נאָר מער צווישן אייגענע. וועגן דעם קען איך לײדער קיין סך ניט שרייבן״.

דעם 19טן דעצעמבער האָט חבר זאב שערף אָוועקגעשיקט צו דער הויפּט־ביוראָ לענגערע בריוו מיט באַריכטן וועגן דער אַרבעט. ער האָט מיר קיין ריגע צוגעשיקט קאָפּיעס פון זיי. לײדער מוז איך זיך באַגרענעצן מיטן איבערלאָזן זיי אין מיין „מפעל״־אַרכיוו. אין אָט־די בריוו האָט דער יונגער חבר שערף איבערגעגעבן ניט נאָר די רעזולטאַטן פון „מפעל״־אַרבעט, נאָר אויך אייניקע זייער טרעפלעכע, כאַראַקטעריסטישע באַמערקונגען וועגן דער לאַגע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג בכלל און פון דער ציוניסטישער סאָציאַליסטישער בפרט. ווער עס וועט אַמאָל מאַכן אַ שטודיום פון פוילישן ציוניזם אין יענע יאָרן, וועלן אים אָט־די מיינונגען מוזן שטאַרק פאַראינטערעסירן.

איך, פון מיין זייט, האָב נאָר אים געקענט צושיקן ווי אַן ענטפער די פאָלגנדיקע באַמערקונג:

„וועגן אייער מיינונג איבער מיין אַרבעט, דאַרפט איר זיך גאָרניט באַאומרואיקן. אַפילו ווען איך וואָלט געהאַלטן, אַז איר זיינט ניט גערעכט, וואָלט איר אויך געווען באַרעכטיקט — און אַפילו פאַרפליכטעט! — אויס־צודריקן אייער מיינונג. בפרט, אַז איך ווייס זייער גוט ווי ריכטיק איר האָט צוגעטראָפן מיינע שוואַכקייטן. כאָטש ביי אַנדערע באַדינגונגען קען אויך איך אַמאָל קלאַפּן אין טיש.

„אייערע אויפקלערונגען, סיי וועגן אונזערע הוצאות און סיי וועגן אונזער אַרבעט בכלל, האָבן מיין פולע אונטערשטיצונג. אַלע ענינים וואָס ווערן פון אייך באַרירט וועלן אַמאָל דאַרפן אויפגענומען ווערן אויף אַ פאָרום פון אונזער באַוועגונג, וואָס וועט זיין דערצו צוגעפּאַסט. אָבער — לכל זמן!"

## טו

בלויז קורצע באַמערקונגען: אין גאַליציע איז פאַרן „מפעל" ספּע־ציעל דעלעגירט געוואָרן דער חבר חיים שורער. ער האָט דאָרטן באַגעגנט ענלעכע שוועריקייטן ווי מיר אין גרויס־פּוילן און אין די באַלטישע לענדער. אים האָט זיך דווקא יאָ איינגעגעבן דורכצופירן צוויי גרויסע, דערפאָלגרייכע, אַקאַדעמיעס מיט פּרעזידענט נחום סאָקאָלאָוו; איינע אין לעמבערג און איינע אין קראָקע. קיין ליטע איז דעלעגירט געוואָרן דער חבר פּנחס ראַשיש. דאָרטן האָט ער באַגעגנט פיל וויניקער שוועריקייטן. איך האָב נאָר באַזוכט קאָוונע און שאַוול. ער האָט געאַרבעט סיי אין די דערמאָנטע צוויי שטעט, סיי אין צענדליקער שטעט און שטעטלעך פון גאַנץ ליטע. זיין אַרבעט איז געווען, פאַרהעלטנישמעסיק, די דערפאָלגרייכסטע. אין לעטלאַנד זיינען די שוועריקייטן געווען קאָלאָסאַלע, סיי מצד די רעוויזיאָניסטן, סיי מצד די אידנשטאַטלער, סיי מצד דער מזרחי. דאָרטן האָט געאַרבעט אַ גרופּע פון זייער פעאיקע חברים, מיט ד"ר יעקב העלמאַן און וו. לאַצקי־בערטאָלדי בראש. איך האָב באַזוכט בלויז ריגע און ליבאַווע. אין טאַלין (הויפּט־שטאָט פון עסטלאַנד) האָט אויך געאַרבעט אַ גרופּע מיט חבר אייזנשטאַט בראש.

ווען איך בין אָפּגעפאָרן, איז די אַרבעט ווייטער געפירט געוואָרן — ווי אויבן געזאָגט — דורך די חברים יונה גרינפעלד און זאב שערף. דעם 15טן יאַנואַר 1934 איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ זיצונג פון דער הנהלה פון מפעל. עס האָבן זיך באַטייליקט די חברים בלאָך פון קרן־קימת, מלך נײַ־שטאַדט, ביאַלאָפּאָלסקי, גרינפעלד און שערף. דער לעצטער האָט באַריכ־

טעט, אַז ביז יענעם טאָג זיינען אַריינגעקומען אין קאַסע (פון 533 פונקטן) דער סכום פון 68,327 גילדן. פון וויטערדיקע פונקטן קענען נאָך דערוואַרט ווערן צווישן 5 און 10 טויזנט גילדן. די הוצאות זיינען געווען 22,893 גילדן. אין דעם וויכוח האָט חבר מלך ניישטאַדט פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל ניט אָפּשטעלן די אַרבעט ביז מען וועט דערגרייכן דעם סכום פון הונדערט טויזנט גילדן.

צום אָפּשלוס פון אָט־דעם קאַפּיטל וויל איך נאָך צוגעבן אייניקע קורצע ציטאַטן, וואָס גיבן אייניקע פּרטים וועגן דעם גאַנג און דעם סך־הכל פון דער אַרבעט.

אין איינעם פון די לעצטע בריוו פון חבר יונה גרינפעלד צום חבר ישראל מערעמינסקי גיט ער איבער אייניקע זיינע איינדרוקן פונעם גאַנג פון מפעל. צווישן אַנדערן שרייבט ער:

„חבר צוקערמאַן האָט אַריינגעלייגט אין מפעל אומגעהויערע כוחות, געפּאָרן, גערעדט, געזוכט צו באַוועגן אַלעמען צו אַקטיוויקייט. מיט דעם האָט ער זיך באַשעפטיקט טאָג און נאַכט אָן אויפהער. בכלל האָט מען אים זייער ליב אין פּוילן, בעיקר אין אונזער מחנה. דעם אופן פון זיין אַרבעט קענסטו דאָך.

„דעם חבר שערף קענסטו דאָך בעסער ווי איך. אַן אויסגעצייכנטער מיטאַרבעטער, פול מיט ענערגיע און איניציאַטיוו, באַגרייפט דעם ענין פולקאָם".

חבר גרינפעלד גיט אויך זיינע איינדרוקן פון דער האַלטונג סיי פון די אָנפירער פון קרן־היסוד און קרן־קימת, סיי פון די פּאַרטרעטער פון די פאַרשידענע ציוניסטישע ריכטונגען. ער אונטערשטרייכט די שווערע באַדינגונגען, אונטער וועלכע די אַרבעט איז געפירט געוואָרן; בעיקר אויף דער באַגרענעצטער צייט אין וועלכער דער מפעל האָט געמוזט געפירט ווערן.

אין חבר מערעמינסקי׳ס ענטפער צום חבר גרינפעלד, פון דעם 7טן פעברואַר 1934, ווערט וועגן דעם געזאָגט:

„נו, וועגן מפעל־אַרלאָזאָראָוו בין איך אַוודאי שטאַרק אומצופרידן פון דעם, וואָס די אַרבעט איז ניט אויסגעשעפּט געוואָרן. איך בין איבערצייגט, אַז ווען מיר וואָלטן געהאַט כאָטש נאָך אַ חודש צייט — און דערצו שותפים מיט אַ בעסערער באַציאונג — וואָלטן מיר געקענט איבערשטייגן דעם סכום, וואָס איך אַליין האָב דערוואַרט. און דערוואַרט האָב איך, אַז מען זאָל קענען אָפּשיקן פון פּוילן אַרום 25 הונדערט פונט שטערלינג נעטאָ. איך ווייס אָבער אין וועלכע אומשטענדן איר האָט אויף זיך איבערגענומען די אַרבעט

און איך בין, פון דער אַנדערער זייט, איבערצייגט: ווען נישט איר און חבר שערף, וואָלט מען אויך דעם סכום ניט דערגרייכט".

און צום סאַמע־לעצט — אַ ציטאַט פון אַ בריוו, וואָס איך האָב באַקומען אין חודש דעצעמבער, איידער איך האָב פאַרלאָזט פוילן, פון דעם אָנפירער פון די אַלגעמיינע ציוניסטן אין ראַדאָם, חבר יחיאל פרענקל. צווישן אַנדערן שרייבט ער מיר:

„הרשני נא, חבר מאד נעלה, להביע לך את רגשי עליצותי ותודתי הרבה על ההשפעה הרוחנית הרבה שהשארת בהרצאותיך למען ציון ותחית האומה, והנני מברכך לרגל עליתך לארצנו בכל טוב. יחזק ה׳ כחך ותגבר חילים ותזכה לראות בבנין ארצנו הנגאלת".

אָט אַזעלכע בריוו האָבן מיר געגעבן גרויס דערמוטיקונג אין דער שווערער אַרבעט, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף מיין גורל. איך בין זיכער, אַז אַלע אַנדערע שליחים — וועלכע האָבן אָנטייל גענומען אין מפעל אין אַנדערע לענדער — האָבן אויך דורכגעלעבט סיי די שוועריקייטן, סיי די דערמוטערונגען. פאַר מיר זיינען, אין דער אונטערשטער שורה, די קאַרגע 4 חדשים אַרבעט פאַרן מפעל־אַרלאָזאָראָוו, געווען חדשים פון התרוממות־הרוח. דאָס האָט מיר שטאַרק געהאָלפן אין מיין שפּעטערדיקער אַרבעט פאַר אַנדערע ציוניסטישע און פועלי־ציוניסטישע צילן. קודם־כל האָט עס מיך געשטאַרקט אין מיין צווייטן האַלבן יאָר אַרבעט פאַרן קרן־היסוד פון יאַנואַר ביז סוף יולי 1934. איך האָב די אַרבעט ווידער געפירט אין די באַלטישע לענדער און האָב דאַן אויך איינגעשלאָסן אַ באַזוך פאַרן קרן־היסוד אין פינלאַנד.

# אויפֿן 19טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין לוצערן

א

אינעם קומענדיקן קאַפּיטל גרייט איך זיך בקיצור צו פֿאַרצייכענען מיינע אַקטיוויטעטן אין די העכער אַנדערהאַלבן יאָר צווישן מיין פֿאַרענדיקן דעם „מפעל־אַרלאָזאָראָוו“, אָנהויב יאַנואַר 1934 און דעם 19טן ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין לוצערן אין שפּעטן זומער פֿון 1935. איך גרייט מיר אויך צו דערציילן וועגן איין וויכטיקן מאָמענט אויפֿן קאָנגרעס גופֿא, אָבער בעיקר וועגן די צוגרייטונגען צום 19טן קאָנגרעס.

ב

וועגן מיין צווייטער רייזע פֿאַרן קרן־היסוד אינעם ערשטן האַלבן יאָר פֿון 1934 איז נישטאָ קיין סך צו דערציילן. קיין אויסערגעוויינטלעכס האָט ניט פּאַסירט. דער תוכן פֿון דער אַרבעט איז געווען כמעט דער זעלביקער ווי אינעם ערשטן האַלבן יאָר, וועגן וועלכן איך האָב דערציילט אין צווייטן קאַפּיטל. דער איינציקער חילוק איז געווען, וואָס אין צווייטן האַלבן יאָר איז דער קאַמף פֿון די רעוויזיאָניסטן קעגן די קרנות באַדייטנדיק פֿאַרשאַרפֿט געוואָרן. אין אייניקע שטעט האָבן זיי געפּרואווט אויפֿרייסן מיינע פֿאַרזאַמלונגען, ווי זיי האָבן עס געטאָן מיט די פֿאַרזאַמלונגען פֿון אַנדערע שליחים סיי פֿון קרן־היסוד און סיי פֿון קרן־קימת. אין זכרון איז מיר געבליבן איינגעקריצט אַ גרויסע פֿאַרזאַמלונג אין דער שטאָט לוצק. די דאָרטיקע רעוויזיאָניסטן איז געלונגען אָפּצושניידן די עלעקטרישע פֿאַרבינדונג מיטן זאַל, וואו די פֿאַרזאַמלונג איז פֿאָרגעקומען. די לוצקער חברים, וואָס האָבן צוגעגרייט די פֿאַרזאַמלונג, האָבן, ווי עס שיינט, זיך געריכט אויף דעם. האָבן זיי זיך פֿאַרזאָרגט מיט זייער פֿיל גרויסע ליכט, וועלכע זיינען אָנגעצונדן געוואָרן אין אַ סך ווינקלען פֿון זאַל. איך געדענק דעם איינדרוק וואָס דאָס האָט געמאַכט אויפֿן גאַנצן עולם און אויך אויף מיר. איך קען

זאָגן אָן גוזמא, אַז יענעם אָוונט איז מיר מיין רעדע פיל בעסער געלונגען, ווי אויף פריערדיקע אַרויסטרעטונגען. אויך די געזאַמלטע סכומים זיינען געווען גאָר־קענטיק גרעסערע, ווי אויף אַנדערע אַזעלכע פאַרזאַמלונגען. אָבער איך מוז דערביי מודה זיין, אַז דאָס האַרץ האָט ממש געבלוטיקט, ביים דערזען די אוממענטשלעכע ווילדקייטן, צו וועלכע מענטשן האָבן זיך דערקייקלט אין אַ פּאָליטישן קאַמף.

ג

פיל נחת האָב איך געהאַט פון מיין באַזוך אין פינלאַנד. איך האָב דאָס דאָזיקע לאַנד — אין שפּעטערדיקע יאָרן — עטלעכע מאָל באַזוכט אין די אינטערעסן פון אידישן וועלט־קאָנגרעס. אין אַלע באַזוכן בין איך שטאַרק באַאיינדרוקט געוואָרן פון אָט־דעם קליינעם אידישן ישוב, וואָס האָט בסך־הכל פאַרמאָגט אַרום 1,800 נפשות. דאָס איז געווען אַ אידישע קהילה, וואָס איז אינגאַנצן, מיט־האַק־און־פּאַק, אַריבערגעפלאַנצט געוואָרן גלייך פון ער־געצוואו אין וויטעבסקער גובערניע, מיט אַלע כאַראַקטעריסטישע אייגנ־שאַפטן פון אַ רוסיש־אידישער קהילה. אַזוי איז געווען די גרויסע אידישע קהילה אין העלסינגפאָרס און אַזוי איז אויך געווען די צווייטע — גאַנץ קליינע — אידישע קהילה אין אַבאָ. אויסער די צוויי קהילות האָבן זיך נאָך געפונען איינצלנע אידישע משפחות, צעוואָרפן איבער דעם גרויסן שטח פון אָט־דער (געאָגראַפיש) זייער גרויסער מדינה.

דער וויכטיקסטער עסקן פון העלסינגפאָרס — סיי פאַרן קרן־היסוד, סיי שפּעטער־צו, אין די געלט־קאַמפּאַניעס פאַרן אידישן וועלט־קאָנגרעס, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו פירן — איז געווען דער חבר דאַווידקין. אין די טעג ווען די אַקציעס זיינען געפירט געוואָרן האָט ער לחלוטין פאַרגעסן זיינע אייגענע געשעפטן. דער חבר דאַווידקין האָט מיך אַריינגעזעצט אין זיין צעפאַרענעם אויטאָ און איז אַרומגעפאָרן מיט מיר צו אַלע פּראָספּעקטיווע ביישטייערער. ווען ער האָט פאַרענדיקט די רשימה פון העלסינגפאָרס, האָט ער מיך אַריינגעזעצט אין זעלביקן אויטאָ און מיר זיינען אַרויסגעפאָרן אויף צוויי טעג איבער דער פּראָווינץ. איך בין זיכער, אַז די רשימה פון די פּראָווינץ־נדבנים איז ביי אים שטענדיק געלעגן אין קעשענע; און ער האָט זי באַנוצט אין יעדער אַקציע, וואָס ער האָט געפירט. אויך אַקציעס פאַר די הצטרכות׳ן פון דער אָרטיקער אידישער קהילה. דער טייערער דאַווידקין האָט שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז יעדער איד וואָס האָט געלעבט אין פינ־לאַנד זאָל האָבן די געלעגנהייט צו דערפילן יענע אידישע מצוות־מעשיות,

וואָס ער, דאַווידקין, האָט באַטראַכט ווי אַ חוב וואָס יעדער איד דאַרף באַ־צאָלן. אויך יענע אידן — צו וועלכע מען האָט, צוליבן מרחק, ניט געקענט דערגרייכן מיטן אויטאָ — האָט ער ניט פאַרגעסן. פאַראַן ברוך־השם אַ פּאָסט אין פינלאַנד — האָט ער זיך מיט איר באַנוצט. אין דער צוויי־טאָגיקער רייזע איז דאָך געווען אויך אַ נאַכט — האָט ער געהאַט אַ באַשטימטע קרעטשמע אויפן וועג וואו איבערצונעכטיקן. דאָס איז שוין געווען דעם קרעטשמער׳ס מצווה, אין צוגאָב צו זיין ביישטייער אין מזומן.

איך האָב דעם איינדרוק, אַז יעדער אידישער שליח — וואָס איז געקומען קיין פינלאַנד פאַר וועלכער ס׳איז אידישער געלט־אַקציע — האָט ניט אויס־געמיטן צו שלאָפן אַ נאַכט, צוזאַמען מיט חבר דאַווידקין, אין יענער קרעטש־מע; פּונקט ווי ער האָט געמוזט טועם־זיין דעם טעם פון אַרומפאָרן אין שטאָט גופא עטלעכע טעג אין חבר דאַווידקינ׳ס אויטאָ. אין מיין געמיט איז געבליבן די טיפע הנאה וואָס איך האָב געפילט — ווען נאָר איך בין געקומען קיין העלסינגפאָרס — פון דער דערוואַרטונג אָט־באַלד צו באַגע־גענען אָט־דעם מיטל־וואוקסיקן, ברייט־פּלייציקן פאָלקס־מענטש מיט זיינע שטענדיק־שמייכלענדיקע, ווייכע אויגן.

אין אַבאָ האָט די דאַווידקין־ראָלע אויף זיך גענומען אַן עסקן (זיין נאָמען האָב איך, צו מיין גרויסן ווייטיק, פאַרגעסן; און האָב אים אויך ניט געקענט אויפזוכן אין מיינע אַרכיוון) פון גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער. להיפּוך צו חבר דאַווידקין, איז אָט־דער עסקן געווען זייער אַ הויכער, זייער אַ דאַרער מיט אַ גרוי־וויסן קאָפּ און באָרד. דערצו אַ איד אַ יודע־ספר. ער און זיין משפּחה האָבן געפירט אַ שטרענג, אידיש־אָרטאָדאָקסישן, לעבנס־שטייגער. געווען נאָך אַן אונטערשייד צווישן זיי. אין הילסינגפאָרס בין איך געווען איינקוואַרטירט — די צייט ווען די קאָמפּאַניע איז געפירט געוואָרן — אין אַ האָטעל. אָבער אין אַבאָ איז דער עסקן באַשטאַנען, אַז איך מוז נעכטיקן אין זיין הויז. די הכנסת־אורחים פון דער גאַנצער משפּחה איז געווען אין־לשער. דער דאָזיקער וואונדערבאַרער איד, איז מיט מיר מיט־געגאַנגען כמעט צו אַלע ביישטייערער. צו די וואָס ער אַליין האָט ניט באַ־וויזן צו גיין, האָט ער מיט מיר געשיקט אַן עלטערן זון. אין אַבאָ בין איך יעדעס מאָל געשטאַנען צוויי טעג און דורכגעפירט די גאַנצע אַקציע; און די דאָרטיקע נדבנים זיינען ממש אַנטקעגן־געקומען מיט זייערע ביישטייערן. דאָס איז בעיקר געשען צוליב דעם גרויסן רעספּעקט, וואָס אַלע אידן פון אַבאָ האָבן געפילט צו אָט־דעם מערקווירדיקן עוסק במעשים טובים.

איך וויים ניט צי עס זיינען דאָן געווען „באַוואוסטזיניקע" רעוויזיאָ־

ניסטן אין העלסינגפאָרס (אין אַבאָ איז אָט־דער מין זיכער ניט געווען), וועלכע זאָלן האָבן געהאַלטן פאַר זייער הייליקן חוב צו שטערן די אַרבעט פון קרן־היסוד. איך געדענק נאָר, אַז צו איין־איינציקן נדבן — אויף חבר דאַווידקינ׳ס העלסינגפאָרסער רשימה — האָט ער ניט געוואָלט, אַז איך זאָל מיט אים אַריינגיין. ער האָט עס מיר דערקלערט מיט אַ קורצן זאַץ: „אָט־דער איד קען איך נאָך באַליידיקן, פאַר מיר אַליין אַרט מיך ניט״. צי דאָס איז געווען אַ רעוויזיאָניסט, אָדער סתם אַ איד וואָס האָט ניט ליב ביי־צושטייערן געלט, ווייס איך ניט. ווען חבר דאַווידקין איז פון אים אַרויס־געקומען, האָט ער צוגעגעבן נאָך אַ זאַץ: „מיט חסד. היינט איז ער ניט געווען צו־גראָב״.

נאָך דער ביטערקייט, וואָס דער דעמאָלטיקער קאַמף האָט מיר פאַר־שאַפט אין פוילן און אין די באַלטישע לענדער, זיינען די 10 טעג אין פינלאַנד געווען די רואיקסטע און אָנגענעמסטע פון יענער צערייצטער צייט.

## ד.

צוריק פון פינלאַנד בין איך געפאָרן קיין צפון־אַמעריקע. די חברים פון אונזער צפון־אַמעריקאַנער באַוועגונג האָבן עס פון מיר געפאָדערט. בעיקר האָבן עס געפאָדערט די פירער פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין. מיין פאַרבינדונג מיט קרן־היסוד איז דאַן, צייטווייליק, איבערגעריסן געוואָרן. זי איז באַנייט געוואָרן אין 1936. וועגן דעם וועט דערציילט ווערן שפּעטער. איך בין אָנגעקומען אין ניו־יאָרק אין מיטן יולי 1934 און בין שוין דאָרט פאַרבליבן כמעט אַ יאָר — ביז איך בין געפאָרן צום 19טן קאָנגרעס.

במשך פון אָט־דעם יאָר האָב איך זיך געווידמעט דער אייגענער באַ־וועגונג. איך האָב פריער, אין צווייטן קאַפּיטל, דערציילט וועגן דעם רע־פעראַט וואָס איך האָב געלייענט ביים צוזאַמענפאָר פון די פּיאָנערן־פרויען אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין שיקאַגאָ. איך האָב אויך באַזוכט אַ ריי שטעט אין די פאַראייניקטע שטאַטן סיי פאַר דער פּאַרטיי, סיי פאַרן געווערקשאַפטן־קאַמפּיין.

די וויכטיקסטע אַרבעט פון יענער צייט איז געווען מיין ערשטער באַזוך אין מעקסיקאָ, וואו איך האָב פאַרבראַכט איבער אַ חודש צייט. אונזער דאָר־טיקע באַוועגונג איז געווען זייער אַ יונגינקע. גרויסע אידישע גבירים פון היינט (פאַראַן איצט צווישן זיי אַפילו מיליאָנערן) האָבן דאַן ערשט אָנגע־הויבן זייערע קאַריערעס פון מאַטעריעלן באַרג־אַרויף. זיי האָבן זיך דאַן באַשעפטיקט מיט קליין־האַנדל; טייל זיינען געווען פשוטע פעדלערס אין

די גאַסן און אין די נענטערע דערפער, אָדער מיט זייער קליינע אינדוס־טריעס. די הויפּט־„אינדוסטריע" איז דאַן געווען זאָקן־פאַבריקלעך. אָבער שוין דאַן האָבן זיך גענומען צייכענען סיי די פּאָזיטיווע, סיי די נעגאַטיווע שטריכן פון אָט־דעם אידישן ישוב. שוין דאַן האָבן די, וואָס זיינען שוין געשטאַנען אויף אַ שטאַפּל — ווי נידעריק ער זאָל נאָך ניט האָבן געווען אויפן לייטער פון מאַטעריעלן דערפאָלג — גענומען פירן אַ לעבן, ווייט איבער זייערע פאַרדינסטן. מען האָט זיך פאַרלאָזט אויף דער צוקונפט. מען האָט גענומען קאָנקורירן צווישן זיך, ווער עס האָט אַ גרעסערע דירה, ווער עס פאַרמעסט זיך אַפילו צו בויען אַן אייגן הויז. איך געדענק די לאַנגע וויכוחים אין דער דאַן כמעט ערשט־געגרינדעטער פּועלי־ציון־גרופּע, וועגן דעם. איך געדענק די וואָרענונגען קעגן אָט־די טענדענצן סיי מצד דער חברה דבורה בידערמאַן און איר מאַן, פון חבר מאיר גאָלדגרוב, פון דעם חבר טעמין. אַפילו דער אַלגעמיינער ציוניסט חבר רעזניקאָוו האָט זיך אויך באַטייליקט אין די וויכוחים. איך געדענק מיין ביישטייער צו אָט־די וויכוחים. כ׳האָב אָנגעוויזן וואוהין אַזעלכע פּראָצעסן האָבן דערפירט די אידן פון אייניקע אייראָפּעאישע לענדער: זייער צו־רעש׳דיק לעבן האָט אויפגע־ריסן די אויגן פון פאַרשידענע ניט־אידישע עלעמענטן און די אידן האָבן דערפאַר טייער באַצאָלט. בכלל האָט דאָך דאַן פאַרנומען אין אונזער באַ־וואוסטזיין אַ זייער־וויכטיק אָרט די נויט אין פּראָדוקטיוויזאַציע צווישן די אידן. דערצו האָט ממש געשטאָכן אין די אויגן די גרוואַלטיקע אָרעמקייט און אָפּגעריסנקייט פון דער מעקסיקאַנער באַפעלקערונג, אין די פאַרשידענע פאָרשטעט פון דער גרויסער, פּרעכטיקער שטאָט מעקסיקאָ סיטי. די פּועלי־ציון האָבן דאַן אַריינגענומען אין זייער טעטיקייטס־פּראָגראַם דעם קאַמף קעגן אָט־די טענדענצן צווישן דעם פרישינקן אידישן ישוב אין מעקסיקאָ.

מיר פערזענלעך איז געבליבן, פון יענעם ערשטן באַזוך, אַ גרויסע ירושה פון חבר׳שער וואַרעמקייט פון די דאָרטיקע חברים, וועלכע איך האָב געשפּירט אויך ביי מיינע שפּעטערדיקע באַזוכן אין מעקסיקאָ, סיי פאַר דער הסתדרות, סיי פאַר ציוניסטישע פאָנדן, סיי פאַרן וועלט־קאָנגרעס. די דאָזיקע ירושה שפּייזט מיר נאָך עד היום הזה, ווען־נאָר איך האָב דאָס גליק צו טרעפן זיך מיט יענע פון זיי, וועמען דער רבונו־של־עולם האָט דערהאַלטן ביים לעבן. זייער אָפט שפּייזט מיר גייסטיק אָט־די ירושה אויך ווען איך דערמאָן זיך אין די, וואָס זיינען שוין ניטאָ; ווי למשל די חברה דבורה בידערמאַן, אָדער דער חבר טעמין. דער לעצטער איז געלעגן איבער 17 יאָר צוגעשמידט, אַ פּאַראַליזירטער (בעיקר די פיס) צום בעט. אָבער זיין

געדאַנק האָט געאַרבעט ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. דעם דאָזיקן טייערן חבר, גרויסן אידעאַליסט און מענטש פון שטאַרקן רצון, איז עס ממש געגאַנגען אין לעבן צו באַקומען ישראל־בירגערשאַפט, בלייבנדיק אין מעקסיקאָ. ער האָט גוט געוואוסט, אַז אַליין עולה צו זיין איז אים שוין ניט באַשערט; אַז ער וועט פון זיין קראַנקן־בעט שוין ניט אויפשטיין. יעדעס מאָל ווען איך האָב באַזוכט מעקסיקאָ, ווען די מדינה איז שוין געווען פּראָקלאַמירט — און האָב נאַטירלעך געמאַכט אַ וויזיט ביי אים צוזאַמען מיט אַ ריי טייערע מעקסיקאַנער חברות און חברים — איז דער שמועס בעיקר געווען אַרום דעם פאַרלאַנג זיינעם. איך בין גליקלעך צו פאַרצייכענען, אַז מיר איז עס געלונגען. אין דער צייט ווען חבר ישראל בר־יהודה איז געווען איבערן־מיניסטער, איז דעם חבר טעמין אָוועקגעשיקט געוואָרן די דאָקומענטן, וואָס האָבן אים דערקלערט ווי אַ בירגער פון מדינת־ישראל. ער האָט נאָך דערלעבט זיי צו באַקומען און דער חבר מאיר גאָלדגרוב פון מעקסיקאָ (ער איז, אַגב, געווען איינער פון די גאָר־ערשטע חלוצים אין ארץ־ישראל, איידער ער איז געקומען קיין מעקסיקאָ. צום גרויסן גליק איז ער נאָך עד היום הזה, אין 1964, צווישן די אַקטיווסטע חברים אין מעקסיקאָ) האָט מיר געשילדערט אין אַ בריוו דאָס גליקלעכע געפיל פון חבר טעמין, ווען ער האָט באַקומען די דאָקומענטן.

## ה

איך האָב במשך פון דער צייט אויך געמאַכט מיין ערשטן באַזוך אין האַוואַנאַ, קובאַ. אויך דאָרטן איז געווען אַ פיינע גרופּע פון פּועלי־ציון חברים. דאָרטן זיינען אַפילו געווען עטלעכע חברים, וואָס זיינען אַהין אָנגעקומען פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס איז געשען אין 1917, ווען די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן דערקלערט קריג דייטשלאַנד אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. עס האָט זיך דאַן אָנגעהויבן די מאָביליזאַציע פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי. זיי, די דאָזיקע חברים, זיינען געווען יונגע מענטשן און האָבן געדאַרפט מאָביליזירט ווערן. זיי האָבן געהערט צו די עקסטרעמע קעגנער פון דער מלחמה און זיינען דעריבער אַוועק קיין קובאַ. די אַנדערע קובאַנער חברים זיינען מערסטנס געקומען פון מזרח־איראָפּע. אויך דאָרטן האָבן זיך געמערקט די זעלביקע טענדענצן וואָס אינעם אידישן ישוב אין מעקסיקאָ; און אויך אין האַוואַנע איז זיך אונזער באַוועגונג גאָר פיין צעוואָקסן. איןביידע לענדער האָט זיך בעיקר פאַרוואָרצלט דער געווערקשאַפטן־קאַמפּיין. איינער פון די הויפּט־צוועקן פון מיינע אָפטע באַזוכן איז טאַקע געווען צו העלפן באַפעסטיקן אָט־דעם טייל פון אונזער באַוועגונג.

ו

וועגן די צוגרייטונגען צום 19טן קאָנגרעס קען איך אַמבעסטן דערציילן, דורך איבערגעבן דעם אינהאַלט פון אַן אויפרוף, וואָס איך האָב דאַן אָנגעשריבן צו די וואַלן צום קאָנגרעס און אַן אַרטיקל וועגן דעם זעלביקן ענין, וואָס איך האָב אָפּגעדרוקט אין אַ וואַרשעווער בולעטין פון אונזער באַוועגונג, וואָס איז דערשינען אונטערן נאָמען „ידיעות". מען דאַרף געדענקען, אַז אויף דעם 18טן קאָנגרעס איז די פּאַרטרעטערשאַפט פונעם אַרבעטער־פּליגל אין דער ציוניסטישער וועלט־עקזעקוטיווע באַדייטנדיק פאַרשטאַרקט געוואָרן. די געשיכטע פונעם דירעקטן אַנטייל פון אַרבעטער־פליגל אין דער ציוניסטישער וועלט־פירערשאַפט הויבט זיך אָן אויפן 15טן קאָנגרעס אין יאָר 1927. אויף יענעם קאָנגרעס איז דער חבר שלמה קאַפּלאַנסקי געוויילט געוואָרן ניט דירעקט אין דער עקזעקוטיווע, נאָר ווי אַ מיטגליד פון אַ וויכטיקן דעפּאַרטאַמענט ביי דער עקזעקוטיווע, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „ווירטשאַפטס־אַמט". אויפן 16טן קאָנגרעס אין יאָר 1929 זיינען שוין געוויילט געוואָרן צוויי חברים פון אַרבעטער־פליגל ווי פולע מיטגלידער פון דער וועלט־עקזעקוטיווע. דאָס זיינען געווען די חברים שלמה קאַפּלאַנסקי און יוסף שפּרינצאַק. אויפן 17טן קאָנגרעס אין יאָר 1931 זיינען אויף זייער אָרט געוויילט געוואָרן אַנדערע צוויי חברים: חיים אַרלאָזאָראָוו און בערל לאָקער. אָבער ביים 18טן קאָנגרעס אין 1933 זיינען געוויילט געוואָרן דריי מיטגלידער: די חברים דוד בן־גוריון, אליעזר קאַפּלאַן און משה שערטאָק (היינט — שרת). עס איז אויך דאַן קלאָר געוואָרן, אַז דער אַרבעטער־פליגל נעמט־איבער די הויפּט־אַחריות פאַר דער אָנפירונג פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג. דאָס איז נאַטירלעך ניט געווען צום האַרצן די בירגערלעך־ציוניסטישע עלעמענטן. אַן אויסנאַם זיינען געווען די אַלגעמיינע ציוניסטן גרופּע א' (פון וועלכע עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויקלט די „פּראָגרעסיווע"), וועלכע זיינען געווען גרייט פאַר אַ פולער צוזאַמענאַרבעט מיט דער נייער עקזעקוטיווע. אָבער די אַנדערע אַל־געמיינע ציוניסטן, צוזאַמען מיט מזרחי, האָבן געפירט אַ שאַרפע אָפּאָזיציע קעגן דער נייער עקזעקוטיווע, מיט איר נייער ווענדונג מער כלפּי לינקס. זיי האָבן געהאָפט, אַז אויפן 19טן קאָנגרעס וועט זיי געלינגען צו ענדערן די לאַגע. אַנטקעגן אָט־די טענדענצן איז נאַטירלעך געוועזן געווענדעט אונזער פּראָפּאַגאַנדע. די צוויי פאָלגנדיקע דאָקומענטן וועלן עס דערקלערן.

דעם אויפרוף האָב איך געשריבן אין נאָמען פון אַ קאָנפערענץ פון

ציוניסטישן אַרבעטער־בלאָק, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ניו־יאָרק פון 1טן ביזן 3טן מערץ 1935. איך האָב געשריבן:

„די קאָנפערענץ פון דעם אַרבעטער־בלאָק אין דער ציוניסטישער באַוועגונג רופט אייך צו באַטייליקן זיך אין די וואַלן צום 19טן ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס וועלן פאָרקומען אין יוני 1935.

„דער קאָנגרעס וועט זיך פאַרזאַמלען אין אַ צייט פון אויסערגעוויינט־לעכער היסטאָרישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. פון איין זייט אַ חורבן פון מזרח־אייראָפּעאישן אידנטום, אַ שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע פון דייטשן אידנטום, אַ כסדר׳דיקער עקאָנאָמישער באַדן־פאַרלוסט פון די אידישע מאַסן אין אַמע־ריקע און אַן אַלץ גרעסער־ווערנדיקע האָפענונגסלאָזיקייט פון אונזער היגער אידישער יוגנט; און פון דער אַנדערער זייט אַן איינוואַנדערונג פון באַענט צו הונדערט טויזנט נייע עולים אין משך פון די לעצטע צוויי יאָר, און אַ קלאָרע אויסזיכט אַריינצוברענגען, איינאָרדענען און באַפעסטיקן אין דער ארץ־ישראל׳דיקער געזונטער, פּראָדוקטיווער ווירטשאַפט נייע הונדער־טער טויזנטער אידן. דער ציוניזם איז דורכדעם געשטעלט געוואָרן אין סאַמע־ברען־פּונקט פון אידישער ווירקלעכקייט און די עליה קיין א״י פאַר־מעסט זיך שוין היינט צו לייזן די אויסגעוואָקסענע אידישע נויט אין דער זעלביקער פּראָפּאָרציע ווי די אידישע איינוואַנדערונג קיין אַמעריקע האָט — אין לעצטן טייל פון 19טן יאָרהונדערט און אין אָנהויב פון 20טן יאָר־הונדערט — פאַרענטפערט די דעמאָלטיקע עקאָנאָמישע נויט פון די אידישע מאַסן. דורך עליה קיין ארץ־ישראל שטרעבט די ציוניסטישע באַוועגונג אויפ־צובויען פאַר אונזער פאָלק אַ פערמאַנענטע נאַציאָנאַל־אידישע היים. דורך עליה פאַרמעסט זי זיך אַריינצוטראָגן אין דעם אידישן לעבן יענע ווירט־שאַפטלעכע, סאָציאַלע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַל־קולטורעלע ענדערונגען, וואָס זאָלן אַ סוף מאַכן צו דער קללה פון אונזער גלות און אַוועקשטעלן אונז ווי אַ גלייך פאָלק צווישן די פעלקער פון דער וועלט.

„דער אָרגאַניזירטער אויסדרוק פון אָט־דער תשוקה פון דעם אידישן פאָלק צו פרייהייט און געזונטהייט, איז דער ציוניסטישער קאָנגרעס. ער איז די גרעסטע ירושה, וואָס דער אומפאַרגעסלעכער טעאָדאָר הערצל האָט איבערגעלאָזט אונזער פאָלק. דער ציוניסטישער קאָנגרעס איז געוואָרן די אָנערקענטע אידישע רעפּרעזענטאַנץ סיי מצד דער מאַנדאַט־מאַכט, סיי מצד דעם פעלקער־בונד; און זיינע אָרגאַנען האָבן דאָס רעכט צו באַשטימען דעם גורל פון אונזער אויפבוי אין ארץ־ישראל. וואָס גרעסער עס איז די צאָל אידן, וועלכע באַטייליקן זיך אין די וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס,

אַלץ ווירדיקער ווערט זיין אָנזען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער וועלט און אַלץ באַדייטנדיקער זיין פּאָליטישע השפּעה.

„אַ פאַרשטאַרקטע באַטייליקונג אין די וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס גיט דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע מער כוח אין איר גערעַנגל מיט דער בריטישער מאַנדאַט־מאַכט פאַר אַ גרעסערער עליה, וואָס זאָל ווירקלעך זיין צוגעפּאַסט צו דער ווירטשאַפטלעכער אויפנאַמס־פעאיקייט, וועלכע איז באַשאַפן געוואָרן פאַר אידישער בויט, דערנערט דורכן אידישן פלייס און באַפרוכטפערט פון דער גרעסטער דערשייַנונג פון פּיאָנערנטום, וואָס אַ פאָלק האָט ווען־עס־איז אַרויסגעבראַכט אין דעם קאַמף פאַר זיין באַפרייאונג.

„אונזער ערשטער רוף צו די אידישע מאַסן פון אַמעריקע איז דעריבער:

„קויפט דעם שקל, וואָס גיט אייך אַ רעכט צו באַטייליקן זיך אין די וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס; ווערט אַ מיט־באַשטימער אין דעם גורל פון ארץ־ישראל און אין דעם גורל פון גאַנצן אידישן פאָלק. אַמעריקאַנער אידן! בלייבט ניט הינטערשטעליק אין די וואַלן צו דעם 19טן ציוניסטישן קאָנגרעס, ווי איר זייט געבליבן אין די וואַלן צו פריערדיקע קאָנגרעסן. באַנוצט זיך מיט דער איינציקער אמת־ווירקזאַמער אידישער בירגער־רעכט, וואָס דער גלות האָט אונז איבערגעלאָזט. דאָס דאָזיקע בירגער־רעכט זאָל ווערן די בירגער־פליכט פון יעדן אַמעריקאַנער אידן.

„און אונזער צווייטער רוף צו אייך איז:

„שטימט פאַרן אַרבעטער־בלאָק אין די קומענדיקע וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס! אין די לעצטע צוויי יאָר האָט די אַרבעטערשאַפט אין ציוניזם געטראָגן אויף זיך די גרעסטע טייל פון אַחריות. מיר האָבן אַ רעכט צו פאָדערן פון די ברייטסטע אידישע מאַסן, אַז זיי זאָלן זיך בענטער באַקענען מיט די רעזולטאַטן פון אונזערע דערגרייכונגען, און אין די קומענדיקע וואַלן אויסדריקן זייער צוטרוי צו אונז און זיי זאָלן שטאַרקן אונזערע כוחות דורכן שטימען פאַרן אַרבעטער־בלאָק.

„אויפן פּאָליטישן געביט האָט די נייע עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג געפירט מיט דערפאָלג אַ קאַמף פאַר פאַרגרעסערטער עליה און אַ קאַמף קעגן יענע קאָנסטיטוציאָנעלע ענדערונגען אין ארץ־ישראל, וועלכע וואָלטן געטראָגן אין זיך די געפאַרן צו פאַרשמעלערן אָדער פאַרלאַנגזאַמען דעם פּראָצעס פון אונזער בוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל. מיטן פאַרזעצן די ליניע, וואָס איז אָנגעצייכנט געוואָרן פון אונזער אומפאַרגעסלעכן חבר חיים אַרלאָזאָראָוו האָט זי געפירט אַ פּאָליטיק פון קאָאָפּעראַציע מיט דער מאַנדאַט־מאַכט. זי האָט זיך געשטעלט, שטענדיק און סיסטעמאַטיש,

פאַר די פולע רעכט פון דעם אידישן פאָלק לויט די עפנטלעכע פאַרפליכ־טונגען פון פעלקער־בונד און פון דער מאַנדאַט־מאַכט אַליין. זי האָט גע־פירט אַ העפטיקן קאַמף פאַרן רעכט צו דערווערבן גייעם באָדן אין ארץ־ישראל, וואָס האָט געבראַכט צו דער אויסלייזונג פון חולה. זי האָט געפירט אַ פּאָליטיק פון קולטיווירן באַציאונגען פון קעגנזייטיקער פאַרשטענדיקונג מיטן אַראַבישן פאָלק — קלאָר־מאַכנדיק דערביי פאַר דער אַראַבישער וועלט, אַז דאָס אידישע פאָלק מוז, אונטער אַלע אומשטענדן, גיין קיין ארץ־ישראל אומאָפּהענגיק דערפון ווי די אַראַבער זאָלן אויפנעמען די אידישע האַנט, וואָס איז צו זיי אויסגעשטרעקט פאַר פאַרשטענדיקונג.

„די עקזעקוטיווע האָט מיט דערפאָלג פאַרקלענערט דעם דעפיציט פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג, האָט דערפירט צו דעם, אַז ס׳איז צום ערשטן מאָל געגעבן געוואָרן דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג אַן הלוואה פון צוויי און אַ האַלב מיליאָן דאָלאַר, וועלכע וועט באַפרייען דעם ציוניזם פון דעם יאָך פון זיינע פריערדיקע חובות. דאָס וועט אים מעגלעך מאַכן צוצוטרעטן צו קאָנסאָלידירן דיווירטשאַפטן פון ביז איצט, און עפענען (נאָך אַ לאַנגער הפסקה) אַ נייַ קאַפּיטל פון נאַציאָנאַלער קאָלאָניזאַציע, ווי אין די ערשטע יאָרן פונעם אויפבוי פון עמק־יזרעאל. טראָץ דעם באַיקאָט פון אַלע דעסטרוקטיווע כוחות אין ציוניזם, איז דער עקזעקוטיווע געלונגען צו פאַרגרעסערן די הכנסות פון די נאַציאָנאַלע פאָנדן — פון קרן־קימת און קרן־היסוד — און דורכדעם גרינגער מאַכן דעם וועג צו אַ נייער, גרויסער נאַציאָנאַלער קאָלאָניזאַציע.

„אויפן קאָלאָניזאַטאָרישן געביט האָט די עקזעקוטיווע זיך איינגעשטעלט פאַר דער פאַרפעסטיקונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; זי האָט פאַר־גרעסערט איר איינפלוס אין דער אויסערלעכער וועלט ווי אויך אינעווייניק, אין דעם אידישן פאָלק גופא; זי האָט אָפּגעהיטן די דיסציפּלין פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע קעגן אַלע צעשטערער, און אויך אָפּגעהיטן די אַרבעטס־פעאיקייט פון יענע אָרגאַנען, וואָס די ציוניסטישע באַוועגונג האָט אויפגעשטעלט פאַרן כסדר׳דיקן אויפבוי.

„צוזאַמען דערמיט האָט די אַרבעטער־באַוועגונג אין ציוניזם ניט אויפגע־הערט אויפצובויען די חלוצישע באַוועגונג. זי האָט געפירט דעם העפטיקסטן קאַמף פאַר דער איינפירונג פון פולער אידישער אַרבעט אין אַלע צווייגן פון דער אידישער ווירטשאַפט, קעגן די פּראָפיט־תשוקות פון די אידישע אַרבעטס־געבער, קעגן דעם נידעריקן לעבנס־מצב וואָס ווערט אַריינגעבראַכט אין ארץ־ישראל דורך חורבנישער איינוואַנדערונג, קעגן דער רעגירונג און קעגן אַלע

אַנטי־אַרבעטער און אַנטי־סאָציאַליסטישע כוחות אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און סיי אין דעם ישוב אין ארץ־ישראל גופא. במשך אָט־דעם קאַמף זיינען הונדערטער אידישע אַרבעטער געשלאָגן געוואָרן אויף די פּיקעט־ליינס און געוואָרפן געוואָרן אין די תפיסות. אָבער דאָס האָט די אַרבעטער־שאַפט ניט אָפּגעשראָקן און דער קאַמף פאַר אידישער אַרבעט גייט ווייטער אָן.

„מיט נאָך אַ גרעסערער אַנטשלאָסנקייט און ווירקונגס־כוח וועט די אַרבעטער־באַוועגונג אין ציוניזם אָנפירן דעם העפטיקן קאַמף קעגן דעם אומגליק פון שפעקולאַציע; בעיקר די שפעקולאַציע מיט ארץ־ישראלדיקן באָדן, וואָס ווערט געטריבן פון אומפאַראַנטוואָרטלעכע עלעמענטן, וועלכע זיינען — מיט דעם גרויסן אידישן איינוואַנדערונגס־שטראָם — אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין לאַנד; זי וועט שטרעבן דערצו, אַז וואָס אַ גרעסערער פּראָצענט פון דער איינוואַנדערונג זאָל געלענקט ווערן אין דער דאָרפישערווירטשאַפט, און אַז עס זאָל געהאַלטן ווערן הויך די דיסציפּלין אין דעם אידישן ישוב, דורך אָנערקענונג פון כנסת ישראל און ועד לאומי, די רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפטן פון אויטאָנאָמען אידישן ישוב אין ארץ־ישראל.

„די אַרבעטער־באַוועגונג אין ציוניזם טראָגט אויף אירע פּלייצעס דעם קאַמף קעגן די פאַשיסטישע טענדענצן, וואָס האָבן זיך — דורך דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג — אַריינגעריסן אין דער אידישער וועלט, אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און אין דעם ארץ־ישראלדיקן ישוב. זי באַקעמפט אַלע געפאַרן פון פּאָליטישער פּראָוואָקאַציע וועלכע שטעלן אָפט אין סכנה אַלע אונזערע ביז־איצטיקע דערגרייכונגען. זי באַקעמפט יעדן פאַרזוך — אונטער וואָס פאַר אַ מאַסקע דאָס זאָל ניט געמאַכט ווערן — אָוועקצונעמען פון דעם אידישן אַרבעטער־קלאַס זיין רעכט צו אָרגאַניזירן זיך ווי אַרבעטער, פאַר דער פאַרטיידיקונג פון זיינע אינטערעסן, פאַר דער אויפהאַלטונג פון זיין היוכן לעבנס־מצב, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן דורך זיין אייגענער מי און אַרבעט און דורך די קברים וואָס ער האָט שוין אויפגעשטעלט אין יעדן פּונקט פון אידישן ישוב. די אַרבעטער־באַוועגונג האָט געפירט און וועט אויך ווייטער פירן אַ קאַמף פאַר אַן איין־איינציקער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין ארץ־ישראל, וואו עס קענען פריי קומען צום אויסדרוק אַלע פּאָליטישע און אידייאישע ריכטונגען. די אַרבעטער־באַוועגונג איז גרייט צו אַ סיסטעם פון הסכמים וואָס זאָלן רעגולירן די באַציאונגען פון אַרבעט און קאַפּיטאַל; אָבער זי וועט ניט דערלאָזן, אַז דאָס רעכט פון סטרייק — וואָס בלויז דיקטאַטור און פאַשיזם זוכט אַוועקצורויבן פון דעם אַרבעטער־קלאַס — זאָל פון אים אַוועקגענומען ווערן אין ארץ־ישראל.

„אַט־די קאַמפּן פירט די אַרבעטערשאַפט סיי דערפאַר ווייל זיי זיינען גערעכט און יושר'דיק, סיי אויך צוליב דעם וואָס דער בויער פון ארץ־ישראל, דער אַרבעטס־מענטש, מוז קענען אַריינגעבן דעם מאַקסימום פון זיין ענערגיע אין בויען דאָס לאַנד. דער אַרבעטס־מענטש מוז זיין געזונט, מוז זיין מער קולטורעל, מוז זיין מער איד און מער מענטש. ערשט דאַן וועט ער קענען זיין מער שעפעריש און מער נוצלעך פאַר זיך אַליין, פאַר זיין שכן, פאַר זיין קלאַס און פאַר זיין גאַנצן, נאָך פרייהייט־בענקענדיקן, אידישן פאָלק.

„אַלע פריינט פון דער הסתדרות וועלכע האָבן ביז איצט אויסגעדריקט אויף פאַרשידענע אופנים זייערע סימפּאַטיעס מיט די העלדישע אויפטוען פון דער אָרגאַניזירטער אידישער אַרבעטערשאַפט פון ארץ־ישראל, ווערן איצט אויפגעפאָדערט פון אונז צו זאַמלען און זיך אַרומקלייבן אַרום דעם אַרבע־טער־בלאָק. עס איז דער וויכטיקסטער פּאָליטישער קאַמף וואָס מיר האָבן ווען עס איז געפירט אין אַמעריקע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. מיר רופן זיי צו שטימען פאַר אַ געזונטער בוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל, פאַר דער איינהייט און שטאַרקייט פון דער הסתדרות העובדים, פאַרן סאָציאַלן יושר ווי אַ יסוד אין דער בוי־אַרבעט פון ארץ־ישראל, פאַר אַ ציוניזם געבויט אויף מאַסן־איינוואַנדערונג און אויף אמתער חלוציות, אויף דער אידייע פון אַרבעט און באַפרייאונג.

„צו אַלע אידישע אַרבעטער, צו דער גאַנצער אידישער יוגנט און צו די אידישע פאָלקס־מאַסן גייט דעריבער אַרויס אונזער רוף:

„דערוואָרבט אייער שטימרעכט דורכן שקל, און שטימט פאַרן אַרבעטער־בלאָק צום 19־טן ציוניסטישן קאָנגרעס!"

אינעם צווייטן דאָקומענט האָב איך געשריבן:

„אונזערע קעגנער האָבן איין טענה קעגן אונז:

„מיר זיינען אַ קלאַסן־פּאַרטיי, מיר פירן קלאַסן־פּאָליטיק. זיי אָבער זיינען 'פאָלק'. זיי ווילן פירן אין ציוניזם און אין דער בוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל אַן איבער־קלאַסן־פּאָליטיק. דערפאַר רופן זיי דעם סתם־איד צו שטי־מען פאַר זייער צעטל אין די קומענדיקע וואַלן צום 19־טן ציוניסטישן קאָנגרעס.

„איז די דאָזיקע טענה קעגן אונז אַ גערעכטע?

„לאָמיר זיך אָקאָרשט גוט פאַרשטיין. קיינער לייקנט נישט, אַז מיר זיינען אַ פּאַרטיי פון אַרבעטער־קלאַס. עס פעלט קיינעם נישט אויך צו דאַרפן זיך פאַר וועמען עס איז פאַרענטפערן. מיר זיינען דאָס וואָס מיר זיינען.

מיר טרעטן אויף נישט־פאַרשטעלטע אין עפּעס אַנדערש. מיר זיינען דער אַרבעטער־קלאַס אין ציוניזם.

„איז אָבער אמת, אַז די אינטערעסן פון אַרבעטער־קלאַס אין ציוניזם זיינען קעגן די אינטערעסן פון גאַנצן פאָלק?

„אויף דעם ענטפערן מיר: עס ווענדט זיך וואָס מיר פאַרשטייען אונטערן באַגריף ׳פאָלק׳.

„אויב ׳פאָלק׳ מיינט יענע קליינע שיכט צווישן אונז, וואָס וויל קומען קיין ארץ־ישראל מיט אייגענע קאַפּיטאַלן און נוצן די דאָזיקע קאַפּיטאַלן פאַר שפּעקולאַציע, אָדער פאַר עקספּלאָואַטאַציע — דאַן איז די טענה אַ גערעכטע. קעגן אַזאַ ׳פאָלק׳ קעמפן מיר מיט אַלע אונזערע כוחות.

„אויב אָבער ׳פאָלק׳ מיינט יענע גרויסע אידישע אַרבעטס־זוכנדיקע מאַסע, וועלכע פאָרט קיין ארץ־ישראל געפינען דאָס וואָס זי קען נישט געפינען אין דער גאַנצער וועלט — אַרבעט; אָדער ׳פאָלק׳ מיינט דעם פאַרמעגלעכן איד, וואָס פאָרט קיין ארץ־ישראל בכדי צו אינוועסטירן זיין קאַפּיטאַל אין פּראָדוקטיווער אינדוסטריע און אין נוטיקן האַנדל, דאַן באַהויפּטן מיר, אַז דאָס וואָס מיר טוען אין ארץ־ישראל פאַלט צוזאַמען מיט אַט־די פאָלקס־אינטערעסן. מיר גייען נאָך ווייטער: מיר באַהויפּטן, אַז אָן אונזער אַרבעט בלייבט נישט פאַר אַט־די פאָלקס־מאַסן קיין מעגלעכקייט זיי זאָלן זיך אַליין צוריק אויפבויען אין ארץ־ישראל.

„בלויז אַ פּאָר ביישפּילן:

„יעדער ציוניסט (מיט דעם אויסנאַם פון די אַרויסגעטראָטענע רעוויזיאָניסטן) פאַרשטייט די גרויסע באַדייטונג, וואָס אונזער אַגראַר־ווירטשאַפט האָט פאַר אונזער גאַנצער צוקונפט אין ארץ־ישראל. יעדער ווייסט, אַז אָן אַ גרויסער, געזונטער — דורך איר אייגענער אַרבעט אין באָדן־איינגעוואָרצלטער — אידישער אַגראַר־באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל, וועלן אַפילו אונזערע גרויסע שטעט קיין זיכערע תקומה נישט קענען האָבן. און אַוודאי דאַרפן עס פאַרשטיין יענע, וועלכע ריידן כסדר וועגן מדינה און וועגן אידישן שטאַט אין ארץ־ישראל. זיי מוזן דאָך קלאָר איינזען, אַז אָן אַן איינגעוואָרצלטן, באַדייטנדיקן אין צאָל, אידישן פויער־שטאַנד וועלן מיר נישט ווערן די בעלי־בתים אויף ארץ־ישראל. די פאַרגרעסערונג פון אונזערע שטחים פאַר דער אַגראַר־ווירטשאַפט און די פאַרזיכערונג, אַז אין די שטחים זאָל אַריינגעגאָסן ווערן די ענערגיע פון די אידישע מוסקולן, איז דעריבער איינע פון די ערשטע געבאָטן פון ציוניזם. די געזונטע אידישע אַגראַר־ווירטשאַפט גיט אויך מער פונדאַמענט אונזער אינדוסטריע און אונזער האַנדל. בקיצור, די אידישע

אַגראַר־ווירטשאַפט איז איינער פון די מיטלען, וואָס מאַכט מעגלעך פאַר גרעסערע צאָלן פון אידישע אַרבעטערס־זוכער צו געפינען אין ארץ־ישראל אַן עקאָנאָמישע עקזיסטענץ.

„האָבן מיר אין די לעצטע יאָרן אַ שווער פּראָבלעם אין ארץ־ישראל: די שטאָטישע פּראָספּעריטי שלעפּט אַרויס די אידישע אַרבעטער פון די אַגראַר־ווירטשאַפטן. ווערט ביי אַן אַנדער געלעגנהייט אויסקומען אָנצוואוייזן אויף יענע פאַרשידענע ראַדיקאַלע און פּאַליאַטיווע מיטלען, וועלכע מיר דאַרפן אָנווענדן אין קאַמף קעגן אָט־דער דערשיינונג. אָבער איינעם אַזאַ מיטל (דעם ראַדיקאַלסטן) ווענדן מיר שוין אָן לאַנגע יאָרן אין ארץ־ישראל. דער דאָזיקער מיטל איז: דאָס אַרבעטער־דאָרף, ווי די הסתדרות בויט עס מיט דער הילף פון קרן היסוד און אויפן באָדן פון קרן קימת. אין דער צייט פון דער גרעסטער שטאָטישער פּראָספּעריטי, אין די לעצטע צוויי־און־אַ־האַלב יאָר — ווען די שטעט האָבן מיט אַזאַ כוח געשלעפּט אידישע אַרבעטער פון די פּריוואַט־ווירטשאַפטלעכע דערפער — איז די צאָל פון אידישע אַרבעטער אין די קאָלעקטיווע אָדער קאָאָפּעראַטיווע אַרבעטער־דערפער פאַרגרעסערט געוואָרן אויף מער ווי 50 פּראָצענט. איז דאָס בלויז אַ דערגרייכונג פון קלאַס? איז עס נישט אַ גוואַלטיקע דערגרייכונג פאַרן גאַנצן פאָלק? נאַטירלעך, נישט פאַרן 'פאָלק' פון עקספּלואַטאַציע און שפּעקולאַציע, אָבער פאַרן גרויסן מאַסן־פאָלק, וואָס זוכט אַרבעט. ווייל יעדע משפחה אין געזונטער אַגראַר־ווירטשאַפט מאַכט מעגלעך — לויט אונזער איצטיקער ארץ־ישראלדיקער ווירטשאַפטלעכער לאַגע — נאָך דריי משפחות אין אינדוסטריע און אין געזונטן האַנדל. ווייל זי פאַרשטאַרקט דורך דעם אויך דעם פונדאַמענט פון דעם אידישן שטאָטישן אונטערנעמער און פאַבריקאַנט.

„איז דאָס בויען נייע עין־חרוד'ס און נהלל'ס בלויז קלאַסן־ווירטשאַפט, אָדער אמת'ע פאָלקס־ווירטשאַפט? מיר זאָגן אָפן בפני כל עם ועדה: אויב מיר וועלן האָבן אונזער דעה אין ציוניזם, וועלן מיר בויען אַזעלכע אַגראַרע ישובים. מיר באַהויפּטן, אַז אין וואָס מער אָט אַזעלכע ישובים נויטיקט זיך ארץ־ישראל, כדי דער פונדאַמענט זאָל פעסטער ווערן אויך פאַר דער אידישער שטאָט, וואָס דאַרף וואַקסן פּאַראַלעל מיטן אידישן דאָרף.

„אַזעלכע נייע ישובים, וועלכע זיינען אַזוי וויכטיק פאַר דער פאָלקס־ווירטשאַפט, וועלן אַוודאי גלייכצייטיק פאַרשטאַרקן דעם כוח פון דעם אַרבעטער־קלאַס אין ארץ־ישראל. אָט דאָס איז דאָך, וואָס מיר זאָגן, אַז די אינטערעסן פון דעם אַרבעטס־מענטשן אין ארץ־ישראל פאַלן צוזאַמען מיט די

אינטערעסן פון די גרעסטע אידישע פאָלקס־מאַסן און אַרבעטס־זוכער, וואָס רייסן זיך קיין ארץ־ישראל.

„אָדער נעמען מיר אַ צווייטןביישפּיל. די נאַציאָנאַלע הלואה, וואָס די איצטיקע עקזעקוטיווע האָט באַקומען.

„אַז די דאָזיקע נאַציאָנאַלע הלואה איז פון גרויס נוצן פאַר די אינטער־רעסן פון גאַנצן ציוניזם און נישט בלויז פון דעם אַרבעטער־קלאַס אין ציוניזם, איז דאַכט זיך קלאָר פאַר אַלעמען. עס איז דאָך געבוג דער פאַקט, וואָס דורך דער נאַציאָנאַלער הלואה איז מעגלעך געוואָרן צו פאַרפינפאַכן דעם בודזשעט פאַר נייער אַגראַרער קאָלאָניזאַציע אין 1935 לגבי 1934.

„ווי אַזוי אָבער האָט מען געקענט קומען צו אָט־דער הלואה? וואָס האָבן מיר געקענט אָנגעבן אַלס משכון פאַר אָט־דער נאַציאָנאַלער הלואה?

„די איבער 20 מיליאָן פונט פון פּריוואַטע געלט, וואָס געפינען זיך אין די בענק פון ארץ־ישראל — נישט. די אומגעהויערע פּריוואַטע פאַרמעגנס, וואָס אידן פאַרמאָגן אין ארץ־ישראל — אויך נישט. אַפילו די פאַרמעגנס פון קרן־קימת, וואָס זיינען גאָר באַדייטנדיק — אויך נישט (און מיר זיינען די לעצטע, וואָס באַדויערן, פאַרוואָס קרן־קימת דינט נישט ווי אַ משכון אויף הלוואות. קרן־קימת פאַרמעגן קען נישט פאַרקויפט ווערן. דערפאַר קען עס נישט דינען ווי אַ משכון. און מיר ווילן טאַקע, אַז קרן־קימת־באָדן זאָל קיינמאָל נישט פאַרקויפט ווערן). דער פאַרמעגן פון קרן־היסוד איז צעטיילט אויף פאַרשידענע חלקים. איין חלק, למשל, די איבער אַ מיליאָן פונט, וואָס קרן־היסוד האָט אויסגעגעבן אויף דערציאונג, האָט אונז געבראַכט אַ נאַציאָ־נאַלן פאַרמעגן, וואָס קען גאָר אין געלט נישט אָפּגעשאַצט ווערן. אָבער באַנקירן וועלן אָט־דעם פאַרמעגן ווי אַ משכון פאַר הלואה נישט אָננעמען. פון אַלץ וואָס מיר פאַרמאָגן אין ארץ־ישראל האָט בכן געדינט ווי אַ משכון דאָס, וואָס קרן־היסוד, אין הייליקן שידוך מיט אידישער אַרבעט, האָט אינ־וועסטירט אין די סאָציאַליסטישע און האַלב סאָציאַליסטישע אַגראַרע זידלונגען.

„ווי אַזוי זיינען אָט־די ישובים מעגלעך געוואָרן? — דער אידישער אַרבעטער־קלאַס אין ארץ־ישראל האָט זיי מיט זיין שווייס און מי געבויט. ער האָט אויך זיין בלוט אין זיי אַריינגעגאָסן. אַנדערע אידישע קלאַסן און גרופּן האָבן אין זייער בלינדקייט נישט איינמאָל זייערע הענט אויפגעהויבן קעגן אָט־דעם אויפגעבויטן קלאַסן־אוצר. היינט איז דווקא אָט־דער קלאַסן־אוצר געוואָרן אַ ווירקלעכער פאָלקס־אוצר. היינט האָט אָט־די קלאַסן־פּאָזיציע געדינט אַן אומגעהויער וויכטיקן פאָלקס־אינטערעס.

איז ווידער באַשטעטיקט, אַז די אינטערעסן און די פאַרשטאַרקונג פון

אַרבעטער־קלאַס אין ארץ־ישראל גייען נישט להיפּוך צו די אינטערעסן פון גאַנצן פאָלק. פאַרקערט! זיי דינען די אינטערעסן פון גאַנצן פאָלק.

„און דאָס סאַמע קריגן די הלואה, ליגט אין דעם נישט דער זעלבער באַווייז?

„וואָס די איצטיקע עקזעקוטיווע האָט דערגרייכט אויפן פינאַנץ־געביט איז אַ קאַפּיטל, צו וועלכן מען וועט זיך נאָך דאַרפן אומקערן. וואָס עס האָבן געטאָן די אָפּאָזיציאָנערן, מכשיל צו זיין דער עקזעקוטיווע אויף אָט־דעם געביט, איז אַלעמען באַוואוסט. טאָ ווי קומט עס, אַז דווקא אָט־די עקזעקוטיווע, וועמעס פינאַנץ־דעפּאַרטמענט איז געפירט געוואָרן נישט פון קיין געוועזענעם באַנקיר, נישט פון קיין פריערדיקן דירעקטאָר פון אַנדערע פינאַנץ־אַנשטאַלטן, אַז דווקא אונזער חבר האָט דורכגעפירט אָט־די הלואה?

„אַוודאי האָט די וואַקסנדיקע ארץ־ישראל׳דיקע ווירטשאַפט זייער פיל דערצו בייגעשטייערט. אַוודאי האָט דער פאַרקלענערטער דעפיציט געהאַט אַ ווירקונג. אַוודאי האָבן די פאַרגרעסערטע הכנסות פון קרן־היסוד געשפּילט אַ ראָלע. אָבער צי האָט אויך דערביי נישט געשפּילט אַ ראָלע דווקא דער פאַקט, וואָס אליעזר קאַפּלאַן קומט פון דער אַרבעטערשאַפט־?

„ווייל אָט יענעם איבנדערמאָנטן משכון, וואָס מען האָט געדאַרפט איינלייגן אַלס גאַראַנטיע פאַר דער הלואה, האָבן פריערדיקע פינאַנץ־לייטערס אונזערע אָפּגעשאַצט אָדער אַלס מינוס, אָדער אַלס זעראָ. אייניקע האָבן עס באַטראַכט אַלס לאַסט אויפן ציוניסטישן בודזשעט און דעריבער — אַ פינאַנציעלער מינוס. אַנדערע, נישט אַזעלכע שטרענגע, האָבן עס באַטראַכט אַלס זעראָ: לא מעלה ולא מוריד. אָבער אַז דווקא אָט־דער ווירטשאַפטלעכער פאַרמעגן זאָל אָנגענומען ווערן אַלס פינאַנציעלע גאַראַנטיע פאַר אַ הלואה — דאָס האָט געקענט אַריינפאַלן אין קאָפּ דעם פאַרשטייער פון קלאַס און נישט אַ פאַרשטייער פון ׳פאָלק׳.

„האָט אַלזאָ ווידער דער קלאַס־מענטש געבראַכט אַזאַ באַדייטנדיקן נוצן פאַרן גאַנצן פאָלק, וואָס די פריערדיקע ׳פאָלקס׳־מענטשן האָבן עס נישט געקענט באַווייזן.

„און דאָס אַלץ נישט דורך אַ נס, אַפילו נישט בלויז דורך באַזונדערער פעאיקייט. (דאָס האָבן נאָר אונזערע קעגנער געזאָגט, אַז זיי זיינען די איינציקע, וואָס זיינען פעאיק צו פירן, צו פאַרוואַלטן, צו רעגירן. מיר שרייבן עס נישט צו צו פערזענלעכער פעאיקייט, כאָטש מיר באַהויפּטן, אַז אונזערע מענטשן פאַלן ווייט נישט אַראָפּ לגבי וועמען עס איז אויך בנוגע פעאיקייטן). מיר באַהויפּטן נאָר, אַז געשען איז עס צוליב דעם, ווייל —

„די אינטערעסן פון אַרבעטער־קלאַס אין ציוניזם זיינען אידענטיש מיט די אינטערעסן פון גאַנצן נאָך אַרבעט־שטרעבנדיקן און אַרבעט־זוכנדיקן פאָלק. אַזוי איז עס אויף פיל אַנדערע געביטן פון אונזער בוי־אַרבעט אין לאַנד. דערפון דרינגען מיר:

„די אינטערעסן פון ציוניזם, איבערגעבן אין די הענט פון די אַרבעטער־ציוניסטן, איז אַ גאַראַנטיע פאַר די אמתע אינטערעסן פון גאַנצן אידישן פאָלק".

I

נאָכן דערציילן דעם הינטערגרונט פון 19טן ציוניסטישן קאָנגרעס, קען איך איצט דערציילן וועגן אַ פּאַסירונג אויפן קאָנגרעס גופא:

איינער פון די הויפּט־רעדנער אין דער אַלגעמיינער דעבאַטע, נאָכן באַריכט פון דער עקזעקוטיווע, איז געווען דער גרויסער אָראַטאָר ד"ר סטיפן ס. ווייז ז"ל בכבודו ובעצמו. ער האָט גענומען אויף זיך אַרויסצוטרעטן ווי דער הויפּט־רעדנער פון דער אָפּאָזיציע; און ער האָט טאַקע אַרויסגעבראַכט אַלע טענות וואָס די אָפּאָזיציע האָט מאָביליזירט קעגן דער עקזעקוטיווע. ער איז דווקא דאַן געקומען פון אַ באַזוך אין ארץ־ישראל. דאָרטן האָט ער אויפגעקליבן די אַרגומענטן פון די הערן סופּראַסקי און זיינע חברים — די עקסטרעמסטע קעגנער פון דער השפעה פון אַרבעטער־פליגל אין ציוניזם. אָט־די גרופּע, מיט דער הילף פון אייניקע מזרחי־פירער, האָט ביי פאַר־שידענע געלעגנהייטן באַצייכנט די אידישע אַרבעטערשאַפט פון ארץ־ישראל מיטן ריח־ניחוח׳דיקן עפּיטעט: „די קעסט־קינדער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג".

האָט זיך, אויפן 19טן ציוניסטישן קאָנגרעס, דער גרויסער אָראַטאָר ד"ר סטיפן ס. ווייז טאַקע פאַרוואַנדלט אין דעם הויפּט־אַדוואָקאַט פון די רעאַקציאָ־נערע כוחות אין ציוניזם. אים האָט דאַן געגעבן אַ זייער אויסשעפּלעכן און שאַרפן ענטפער אונזער חבר בערל כצנלסון זכרונו לברכה. דעם אינ־האַלט פון זייערעביידע רעדעס דאַרף איך דאָ ניט פאַרצייכענען. זיי זיינען פאַרשריבן אין די אָפיציעלע פּראָטאָקאָלן פון 19טן ציוניסטישן קאָנגרעס. איך דאַרף נאָר דערציילן וועגן אַן אינצידענט, וואָס האָט באַרירט מיך פערזענלעך:

גלייך נאָך חבר כצנלסון׳ס רעדע איז ד"ר סטיפן ווייז אַראָפּ פון דער פּלאַטפאָרמע. ער איז צוגעגאַנגען צו מיר און אַ זאָג געטאָן: „באַרוך, קאַם וויט מי, איי מאַסט טאָק טו יו" („באַרוך, קום מיט מיר, איך מוז ריידן מיט דיר"). איך בין גלייך אַרויס פון זאַל צוזאַמען מיט אים מיר זיינען אַוועק

אין זיין האָטעל. נאָך איידער מיר האָבן זיך אָוועקגעזעצט, האָט עס פון אים אַרויסגעשטורעמט:

„טעל מי, העוו אַי דעזווירווד דהי קריטיסיזם אַי גאָט פראָם יור קאָמרייד בערל?" (זאָג מיר, האָב איך פאַרדינט די קריטיק וואָס איך האָב באַקומען פון דיין חבר בערל?). מיין ענטפער צו אים איז געווען: „ד"ר וויז, איר ווילט הערן מיין אויפריכטיקע מיינונג, אָדער איר ווילט דווקא הערן פון מיר, אַז חבר בערל איז געווען אומגערעכט?". אויף דעם איז געקומען זיין שנעלער און קלאָרער ענטפער: „דיין אויפריכטיקע מיינונג". ערשט דאַן האָב איך אים געזאָגט:

„ד"ר וויז, איך איז ממש געשען אַ נס, וואָס דער אידלסטער פון אונ־זערע חברים האָט געענטפערט. איך ווייס ניט וואָס ס'וואָלטן געזאָגט אַנדערע פון מיינע חברים וועגן אייער אויפטריט. איך קען איך נאָר זאָגן, וואָס איך אַליין דענק וועגן אים. איר, ד"ר וויז, נעמט אָן אין דער אַמעריקאַנער פּאָליטיק כמעט אַלעמאָל די שטעלונג פון אַ ליבעראַל; אָפטמאָל אַפילו פון אַ ראַדיקאַל. ווען עס קומט צו אַ פראַגע פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער, געפינט מען איך כמעט אַלעמאָל אויף דער זייט פון די אַרבעטער. ווי־זשע קומט עס, וואָס אין דער אידישער — בעיקר אין דער ציוניסטישער — פּאָליטיק זייט איר געוואָרן דאָס מויל פון די רעאַקציאָנערסטע כוחות? איך קען איך צו גוט און ווייס, אַז דאָס וואָס איר האָט געזאָגט איז בישט געווען אייער אייגענע מיינונג. איין 'פלענק' (די פּאָליטישע פּראָגראַמען וואָס די אַמעריקאַנער פּאָליטישע פּאַרטייען שטעלן אַרויס אין זייערע וואַל־קאַמ־פּאַניעס ווערן צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרשידענע 'פלענקס') פון אייער רעדע האָט אין איך אַריינגערעדט הער פלוני, אַ צווייטן 'פלענק' קומט פון הער אַלמוני. זיי האָבן אַוודאי אַ רעכט אויף זייער רעאַקציאָנערן איינשטעל. זיי האָבן אָבער ניט קיין רעכט אויסצונוצן פאַר זיך דעם גרויסן טריבון ד"ר סטיפן וויז. נאָך ווייניקער האָט איר געהאַט דאָס מאָראַלישע רעכט, זיך צו לאָזן אויסנוצן".

ער האָט מיך איבערגעריסן מיט אַ שאַרפן אויסגעשריי: „יו פעין מי!" (דו טוסט מיר וויי!). איך האָב געענטפערט: „ווייניקער פון אַלץ וויל איך איך וויי טאָן. אָבער דאָס איז פאָרט מיין אויפריכטיקע מיינונג".

נאָך אַ פּאָר מינוט שווייגן האָט ער געפרעגט: „וואָס קען איך טאָן, בכדי צו פאַרריכטן דעם שלעכטן איינדרוק? איר ווייסט דאָך, אַז איך בין שטענדיק געווען אַ פריינט פון אייער באַוועגונג". האָב איך אים געענטפערט: „איך זע ניט, וואָס עס קען שוין געטאָן ווערן דאָ, אויפן קאָנגרעס גופא. אָבער

נאָכן קאָנגרעס קומט אונזער חבר זלמן רובאַשאָוו קיין צפון־אַמעריקע אין די אינטערעסן פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין. איך בין דער צווייטער דעלעגאַט צו אים צום קאַמפּיין. אַזוי שנעל ווי מיר קומען קיין ניו־יאָרק וועלן מיר זיך מיט אייך פאַרבינדן און זוכן צוזאַמען דעם וועג ווי צו ענדערן דעם איינדרוק".

אַזוי ווי איך וועל מיך צו אָט־דעם אינצידענט מער ניט אומקערן, איז כדאי שוין דאָ פאַרצייכענען: מיר האָבן זיך טאַקע, אַלע דריי, געטראָפן אַזוי שנעל ווי חבר רובאַשאָוו איז אָנגעקומען (איך בין גלייך פון קאָנגרעס גע־פאָרן צוריק קיין צפון־אַמעריקע. חבר רובאַשאָוו האָט נאָך געמוזט פאָרן צוריק אויף אַ פּאָר וואָכן קיין ארץ־ישראל). דער רעזולטאַט פון אָט־דעם שמועס איז געווען, אַז ד"ר וויז האָט — מיטן זיין כאַראַקטעריסטישן סגנון — פאַרעפנטלעכט אַ דערקלערונג, ווי נאָר ער האָט געהאַט די ערשטע מעגלעכ־קייט דערצו. דאָרט שאַצט ער אָפּ דעם בייסטייער וואָס די אידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל האָבן צוגעטראָגן צום אידישן פאָלק בכלל, צו דער ציוניס־טישער באַוועגונג בפרט; און בעיקר צו דער אויפבוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל.

דערמיט איז דער אינצידענט געווען פאַרענדיקט. פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס חבר רובאַשאָוו און איך זיינען דאַן פאַרבליבן אין צפון־אַמעריקע, האָבן מיר ניט איינמאָל באַקומען דערמוטיקונג פאַר אונזער אַרבעט פון דעם גרויסן טריבון ד"ר סטיפן ס. וויז.

## ח

איידער איך פאַרענדיקט אָט־דאָס קאַפּיטל, וויל איך נאָך איבערגעבן מיין רעדע, וואָס איך האָב געהאַלטן צום 10־יעריקן יובל פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין, אין נאָוועמבער 1934 און דעריבער געהערט עס צו אָט־דעם קאַפּיטל.

איך האָב געזאָגט:

„היינט עפענען מיר דעם יערלעכן צוזאַמענפאָר פונעם געווערקשאַפטן־קאַמפּיין פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. עס איז אונזער צענטער צוזאַמענפאָר — אַ מין יובילעאום — און עס איז כדאי זיך אָפּצוגעבן אַ קלאָרן חשבון: וואָס איז די ממשות'דיקע באַדייטונג פון אונזערע קאַמפּיינס אין אַמעריקע פאַר דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל?

„דעם העכסטן פּראָצענט פון די געלטער האָט פאַרשלונגען די נייע אַגראַרע אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע. אויף דעם געביט איז פאָרגעקומען אַ באַ־דייטנדיקע ענדערונג אין די לעצטע פאַר יאָר.

„מיר האָבן אַלע מאָל גערעכנט, אַז אין דער נייער אַגראַרער קאָלאָני־זאַציע באַטייליקן זיך דריי שותפים: דער קרן קימת גיט דעם באָדן; דער

קרן־היסוד — דעם לעבעדיקן און טויטן אינווענטאַר; און די ספּעציעלע פאָנדן פון דער הסתדרות — פון וועלכע אונזער געווערקשאַפטן־קאַמפּיין איז אַ וויכטיקער באַשטאַנד־טייל — גרייטן צו דעם מענטשן־מאַטעריאַל, די אידישע מוסקול־קראַפט, וואָס דאַרף, דורך דעם באָדן און דעם אינווענטאַר, באַשאַפן אַ פּרוכטבאַרן ישוב.

„אין די לעצטע יאָרן זיינען צוגעקומען צו די ספּעציעלע פאָנדן פון דער הסתדרות (געווערקשאַפטן־קאַמפּיין בתוכם) נייע פונקציעס. אויסער צו־צוגרייטן דעם מענטשן־מאַטעריאַל, מוז די הסתדרות, אין אַ סך פאַלן, אַליין באַזאָרגן דעם נויטיקן אַרבעטס־אינווענטאַר. אַזוי איז עס געווען כמעט אין אַלע נייע אַגראַרע אַרבעטער־ישובים פון עמק חפר (ואדי חאַוואַריט). אַזוי וועט עס מוזן זיין אין די אַגראַרע ישובים וואָס וועלן געבויט ווערן מיט די געלטער פון מפעל ארלוזורוב. אַזוי וועט עס מוזן זיי אין דער צוקונפט אויך אין אַנדערע נייע אַגראַרע פונקטן, וואָס וועלן מוזן געבויט ווערן אין ארץ־ישראל אין דער גאָר נאָענטער צוקונפט. אויך אויף דעם געביט פון באָדן־דערווערבן וועלן די זעלבסטשטענדיקע אַרבעטער־פאָנדן אָנהויבן שפּילן וואָס ווייטער אַלץ אַ גרעסערע ראָלע. די אַרבעטערשאַפט וועט זיך ניט קענען באַנוגענען מיט דער לאָזונג פון ׳אדמה בחסכון׳ (דערווערבן אַ שטיקל באָדן דורך די אָפּשפּאָרונגען פון די אַרבעטער) — נאָר אין דערווערבן נייע גרויסע באָדן־שטחים אין ארץ־ישראל וועלן די זעלבסטשטענדיקע פינאַנץ־מעגלעכ־קייטן פון דער הסתדרות שפּילן אַ גאָר־באַדייטנדיקע ראָלע. דערביישפּיל פון ׳ניר׳ס׳ ראָלע אין דערווערבונג פון חולה־געביט רעדט זייער קלאָר וועגן דעם.

„וועלן טאָקע אַלע אונזערע טוער איבערן לאַנד פון איצט אָן דאַרפן באַקאַנט מאַכן צו אַלע ביישטייערער אָט־דעם נאָמען ׳ניר׳; אונזער אייגענעם אָרגאַן פאַר אַגראַרער קאָלאָניזאַציע. ווייל די גרויסע ראָלע פון ׳ניר׳, וועל־כער וועט פון איצט אָן באַקומען 50 פּראָצענט פון אַלע סכומים, וואָס דער געווערקשאַפטן־קאַמפּיין וועט זאַמלען אין אַמעריקע, הויבט זיך ערשט אָן.

## ט

„פירט ׳ניר׳ אַ קאָנקורענץ מיט קרן קימת און קרן היסוד? — זיכער ניט! דאָס זאָגן ניט נאָר מיר פון דער הסתדרות, נאָר דאָס וועלן אָן ספק אויך צוגעבן די פירער פוןביידע דערמאָנטע נאַציאָנאַלע פאָנדן. זאָל דאָ גלייך אַזוי שאַרף און קלאָר ווי נאָר מעגלעך דערקלערט ווערן:

די אַרבעט פאַר קרן קימת און קרן היסוד מוז פאַרנעמען — אין דער

אויפמערקזאַמקייט פון דעם אידישן פאָלק בכלל און פון ציוניסטן בפרט — אַ גלייך אָרט מיטן קאַמף וואָס מיר מוזן פירן פאַר אַ פאַרגרעסערטער עליה און פאַר דעם פּרינציפּ פון אידישער אַרבעט. זיי טאָרן און קענען גאָר ניט אָפּגעזונדערט ווערן איינע פון דער צווייטער. זיי אַלע שטעלן מיט זיך פאָר איין גרויסע קייט פון אָנשטרענגונגען וואָס אונזער דור מוז מאַכן, כדי ניט צו פאַרשפּילן די אויסערגעוויינלעכע מעגלעכקייטן וואָס ארץ־ישראל פאַר־מאָגט, סיי פאַר דער פאַרענטפערונג פון דער באַלדיקער ארץ־ישראל נויט, סיי פאַר דער היסטאָרישער פאַרענטפערונג פון גאַנצן אידן־פּראָבלעם. קרן קימת און קרן היסוד מוזן דעריבער גאָר באַדייטנדיק געשטאַרקט ווערן פון אַלע אידן, פאַר ווענען בנין־הארץ מיינט עפּעס.

„אָבער טאַקע צוליב די געוואַלטיקע מעגלעכקייטן, וואָס האָבן זיך אַנט־פּלעקט אין ארץ־ישראל, איז יעדער באַזונדערער פאָנד — וואָס קען מאָבי־ליזירן נאָך סכומים פאַר אַ פאַרגרעסערטער, געזונטער אַגראַרער קאָלאָניזאַציע — ניט קיין קאָנקורענץ, נאָר אַ דערגענצונג צו אַנדערע נאַציאָנאַלע פאָנדן. דער איינציקער באַדינג, וואָס דאַרף דערביי געשטעלט ווערן, איז — אַז די אַגראַרע בוי־אַרבעט פון אַלע אָרגאַנען זאָלן געמאַכט ווערן אין האַרמאָנישער קאָאָפּעראַציע פון אַלע פאָנדן. די זעלבסטשטענדיקע פאָנדן פון דער הסתד־רות, דורך ׳ניר׳, פירן טאַקע זייערע אַגראַרישע אַרבעטן אין פולער האַר־מאָניע מיט די אַגראַר־קאָלאָניזאַציע אָרגאַנען פון דער אידישער אַגענץ.

„דער געוועקשאַפטן־קאַמפּיין, ווי אַ וויכטיקער באַשטאַנד־טייל פון די זעלבסטשטענדיקע הסתדרות־פאָנדן, איז בכן אין זיין אַגראַרער בוי־אַרבעט אַ האַרמאָנישער שותף מיט די נאַציאָנאַלע פאָנדן — קרן קימת און קרן היסוד. ער פאַרנעמט בשום־אופן ניט זייער אָרט. ער אַרבעט מיט זיי מיט.

ד

„וועגן דער באַדייטונג פון דער אידישער אַגראַר־קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל איז איבעריק דאָ צו ריידן אַ סך. גענוג צו ברענגען די אונ־טערשטע שורה: ארץ־ישראל וועט זיין אַ אידיש לאַנד נאָר ווען דער באָדן פון ארץ־ישראל וועט, דורך אידישער אַרבעטס־קראַפט, געמאַכט ווערן פרוכט־באַר.

„אַלע ווייסן, אַז אין ארץ־ישראל האָבן מיר אַ סכנות׳דיקן צושטאַנד אין דעם, וואָס די שטאָט ציט אַרויס אידישע אַרבעטס־מענטשן פון דאָרף. אַנטקעגן אָט־דער דערשיינונג דאַרף מען קעמפן. קאַמף־מיטלען זיינען דאָ אַ סך, אָנהויבנדיק פון אַ קאַמף פאַר אַזאַ עליה, וואָס זאָל ווירקלעך זיין

צוגעפּאַסט צו דערווירטשאַפטלעכער אויפנאַמס־פעאיקייט פון לאַנד, און פאַרענדיקנדיק מיט אַ קאַמף קעגן יענע אידישע אַרבעטסגעבער אין ארץ־ישראל, וועלכע (אונטער דעם אויסרייד פון מאַנגל אין אַרבעטס־הענט) פירן אַריין ביליקע אַרבעט אין זייערע פּלאַנטאַציעס און העלפן־מיט דורכדעם דעם אויסלייזדיקונגס־פּראָצעס פון אידן אין דער דאָרפישער ווירטשאַפט.

„איינער פון די וויכטיקסטע קאַמף־מיטלען קעגן דעם איז אָן ספק: זעלבסטשטענדיקע קאָלעקטיווע אַרבעטער־קאָלאָניעס אין דער דאָרפישער ווירטשאַפט. פון די קיבוצים און פון די מושבים לויפט מען ניט אין שטאָט אַריין. די צאָל דאָרפס־מענטשן אין עין חרוד אָדער אין נהלל איז לעצטנס באַדייטנדיק פאַרגרעסערט געוואָרן, טראָץ דער געוואַלטיקער צוציאונגס־קראַפט פון דער שטאָט. די דאָרפישע אַרבעטער־ווירטשאַפט, סיי די פול־שטענדיק־קאָלעקטיוויסטישע, סיי די וואָס האָבן אויפגעהאַלטן פאַרמען פון פריוואַטן פאַרמעגן און פריוואַטן לעבן — וועלכע זיינען אָבער באַזירט אויף דעם פּרינציפּ פון אַליין־אַרבעט — האָבן זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ פעלזן־פעסטע דאַמבע קעגן דעם שטראָם וואָס שלעפּט אין שטאָט אַריין.

„די אַגראַרע קאָלאָניזאַציע פון דער הסתדרות, וואָס ווערט געמאַכט מיט די געלטער וואָס די אַרבעטער אַליין שפּאָרן — און אויך מיט די געלטער פון אונזער געווערקשאַפטן־קאַמפּיין — זיינען דעריבער אַ שטאַרקער ווירקנ־דיקער כוח אין דערהאַלטן און פאַרגרעסערן אונזער געזונטע דאָרפישע באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל. אויך דאָס דאַרף וויסן יעדער ביישטייערער פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין.

## יא

„אין אונזער אַגראַר־קאָלאָניזאַציע ווערט געמאַכט דער וויכטיקסטער עקספּערימענט פון דעם נייעם סאָציאַליסטישן איבערבוי. דאָס איז אָן ספק איינער פון אונזערע וויכטיקסטע שטייערן צו יענער רעוואָלוציע, וואָס טראָץ אַלע פינסטערע כוחות פון דער וועלט, זוכט די מענטשהייט דעם וועג צו איר. דער וועג וועט אָן ספק געפונען ווערן. אָבער אָן גרויסער, איבער־מענטשלעכער גבורה, אָן דורות וואָס זאָלן גרייט זיין אויף זייערע אייגענע לייבער און דורך זייערע אייגענע נשמות איבערצוטראָגן די חבלי־לידה פון דער נייער מענטשלעכער געזעלשאַפט — וועלן מיר צו יענער גרויסער איבערענדערונג פון אונזער לעבן ניט דערגיין. אונזער נאַציאָנאַלער בוי־פּראָצעס איז צוזאַמענגעפאַלן, אויף אַ כמעט־מיסטישן אופן, מיט דעם איבער־בוי־פּראָצעס פון דער מענטשהייט. יעדע פּאָזיציע וואָס מיר, די ארץ־ישראל־

דיקע אַרבעטערשאַפט, בויט־אויף, הויפּטזעכלעך אין אונזער אייגענער אַגראַ־רער ווירטשאַפט, איז גלייכצייטיק אַ פעסטונג פון געזונטער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט און אַ יסודות דיקער ביישפּיל פון סאָציאַליסטישן איבערבוי פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. מעגן קעגנער זען אין דעם וואָס זיי ווילן. מעגן זיי פּרובירן אָפּשרעקן די נאַאיווע און די צעטומלטע. מיר וויסן, אַז אין דעם סאָציאַליסטישן איבערבוי פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט ליגט די ענד־גילטיקע גאַראַנטיע סיי פאַרן יחיד פון יעדן פאָלק, ער זאָל ניט עקספּלואַטירט ווערן פון זיין ברודער־מענטש, סיי פאַר דער נאַציאָנאַלער גרופּע. פאַר דער קליינער נאַציע מער, אָבער אויך פאַר דער גרויסער נאַציע, אַז זי זאָל ניט דאַרפן אויסגעבן איר נאַציאָנאַלן שאַפונגס־כוח אין קאַמף פון איין נאַציע מיט דער צווייטער, נאָר אַריינטאָן אַלע הונדערט פּראָצענט פון איר אייגנ־אַרטיקער נאַציאָנאַל־שעפערישער ענערגיע אין דער באַשאַפונג פון נייע קולטור־אוצרות, ווי איר ביישטייער צו דער קולטור פון דער גאַנצער מענטשהייט.

„אין דעם סאָציאַליסטישן איבערבוי פון דער מענטשהייט זעען מיר בכן די מעגלעכקייט פון פולשטענדיקער פרייער אויסלעבונג פאַרן יחיד, ווי פאַר דער נאַציע. עס איז אונזער היסטאָריש גליק, וואָס דווקא אונזער נאַציאָנאַלער אויפבוי־פּראָצעס אין ארץ־ישראל פאַלט אַזוי ענג צוזאַמען מיט דעם סאָציאַ־ליסטישן איבערבוי פון דער מענטשהייט. אונזער זעלבסטשטענדיקע אַגראַרע ווירטשאַפט אין ארץ־ישראל איז יענער שטח—אפשר אויפן גאַנצן ערד־קוגל— וואו דער מענטש זוכט זיך איבערצובויען פאַר יענעם נייעם סאָציאַליסטישן לעבן. ער טוט עס ניט דורך דעם צוואַנג פון אַ דיקטאַטור. ער טוט עס פון אייגענעם ווילן און אייגענער איבערצייגונג. דעריבער וועלן די רעזולטאַטן פון זייערע דערפאַרונגען פיל זיכערער קענען דינען ווי אַ ביישפּיל פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

„די זעלבסטשטענדיקע אַגראַרע קאָלאָניזאַציע פון דער הסתדרות, אין וועלכער אונזער געווערקשאַפטן־קאַמפּיין האָט אַזאַ באַדייטנדיקן חלק, איז דעריבער אויך אַ גרויסע אַלמענטשלעך־סאָציאַליסטישע טאַט, פּונקט ווי זי איז אַ גרויסע נאַציאָנאַל־אידישע טאַט. אויך דאָס דאַרפן וויסן אַלע אמת׳ע פריינט פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין.

## יב

„צוגרייטן דאָס מענטשן־מאַטעריאַל, צוגרייטן די אידישע מוסקול־קראַפט פאַר ארץ־ישראל, איז נאָך אַלץ איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן פון דער הסתדרות און דורכדעם אויך פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין.

„ווי גרויס עס איז אויסגעוואַקסן אונזער חלוצים־מחנה אין דער גאַנצער וועלט, ווייסן שוין איצט אַלע. ווי גרויס עס איז די צאָל פון אונזער יוגנט אין די פאַרשידענע הכשרה־פונקטן איז אויך באַוואוסט. צוצוגרייטן אָט־די גרויסע אַרמיי, דערציען זיי ווען זיי זיינען נאָך קינדער און ברענגען זיי צו דער מדרגה פון אמת'ע חלוצים, איז אַן אומגעהויערע אויפגאַבע, וואָס אָן ארץ־ישראל וואָלט עס קיינמאָל ניט געשען. וואָס עס וואָלט דאָן געוואָרן פון דער גאַנצער אידישער יוגנט, קען יעדער איינער זען פאַר זיך אַליין. דאָס וואָס די חלוצישע באַוועגונג טוט אויף דעם געביט אין איין יאָר, האָט די געזעלשאַפט 'אָרט' — וואָס אין איר אַרבעט בין איך זייער פּאַראינטע־רעסירט — ניט אויפגעטאָן און ניט געקענט אויפטאָן אין די לאַנגע יאָרן פון איר עקזיסטענץ.

„איז די דאָזיקע הכשרה פולקאָם גוט? — ווייט דערפון. עס זיינען אַוודאי אומאויפריכטיק און נאַריש יענע טענות פון אונזערע קעגנער, אַז די הכשרה גרייט ניט צו קיין פּאַסיקן פאַכמאַן פאַר ארץ־ישראל, פונקט ווי עס וואָלט געווען וועלכע ס'איז מעגלעכקייט צוצוגרייטן אין באַראַנאָוויטש אָדער אין גראָכאָוו מענטשן, וועלכע זאָלן תיכף וויסן ווי אַזוי אַראָפּצונעמען מאַראַנצן פון בוימער. די וויכטיקסטע פיזישע אַרבעט, צו וועלכער עס איז בכלל מעגלעך צוצוגרייטן דעם חלוץ אין די לענדער פון מזרח־אייראָפּע, איז — האָלץ־האַקן און האָלץ־זעגן. דער עיקר פון דער פיזישער הכשרה באַצוועקט גרייט צו מאַכן דעם יונגן בחור אָדער מיידל צו יעדער סאָרט שווערער אַרבעט, וועלכע מען וועט דאַרפן אין ארץ־ישראל. צו פאַכן קען מען דערציען צענדליקער, העכסטנס הונדערטער יונגע מענטשן. מיר מוזן דערציען צענדלי־קער טויזנטער. עס איז דעריבער אומגערעכט די קריטיק קעגן אונזער הכשרה.

„אָבער פעלערן זיינען דאָ. זיי דאַרפן אויסגעבעסערט ווערן. זיי וועלן אויסגעבעסערט ווערן. אויך די אויסבעסערונג וועט געשען ניט דורך אונזערע שונאים, נאָר דורך די צענדליקער אינסטרוקטאָרן פון דער הסתדרות אין אַלע לענדער פון מאַסן־חלוצים, וועלכע גיבן אונז די מאַסן־עליה. דאָס ווערט געטאָן — און וועט געטאָן ווערן אין דער צוקונפט — דורך די זעלבסט־שטענדיקע פינאַנץ־מיטלען פון דער הסתדרות.

„אונזער געווערקשאַפטן־קאַמפּיין האָט זיין באַדייטנדיקן חלק אויך אין דעם: אַריבערפירן צענדליקער טויזנטער אידישע יונגע מענטשן צו פּראָ־דוקטיווער אַרבעט און זיי צוגרייטן פאַר ארץ־ישראל. זאָל אויך דאָס קלאָר פאַרשטאַנען ווערן פון יעדן איינעם פון אונזערע פריינט.

## יג

„אָבער נישט נאָר אין די גלות־לענדער דאַרף צוגעגרייט ווערן דער מענטשן־מאַטעריאַל. אויך אין ארץ־ישראל וואַקסט אַ דאָרט־געבוירענע אַרבעטער־יוגנט. עס קומען אויך משפחות, וואָס ברענגען קינדער אין פאַר־חלוצישן עלטער. זיי דאַרפן דעם פּראָצעס פון הכשרה, סיי פאַרן דאַרף און סיי פאַר דער שטאָט, דורכמאַכן אין ארץ־ישראל גופא.

„געפינט איר דעריבער, אין דעם באַריכט, אויף וואָס דאָס געלט פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין איז פאַרווענדעט געוואָרן. אויך אַזעלכע סעיפים, ווי די פאַד־שולן אויפן נאָמען פון מאַקס פּיין, וועלכע זיינען לעצטנס באַדייטנ־דיק פאַרגרעסערט געוואָרן. אַלע אַרבעטן וואָס האָבן צו טאָן מיט דער חלוצי־שער און אַרבעטער־דערציאונג פון דער יוגנט, זיין פּראָפעסיאָנעלער און אָרגאַניזאַטאָרישער צוגרייטונג, און זיין אַטלעטישער אויסבילדונג און אַלע סאָרטן זאָרג פאַר זיין געזונטס־צושטאַנד; די פּראָפעסיאָנעלע אויסבילדונג פון חברות — דאָס אַלץ ווערט געטאָן מיט די זעלבסטשטענדיקע פינאַנץ־מיטלען פון דער הסתדרות, פון וועלכער אונזער געווערקשאַפטן־קאַמפּיין איז אַזאַ וויכטיקער טייל.

„און זאָל אין אָט־דער אָפּטיילונג אויך ניט אויסגעלאָזט ווערן דער פאַקט, וואָס אויך די הילפס־ווירטשאַפט (משק־עזר) פאַר דער אַלגעמיין־ציוניסטישער יוגנט אין כפר סבא איז אויפגעשטעלט געוואָרן מיט דער הילף פון די פינאַנץ־מיטלען פון דער הסתדרות, וואָס דאָס מיינט אויך מיט דער הילף פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין.

## יד

„איז דאָס שוין אַלץ? ווייט ניט!

„מען דאַרף אַליין זיין אין ארץ־ישראל, בכדי צו פילן די ווירקונג פון די זעלבסטשטענדיקע פינאַנץ־מיטלען פון דער הסתדרות אויף שריט און טריט. אין דאָרף און אין שטאָט, אין ווירטשאַפט און אין קולטור, אין זאָרג פאַר דעם מענטשן ווען ער איז קראַנק, אין אַלע אַנדערע פאָרמען פון סאָציאַ־לער פאַרזאָרגונג, אין דערהויבן די ציוויליזאַציע־מדרגה פון דעם מענטשן און אין דער דערציאונג פון דער נשמה פון קינד, אין יעדן שטח פון מענטשלעכער טעטיקייט און מענטשלעכער דערהויבונג — אומעטום איז אינוועסטירט די מענטשלעכע ענערגיע פון דער אַרבעטערשאַפט און אומעטום זיינען אינוועסטירט זיינע אייגענע פינאַנץ־מיטלען. אין אָט־דעם אַלעמען ליגט אַ גרויסער חלק פון יענער אָנשטרענגונג, וואָס מיר האָבן דאָ, אין אַמעריקע,

געמאַכט אין די לעצטע 10 יאָר דורכן געווערקשאַפטן־קאַמפּיין. שוין ניט ריידנדיק פון יענער געוואַלטיקער דערציאונגס־אַרבעט, וואָס איז דאָ, אין אַמעריקע, דורכגעפירט געוואָרן. טויזנטער אידישע היימען האָבן באַקומען אַ נייעם אינהאַלט אין לעבן. די אמת׳ע פרוכט דערפון וועלן ערשט אָנהויבן וואַקסן. דער נייער יונגער אידישער אַרבעטס־זוכער וועט גאָר אין גיכן פאַדערן פלאַץ אין אונזער געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע. און ניט בלויז די נויט און דער קריזיס טרייבן אים דערצו. אונזער דערציאונג דורכן געווערקשאַפטן־קאַמפּיין — און דורך דעם שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער פּראָדוקטיווער אידישער מחנה, וואָס מיר האָבן אויף דער וועלט — די הסתדרות העובדים אין ארץ־ישראל — מאַכט אים גרייט, ער זאָל דורך דעם דרוק פון נויט געטריבן ווערן ניט צום יאוש אין דער אונטערוועלט, נאָר דורך גבורה צו חלוציזם; צום אמת׳ן איבערבוי פון זיין לעבן.

„מיר זיינען נאָך פאַרהעלטנישמעסיק אין דעם בראשית פון אָט־דעם פּראָצעס. ניט אַלע זעען עס קלאָר. עס וועט שוין לאַנג ניט נעמען, און יעדער איינער — וועלכער וועט בכיוון ניט וועלן שליסן זיינע אויגן — וועט עס דערזען. ווייל די מעגלעכקייטן, וואָס ארץ־ישראל האָט אַנטפּלעקט, זיינען אומגעהויער. די חלוצישע ענערגיע, וואָס דאָס מוז אַרויסרופן אין אונזער יוגנט, מוז זיין אַ קאָלאָסאַלע. עס וועלן אויך אין אַמעריקע קומען טעג פון מאַסן־חלוצים. אויך אין דעם פּראָצעס וועט דער געווערקשאַפטן־קאַמפּיין מוזן שפּילן אַ גרויסע ראָלע.

„עס איז דעריבער ניט איבערטריבן די באַהויפּטונג, אַז אין אַלע חלוצישע דערשיינונגען פון אונזער דור, פאַרנעמט אונזער געווערקשאַפטן־קאַמפּיין גאָר־גאָר אַ וויכטיק אָרט. עס מעגן זיין שטאָלץ די אַלע, וועלכע האָבן אַ חלק אין געווערקשאַפטן־קאַמפּיין.

## טו

גרויסע געשעענישן קומען פאָר אין לעבן פון אונזער פאָלק און אין לעבן פון דער גאַנצער מענטשהייט. מיר שטייען ביים סאַמע אָנהויב. מיר האָבן זיך אָבער — דורך דעם געווערקשאַפטן־קאַמפּיין — ענג פאַרבונדן מיט אָט־די היסטאָרישע ענדערונגען, וואָס ווערן געבוירן. מיר וועלן אויך ווייטער אָנהאַלטן אָט־די פאַרבינדונג. מיר וועלן פאַרוואַנדלען דעם געווערקשאַפטן־קאַמפּיין נאָך אין אַ שטאַרקערן כוח, וואָס זאָל העלפן דער הסתדרות פאַרנעמען נאָך אַ גרעסערן פּלאַץ אין אָט־די געשיכטלעכע פּאַסירונגען פון אונזערע דורות”.

# צווישן 19טן און 20טן ציוניסטישן קאָנגרעס

## א

מיינע אַקטיוויטעטן צווישן 19טן און 20טן ציוניסטישן קאָנגרעס שפּרייטן זיך אויס אויף פאַרשידענע געביטן און ווערן געפירט אין אַ סך געאָגראַפישע פּונקטן. גענוג צו פאַרצייכענען דעם קאַלענדאַר זייערן:

סוף 1935 געבליבן אין צפון־אַמעריקע פאַר דער אייגענער באַוועגונג.

אָנהויב 1936 ווידעראַמאָל באַזוכט מעקסיקע און קובאַ, ווידער פאַר דער אייגענער באַוועגונג.

אָנהויב יולי ביז סוף אויגוסט באַזוכט דרום־אַפריקע פאַרן קרן היסוד.

ראש־השנה תרצ״ו (1936) באַזוכט ישראל און געבליבן דאָרט עטלעכע וואָכן.

אָנהויב אָקטאָבער 1936 צוריקגעפאָרן קיין פּוילן ווי דער פאַרטרעטער פון אידישן וועלט־קאָנגרעס. צוועק: אָרגאַניזירן דאָס פּוילישע אידנטום.

פון פּוילן — צום 20טן ציוניסטן־קאָנגרעס אין ציריך.

## ב

ווי איך האָב פריער דערציילט, איז אַרום אַ חודש נאָכן 19טן קאָנגרעס דער חבר זלמן רובאַשאָוו (היינט דער נשיא פון מדינת ישראל) אויך דעלע־גירט געוואָרן פון דער הסתדרות צום געווערקשאַפטן־קאַמפּיין אין אַמעריקע. ס'איז כדאי צו פאַרצייכענען אַ פּערזענלעכן און טייערן מאָמענט, וואָס חבר רובאַשאָוו האָט מיר פאַרשאַפט, ווען ער איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק (ווי אויבן דערציילט, בין איך געפאָרן גלייך פון קאָנגרעס קיין ניו־יאָרק און ער, חבר רובאַשאָוו, איז פריער געפאָרן קיין ארץ־ישראל און איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער).

ווען מיר האָבן זיך געטראָפן אין ניו־יאָרק, האָב איך אים געפרעגט, אויב ער האָט געזען מיין משפחה, איידער ער איז אָפּגעפאָרן. האָט ער גלייך געזאָגט, אַז ער האָט געזען סיי מיין פרוי און סיי מיינע צוויי טעכטער: זיי

זיינען אַלע דריי געזונט און אַקטיוו. אָבער בכדי מיר איבערצוגעבן פּרטים, מוז ער דערפאַר האָבן אַ ספּעציעלע שטימונג. ווען די שטימונג וועט אים אָנקומען וועט ער דערציילן. עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד איז די שטימונג ניט געקומען. ביז אין איין טאָג איז ער אַריינגעקומען אין מיין האָטעל־צימער (מיר האָבן זיך איינקוואַרטירט אין זעלביקן האָטעל), זיך כמעט ווי אַ וואָרף געטאָן מיטן רוקן אויפן בעט און געזאָגט: איצט וועל איך דיר דערציילן:

„איך ריכט זיך צו פאָרן קיין אַמעריקע. דער חבר ברוך איז שוין דאָרטן, טאָ ווי איז עס מעגלעך, איך זאָל ניט גיין זען זיין משפחה איידער איך פאָר? בין איך איין טאָג ספּעציעל אַריינגעפאָרן קיין ירושלים און גלייך אַוועק זיי זען.

„איך קלאַפּ אָן אין טיר. נינה עפנט די טיר. אין האַנט האַלט זי אַ העברעאישע צייטונג. פרעג איך זי: דו קענסט שוין לייענען העברעאיש? ‚אַוודאי! איך קען שוין בעסער אַפילו ווי בערל כצנלסון. נאָר ווען עס וואָלטן דערצו געווען נקודות וואָלט עס פאַר מיר גרינגער געווען‘. טרייסט איך זי: וויבאַלד דו שטרענגסט זיך אָן צו לייענען, וועסטו קענען. איך וועל שוין האָבן אַ גוטן גרוס פאַר ברוכ׳ן. נו, וואו זיינען די טעכטער? ווייזט זי מיר אָן אויף דער אינגערער נעמי׳ן. נעמי׳לע, זאָג איך, וואָס טוסטו? וואָס זאָל איך איבערגעבן דעם טאַטן? ענטפערט זי: ‚וואָס איך טו, קענט איר אַליין זען. איך גיי דאָך אין דער גימנאַזיע. מאַך איך איצט מיין לעקציע אין אַראַביש‘. ‚נו, פרעג איך, קענסטו שוין אַביסל?‘ ענטפערט זי: ‚אַרום אַ 10 ווערטער‘. זאָג איך: ‚וואויל, וואויל, קענסט מער פון מיר. איך וועל שוין דערפון וויסן וואָס איבערצוגעבן דעם טאַטן. נו, און וואו איז אַביבה?‘

„גייט נעמי צו צו אַ פאַרמאַכטער טיר, וואָס פירט צו אַן אַנדער חדר און קלאַפּט אָן: ‚אביבה — זלמן איז דאָ. מעגסט עפענען די טיר‘. עפנט זיך די טיר. אביבה קומט צו, באַגריסט מיך אין גאָר אַ פיינעם עברית. פרעג איך איר: ‚וואָס טוסטו דאָ?‘ ווייזט זי מיר אָן אויפן טיש. איך גיי צו צום טיש, איך זע דאָרטן פאַרשידענע שרייפעלעך און אייזערנע שטיקלעך. פרעג איך זי: ‚וואָס איז דאָס?‘ ענטפערט זי מיר: ‚מיט אַ שעה צוריק איז עס געווען אַ מאַוזער. איצט ליגן דאָ פונאַנדערגעשרויפט אַלע זיינע גלידער. אין הגנה האָט מען מיר געגעבן אַן אויפטראָג פונאַנדערצונעמען דעם מאַוזער אויף אַלע זיינע באַזונדערע טיילן און טיילכעלעך און צו יעדן שרייפעלע, צו יעדן באַזונדערן גליד צוטשעפּען אַ שטיקל פּאַפּיר מיט דעם העברעאישן נאָמען פון יעדן באַזונדערן שרייפל פון דעם רעוואָלווער. זיץ איך און שטודיר די נעמען און פיר דורך די פקודה וואָס איך האָב באַקומען‘.

„ווען איך האָב דאָס דערזען — האָט חבר זלמן ממשיך געווען — האָב איך געוואוסט איין זאַך אויף זיכער: דיין משפחה איז שוין גוט פאַרוואָרצלט אין ארץ־ישראל״.

דאַן האָט ער נאָך צוגעגעבן: ער ווייסט, אַז אביבה מאַכט גרויס פאָר־שריט אין אוניווערזיטעט. און האָט פאַרענדיקט: „איצט פאַרשטייסטו, פאַר־וואָס איך האָב געוואַרט אויף דער נויטיקער שטימונג דיר איבערצוגעבן אַ גרוס פון דיין משפחה״.

איך שעם זיך ניט צו פאַרצייכענען מיין שוואַכקייט: איך האָב ניט געקענט קאָנטראָלירן די טרערן און זיי זיינען געפלאָסן לאַנגע מינוטן.

## ג

ביזן סוף יאָר 1935, און די ערשטע צוויי חדשים פון 1936 בין איך גע־בליבן אין צפון־אַמעריקע. מיר ביידע האָבן באַרייזט גאַנץ אַמעריקע לארכה ולרחבה, איינשליסנדיק אויך די נאָך גרעסערע (אין שטח) קאַנאַדע. מיר זיינען געפאָרן אין די אינטערעסן פון אַלע טיילן פון אונזער באַוועגונג, בעיקר פאַרן געווערקשאַפטן־קאַמפּיין. די איבעריקע חדשים פון דעם קאַמפּיין אין צפון־אַמעריקע האָט די העלפט לאַסט געטראָגן דער חבר זלמן רובאַשאָוו. די פאַרוואַלטונג פון קאַמפּיין — דאָס הייסט, דער דינאַמישער חבר אייזיק העמלין — האָט אים עקספּלואַטירט אָן רחמנות און דער טייערער חבר זלמן האָט זיך מיט גרויס שמחה געלאָזט עקספּלואַטירן. נאָר ווי איין ביישפּיל פון חבר העמלינ׳ס עקספּלואַטאַציע זאָל דינען אַ פּאַראַגראַף פון זיינעם אַ בריוו צו מיר פון 13טן מערץ, 1935. ער שרייבט:

„דיין וויטערדיקער מאַרשרוט וועט גיין ווי פאָלגט: פון 22טן מערץ ביזן 7טן אַפּריל אין מינעסאָטאַ און אין די מקומות פונעם שיקאַגאָער ראַיאָן (אין סט. פּאָול וועסטו באַקומען די נויטיקע דירעקטיוון פון ד״ר רעבעלסקי׳ן), נאָכן 7טן גייט דער סקעדול אַזוי: דעם 8טן און 9טן אין קענזעס־סיטי, דעם 10טן אין וויטשיטאַ, דעם 12טן און 13טן אין טולסאַ, דעם 14טן און 15טן אין דאַלאַס, דעם 16טן און 17טן אין סאַן־אַנטאָניאָ, דעם 19טן אין היוסטאָן און פון דאָרט קיין מעקסיקע״.

ד״ר רעבעלסקי, וועלכער איז געווען דער דירעקטאָר פון קאַמפּיין פאַר דעם שיקאַגאָער ראַיאָן, האָט פונקט אַזוי געדיכט איינגעשטעלט די באַזוכן צווישן 22טן מערץ ביזן 7טן אַפּריל. און פאַר רובאַשאָוון זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן פונקט אַזעלכע געדיכטע באַזוכן.

חבר רובאַשאָוו, אויסער די אַרבעטן פאַר אַלע טיילן פון אונזער אייגע־

נער באַוועגונג, האָט נאָך אויך געהאַט אַ האַנט אין אַלע כלל־ציוניסטישע און ארץ־ישראל׳דיקע ענינים פון יענער צייט. ווען מען האָט אין זינען, אַז דאָס זיינען געווען די חדשים, ווען די אַראַבישע רציחות אויף דער אידישער באַפעלקערונג האָבן זיך אַזוי ווילד צעשפּילט; אַז דעריבער זיינען נאָך צוגע־קומען וויכטיקע פּאָליטישע טעטיקייטן — צוליב וועלכע חברה גאָלדע מאירסאָן האָט דאַן באַזוכט די פאַראייניקטע שטאַטן — קען מען זיך פאָר־שטעלן די לאַסט פון אַרבעט וואָס איז געפאַלן אויף חבר זלמנ׳ס פּלייצעס.

ד

מיך האָט חבר העמלין דאַן עקספּלואַטירט אין מעקסיקע און האַוואַנאַ, וועלכע איך האָב ווידער באַזוכט אין די חדשים מערץ און אַפּריל 1936. דאָס מאָל האָב איך אָנגעטראָפןביידע אידישע קהילות מער באַפעסטיקט. אַ סך אידן אין מעקסיקע האָבן, במשך די אָנערטהאַלבן יאָר, זינט מיין לעצטן באַזוך, באַוויזן אַרויפצושטייגן אויף אַ העכערן — אייניקע פון זיי אויף אַ גאָר הויכן! — שטאַפּל פון עקאָנאָמישן וואוילזיין. די טענדענצן פאַר וועלכע מיר האָבן זיך געשראָקן במשך מיין ערשטן באַזוך זיינען ליידער פאַרשטאַרקט געוואָרן. עס האָבן זיך שוין אַפילו אָנגעהויבן הערן — דערווייל נאָך שטילע — טענער מצד דער ניט־אידישער באַפעלקערונג, קעגן דעם אַזוי שנעלן שטייגן פון די פרעמדע. דאָס זעלביקע (כאָטש אין אַ פיל קלענערער מדרגה) אין קובאַ.

פון דער אַנדערער זייט האָבן זיך גענומען אַנטוויקלען די פּאָזיטיווע טענדענצן פון אָט־די יונגע אידישע ישובים. דאָס איז קענטיק געווען אויף צוויי שטחים: ערשטנס — זאָרג פאַר די אינטערעסן פון אידן אין אייראָפּע, אַזיע און אין ארץ־ישראל. ווען איך האָב געמאַכט דעם נייעם באַזוך, בין איך שוין געקומען נאָך די באַזוכן פון פאָרשטייער פון „אָרט", פון „אָזע", פון אַ קאָמיטעט וואָס האָט געזאָרגט ספּעציעל פאַר די פּוילישע אידן און אַ ריי אַנדערע שליחים. אַלע זיינען געקומען זאַמלען געלט און קיינער איז ניט אַוועק פון דאָרטן מיט ליידיקן. צווייטנס — זאָרג פאַר דער אייגענער צוקונפט, זאָרג פאַר אידישער דערציאונג. אויף אָט־דעם שטח איז (אין די שפּעטער־דיקע יאָרן) באַשערט געווען דעם אידישן ישוב פון מעקסיקע אַריינצושרייבן אַ זייער וויכטיקן קאַפּיטל אין דעם ספר פון באַמיאונגען צו ראַטעווען דאָס אידישע קינד פאַרן אידישן פאָלק. די ערשטע שפּראָצונגען דערפון זיינען שוין דאַן בולט געוואָרן.

וואָס שייך די צילן פון מיין אייגענעם באַזוך, האָב איך זיכער ניט געהאַט

אויף וואָס צו באַקלאָגן זיך. סיי איך אַליין, סיי די צוועקן פון מיין באַזוך האָבן באַקומען גאָר אַ גוטן קבלת־פנים מצד אַ סך מעקסיקאַנער אידן.

דערביי דאַרף מען געדענקען: די פּאַרטייאישע דיפערענצירונגען אין דער ציוניסטישער מחנה האָבן באַוויזן משפיע צו זיין אויך אין אָט־די נייע ישובים. אין קובאַ ווייניקער; אָבער אין מעקסיקע איז דער קאַמף פון דער אָפּאָזיציע קעגן דער בייער ציוניסטישער „לינקער" לייטונג געווען גאַנץ שאַרף. די אָפּאָזיציע האָט, אויפן 19טן קאָנגרעס, איר ציל ניט דערגרייכט. די „לינקע" לייטונג האָט זיך נאָך זיכערער באַפעסטיקט. דעריבער האָט דער קאַמף פון די אָפּאָזיציע־פּאַרטייען אָנגענומען נאָך אַ מער־צעדרייצטן טאָן. די רעוויזיאָניסטישע גרופּע אין מעקסיקע איז געווען זייער אַן עקסטרעמע און זייער אַ קעמפערישע. דאָך איז אונזער אַרבעט געווען דערפאָלגרייך. מיר האָבן געזאַמלט ניט קיין קליינע, פאַר אַזעלכע קליינע ישובים, סכומים; און די פּראָפּאַגאַנדע אונזערע האָט זיך גאָר שטאַרק איינגעגעבן.

## ה

אינמיטן אַפּריל, ווען איך בין נאָך געווען אין מעקסיקע, איז אָנגעקומען אין ניו־יאָרק אַ דעפּעש פאַר מיר פון חבר אליעזר קאַפּלאַן (דער קאַסירער פון דער ציוניסטישער וועלט־עקזעקוטיווע). ער האָט פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל תיכף פאָרן קיין דרום־אַפריקע, וואו עס ווערט דערעפנט דער יערלעכער קאַמפּיין פאַרן קרן היסוד. דער באַשטאַנד פון דער דעלעגאַציע איז פון דער וועלט־לייטונג פון קרן היסוד אַזוי צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן: ווי דער שעף פון דער דעלעגאַציע איז באַשטימט געוואָרן פּראָפעסאָר זעליג בראָדעצקי זכרונו לברכה. צוזאַמען מיט אים זאָלן פאָרן די באַקאַנטע ציוניסטישע פירערין רבקה זיף און איך. חבר קאַפּלאַן באַשטייט שטאַרק אויף דעם, אַז איך זאָל דערצו מסכים זיין. זעלבסטפאַרשטענדלעך האָב איך מסכים געווען. איך האָב געמוזט שנעל אָפּשליסן מיינע אַרבעטן אין צפון־אַמעריקע און מעקסיקע. נאָך אַ גאַנצער ריי פון קעגנזייטיקע דעפּעשן בין איך אין מיטן מאַי אָפּגעפאָרן פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט. פון לאָנדאָן בין איך געפלויגן קיין ירושלים, פאַרבראַכט עטלעכע טעג מיט דער משפחה און דאַן אָפּגעפלויגן קיין יאָהאַניסבורג.

די פלי־באַדינגונגען זיינען דאַן ניט געווען אַזעלכע גוטע. ביינאַכט איז מען ניט געפלויגן. האָב איך געמוזט נעכטיקן אַ נאַכט אין כאַרטום. פון דאָרט זיינען די פאַרבינדונגען אויך ניט געווען זייער רעגולער. סיי ווי: איך בין סוף מאַי אָנגעקומען קיין יאָהאַניסבורג. פּראָפעסאָר בראָדעצקי און פרוי

זיך זיינען שוין דאָרט געווען. אָבער איך האָב באַוויזן צו קומען צום גרויסן דערעפענונגס־באַנקעט אין יאָהאַניסבורג און זיך אין אים באַטייליקן.

דער פאָרזיצער פון קרן היסוד אין יאָהאַניסבורג איז געווען דער איבער־געגעבענער ציוניסטישער עסקן ניקאָלאַס קוירשנער. גלייך פון אָנהויב האָב איך אים פאַרשאַרפט זאָרג. דער באַנקעט האָט געדאַרפט פאָרקומען צוויי טעג נאָך מיין אָנקומען. די ערשטע פראַגע וואָס ער האָט מיר געשטעלט איז געווען: צי האָב איך אַ פּאַסיקן פראַק פאַרן באַנקעט? צו מיין באַדויערן האָב איך אַזאַ מלבוש קיינמאָל ניט געהאַט. חבר קוירשנער האָט גע׳פּסק׳נט, אַז אָן אַ פראַק קען איך צום באַנקעט ניט קומען. בקיצור: ער האָט אַראָפּגע־בראַכט אַן עקספּערט פראַק־נייער, וועלכער האָט מיך אַרומגעמאָסטן אין דער לענג און דער ברייט. במשך אַ טאָג האָט ער דעם מלבוש געהאַט פאַרטיק.

איך האָב זיך יאָ באַטייליקט אין באַנקעט, אָבער וויאַזוי איך האָב זיך געפילט — זיצנדיק אַריינגעקוועטשט אין מיין נייעם מלבוש — ווינטש איך ניט אַפילו קיין שונא. דער דאָזיקער פראַק איז מיר געבליבן לזכר פון דרום־אַפריקע. אָבער באַנוצט אים האָב איך נאָר איינמאָל — ביים באַנקעט. אין די אַנדערע שטעט האָב איך זיך ניט געלאָזט מער איינקוועטשן. ווען איך דערזע דעם פראַק טוט מיר וויי דאָס האַרץ אויפן אומזיסטן געלט, וואָס ער האָט געקאָסט דעם חבר קוירשנער (איך ווייס, אַז ער האָט פאַר דעם באַצאָלט פון זיין אייגענער קעשענע) און אויפן האַרצווייטיק וואָס איך האָב פאַרשאַפט אַזאַ טייערן איד, אַן עוסק בצרכי ארץ־ישראל באמונה.

## ו

די עטלעכע חדשים אַרבעט אין דרום־אַפריקע וואָלט זיכער געווען איינע פון מיינע אָנגענעמסטע איבערלעבונגען, ווען ניט די לאַגע אין ארץ־ישראל — וועלכע איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ ערגער. ס׳איז שווער צו דערקלערן פאַרן עולם די סיבות, וואָס האָבן געפירט צו יענע בלוטיקע געשעענישן. נאָך שווערער איז געווען פאַראויסצוזאָגן, וואוהין זיי וועלן דערפירן; און דער עולם וויל דווקא אַן ענטפער אויף אָט־דער לעצטער פראַגע — ווייל דער אידישער עולם אין דרום־אַפריקע האָט געלעבט אינטענסיוו ציוניסטיש. אַלץ וואָס האָט פּאַסירט אין ארץ־ישראל האָט זיי געטראָפן אין סאַמע־האַרץ. אַוודאי האָט עס אַזוי געטראָפן אידן אין דער גאַנצער וועלט; אָבער די אידן פון דרום־אַפריקע האָט עס פיל טיפער באַרירט. אַ גרויסע צאָל פון זיי האָט זיך באַטראַכט ווי פּאָטענציעלע עולים. קומט שוין צו דער רייך־פּערזענלעכער מאָמענט צום אַל־אידישן אינטערעס.

די אידן פון דרום־אַפריקע האָבן שוין דאַן שטאַרק געשפּירט זייער באַדנלאָזיקייט. קודם־כל האָבן די ראַסן־באַציאונגען אין דער מדינה שוין דאַן קיין גוטס ניט פאָראויסגעזאָגט פאַרן גאַנצן לאַנד. די אידן האָבן גוט גע־וואוסט, וואָס עס וועט זיין זייער גורל, אויב עס וועט אויסברעכן דער ראַסן־קאַמף. דערצו האָבן זיי געהאַט אַ מער־נאָענט פּראָבלעם. אויב די פּאָטענצן פון ראַסן־קאַמף האָט מען געקענט (אין דמיון) אָפּשטויסן אויף דורות שפּע־טער, האָט מען אָבער דאָס צווייטע פּראָבלעם ניט געקענט אַזוי באַהאַנדלען. דאָס פּראָבלעם האָט באַלד געהויערט אויף די באַוואוסטזיניקע אידן. איך מיין דאָ דעם געראַנגל צווישן די בורן און די ענגלענדער פאַר דער פּאָליטישער העגעמאָניע איבער דער מדינה. די אידן זיינען געגאַנגען מיט די ענגלענדער. זיי האָבן זיך אָבער דערביי געפילט זייער ניט באַקוועם. דאָס האָט פאַרשטאַרקט זייער באַדנלאָזיקייט־געפיל. דעריבער האָבן זיך שוין דאַן געפונען אַ גרויסע צאָל אידן, וואָס האָבן אָנגעהויבן זוכן מיטלען אַריבערצונעמען טיילן פון זייער פאַרמעגן קיין ארץ־ישראל. דאָס האָט נאָך טיפער געמאַכט זייער ציוניס־טישן באַוואוסטזיין. דערפאַר זיינען אויך זייערע ביישטייערונגען פאַר ציונ־יסטישע פאָנדן געווען, אין דורכשניט, די העכסטע אין דער וועלט. דעריבער איז יעדער קרן היסוד אַסיפה, צי אין די גרויסע שטעט, אָדער אין אַ קליין שטעטל, געווען אַ גייסטיקע איבערלעבונג פון גאָר אַ הויכער מדרגה.

די מערסטע עסקנים האָבן אויך פאַרשטאַנען מיין פּערזענלעכן געמיט. זיי האָבן געוואוסט, אַז איך האָב מיין גאַנץ פאַרמעגן — מיין פרוי און מיינע צוויי טעכטער — איבערגעלאָזט אין ירושלים, וואו עס קומען פאַר אַזוי אָפט אַראַבישע איבערפאַלן. האָבן זיי געזוכט צו פאַרגרינגערן מיין געמיט.

פּראָפעסאָר בראָדעצקי האָט באַזוכט אייניקע גרויסע קהילות און איז אָפּגעפאָרן. פרוי רבקה זיף איז געבליבן אַ פּאָר וואָכן שפּעטער און איז אויך אָפּגעפאָרן. איך בין פאַרבליבן פאַרענדיקן דעם קאַמפּיין אין דער פּראָ־ווינץ. נאָטירלעך האָב איך אויך באַזוכט די גרויסע שטעט. מיינע פאַרזאַמ־לונגען האָבן צוגעצויגן גרויסע פאָלקס־מאַסן צוליב דעם, וואָס איך האָב גערעדט אידיש. און די מערסטע דאָרטיקע אידן זיינען געווען אימיגראַנטן פון ליטע. איז געווען אַן אינטימע נאָענטקייט צווישן אונז. אומעטום וואו איך בין געקומען האָב איך געטראָפן טיפן, ענלעך צום חבר דאַווידקין אין העלסינגפאָרס און די משפחה ביי וועמען איך בין איינגעשטאַנען אין אַבאָ. בעיקר איז מיר פאַרבליבן אין געמיט דער ציוניסטישער עסקן אין קייפּטאַון, די צווייט־גרעסטע שטאָט פון דרום־אַפריקע — דער חבר ב. גיטלין. דאָס איז

געוועז אַ איד מיט אַ געוואַלטיקער חסידישער התלהבות און אַ ציוניסט מיט אַלע רמ״ח אברים.

מיר איז אויך פון דאָרט פאַרבליבן אַ ירושה: אַ יאָרצענדליק־לאַנגע חבר׳שאַפט מיט אייניקע פון אונזערע אייגענע חברים, וועלכע איך האָב דאָרט באַגעגנט. צווישן זיי — דער חבר אריה פינקוס, איצטיקער גזבר פון דער ציוניסטישער וועלט־עקזעקוטיווע און אריה תגר, איצטיקער ראש־העיר פון אשקלון.

ז

פאַרבונדן מיט אָט־דער רייזע איז אויך אַ באַזוך אין איין שטאָט — אין עליזאַבעטוויל, קאָנגאָ, וואָס איז כדאי צו באַטירן צוליב אַ ספּעציעלן עפּיזאָד וואָס האָט דאָרט פּאַסירט.

ווי אַלע קרן היסוד שליחים, האָב איך אויפן וועג צוריק קיין ארץ־ישׂראל זיך אָפּגעשטעלט אין עליזאַבעטוויל, קאָנגאָ. דאָרט האָט דאַן עקזיסטירט אַ אידישע קהילה פון עטלעכע צענדליק אידישע משפחות, וועלכע זיינען אַהין געקומען פון רהאָדעס אינזל. (וואָס פון אָט־דער קהילה איז געוואָרן אין די לעצטע קאָנגאָ־געשעענישן — ווייס איך ניט). זייער שפּראַך איז געווען איטאַליעניש. אָבער זיי פלעגן נאָכטאָן די אידן פון דרום־אַפריקע און געבן דווקא באַדייטנדיקע סכומים פאַרן קרן היסוד. קיין אידיש אָדער העברעאיש האָבן זיי ניט געקענט. געווען אָבער צווישן זיי צוויי וואָס האָבן פאַרשטאַנען ענגליש. האָב איך מיך שוין געמוזט מוטשען און ריידן צו די אידן ענגליש, און איינער פון די צוויי האָט איבערגעזעצט וואָס איך האָב געזאָגט. די פאַר־זאַמלונג איז פאָרגעקומען אין אַ גאָר גרויסער געביידע, וואָס איז פריער געווען אַ קלויסטער, נאָר די אידן האָבן אים איבערגעבויט אויף אַ בית־הכנסת. ווען די פאַרזאַמלונג איז שוין געווען פאַרענדיקט, איז צו מיר פּלוצים צוגעגאַנגען אַ זייער עקזאָטישע פיגור, וואָס אין מיין חלום האָב איך ניט דערוואַרט אַזאַ איינעם דאָרט צו טרעפן.

אַ זייער דאַרער, ניט צו־הויכער איד, מיט אַ גאָר לאַנגער, שיטערער, שוואַרצער באָרד. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ שטריימל; אונטערן שטריימל אַ זייער גראָבע, שוואַרצע יאַרמולקע, אַזויווי עס טראָגט אַ ליובאַוויטשער חסיד. ער האָט גלייך, אַן שלום־עליכם, אָנגעהויבן מיט אַ פּזמון, אין פּשוטן ליטווישן אידיש:

„וואָס איר האָט גערעדט האָב איך ניט פאַרשטאַנען; איך האָב נאָר פאַר־שטאַנען די ווערטער ׳קרן היסוד׳, ׳ציוניזם׳ און נאָך אַזעלכע אויסדרוקן. אָבער איך פאַרשטיי דאָך, אַז איר ווייסט מן־הסתם וואָס עס טוט זיך אין דער ציוניס־

טישער באַוועגונג, וואָלט איך אייך געוואָלט עפּעס זאָגן. אָבער פּאַר אָט־די אין די אויגן קען איך עס ניט. קען איך קומען צו אייך אין האָטעל מאָרגן?״

איך פרעג אים ווער ער איז און ער ענטפערט מיר מיט ביטול: „אָ, איך בין דאָ דער שמש פון זייער שול״ — און אין דעם „זייער״ איז געלעגן באַך מער ביטול, ווי אין זיין שמשות. האָב איך אים איינגעלאַדן, ער זאָל קומען צו מיר מאָרגן.

מאָרגן פרי — ער איז דאָ אין האָטעל, מיט אַ גרויסן שטעקן אין האַנט און ווי נאָר ער קומט אַריין אין צימער, ווידער אָן אַ גוט־מאָרגן, הויבט ער גלייך אויף דעם שטעקן איבער זיין קאָפּ און זאָגט:

„איר זעט אָט־דעם שטעקן? — ווען איך טרעף חיימקען צעברעך איך אים מיט אָט־דעם שטעקן זיין קאָפּ!״ פרעג איך אים: „פון דעם וואָס איר האָט מיר נעכטן געזאָגט ווייס איך, אַז איר זייט פאַראינטערעסירט צו זאָגן עפּעס וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג. אויב אַזוי, ווען איר רעדט וועגן חיימקען, מיינט איר דאָך אַוודאי חיים וויצמאַן, טאָ פאַרוואָס ווילט איר אים שלאָגן? איר זייט אפשר אַ רעוויזיאָניסט?״ — רייסט ער מיך גלייך איבער: „וואָס, אָט־די ווילדע יונגען?״ גיי איך אַ טריט ווייטער: „זייט איר אפשר אַ מזרחיסט?״ רייסט ער מיך ווידער איבער: „וואָס אָט־די צבועקעס?״ פרעג איך אים שוין: „איז וואָס האָט איר פאַרט צו חיימקען?״ אויף דעם ענטפערט ער:

„און מיט השגחה פרטית דאַרף מען זיך רעכענען, צי ניט? סטייטש, דו, חיימקע, דו זעסט, אַז ווען דו ביזט פרעזידענט האָבן מיר צרות אין ארץ־ישראל. ווען דו ווערסט אויס פרעזידענט, ווערט רואיקער אין ארץ־ישראל. ווילסטו איצט ווידער ווערן פרעזידענט. סטייטש? — לאָז אָפּ!״

אין מיר ווערט געבוירן דער פאַרלאַנג צו ראַטעווען ד״ר וויצמאַן פון די גייסטיקע קלעפּ, וואָס אָט־דער פאַרוואָגלטער איד אין עליזאַבעטוויל גיט אים מן־הסתם טאָג־איין, טאָג־אויס אין זיין מחשבה. פאַלט מיר איין אַ געדאַנק און איך ווענד זיך צו אים:

„ר׳ איד, איר אַליין גלויבט אין השגחה פרטית?״ ווערט ער אין כעס: „איך זע פון אייך״, זאָגט ער, „אַז איר זייט ניט פון די אידן, וואָס היטן אַלע מצוות. איר זעט, אַז איך בין יאָ אַ מאמין, טאָ וואָס פרעגט איר מיר אַזאַ פראַגע? איר ווילט מיר דווקא באַליידיקן?״ איך לאָז אָבער ניט אָפּ, איך באַשטיי אויף אַ דירעקטן ענטפער. סוף־כל־סוף ענטפערט ער: „אַוודאי גלויב איך אין השגחה פרטית״. דאַן גיי איך אַ טריט ווייטער און פרעג אים: „דענקט איר, אַז דער רבונו של עולם איז אַזאַ חכם ווי איר?״ ווערט ער שוין גאָר שטאַרק אין כעס (און ער איז אפשר געווען גערעכט — איך האָב אַזוי

די פראַגע ניט געטאָרט פאָרמולירן!) און הויבט אָן וואַרפן מיט פסוקים: „מי ידמה לו, מי ישווה לו", „ווער קען עס זיך פאַרגלייכן צו דער געטלעכקייט?"

פרעג איך אים: „אויב אַזוי, פאַרוואָס זאָלט איר ניט טראַכטן אַביסל אַנדערש? דער רבש"ע ווייס דאָך זיכער, וואָס אין ארץ־ישראל דאַרף געשען. און ווען ער זעט, אַז עס גרייט זיך אַן אומגליק אויף ארץ־ישראל, רופט ער ווייצמאַנען, ער זאָל ווידער אָננעמען די פרעזידענטשאַפט, כדי ער זאָל זיין אין אַ פּאָזיציע אויסצומיידן דעם אומגליק".

דער איד בלייבט עטלעכע מינוטן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. ווען ער הויבט זיי אויף, איז זיין בליק גאָר אַן אַנדערער. ער ווענדעט זיך צו מיר ממש מיט געבעט:

„איך בעט אייך, ווען איר וועט טרעפן ר' חיים'ען (שוין ניט חיימקע!) בעט אים, אין מיין נאָמען, ער זאָל מיר מוחל זיין, וואָס איך האָב אים אין מיין מחשבה אַזוי פיל מאָל באַשולדיקט".

מיט פאַרצווייפלונג אין די אויגן האָט ער אָנגעהויבן אַרויסגיין פון צימער, מורמלענדיק צו זיך: „איך מוז נעמען אויף זיך אַ גרויסע שטראָף! איך האָב אומזיסט און אומנישט באַליידיקט דעם גרעסטן איד וואָס לעבט אויף דער וועלט".

איך האָב זיין פאַרלאַנג דערפילט. 13 יאָר שפּעטער, ביי דער לאָנדאָנער ציוניסטישער וועלט־קאָנפערענץ, גלייך נאָך דער ענדע פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָב איך דעם עפּיזאָד דערציילט ד"ר ווייצמאַנען. איך בין זיכער, אַז ד"ר ווייצמאַן האָט יענעם פאַרוואָגלטן אידן זיכער מוחל געווען.

## ח

איך בין צוריקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. איך האָב גערעכנט צו קומען אַהיים אייניקע טעג פאַר די ימים־נוראים. די רייזע צוריק איז געווען ניט ווייניקער שווער ווי אַהין. די עטלעכע טעג פון דער רייזע בין איך אויך געווען אָן אַ צייטונג. וואָס עס געשעט אין ארץ־ישראל ווייס איך ניט. ווידער אַ נאַכט אין כאַרטום. איך שפּאַציר אין שטאָט, האָפנדיק צו געפינען אַן ענגלישע צייטונג, נאָר בשום־אופן ניט געקענט. די מענטשן — אַ געמיש פון אַראַבער, אינדיער און שוואַרצע. איך פּרוביר זוכן צווישן די קליינע אַ אידישן נאָמען. צוויי נעמען האָבן מיך אָפּגענאַרט. איך גיי צוריק צום מ'שטיינס געזאָגט „האָטעל". קוים דערלעבט צוצוקומען צום לופט־פלאַץ. אַ דערשלאָגענער גיי איך אַריין אין עראָפּלאַן. די שעה'ן ציען זיך אָן אַ

סוף. די אומרו וואַקסט: וואָס וועל איך געפינען אין ארץ־ישראל? אין וועלכן צושטאַנד וועל איך אָנטרעפן מיין משפחה?

און ס׳געשעט אַ מערקווירדיקע זאַך: ווי נאָר דער עראָפּלאַן האָט געלאַנ־דעט און איך בין אַרויס אויף דעם ארץ־ישראל׳דיקן באָדן, איז מיך באַפאַלן אַ מערקווירדיקע באַרואיקונג. איך בין צוזאַמען מיט אַלע ארץ־ישראל׳דיקע אידן; וואָס זיי וועט געשען, וועט אויך געשען מיט מיר. איך ווייס, אַז די לאַגע האָט זיך ניט געענדערט צום גוטן. אָבער — דאָס איז שוין גורל. מען קען עס שוין אַריבערטראַגן. אַ סך גרינגער ווי געפינען זיך פון וויטן און ניט וויסן וואָס עס געשעט אין יעדער באַזונדערער מינוט; גרינגער אידער זען דעם עקסטרעמסטן גיהנום איבעם דמיון.

מיין משפחה האָט ניט געקענט קומען צום לופט־פּלאַץ. איך בין גלייך אָפּגעפאָרן קיין ירושלים. אַלע וואָכן וואָס איך בין דאָרט פאַרבליבן האָב איך געפילט די זעלביקע באַרואיקונג. מיין משפחה האָט אַוודאי פונקט אַזוי געפילט. מיר האָבן באַנוצט די עטלעכע וואָכן, בכדי אַריינצושעפּן אין זיך אַזויפיל פונעם משפחה־קלימאַט, ווי עס איז נאָר מעגלעך געווען. מיר האָבן אַלע געוואוסט, אַז אָט־אָט וואַנדער איך ווידער אַוועק. דאָס מאָל — ווידער קיין פוילן. ווי לאַנג איך וועל דאָרט בלייבן, איז ניט געווען באַשטימט אויף קלאָר. אָבער מיר האָבן אַלע געפילט, אַז איך וועל ניט קומען צוריק אַהיים פאַר דעם 20טן ציוניסטן־קאָנגרעס. ובכן — כמעט אַ פול יאָר זיין ווייטער אָפּגעריסן פון משפחה.

## ט

איך קום איצט צו דער נייער פּרשה פוילן און דעם פאַרזוך צו אָרגאַניזירן דאָס פוילישע אידנטום. דער בעסטער וועג, ווי צו פאַרצייכענען אָט־די פּרשה, איז: איבערצוגעבן מיין סך־הכל־באַריכט פאַר דער עקזעקוטיווע פון אידישן וועלט־קאָנגרעס, אויף אַ זיצונג וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פּאַריז אין פעברואַר 1937, נאָך פינף חדשים אַרבעט.

איך האָב געזאָגט אין באַריכט:

איך בין אָנפאַרטרויט געוואָרן פון אונזער עקזעקוטיווע מיט דער מיסיע צו העלפן דעם פוילישן אידנטום זיך אָרגאַניזירן. איך האַלט פאַר מיין חוב, נאָך אַ פאַרזוך, וואָס האָט געדויערט (מיט קליינע איבעררייסן) כמעט אַ יאָר צייט, איבערצוגעבן אַ קורצן באַריכט פון דער אַרבעט.

די הויפּט־שטערונג אויפן וועג פון אָרגאַניזירן דאָס פוילישע אידנטום איז געווען און איז געבליבן די שרעקלעכע אינערלעכע צעריסנקייט פון די

פאַרשידענע פּאָליטישע אוןווירטשאַפטלעכע גרופּירונגען אין פּוילישן אידנ־טום. איבערגעבן אַלע סיבות, וואָס האָבן גורם געווען די דאָזיקע צעריסנקייט, וואָלט פאַרנומען צו־לאַנג. אָבער אַ קורצע אָנצייכענונג פון די דריי וויכטיקסטע סיבות מוז געמאַכט ווערן, בכדי צו קענען באַגרייפן, ווי שווער עס איז דאָס פּראָבלעם פון אָרגאַניזירן דאָס פּוילישע אידנטום. די דריי הויפּט־סיבות פון דער צעריסנקייט זיינען:

ד

א) דער קאָנפליקט, וואָס וואַקסט אויס ביי אידן אומעטום, ווי אַ רעזול־טאַט פונעם פּראָבלעם „ישראל בעמים". אַנדערע באַצייכענען עס מיטן וואָרט גלות. עס האַנדלט זיך הויפּטזעכלעך אין דעם, צו געפינען סיי די פּרינציפּיעלע, סיי די טאַקטישע גלייכגעוויכט צווישן דעם אינטערעס פון אידן אין אַ לאַנד, ווי אידן, און זייער אינטערעס ווי בירגער אָדער ווי איינוואוינער פונעם דאָזיקן לאַנד. אַזויפיל פאַרשידענע מעגלעכע פּרינציפּיעלע און טאַקטישע איינשטעלונגען קענען אָנגענומען ווערן, אַז כמעט יעדער דענקענדיקער איד האָט זיין פּראָגראַם און זיין צוגאַנג, וויאַזוי די דאָזיקע גלייכגעוויכט צו דער־גרייכן. דאָס דאָזיקע פּראָבלעם איז אַזוי שווער, אַז עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אַ טאַקטישע איינשטעלונג, וועלכע איינער באַטראַכט פאַר דעם איינציק־מעגלעכן צוגאַנג צום פּראָבלעם, באַטראַכט דער צווייטער פאַר אַ צוגאַנג, וואָס איז פול מיט גרויסע סכנות. נאָך שאַרפער ווערט דאָס דאָזיקע פּראָבלעם אין יענע לענדער, וואו עס מישן זיך אויך אַריין עקאָנאָמישע שוועריקייטן. די דאָזיקע שוועריקייטן קרייצן אַלע מעגלעכע טאַקטישע און פּרינציפּיעלע איינשטעלונגען. אָפּט וואַרפן זיי אום מיינונגען, וועלכע זיינען פריער באַטראַכט געוואָרן ווי פעסטע אַקסיאָמעס. דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבן די הויפּט־צעטיילונג צווישן אַזעלכע, וועלכע זיינען גענויגט אונטערצושטרייכן שאַרפער זייער אינטערעס ווי בירגער פון דער געגעבענער מדינה, און אַזעלכע, וואָס זיינען גענויגט אונטערצושטרייכן שאַרפער זייער אינטערעס ווי אידן.

די אַמאָליקע אָנגענומענע צעטיילונג צווישן די אויבן־דערמאָנטע הויפּט־אונטערשיידן — וואו איין ריכטונג איז דערקלערט געוואָרן ווי אַן אַסימילאַ־טאָרישע און די צווייטע ווי אַ נאַציאָנאַל־אידישע — האָט שוין לאַנג פאַר־לוירן איר עקזאַקטקייט. איינצלנע געדאַנקען, וועלכע מען האָט אַמאָל באַטראַכט פאַר ריין־אַסימילאַטאָרישע, זיינען אַריינגעדרונגען אויך אין קרייזן פון הונ־דערט־פּראָצענטיקע נאַציאָנאַלע אידן. אַ פאַרקערטע דערשיינונג באַגעגנט מען אויך זייער אָפּט. מער ווי אַלץ באַגעגנט מען זיך מיט אַ צושטאַנד, אין

וועלכן אידן — וואָס האָבן אַמאָל געהאַט אַ קלאָרן איינשטעל — געפינען זיך איצט אין אַ פשוטער פאַרווירונג; אָדער זיי האָבן אָנגענומען איינשטעלן, וואָס וואָלטן אַמאָל באַטראַכט געוואָרן ווי אַ סתירה קעגן זייער אַלגעמיינעם קוק אויפן אידישן לעבן.

געגנוג אָנצואווייזן אויף איין ביישפּיל. איך האָב אין זינען דעם געראַנגל אַרום דעם פּראָבלעם עמיגראַציע. דאָ באַגעגענען מיר אָפט ציוניסטן פון פאַרשידענע שאַטירונגען, וועלכע שטעלן זיך איין פאַר אַ שטאַנדפּונקט פון אַבסאָלוטער און כמעט־אייביקער איינגעוואָרצלטקייט פון אידן אין פּוילן. פאַר דער מלחמה האָבן ציוניסטן זייער אָפן און זייער קלאָר גערעדט וועגן יציאת הגלות. אין דעם געדאַנק אַליין איז שוין געלעגן אַ געוויסע איינשטעלונג צום אויבן־דערמאָנטן פּראָבלעם „ישראל בעמים”. איצט אָבער איז דער מצב אַזאַ, אַז די ציוניסטן שרעקן זיך פאַר אַזעלכע אָפענע רייד. צי די ציוניסטן זיינען גערעכט מיט זייער איצטיקער איינשטעלונג, איז אַ באַזונדערע פראַגע; אָבער ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין די לעצטע פאַר צענדליק יאָר, הויפּטזעכלעך אין פּוילן, שטויסן די ציוניסטן אונטערצושטרייכן די איינגעוואָרצלטקייט פון אידן אין פּוילן און אָפטמאָל צו קעמפן קעגן דער פּוילישער רעגירונג פאַר אירע עמיגראַציאָניסטישע פּאַרזוכן. אַנטי־ציוניסטן גייען אין זייער איינשטעלונג — אין פּראָבלעם פון עמיגראַציע — אַזוי ווייט, אַז יעדע רייד וועגן עמיגראַציע, אַפילו קיין ארץ־ישראל, באַטראַכטן זיי ווי אַ פאַרברעכן קעגן די אינטערעסן פון די אידן אין פּוילן. אַזוי איז אויסגע־וואַקסן דער טיפער תהום צווישן ציוניסטן און אַנטי־ציוניסטן אין פּוילן. דאָס האָט ניט זיין גלייכן אין קיין אַנדערער מדינה אין דער וועלט.

## יא

ב) די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע און דער קאַמף פאַר פשוטער, פיזי־שער דערהאַלטונג האָט געוואַלטיק פאַרשאַרפט די אינעווייניקסטע קאָנפליקטן צווישן די פאַרשידענע ווירטשאַפטלעכע גרופּירונגען. דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן אַ פשוטן קלאַסן־קאַמף, וואָס מען געפינט ביי אַלע פעלקער. דאָ האַנדלט זיך פשוט אין דעם, וואָס יענע מאַס פון ענערגיע — וואָס קען מאָבּיליזירט ווערן אין קאַמף פאַר דער לינדערונג פון דער עקאָנאָמישער נויט — זאָל פאַרווענדעט ווערן אויף אַן אופן, וואָס זאָל צופרידנשטעלן די אָדער יענע גרופּע. דער הענדלער, צ״ב, דער באַוואוסטזיניקער נאַטירלעך, דער אָנפירער פון די הענדלער־אָרגאַניזאַציעס, קוקט מיט ווידערווילן אויף וועלכן ס׳איז פאַרזוך, וואָס ווערט געמאַכט איבערצובויען ווירטשאַפטלעך דאָס אידישע

לעבן. אים דוכט זיך, אַז די גאַנצע מאַס פון ענערגיע, וואָס קען פאַר דעם מאָביליזירט ווערן, מוז פאַרווענדעט ווערן פאַר דער דערהאַלטונג און אָפּהי־טונג פון די איצטיקע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס. אַזאַ שטעלונג מצד דעם הענדלער איז אויך פאַרשטענדלעך. קיין גרויסן גלויבן אין די מעגלעכקייטן פון ווירטשאַפטלעכן איבערבוי האָט ער ניט; זיין חיונה און די חיונה פון זיינע קינדער האָט ער פאַרבונדן מיט האַנדל; יעדער פאַרזוך, וואָס ווערט געמאַכט אים אַרויסצוברענגען פון דער פּאָזיציע, באַטראַכט ער פאַר דער גרעסטער קאַטאַסטראָפע; אין יעדער רייד וועגן ווירטשאַפטלעכן איבערבוי, וועלכער דאַרף אַוועקנעמען אידישע ענערגיע פון דעם קאַמף צו דערהאַלטן אידישע פּאָזיציעס אין האַנדל, זעט ער אַ גרויסע סכנה. דאָס זעלביקע איז אויך ריכטיק בנוגע דעם האַנטווערקער. ער זעט די וויכטיקסטע אויפגאַבע אין קאַמף פאַר אויפהאַלטן די דאָזיקע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציע. דעריבער זוכט ער שוין יאָ ווירטשאַפטלעכן איבערבוי. ער איז זייער צופרידן, ווען אידישע ענערגיע ווערט פאַרווענדעט אויף אַזאַ אופן, וואָס גרייט צו זיינע קינדער צום זיין בעסערע האַנטווערקער; אָבער אויך ער באַטראַכט אַלע אַנדערע ווירטשאַפטלעכע פאַרזוכן, וואָס ווערן געמאַכט אינעם אידישן לעבן, ווי ניט וויכטיק אין פאַרגלייך מיט דעם האַנטווערקער־פּראָבלעם. דאָס זעל־ביקע איז אויך אמת, נאַטירלעך אויף אַ קלענערן אופן, מיט אַלע אַנדערע ווירטשאַפטלעכע גרופּירונגען. און אַזויווי דאָס דאָזיקע פּראָבלעם רירט ממש אָן די מעגלעכקייט פון פּשוט'ן קיום, ווערט זי פאַרשאַרפט אויף דאָס העכסטע, רופט אַרויס נישט בלויז קעגנערשאַפט פון מיינונגען, נאָר טיפע פיינטשאַפט אַפילו. צוזאַמענריידן זיך ווערט שווער. די פאַרזוכן, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אַפילו צווישן הענדלער אַליין; צווישן די גרעסערע סוחרים און די קלענערע סוחרים — זיך צוזאַמענצוריידן און קעגנזייטיק זיך אונטערשטיצן — האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף דער דאָזיקער אייזערנער וואַנט פון קעגנזייטיקן אומצוטרוי און זיינען צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן.

## יב

ג) דער פאַרשאַרפטער פּאַרטיי־קאַמף צווישן אידן אין פּוילן, דאָס איז די דריטע סיבה פון צעריסנקייט. זי איז סיי אַ סיבה און סיי אַ רעזולטאַט אין דער זעלביקער צייט. זי שטאַמט אָן ספק פון די אויבן־געבראַכטע צוויי סיבות. אָבער אין אונזער אַרבעט איז זי שוין דערשינען ווי די גרעסטע שטערונג אינעם פאַרזוך צו אָרגאַניזירן די פּוילישע אידן. אַזאַ קעגנזייטיקע שנאה, ווי עס הערשט צווישן די אידישע פּאַרטייען אין פּוילן — און אַזעלכע

מעטאָדן, ווי מען נעמט אָן אין קעגנזייטיקן פּאַרטייאישן קאַמף אין פּוילן — איז אָפט פּשוט אומגלויבלעך. ביי די גרעסטע קאַטראַסטראָפעס, וואָס האָבן פּאַסירט, איז געווען אוממעגלעך איינצואָרדענען אַ געמיינשאַפטלעכן אָפּווער־קאַמף. ניט בריסק, ניט דער באַרימטער כאַסקעלעוויטש־משפּט און אַפילו ניט דער פּאַרזוך איינצופירן געטאָ־בענק אין די אוניווערזיטעטן האָט געקענט באַוועגן אַלע אידישע פּאַרטייען אין פּוילן צו פּאַרעפנטלעכן איין געמיינשאַפט־לעכן פּראָטעסט. דער קאַמף קעגן די געטאָ־בענק — וואָס האָט פּאַראייניקט די אינטעלעקטועלע וועלט פון אַלע קאָנטינענטן אין איין גרויסן אויסגעשריי קעגן דעם דאָזיקן ווילדן פּאַרזוך — האָט דאָך ניט געקענט צוזאַמענברענגען אַלע אידישע פּאַרטייען און גרופּירונגען אין פּוילן צו פּאַרעפנטלעכן אַ געמיינ־שאַפטלעכן פּראָטעסט. אונזער אויפגאַבע, וואָס איז באַשטאַנען אין באַזייטיקן, ווי ווייט עס איז נאָר מעגלעך, די דאָזיקע שטערונגען — און מאַכן אַ פּאַרזוך, אַז אַלע אידן זאָלן זיך צוזאַמענריידן — האָט אין דער דאָזיקער קעגנזייטיקער פּאַרטיי־שנאה געפונען איר שווערסטן שטיין אין וועג, וואָס איז נאָך ביז היינט ניט אָפּגעראַמט געוואָרן.

ווען מען האָט אין זינען די דריי אויבן־דערמאָנטע שוועריקייטן, וועט מען קענען בעסער נאָכפאָלגן די אַנטוויקלונגען פון אונזער אַרבעט און אָפּשאַצן ווי ווייט מיר האָבן עפּעס דערגרייכט און וואו מיר האָבן געליטן דורכפאַלן.

## יג

קומענדיק אין פּוילן האָב איך באַטראַכט פאַר מיין ערשטער אויפגאַבע אויפצושטעלן אַן אָרגאַן, וועלכער זאָל אַרומנעמען דעם מאַקסימום פון גרופּי־רונגען אין דעם מינימום פון צייט און ביי דעם מינימום פון פאַרשווענדעטער ענערגיע. פון די צוויי וועגן, וואָס זיינען פאַר מיר געווען אָפן — דער וועג פון צוזאַמענריידן זיך פון דאָס ניי מיט די פאַרשידענע פּאַרטייען און דער וועג פון נעמען ווי אַן ערשטע צעלע יענע פּוילישע מיטגלידער, וועלכע זיינען ביים ערשטן אידישן קאָנגרעס געוויילט געוואָרן אינעם אַדמיניסטראַטיוו־קאָמיטעט — האָב איך אויסגעקליבן דעם צווייטן. זיין צוזאַמענשטעל איז, ווי מיר שיינט, באַקאַנט אַלע מיטגלידער פון אונזער וועלט־עקזעקוטיווע. שוין אויף די ערשטע זיצונגען פון די דאָזיקע 20 מיטגלידער איז קלאָר געוואָרן די נויטווענדיקייט צוצוציען פאַרטרעטער פון אַזעלכע גרופּירונגען, וועלכע זיינען אין די אָריגינעלע צוואַנציק מיטגלידער נישט געווען איינגע־שלאָסן. מיר האָבן צוגעצויגן פאַרטרעטער פון די האַנטווערקער, קליינהענד־לער און פון פאָלגנדיקע פּאָליטישע פּאַרטייען: רעוויזיאָניסטן, אידנשטאַטס־

פאַרטיי, „וויצאָ" און אידישער פרויען־פאַרבאַנד. אין די אָריגינעלע 20 זיינען געווען איינגעשלאָסן פאָרשטייער פון די אַלגעמיינע ציוניסטן גרופּע א׳, אַלגעמיינע ציוניסטן גרופּע ב׳, פּועלי־ציון (פאַראייניקטע מיט צ״ס), מזרחי, תורה ועבודה, התאחדות און די פאָלקס־פּאַרטיי. אין די אָריגינעלע 20 איז אויך געווען ה׳ רפאל שערשעווסקי, וועלכער איז געווײלט געוואָרן אין אַדמיניסטראַטיוו־קאָמיטעט ווי אַ פאָרטרעטער פון די גרויסע סוחרים און וועלכער האָט זיך אָבער אַקטיוו ניט באַטייליקט אין אונזער אַרבעט. (וועגן דער שטעלונג פון די גרויסע סוחרים ווי אַן אָרגאַניזאַציע — עטלעכע ווערטער שפּעטער).

געבליבן בכן מחוץ פון אָט־דער ערשטער צעלע זיינען די „אגודה" און דער „בונד". אומבאַשטימט איז אויך געווען די שטעלונג פון די אַלגעמיינע ציוניסטן גרופּע ג׳ פון מזרח און מערב קליין־פּוילן. פאַר אונזער ערשטער אויפגאַבע האָבן מיר דעריבער באַטראַכט אַנצוקניפּן פאַרבינדונגען מיט די אויבן־געבראַכטע פיר אָרגאַניזאַציעס, בכדי אויפצוקלערן זייערע ענדגילטיקע שטעלונגען.

„בונד" האָט ביים סאַמע אָנהויב דערקלערט זיין נעגאַטיווע שטעלונג. עס איז נישט מיין אויפגאַבע צו פּאָלעמיזירן אין דעם באַריכט מיט דער דאָזיקער שטעלונג. גענוג בלויז אונטערצושטרייכן, אַז „בונד" האָט פאַר זיך פעסטגעשטעלט, אַז ער באַטייליקט זיך ניט אין אַזעלכע כלל־ישראל אימפּרעזעס. לענגערע פאַרהאַנדלונגען זיינען געפירט געוואָרן מיט דער „אגודה". אויך מיט זייערע אָנגעגעבענע באַגרינדונגען, פאַרוואָס זיי נעמען אַ נעגאַטיווע שטעלונג, איז נישט מיין אויפגאַבע דאָ צו פּאָלעמיזירן, סיידן אויב די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע וועלן פאַר דעם געפינען סיי די צייט, סיי דעם אינטערעס, וועל איך עס גרייט זיין באַזונדער צו טאָן. דער פאַקט איז, אַז אויך „אגודה" איז געבליבן פעסט ביי איר נעגאַטיווער שטעלונג און באַטייליקט זיך נישט אין קאָנגרעס. ביידע — סיי „בונד" און סיי „אגודה" — פירן אָן אַ העפטיקן קאַמף קעגן אונזער אַרבעט. די מיטלען, וועלכע זיי באַנוצן אין קאַמף קעגן אונז, זיינען ניט קיין מער עטישע, ווי די מיטלען, וועלכע מען באַנוצט בכלל אין קעגנזייטיקן פּאַרטיי־קאַמף צווישן אידן אין פּוילן.

## יד

די אַלגעמיינע ציוניסטן גרופּע ב׳ פון מזרח און מערב קליין־פּוילן זיינען, נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען, צוגעטראָטן צו דער אַרבעט און פירן איצט אָן די צוגרייטונגס־אַרבעט מיט גרויס ענערגיע. דערביי איז דאָ וויכטיק צו פאַרצייכענען איניקע פונקטן, וועלכע זיינען אין די פאַרהאַנדלונגען מיט די

לעצטע צוויי אָרגאַניזאַציעס באַרירט געוואָרן, וועלכע ווייזן ווידער אָן אויף שוועריקייטן, וועלכע מיר האָבן באַגעגנט:

1) וועגן דעמאָקראַטישע וואַלן. — דער דאָזיקער פּונקט, וואָס איז געווען איינער פון די באַדינגונגען, וועלכע „אגודה" האָט אַרויסגעשטעלט — אַז די רעפּרעזענטאַנץ פון פּוילישן אידנטום זאָל זיין געבויט ניט אויפן באַזיס פון דעמאָקראַטישע וואַלן, נאָר אויף אַ פּאַרטרעטערשאַפט, געוויילט פון פּאַר־שטייער פון די צענטראַלעס פון די פּאָליטישע אוןווירטשאַפטלעכע קערפּער־שאַפטן — פּאַר דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט האָבן זיך אויך איינגעשטעלט די אָפיציעלע פאָרשטייער פון די ביידע אויבן־דערמאָנטע ציוניסטישע אָרגאַני־זאַציעס אין מזרח און מערב קליין־פּוילן. מיר האָבן פאַרטראָטן דעם שטאַנד־פּונקט, אַז אַ רעפּרעזענטאַנץ, געוויילט פון פאָרשטייער פון די צענטראַלעס, וועט ניט זיין סטאַביל; און ווען אירגענד וועלכע גרעסערע אָדער קלענערע פּאַרטיי אָדער אָרגאַניזאַציע וועט אין דעם אָדער יענעם פּונקט נישט מסכים זיין וועט זי קענען דעזאַוואוּאירן דעם גאַנצן באַשלוס און שטערן די האַנדלונגען פון אַזאַ רעפּרעזענטאַנץ. אויסער בכן דעם דעמאָקראַטישן פּרינציפּ ווי אַזעלכן, איז אונז געגאַנגען אין דעם, אַז די געוויילטע אינסטאַנצן זאָלן האָבן ווי זייער באַזע הונדערטער טויזנטער ווילער, וואָס קיין צענטראַל־קאָמיטעט וועט דערנאָך ניט קענען דעזאַוואוּאירן. דער דאָזיקער פּרינציפּ איז בכן אָנערקענט געוואָרן פון די פריערדיקע דערמאָנטע צוויי ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציעס. זייער באַוואָרעניש איז נאָר געווען, אַז די צאָל פון אידן, וועלכע וועלן אָנטייל־נעמען אין די וואַלן, זאָל זיין אַזאַ באַדייטנדיקע, וואָס זאָל אָפּשלאָגן אַלע פאַרזוכן מצד די קעגנער אָפּצושוואַכן די אויטאָריטעט פון די געוויילטע אינסטאַנצן פון קאָנגרעס. די דאָזיקע באַוואָרענישן האָבן מיר אַלע אָנערקענט, און צום סוף פון מיין באַריכט וועט איר זעען, צי מיר האָבן דער־גרייכט אַזאַ צאָל, וואָס גאַראַנטירט אונז די אויטאָריטעט פון די אָרגאַנען וועלכע וועלן געוויילט ווערן צום קאָנגרעס, אָדער ניט.

2) אָנערקענונג פון דער איצטיקער אידישער „קאָלאָ". — די דאָזיקע פראַגע האָט אונז פאַרשאַפט די גרעסטע שוועריקייטן אינעם פאַרזוך איבער־צובריקן די חילוקי־דעות, וואָס הערשן אין פּוילישן אידנטום. ווי אַ רעזולטאַט פון די אין־אָנהויב־געבראַכטע דריי הויפּט־סיבות איז אין דער אידישער געזעל־שאַפטלעכקייט פון פּוילן אַנטשטאַנען אַ באַציאונג צו די איצטיקע אידישע פּאַרלאַמענטאַרישע פאַרטרעטער, וואָס האָט צעשפּאָלטן די אידישע מחנה אין צווייען. פון איין זייט זיינען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן באַטראַכט די אידישע פּאַרלאַמענטאַריער ווי נאָמינאַטן — און דעריבער טאָר מען מיט זיי קיין

מגע־ומשא ניט האָבן; און פון דער צווייטער זייט זיינען געווען יענע, וואָס האָבן געוואָלט אין די דאָזיקע פּאַרלאַמענטאַריער זען די איינציקע אידישע רעפּרעזענטאַנץ. די צוויי ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פון מזרח און מערב קליין־פּוילן און אויך די מזרחי, וועמעס מיטגלידער זיינען פאַרטראָטן צווישן די אידישע פּאַרלאַמענטאַריער, האָבן אָנגענומען די צווייטע שטעלונג. די איבעריקע אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען זיינען געווען צעטיילט אין זייער גראַד פון נעגאַטיוויטעט צו דעם פּונקט, פון אַזעלכע וואָס האָבן בכלל קיין באַציאונג צו דער פראַגע ניט געהאַט, ביז אַזעלכע וואָס האָבן געמיינט, אַז דער קאָנגרעס, ווען ער וועט צושטאַנד־קומען, וועט ער מוזן אַרויס־טראָגן אַ נעגאַטיוון אורטייל קעגן די דאָזיקע אידישע פּאַרלאַמענטאַריער. די פאַרשטענדיקונג צווישן די פאַרשידענע פּאַרטייען איז געמאַכט געוואָרן אויף דעם באַזיס, אַז די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די דאָזיקע פּאַרלאַמענ־טאַריער טראָגן זייערע פּאַרטייען, וואָס האָבן זיי אַהין געשיקט; אַז דער קאָנגרעס און זיינע אינסטאַנצן ניט זיי אַפּראָבירן און ניט זיי טאַדלען די דאָזיקע פּאַרלאַמענטאַריער; אַז די פּאָליטישע פּאַרטייען בלייבן אויך נאָך דעם, ווי דער קאָנגרעס וועט זיינע אינסטאַנצן אויפשטעלן, עקזיסטירן. וועלן זיי זיך קענען פאַרשטענדיקן אין אַזעלכע פּאָליטישע פראַגן, וועט זיין גוט, טאָמער ניט — זעצט פאַר יעדע פּאַרטיי איר וויטערדיקע פּאָליטישע אַרבעט לויט איר געוויסן. דער קאָנגרעס און זיינע אָרגאַנען וועלן זיך באַשעפטיקן מיט יענע פּאָליטישע פּראָבלעמען, וואָס זיינען איינהייטלעך פאַרן גאַנצן אידנטום. די דאָזיקע פאַרשטענדיקונג איז געמאַכט געוואָרן נישט צווישן פרעזידיום אָדער צווישן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פאַרן קאָנגרעס מיט די אויבן־דערמאָנטע צוויי ציוניסטישע פּאַרטייען פון מזרח און מערב קליין־פּוילן, נאָר צווישן די אויבן־דערמאָנטע צוויי אָרגאַניזאַציעס מיט פאַרטרעטער פון אַנדערע אָרגאַ־ניזאַציעס, הויפּטזעכלעך פּועלי־ציון, אַלגעמיינע ציוניסטן גרופּע א׳ און מזרחי. דורך דעם איז באַזייטיקט געוואָרן איינע פון די שווערסטע שטערונגען אויף אונזער וועג. עטלעכע ווערטער וועגן דעם שפּעטער, ווען איך וועל אייך דער־ציילן וועגן דער שטעלונג פון דער פאָלקס־פּאַרטיי.

3) מיט דער פּוילישער דעמאָקראַטיע אָדער זעלבסטשטענדיקע פּאָליטיק. — אויך די פראַגע האָט אַרויסגערופן באַדייטנדיקע חילוקי־דעות. דאָ איז אייגנטלעך אַ פראַגע מער פון וואָג, וואָס מען גיט־צו דאָס אָנשפּאַרן זיך אויף דער פּוילישער דעמאָקראַטיע. אַלע זיינען מסכים, אַז מען דאַרף זיך אָריענטירן מער אויף אַ דעמאָקראַטישן רעזשים אין פּוילן. פאַראַן אָבער אייניקע גרופּי־רונגען, וועלכע באַהויפּטן, אַז אויך אויף דער דעמאָקראַטיע קען מען זיך ניט

איינגאַנצן פאַרלאָזן; און אַז צו־ענג פאַרבינדן זיך מיט דער פּוילישער דע־מאָקראַטיע וואָלט געווען אַ טעות. די אידישע פּאָליטיק דאַרף געפירט ווערן, לויט דער דאָזיקער מיינונג, איינגאַנצן זעלבסטשטענדיק. די דאָזיקע פראַגע איז נאָך ווייט ניט פאַרענטפערט געוואָרן אין די אָרגאַנען, וואָס אָרגאַניזירן דעם קאָנגרעס, זי וועט נאָך דערשיינען אויפן קאָנגרעס גופא. איך האָב עס דאָ דערמאָנט נאָר דערפאַר, ווייל אין די פאַרהאַנדלונגען, וואָס זיינען געפירט געוואָרן מיט די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, האָט אויך די דאָזיקע פראַגע געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע.

## טו

ווען די פאַרהאַנדלונגען מיט די אויבן־דערמאָנטע צוויי ציוניסטישע גרופּירונגען האָבן זיך פאַרענדיקט, איז אַנטשטאַנען אַ נייע שוועריקייט איבערהאַלב די אָרגאַנען, וואָס גרייטן צו דעם קאָנגרעס. דער פאַרטרעטער פון דער פאָלקס־פאַרטיי, ה׳ נח פּרילוצקי, איז געווען שטאַרק אומצופרידן מיט אייניקע באַשלוסן, וואָס די אָרגאַניזיר־קאָמיטעט האָבן אָנגענומען, און דאָס האָט ממש געפירט צום אַרויסטריט פון דער פאָלקס־פאַרטיי סיי פונעם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, סיי פון פּרעזידיום. אָנשטאָט אַרבעטן פאַרן קאָנגרעס האָט די דאָזיקע גרופּע אָנגעהויבן אַ העפטיקע אַטאַקע קעגן קאָנגרעס. די פאָרמעלע חילוקי־דעות זיינען געווען פאָלגנדיקע:

1) דאָס צולאָזן די רעוויזיאָניסטן. דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט האָט אָנגע־נומען דעם שטאַנדפּונקט, אַז אין פאַרזוך צו אָרגאַניזירן דאָס פּוילישע אידנטום האָט קיינער קיין רעכט ניט אויסצושליסן אירגענד וועלכע גרופּירונג, וועלכע דערקלערט זיך גרייט צו גיין צום קאָנגרעס. און ניט אַכטנדיק די באַציאונגען, וואָס אייניקע פאַרטייען האָבן געהאַט צום רעוויזיאָניזם און צו רעוויזיאָניסטן, האָבן זיי אָבער מסכים געווען איינצושלעסן די רעוויזיאָניסטן אין די צוגריי־טונגס־אָרגאַנען. די פאָלקס־פאַרטיי איז געבליבן ביי דעם שטאַנדפּונקט, אַז אין די צוגרייטונגס־אָרגאַנען האָט מען די רעוויזיאָניסטן ניט געטאָרט צולאָזן.

2) וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון לאָקאַלע קאָמיטעטן. אַריינגיין אין אַ לאַנגער אויפקלערונג וועגן דעם וואָלט געהייסן אויפוויקלען די אינטער־פאַרטייאישע באַציאונגען אין פּוילן. גענוג דאָ פעסטצושטעלן, אַז נאָך לאַנגע שקלא־וטריא׳ס האָט דער פּרעזידיום און דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט מסכים געווען צו געבן צו „תורה ועבודה“ אַ פאַרטרעטערשאַפט אין די לאָקאַלע קאָמיטעטן, מחוץ דער פאַרטרעטערשאַפט, וואָס „מזרחי“ באַקומט. די פאָלקס־פאַרטיי האָט צו דעם בשום־אופן ניט געוואָלט מסכים זיין.

3) די אויבן־געבראַכטע פראַגע וועגן אידישע פאַרלאַמענטאַריער. די פאָלקס־פאַרטיי, הערנדיק, אַז עס קומט צו אַ פאַרשטענדיקונג צווישן די אַנ־דערע פאַרטייען וועגן דער באַציאונג פון קאָנגרעס און פון זיינע אינסטאַנצן צו די אידישע פאַרלאַמענטאַריער, האָט אין דעם געזען אַן אַנטי־דעמאָקראַטישע האַנדלונג און האָט דאָס אויך אָנגעגעבן ווי איינע פון די פאָרמעלע גרונדן, פאַרוואָס זי האָט זיך צוריקגעצויגן פון די צוגרייטונגס־אָרגאַנען און פון קאָנגרעס.

4) בעיקר זיינען אָבער אַנטשטאַנען טיפע חילוקי־דעות וועגן דעם, צי ארץ־ישראל זאָל געפינען אַן אָרט אויפן קאָנגרעס, אָדער ניט. אויך אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער קאָנגרעס ווערט גערופן צוליב די אינטערעסן פון פּוילישן אידנטום אין פּוילן. קיינעם איז נישט איינגעפאַלן צו פאַרוואַנדלען דעם קאָנגרעס אין אַ ציוניסטישן אָרגאַן. פאַר־קערט, די ציוניסטן אַליין וואָלטן געוועזן די לעצטע מסכים צו זיין, אַז דער אידישער קאָנגרעס זאָל זיך באַשעפטיקן מיט דער ארץ־ישראל־אַרבעט, ווייל פאַר דעם זיינען דאָ ציוניסטישע און אַגענץ־אינסטאַנצן. די ציוניסטן, און מיט זיי אַלע אַנדערע אויסער דער פאָלקס־פאַרטיי, האָבן אָבער פאַרשטאַנען, אַז עס איז אוממעגלעך אַז דער קאָנגרעס זאָל אינגאַנצן פאַרשווייגן דעם ארץ־ישראל־ענין. זיי זיינען דעריבער באַשטאַנען אויף דעם, אַז אַ רעזאָלוציע, וואָס זאָגט אַרויס, אין נאָמען פון פּוילישן אידנטום, אַ פאָדערונג צו ענגלאַנד און צום פעלקער־בונד דורכצופירן די התחייבותן, וואָס זיי האָבן גענומען כלפּי דעם אידישן פאָלק אין פאַרבינדונג מיט ארץ־ישראל — מוז פונעם קאָנגרעס אָנגענומען ווערן. אויך אין דעם האָט דער פאַרטרעטער פון דער פאָלקס־פאַרטיי געזען אַ פּסול.

5) ענלעכע חילוקי־דעות זיינען אַנטשטאַנען בנוגע דעם פּראָבלעם פון עמיגראַציע. אַלע אַנדערע פאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס מחוץ דער פאָלקס־פאַרטיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס פּראָבלעם עמיגראַציע מוז פון קאָנגרעס אויפגענומען ווערן. נאַטירלעך דאַרף דער קאָנגרעס אַרויסברענגען קלאָר און דייטלעך, אַז ער שיידט זיך אָפּ פון דעם עמיגראַציאָניזם און עוואַקואַציאָ־ניזם, וואָס עס פּרעדיקן אַנטיסעמיטן אין פּוילן. אָבער דאָס פּראָבלעם עמיגראַ־ציע ווי אַזעלכע עקזיסטירט און עס איז אוממעגלעך אויסצושליסן דעם דאָזיקן פּראָבלעם פונעם אַרבעטס־געביט פון אָרגאַניזירטן פּוילישן אידנטום. די פאָלקס־פאַרטיי האָט ניט מסכים געוועזן צו דעם שטאַנדפּונקט און האָט אויך דעם פּונקט אָנגעגעבן ווי איינע פון די סיבות, פאַרוואָס זי טרעט אַרויס פון די צוגרייטונגס־אָרגאַנען און קעגן קאָנגרעס בכלל.

## טז

דאָס זיינען די פאַרמעלע סיבות. עטלעכע ווערטער וועגן מיין אייגענער אָפּשאַצונג פון די ניט־פאַרמעלע סיבות. די פאָלקס־פאַרטיי אַליין וואָלט ניט פאַרדינט אַזויפיל אויפמערקזאַמקייט אין אונזער באַריכט. עס איז אָבער ניט צו לייקענען, אַז די דאָזיקע גרופּע פירט איצט דעם העפטיקסטן קאַמף קעגן אונזער אַרבעט און זוכט צו באַאיינפלוסן אויך אַנדערע קרייזן מחוץ פון זייער אייגענער פּאַרטיי. מוזן מיר שוין דער דאָזיקער דערשיינונג שענקען מער אויפמערקזאַמקייט, ווי דאָס וואָלט געקומט דער פאָלקס־פאַרטיי אַליין.

די שטעלונג פון דער פאָלקס־פאַרטיי איז נאָך מיין מיינונג באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער שטעלונג פון די אידישע קאָמוניסטן. די קאָמוניסטישע באַוועגונג איז אין פוילן פאַרבאָטן. אונטער איר אייגענער פאָן קען די דאָזיקע באַוועגונג קיין זאַך אין פוילן ניט טאָן. די פאָלקס־פאַרטיי האָט לכתחילה געדענקט, אַז די דאָזיקע באַוועגונג וועט איר געבן זייערע שטימען. אַזויווי דער „בונד“ באַטייליקט זיך נישט, וועלן די קאָמוניסטן ניט קענען אונטער־שטיצן דעם „בונד“, ווי זיי טוען עס אין אַלע אַנדערע פּאָליטישע פאַלן, וועלן זיי דאַרפן שטיצן די פאָלקס־פאַרטיי. אין די רייען פון די קאָמוניסטן איז אָבער, ווי עס שיינט, פאָרגעקומען צוויי מאָל ענדערונגען אין זייער איינשטעל צו אונזער אַרבעט. עס שיינט, אַז לכתחילה האָבן זיי טאַקע געדענקט זיך צו באַטייליקן אין קאָנגרעס ניט דורך אייגענע פאַרטרעטערשאַפטן; דאַן וואָלט דער חשבון פון דער פאָלקס־פאַרטיי געווען אַ ריכטיקער. שפּעטער איז פאָר־געקומען אַן ענדערונג אין דעם איינשטעל פון די קאָמוניסטן און זיי האָבן געזוכט אַ וועג, וויאַזוי אויפצוטרעטן אונטער אייגענע פירערשאַפטן. די פאָלקס־פאַרטיי האָט פאַרלוירן בכן איר איינציקע האָפענונג פון וואַנען צו קריגען שטימען. נאָך שפּעטער האָבן די קאָמוניסטן דורכגעמאַכט אַ צווייטע ענדערונג. זיי האָבן וואַרשיינלעך איינגעזען, אַז זיי וועלן אין דעם קומענדיקן אידישן קאָנגרעס קיין איינפלוס ניט קענען באַקומען, האָבן זיי זיך אַנטשלאָסן דעם קאָנגרעס צו באַקעמפן. דאַן איז זיכער פאַר דער פאָלקס־פאַרטיי נישט מעגלעך געווען צו דערוואַרטן פאַרשטאַרקונג פון דעם צד. איך מיין נישט צו זאָגן, אַז די אַלע אויבן־אויסגערעכנטע פרינציפּיעלע חילוקי־דעות האָבן קיין ווירקונג ניט געהאַט אויף דער שטעלונג פון דער פאָלקס־פאַרטיי. איך מיין נאָר צו באַהויפּטן, אַז ווען די דאָזיקע פאַרטיי וואָלט געקענט האָפן צו קריגן פאַרשטאַרקונג פון עמעצן אַנדערש ביים קאָנגרעס, וואָלט זייער באַשלוס געווען צו גיין צום קאָנגרעס און דאָרטן קעמפן פאַר זייערע מיינונגען; ווען

זיי האָבן די האָפענונג אויך פאַרלוירן, האָבן זיי זיך אָנטשלאָסן אַרויסצוטרעטן, און היינט זיינען זיי פון די העפטיקסטע קעמפער קעגן קאָנגרעס.

ווי געזאָגט, וואָלט זייער שטעלונג אַליין ניט געווען פון אירגענד וועלכער באַדייטונג. זיי האָבן אָבער אַ ווירקונג אין דער צענטראַלע פון האַנטווערקער־פאַרבאַנד און זיי איז געלונגען דורך זייערע פאַרטיי־מיטגלידער אין דער דאָזיקער צענטראַלע אויך דאָרט דורכצופירן אַ רעזאָלוציע צוריקצוציען זיך פונעם קאָנגרעס. די גרויסע צאָל האַנטווערקער־פאַראייניגן איבערן לאַנד באַטייליקן זיך יאָ אין דער אַרבעט, אָבער אין אייניקע שטעט, ווי צ״ב ביאַליסטאָק און טיילוויז אויך וואַרשע, איז דער פאָלקס־פאַרטיי געלונגען דורך דער האַנטווערקער־אָרגאַניזאַציע צו שעדיקן אונזער אַרבעט. זיי האָבן אויך געמאַכט אַ פאַרזוך צו טאָן דאָס זעלביקע אין דער צענטראַלע פון די קליינהענדלער, אָבער דאָרט זיינען זיי דורכגעפאַלן.

## יז

כדי צו פאַרענדיקן די אינערלעכע אידישע שוועריקייטן, וועלכע מיר האָבן באַגעגנט, דאַרף נאָך אַ פּאָר ווערטער געזאָגט ווערן וועגן די גרויסע סוחרים. מיר האָבן געהאַט מיט די פאַרטרעטער פון סוחרים־פאַראיין אייניקע ערנסטע זיצונגען. צווישן זיי זיינען פאַרמולירט געוואָרן דריי שטאַנדפּונקטן: אַ קליינער מיעוט, וואָס איז געווען איבגאַנצן קעגן קאָנגרעס; אַ גרעסערער מיעוט, אָבער נאָך אַלץ אַ מיעוט, וואָס איז געווען פאַרן קאָנגרעס; און דער רוב זייערער האָט פאַרנומען דעם שטאַנדפּונקט, אַז די סוחרים־אָרגאַניזאַציעס דאַרפן זיך ניט מישן אין פּאָליטישע ענינים. זי דאַרף איבערלאָזן אירע יחידים און אויך אירע אָפּטיילונגען איבערן לאַנד פרייע הענט צו האַנדלען, ווי זיי געפינען פאַר נויטיק. די אָרגאַניזאַציע ווי אַ גאַנצע דאַרף צו די צוגרייטונגס־אָרגאַנען ניט צוטרעטן. ווען דער קאָנגרעס וועט אָבער עטאַבלירט ווערן און וועט אויפשטעלן זיינע רעפּרעזענטאַנץ־אָרגאַנען, דאַרף דער סוחרים־פאַרבאַנד אָנערקענען די דאָזיקע אָרגאַנען און מיט זיי און דורך זיי פירן פאַרשידענע אַרבעטן. די דאָזיקע שטעלונג איז אָנגענומען געוואָרן אויף אַ זיצונג פון זייער צענטראַלן ראַט, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דעם 5טן פעברואַר.

ווי נאָך אַ שטריך צו דער אינערלעכער צעריסנקייט פון פּוילישן אידנטום דאַרף פאַרצייכנט ווערן יענע געוואַלטיקע מיסטרויען, וואָס עקזיסטירט צווישן די ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס כלפּי די פירער פון די פּאָליטישע פאַרטייען און די כמעט ביטול־באַציאונג פון די פירער פון פּאָליטישע פאַרטייען צו די אָנפירער פון די ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. איך גיי דאָ אויך ניט

אַריין אין פּרובירן דערקלערן די סיבות און אַרויסזאָגן, ווער עס איז גערעכט. אָבער אין אונזערע פאַרהאַנדלונגען מיט די פאַרשידענע גרופּירונגען, הויפּט־זעכלעך טאַקע מיט די פאַרטרעטער פון די גרויסע סוחרים, האָט דער דאָזיקער קעגנזייטיקער מיסטרויען געשפּילט אַ גרויסע ראָלע און האָט אפשר דעצידירט די נעגאַטיווע שטעלונג, וואָס די סוחרים האָבן אָנגענומען צו זייער באַטייליקונג אין די צוגרייטונגס־אָרגאַנען פון קאָנגרעס.

## יח

די קעגנערשאַפט צו אונזער אַרבעט איז אויך דעמאָנסטרירט געוואָרן פון נאָך אַ ווינקל. עס עקזיסטירן אין פּוילן פאַרשידענע גרופּן, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט פאַרשידענע איינצל־אַרבעטן פון אידישע ווירטשאַפטלעכע אינטערעסן. די דאָזיקע גרופּירונגען ווערן מערסטנס פינאַנסירט דורך „דזשאָינט". אויב עס איז דאָ אין דער וועלט אַ אידישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט ניט אונטערשאַצט אונזער אַרבעט אין פּוילן, איז דאָס אָן ספק דער „דזשאָינט" אין אַמעריקע. די „דזשאָינט"־מענטשן האָבן פאַרשטאַנען, אַז אויב אין פּוילן וועט אויפגעשטעלט ווערן אַן אויטאָריטעטער אָרגאַן, וואָס זאָל רעפּרעזענטירן דאָס פּוילישע אידנטום, וועט דאַן דער „דזשאָינט" ניט קענען מער אויף אייגענער אַחריות צוטיילן די הילפס־געלטער, וואָס אַמעריקאַנער אידן זיינען גרייט צו געבן דעם פּוילישן אידנטום. די דירעקטאָקראַטיע פון „דזשאָינט" וועט פאַרלירן איר אַרבעט. דער ביישפּיל פון פּוילן וועט נאָכגעטאָן ווערן פון אַנדערע אידישע קהילות אין מזרח־איראָפּע. די ראָלע פון „דזשאָינט" ווי אַזעלכער וועט אַוודאי דורך דעם ניט פאַרמינערט ווערן, אָבער ניט דער „דזשאָינט" אין אַמעריקע און ניט זייערע דירעקטאָרן אין איראָפּע וועלן דאַן קענען אויף אייגענער אַחריות באַשטימען, ווי אַזוי דאָס געלט זאָל פאַרטיילט ווערן און טאַקע עס אַליין צעטיילן. איך ווייס פון זיכערע קוועלן, אַז „דזשאָינט" טוט אַלץ וואָס ער קען אונטערצוגראָבן אונזער אַרבעט אין פּוילן. ער וועט מן־הסתם זוכן אויפצושטעלן אַ ריין־ווירטשאַפטלעכע רעפּרעזענטאַנץ, באַטירלעך ניט אויף דעמאָקראַטישע יסודות. זי וועט אַריינציען די באַאַמטע פון די פאַרשידענע אין־דעם־פּאַראַגראַף־אָנגערופענע ווירטשאַפטלעכע גרופּירונגען. זי וועט זיך מן־הסתם אויך ניט אָפּזאָגן פון אַריינציען אין אַזאַ רעפּרעזענטאַנץ די פאַרשטייער פון יענע קעגן־קאָנגרעס־אויסגעשפּראָכענע פאַרטייען. יענע רעפּרעזענטאַנץ וועט ער אויפשטעלן בכדי צו באַשאַפן דעם איינדרוק אין אַמעריקע, אַז זיינע דירעקטאָרן אַרבעטן מיט און דורך געזעלשאַפטלעכע פאַראַנטוואָרטלעכע כוחות. ביי דעם קעגנזייטיקן אומצוטרוי, וואָס עקזיסטירט

צווישן די פּאָליטיקער און דיווירטשאַפטלער קען ער נאַטירלעך האָבן דער־פּאָלג אין זיין פּאַרזוך. קיין פינאַנץ־מיטלען פעלט אים אויך ניט. אויב דער דאָזיקער קאַמף זאָל אים חלילה געלינגען, וועט ווידעראַמאָל מיט נאַציאָנאַלע מיטלען, אָנפּאַרטרויט אין ניט־דעמאָקראַטישע, ניט־נאַציאָנאַלע הענט, אונ־טערגעגראָבן ווערן אַ פּאַרזוך פון אָרגאַניזירן דאָס פּוילישע אידנטום. די אינערלעכע צעברעקלונג און צעריסנקייט וועט פאָרגעזעצט ווערן, אָנשטאָט אַ בריק איבער די צוויסטיקייטן וועט דער תהום פון די דאָזיקע צוויסטיקייטן טיפער געגראָבן ווערן, און די דירעקטאָקראַטיע אין אידישן לעבן וועט ווייטער טריאומפירן.

אונזער גאַנצע איינשטעלונג, וועלכע וויל אַריינברענגען אָרגאַניזירטע אַחריות אינעם אינעווייניקסטן אידישן לעבן, וועט דאַן צוריקגעזעצט ווערן אויף לאַנגע יאָרן. דערפון איז שוין ממילא געדרונגען, אַז מיר טאָרן דעם דאָזיקן קאַמף ניט פאַרלירן. אין פּוילן מוז אויפגעשטעלט ווערן אַ רעפּרע־זענטאַנץ, וואָס נעמט אַרום אַלע אידישע פּאָליטישע, ווירטשאַפטלעכע און סאָציאַלע אינטערעסן און וואָס פאַרמאָגט אויטאָריטעט דורך דעם, וואָס זי וועט זיך שטיצן אויף גרויסע מאַסן פון אידן, וועלכע וועלן איר אויסוויילן.

## יט

וואו האַלטן מיר איצט אין דעם דאָזיקן פאַרזוך? מיר שטייען ביים אָפּשלוס פון דער ערשטער סטאַדיע, ביים אָפּשלוס פון רעגיסטרירן אידן צו די קומענדיקע וואַלן צום קאָנגרעס. מאָנטיק האָט זיך געענדיקט דער פאַרקויף פון וואַל־קאַרטן אין קאָנגרעס־פּוילן. קומענדיקן מאָנטיק ענדיקט זיך דער פאַרקויף פון קאַרטן אין מזרח קליין־פּוילן. דער מינימום פון פאַרקויפטע קאַרטן אין קאָנגרעס־פּוילן און די קרעטן וועט זיין 350 טויזנט; דער מינימום אין מערב קליין־פּוילן וועט זיין 50 טויזנט; דער מינימום אין מזרח קליין־פּוילן וועט זיין 100 טויזנט. צוזאַמען וועלן מיר האָבן אַ מינימום פון אַ האַלבן מיליאָן אידן רעגיסטרירט פאַרן קאָנגרעס, און יעדער איינער האָט באַצאָלט פאַר דער דאָזיקער רעגיסטראַציע 10 גראָשן. מיט דער אַבסאָלוטער איבערצייגונג, צו וועלכער איך בין נאָר פעאיק, קען איך אייך פאַרזיכערן, אַז אויב מיר וואָלטן ניט געהאַט קיין לעגאַליטעט־שוועריקייטן, וועגן וועלכע איך וועל נאָך מוזן אייך זאָגן עטלעכע ווערטער, און ווען מיר וואָלטן געווען נישט אַזוי אָרעם, ווי מיר זיינען, וואָלטן מיר געהאַט רעגיסטרירט אין פּוילן אַ מיליאָן אידן פאַרן קאָנגרעס. אין אַ סך צענדליקער שטעט האָבן מיר ניט געקענט אָנפירן קיין פּראָפּאַגאַנדע צוליב מאַנגל אין מיטלען. אין אַן

ערך 150 שטעט האָבן אונז די דאָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען ניט דערלויבט די אַרבעט; אין צענדליקער ערטער זיינען אונזערע קאַרטן קאָנפיסקירט געוואָרן; אין אייניקע ערטער זיינען אונזערע קאַרטן־פאַרשפּרייטער אַרעסטירט געוואָרן, אויף אַ סך צענדליקער קאַרטן־פאַרשפּרייטער זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרן געלט־שטראָפן; נאָך מער האָט מען געסטראַשעט מיט אַרעסט, אויב זיי וועלן ווייטער פאַרקויפן קאַרטן. און אויב, טראָץ דעם אַלעמען, איז אונז געלונגען צו קומען צום מינימום פון אַ האַלבן מיליאָן רעגיסטרירטע אידן, איז עס דאַכט זיך די בעסטע דעמאָנסטראַציע פון דעם, וואָס עס איז די שטעלונג פון די אידישע מאַסן אין פּוילן צום קאָנגרעס און צו דעם געדאַנק, פון וועלכן די קאָנגרעס־באַוועגונג ווערט באַוועגט — די אָרגאַניזירונג פונעם פּוילישן אידנטום.

כ

אין דער באַציאונג פון דער רעגירונג צו אונזער אַרבעט איז געקומען אַן ענדערונג צום שלעכטן. לכתחילה ווען מיר האָבן אָנגעמאָלדן אונזער טעטיקייט, האָבן די ממונים איבער אַזעלכע ענינים אין אינערן־מיניסטעריום אונז געהייסן פירן די אַרבעט אויף דעם אופן, ווי מיר האָבן עס אָנגעהויבן. מיר האָבן וואָכן לאַנג געפירט די אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבעט. אין קאָנגרעס־און די קרעטן האָבן מיר אָרגאַניזיר־קאָמיטעטן אין 553 שטעט. אין מזרח־גאַליציע — אין אַן ערך 150 שטעט; אין מערב קליין־פּוילן — אין אַן ערך 80 שטעט. די דאָזיקע אַלע לאָקאַלע אָרגאַניזיר־קאָמיטעטן זיינען לויט אונזערע אינסטרוקציעס צוזאַמענגעשטעלט און געמאָלדן ביי די אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען דורכן צענטער. מיר האָבן איינגעשטעלט אַ געוויסע סיסטעם, ווי אַזוי די דאָזיקע מעלדונגען אַריינצוגעבן. ערשט מיט אַ פּאָר חדשים צוריק האָבן אָנגעהויבן קומען פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך ידיעות, אַז די אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען זאָגן זיך אָפּ פון באַשטעטיקן די קאָמיטעטן און זיי לעגאַליזירן. פאַרהאַנדלונגען און אינטערווענציעס זיינען געמאַכט געוואָרן דורך פאַרשטייער פון אונזער פּרעזידיום. פאַרשפּרעכונגען זיינען די דאָזיקע פאַרשטייער געגעבן געוואָרן אַרויסצושיקן מעלדונגען פון צענטער, וועלכע זאָלן רעגולירן די ענינים אויף די ערטער. אָבער דער האַגל פון צוריקגעשיקטע אָנמעלדונגען צו די סטאַראָסטעס האָט ניט אויפגעהערט; פאַרקערט, ער איז וואָס ווייטער אַלץ גרעסער געוואָרן. ערשט פאַראַכטאָגן דאָנערשטיק האָט זיך אַרויסגעשטעלט, פאַרוואָס די רעגירונג האָט גענומען האַנדלען אַזוי נעגאַטיוו לגבי אונזער אַרבעט.

דאָס שטייט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פאַרעפנטלעכטן פּראָנצוויזישן

בוך, וועגן וועלכן די עקזעקוטיווע האָט פאַרהאַנדלט שוין אויף דער לעצטער זיצונג.*) דער אויסערן־מיניסטעריום האָט , ווי עס שיינט, אינפאָרמירט דעם אינערן־מיניסטעריום וועגן דעם, און דער לעצטער האָט געצויגן די קאָנ־סעקווענצן און אונז אָנגעהויבן שטערן די אַרבעט. אַ קרייז־קאָנפערענץ אין ראָוונע איז איבערגעריסן געוואָרן אין מיטן און פאַרווערט געוואָרן פאָרזעצן איר אַרבעט. אַ קרייז־קאָנפערענץ אין ווילנע איז לכתחילה פאַרבאָטן געוואָרן; איך אַליין בין גערופן געוואָרן צום סטאַראָסטע און איך האָב געדאַרפט אונ־טערשרייבן אַ מעלדונג, וואָס איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן, אַז איך וועל מער קיין פאַרלענגערונג פון מיין פוילישער וויזע ניט באַקומען. וועגן די שטעלונגען אין איבער הונדערט שטעט האָב איך שוין דערציילט. די דאָזיקע פראַגע וועט האָפנטלעך רעגולירט ווערן. דאַן וועט די הויפּט־שוועריקייט מצד די מאַכט־אָרגאַנען באַזייטיקט ווערן. צי דאַן וועט אונז געגעבן ווערן פרייע הענט צו אָרגאַניזירן דאָס פוילישע אידנטום, איז נאָך אויך ניט איב־גאַנצן זיכער. כאָטש איך וואָלט עס פאַר קיין געריכט ניט געקענט באַווייזן, בין איך איבערצייגט, אַז עס פעלט אויך ניט אינעם גאַנצן שפּילן, קיין מסירות מצד געוויסע אידן. איך האָב נישט קיין רעכט צו באַהויפּטן, אַז צוויי בונדישע זשורנאַליסטן, פירער פון זייער פּאַרטיי, האָבן בכוונה געשריבן, וואָס זיי האָבן געשריבן. דאָס קען יעדער פאַר זיך אויסטייטשן ווי ער וויל. אָבער ה׳ אַלטער האָט אין אַן אַרטיקל דעם 9טן יאַנואַר אָפן געשריבן, אַז עס גייט צו דעם קאָנגרעס יענע ריכטונג, וועלכע באַגלייט מיט בראַוואָ־פּאַטשעריי די אַרעסטן און עקזעקוציעס פון זייערע אייגענע נעכטיקע פירער. ווער עס ווייסט, מיט וועלכער זאָרג די פוילישע מאַכטהאָבער זוכן זיך צו באַוואָרענען קעגן יעדן פאַרזוך פון איינפלוס, וואָס קאָמוניסטן ווילן אויסאיבן, יענער קען פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ געפערלעכן וואָפן דער דאָזיקער בונדיסטישער פירער האָט באַנוצט קעגן קאָנגרעס שוין דורך דעם אויבן־ציטירטן זאַץ אַליין. דער צווייטער פירער פון „בונד" ה׳ ערליך וואָס איז אָקאָרשט געקומען פון אַמעריקע, איז אַרויס מיט אַ שרייענדיקן אַרטיקל, אין וועלכן ער מישט צוזאַ־מען, בכוונה אָדער שלא בכוונה, אונזער קאָנגרעס מיט אַן אַרבעטער־קאָנגרעס, וואָס איז געווען געפּלאַנט פון די פּועלי־ציון מיט אָנדערהאַלבן יאָר צוריק, און וועלכער זוכט צו באַשאַפן דעם איינדרוק, אַז די דאָזיקע קאָנגרעסן ווערן פינאַנסירט דורך סטיפען וויז און דורך דעם אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס. דער נאָמען סטיפען וויז איז אין די מלוכה־קרייזן אין פוילן אומגעהויער

*) דאָס איז געווען, ווי ווייט איך געדענק איצטער אין 1965, אַ בוך וואָס דער אידישער וועלט־קאָנגרעס האָט אָפּגעדרוקט וועגן דער לאַגע פון אידן אין פוילן. — ב. צ.

ניט פּאָפּולער. די פאַרבינדונג פון דעם אידישן קאָנגרעס אין פּוילן מיטן אינטערנאַציאָנאַלן אידנטום איז איינער פון די אַרגומענטן פון די מאַכט־אָרגאַנען, פאַרוואָס זיי ווילן דעם קאָנגרעס ניט דערלויבן. ווען אַ בונדישער פירער שרייבט בכן אָפן דאָס אויבן־ציטירטע, קען מען שוין פאַרשטיין, מיט וועלכע ניט־עטישע קאַמף־מיטלען מען באַנוצט זיך אין פּוילן. און דאָס איז שוין אין דער עפנטלעכקייט. עס איז דעריבער ניטאָ קיין אַבסאָלוטע זיכער־קייט, אַז ווען עס וועט רעגולירט ווערן דער ענין פון פראַנצויזישן בוך, זאָלן מיר שוין זיין גאַראַנטירט מיט דער מעגלעכקייט דורכצופירן אונזער אַרבעט און דערפירן ביז צו דער אָפּהאַלטונג פונעם קאָנגרעס.

## כא

וועלן די מאַכט־אָרגאַנען זיך אַנטשליסן קעגן דערלויבן דעם קאָנגרעס, וועלן זיי, לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, ניט אַרויסגעבן אַן עפנטלעכן פאַרבאָט. דאָס איז נאָך פאַר אונזער לאַגע פיל ערגער. אָבער איך האַלט, אַז אויך וועגן דער געפאַר דאַרף אונזער עקזעקוטיווע וויסן. די מאַכט־אָרגאַנען וועלן ניט וועלן געבן די אידן פון די דעמאָקראַטישע לענדער די מעגלעכקייט אויפצו־הויבן אַ פּראָטעסט פאַרוואָס מען לאָזט ניט די פּוילישע אידן זיך אָרגאַניזירן. זיי קענען אָבער דורך אַ סך וועגן שטערן אונזער אַרבעט. זיי קענען אין די טעג פון די וואַלן אָנוואַרפן אַ שרעק אויף דער אידישער באַפעלקערונג, מען זאָל צו די וואַלן ניט גיין. די צאָל פון אָנטייל־נעמער אין די וואַלן וועט דאַן רעדוצירט ווערן ביז צו לעכערלעכקייט. ניט די מאַכט־אָרגאַנען און אויך ניט די אינעווייניקסטע אידישע קעגנער וועלן דאַן דאַרפן פיל ענערגיע אויסגעבן קעגן קאָנגרעס. ער וועט פאַרלירן זיין סאָציאַלע באַזע און וועט בלייבן ווירקונגסלאָז. עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז געוויסע שיכטן, וועלכע האָבן אַ נעענטערן צוטריט צו די קרייזן פון דער מאַכט, ווירקן טאַקע אין דער ריכטונג. און דאָך מוזן מיר אונזער אַרבעט פאָרזעצן. דער קאַמף איז איצט אַ צווייענדיקער: נישט נאָר פאַר אַריינטראָגן אינערלעכע אָרגאַניזירטע אַחריות אינעם אידישן לעבן, נאָר אויך פאַר די סאַמע רעכט פון די פּוילישע אידן זיך צו אָרגאַניזירן. פאַר דעם דאָזיקן קאַמף איז כדאי צו מאַכן נאָך גרעסערע אָנשטרענגונגען, ווי מיר האָבן געמאַכט ביז איצט.

קיינער קען קיין נביא ניט זיין און פאָראויסזאָגן, צו וואָס פאַר אַ פּאָלי־טישע ענדערונגען פּוילן גייט. עס שיינט אָבער צו זיין אויסער יעדן ספק, אַז די איצטיקע מאַכט־פאַקטאָרן האָבן צו דער אינערלעכער אידן־פראַגע אין פּוילן ענדגילטיק פאָרמולירט אַ שטעלונג. די דאָזיקע שטעלונג זאָל קעמפן

קעגן יעדער פֿאָרמע פֿון טעראָר און אומרועו כלפּי די אידן, אָבער פֿאַר דער אויסוואָרצלונג פֿון די אידן ווירטשאַפֿטלעך. אַמשאַרפֿסטן האָט די דאָזיקע נייע שטעלונג געקראָגן איר אויסדרוק אין דער רעדע פֿון וואָיטשעכאָווסקי ביי דער דיסקוסיע איבערן בודזשעט. מיט אַן אָנשטעל פֿון אָביעקטיוויטעט, וואָס מוז ווירקן אויף אומפּאַרטייאישע מענטשן, האָט ער אַנאַליזירט דעם אידישן פּראָבלעם אין פּוילן, דער סך־הכל פֿון וועלכן איז, אַז אין פּוילן גופֿא קען דאָס פּויליש־אידישע פּראָבלעם ניט געלייזט ווערן; אַז די פֿאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר דער לאַגע פֿון אידן אין פּוילן איז נישט קיין פּוילישע, נאָר אַן אינטערנאַציאָנאַלע; אַז אַלע פֿעלקער דאַרפֿן זיך צוזאַמענעמען און זוכן אַ לייזונג צו דער דאָזיקער פּראָבלעם. די לייזונג מוז זיין אויפֿן וועג פֿון עמיגראַציע. דאָס איז די איינשטעלונג פֿון די אַזוי־גערופֿענע מער לינק־געשטימטע כוחות אין דעם „אָזאָן“. אויב די דאָזיקע מאַכט ווערט מאָבילי־זירט, שטייט פֿאַר דעם פּוילישן אידנטום אַן אויסוואָרצלונגס־פּאַרזוך, אַנטקעגן וועלכן נאָר דאָס גאַנצע אָרגאַניזירטע פּוילישע אידנטום וועט קענען אָנפֿירן אַ קאַמף. צי דער דאָזיקער קאַמף וועט ברענגען אַ נצחון, קען מען אויך דאַן ניט וויסן, אָבער אַ צעבערעקלטן אידנטום וועט דער אויסוואָרצלונגס־פּראָצעס שנעל רואינירן. צו יעדער ווירטשאַפֿטלעכער גרופּע וועט מען זיך נעמען באַזונדער, יעדע אַזאַ גרופּע וועט זיין אָנגעוויזן אויף אירע אייגענע כוחות. אַ ניט־צעבערעקלטער אידנטום וואָלט דאָך געקענט דעם קאַמף פֿירן. זיינען דאָך אין פּוילן פֿאַרט דאָ איבער דריי מיליאָן אידן; מאַכן דאָך די פּוילישע אידן פֿאַרט אויס קאַרגע 10 פּראָצענט פֿון דער באַפֿעלקערונג. אויסוואָרצלען אַלע 10 פּראָצענט, ווען זיי זיינען פֿעסט אָרגאַניזירט, וועט דאָך זיין ניט אַזוי גרינג. אויסוואָרצלען זיי, ווען יעדע איינצלנע גרופּע איז אָנגעוויזן אויף זיך אַליין, וועט זיין פֿיל גרינגער.

און וועלן מנצח זיין די רעכט־געשטימטע „אָזאָן“־עלעמענטן און צוזאַמען מיט די עקסטרעם־רעכטע זאָלן זיי איבערנעמען די מאַכט, דאַן וועט דער נוסח־רומעניע אָנגעוווענדעט ווערן אַנטקעגן די פּוילישע אידן, אפשר נאָך מיט מער וואוט, און די פּוילישע אידן וועלן זיך געפֿינען אין אַ פֿיל־ערגערער לאַגע ווי די רומענישע, ווייל זייער אינערלעכע צעבערעקלונג איז גרעסער און טיפֿער; און זייער ווידערשטאַנדס־קראַפֿט וועט דעריבער זיין נאָך אַפֿילו שוואַכער ווי די ווידערשטאַנדס־קראַפֿט פֿון די רומענישע אידן אַליין. פֿאַראַן פֿיל אידן אין רומעניע, וועלכע וואָלטן שוין איצט געוואָלט זעען אַ פֿאַר־אייניקטן רומענישן אידנטום, און איינגאַנצן מיט עטלעכע חדשים צוריק האָבן זיי ניט געזען קיין נויטווענדיקייט אַריבערצוּוואַרפֿן אַ בריק איבער זייערע

חילוקי־דעות און אויפשטעלן אַ געאייניקטע רעפּרעזענטאַנץ. היינט, אויב די גאַגאַ־רעגירונג וועט חלילה בלייבן ווייטער אין מאַכט, אָדער, וואָס נאָך ערגער, אַ קאָרדיאַנו־רעגירונג וועט קומען, איז שוין בישט אַזוי גרינג אַזאַ געאייניקטע רעפּרעזענטאַנץ אויפצושטעלן. די פּוילישע אידן וועלן זיך געפינען נאָך אין אַן ערגערער לאַגע. די נויטווענדיקייט פון אָרגאַניזירן זיך, פון אויפשטעלן דעמאָקראַטישע רעפּרעזענטאַנץ־אָרגאַנען מיט אויטאָריטעט צוריידן אין נאָמען פון אַלע פּוילישע אידן, איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי שאַרף ווי איצט.

## כב

דער געפּלאַנטער קאָנגרעס וועט, ווי איר ווייסט, נישט זיין קיין דירעקטע אָפּטיילונג פונעם וועלט־קאָנגרעס. דאָס האָבן מיר זיך אַליין לכתחילה פעסט־געשטעלט און אונזערע פאָרשטייער האָבן עס אַזוי אויך דערקלערט צו די פאַראַנטוואָרטלעכע מאַכט־פאָרטרעטער. אונזער פאַרבינדונג און אונזער איינ־פלוס אויפן פּוילישן אידנטום וועלן מיר קענען האָבן דורך יענע פּוילישע אידן, וועלכע זיינען מיטגלידער אין אונזערע אייגענע וועלט־אינסטאַנצן — אינעם אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט און אין ראַט. דאָך האָבן מיר, און מיר מוזן האָבן, אַ געוואַלטיקן אינטערעס אין העלפן דורכפירן דעם קאָנגרעס אין פּוילן. דער אידישער וועלט־קאָנגרעס קען ניט זיין און איז ניט בלויז אַ צייטווייליקער קאַמף־אָרגאַן קעגן היטלעריזם, ראַסיזם און גאַגאָאיזם, ווען אַפילו ער מוז איצט זיין הויפּט־אויפמערקזאַמקייט ווידמען דעם דאָזיקן קאַמף. דער אידישער וועלט־קאָנגרעס רעפּרעזענטירט מיט זיך אַ גרויסע אידייע. די דאָזיקע אידייע איז — אָרגאַניזאַציע פונעם אידישן פאָלק, אַריינטראָגן אָרגאַניזירטע אַחריות אין דעם אינעווייניקסטן אידישן לעבן; אומעטום, וואו אַ טייל פון אידישן פאָלק הויבט אָן גיין אויפן וועג פון אָרגאַניזירן זיך, מוז עס זיין אונזער אויפגאַבע דעם דאָזיקן פּראָצעס מיטהעלפן. מער ווי אומעטום אין פּוילישן אידנטום, וואָס איז אַזאַ באַדייטנדיקער טייל פונעם גאַנצן אידישן פאָלק. דאָס פּוילישע אידנטום האָט בייגעטראָגן אַן אומגעהויערן חלק צום נייעם כוח, וואָס איז פאַר די לעצטע 50 יאָר אויפגעשטאַנען אין דער אידישער געשיכטע — דאָס אַמעריקאַנער אידנטום. דאָס פּוילישע אידנטום האָט ביי־געטראָגן דעם גרעסטן חלק צום אויפבוי פון דעם וואונדערבאַרן אידישן ישוב אין ארץ־ישראל. איינגעוואָרצלט, ווי דאָס פּוילישע אידנטום איז, אין פעס־טער, אידישער, קולטורעלער אייגנאַרטיקייט, פאַרמאָגט עס נאָך אין זיך אומגעהויערע פּאָטענציעלע שעפערישע כוחות. עס שטעלט מיט זיך פאָר אַ רעזערוואואַר פון קולטור־יצירה פאַר דעם אידנטום פון דער גאַנצער וועלט.

מיר טאָרן דעריבער ניט בלייבן גלייכגילטיק צום שיקזאַל פונעם פוילישן אידנטום. מיר קענען און מיר וועלן ניט מוותר זיין אויף קיין גרופּע אידן, ווי קליין אָדער ווי גרויס זי זאָל ניט זיין און אין וועלכן לאַנד זי זאָל ניט לעבן. אָבער אַ געזונט ־פונקציאָנירנדיקע, פריי זיך אַנטוויקלענדיקע און אונטער פרייע באַדינגונגען שאַפנדיקע פוילישע אידנטום איז פאַר דער אידי־שער נאַציאָנאַלער געזאַמטקייט אַן אוצר פון דער ערשטער מדרגה. מיר האָבן דאָ ניט פאַר זיך קיין פּראָבלעם פון פילאַנטראָפּיע, אַפילו אויך ניט פון קולטור־פילאַנטראָפּיע. מיר האָבן פאַר זיך אַ פּראָבלעם, וואָס רירט אָן דעם סאַמע־קיום פון גאַנצן אידישן פאָלק. דורך טויזנטער, אפשר אומזעבאַרע קאַנאַלן, שטראָמען כוחות פון יצירה פון פוילישן אידנטום צו די אַמעריקאַנער אידן. קאָנקרעטער און אָפענער שטראָמען אויפבוי־כוחות פון פוילישן אידנטום קיין ארץ־ישראל; אין אַ קלענערער מאָס שטראָמען אַזעלכע כוחות פאַר די אידן אין פראַנקרייך און אַנדערע לענדער. אַלע טיילן פון אידישן אָרגאַניזם קענען פון אַ געזונטן פוילישן אידנטום באַדייטנדיק געשפייזט ווערן. דאָס וואָס מיר טוען איצט אין פוילן איז דעריבער אַן אַרבעט ניט בלויז פאַרן פוילישן אידנטום, נאָר פאַרן גאַנצן אידישן פאָלק. און אַזוי לאַנג ווי די לעצטע טיר איז נאָך ניט אינגאַנצן פאַרשלאָסן, מוזן מיר די קאָנגרעס־אַרבעט פאָרזעצן.

דאָס פּרעזידיום פונעם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פאַרן אידישן קאָנגרעס אין פוילן שיקט דעריבער דורך מיר צו אייך זיין פעסטן אַנטשלוס די אַרבעט ווייטער צו פירן. מיר האָפן אין אייניקע טעג אַרום אויפצוקלערן און רעגולירן די הויפּט־שוועריקייטן מצד דער מאַכט. מיר זיינען צוליב דעם געצוואונגען אָפּצולייגן די צייט פון די וואַלן און פון קאָנגרעס גופא. די דאָזיקע אַרויפ־געצוואונגענע פאַרלענגערונג פון דער צוגרייטונגס־צייט וועלן מיר אויסנוצן פאַר אַ פאַרזוך צו רעגיסטרירן נאָך הונדערטער טויזנטער אידן פאַרן קאָנגרעס. אין די 150 שטעט, וואו מיר האָבן געהאַט לעגאַליטעט־שוועריקייטן, וועלן מיר די אַרבעט באַנייען. אין די איבעריקע שטעט וועלן מיר אויך זוכן צו רע־גיסטרירן יענע אידן, וואָס זיינען נאָך ביז איצט ניט רעגיסטרירט געוואָרן. מיר האָפן צו דערגרייכן אַ רעגיסטראַציע פון דריי־פערטל מיליאָן אידן. די אויטאָריטעט פונעם אידישן קאָנגרעס אין פוילן וועט דאַן זיין געזיכערט; זיין אָנערקענונג סיי מצד אידישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס, סיי אויך מצד ניט־אידישע פאַקטאָרן וועט מוזן קומען, און דער ערשטער וויכטיקסטער שריט אינעם פּראָצעס פון דער אָרגאַניזאַציע פונעם אידישן פאָלק וועט דערמיט פאַרענדיקט ווערן. דערצו בויטיקן מיר זיך אין צוויי באַדינגונגען: אַ בעסערע

באַציאונג מצד די מאַכט־אָרגאַנען און פיל באַדייטנדיקע פינאַנץ־מיטלען. פון די פריינט פון וועלט־קאָנגרעס אומעטום דערוואַרטן מיר דעריבער מאָראַלישע און פינאַנציעלע הילף.

## כג

אַ צוגאָב צום פריערדיקן באַריכט, אָפּגעגעבן מיט דריי חדשים שפּעטער:

איך האָב נישט פיל צוצוגעבן צום באַריכט, וואָס איז מיר אויסגעקומען צו לייענען אויף דער זיצונג פון דער עקזעקוטיוו. דאָרט האָב איך אָנגעצייכנט די וויכטיקסטע סיבות, צוליב וועלכע די שוועריקייטן צו אָרגאַניזירן דאָס פוילישע אידנטום זיינען אַנטשטאַנען. איך האָב נאָך דאַן געהאָפט, אַז די שוועריקייטן וועלן נאָך קענען באַזייטיקט ווערן. ליידער האָבן די וויטערדיקע אַנטוויקלונגען מיינע דעמאָלטיקע האָפענונגען נישט באַשטעטיקט. דער איבערלעבער קאָנפליקט צווישן די פאַרשידענע פּאַרטייען אין פוילן האָט מנצח געווען. די וואַלן זיינען נישט פאָרגעקומען און דער קאָנגרעס אַליין איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף אַן אומבאַשטימטער צייט. פאַראַן אייניקע, וואָס גלויבן, אַז די קאָנגרעס־באַוועגונג אין פוילן וועט נאָך אַמאָל ווידער אויפלעבן און וועט דערפירן צו ממשות׳דיקע רעזולטאַטן, ד. ה. צום אויפבוי פון אַ דעמאָקראַטיש־געוויילטן קאָנגרעס און אַן אויטאָריטאַטיווע, דורכן קאָנגרעס־אויפגעשטעלטע רעפּרעזענטאַנץ פאַרן פוילישן אידנטום. איך געהער נישט צו די אָפּטימיסטן. אָבער דאָס איז אַן אָפּשאַצונג פאַר דער צוקונפט. דערוויל איז מיין פליכט איבערצוגעבן אייך וועגן די וויטערדיקע אַנטוויקלונגען, נאָך דער זיצונג פון דער עקזעקוטיוו לעצטן פעברואַר.

ווען עס איז קלאָר געוואָרן, אַז קיין שום דעמאָקראַטישע וואַלן וועלן נישט דורכגעפירט ווערן, האָבן מיר געמאַכט אַ פאַרזוך דורכצופירן אַ גרויסע מאַסן־אַקציע דורך אַ רעפערענדום־אָפּשטימונג, וועלכע זאָל פעסטשטעלן דעם ווילן פון פוילישן אידנטום פאַר אַן איינהייטלעכער רעפּרעזענטאַנץ, אָבער אָן וואַלן, ד. ה. די אַלע פּאַרטייען, וואָס באַטייליקן זיך אינעם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, זאָלן צוזאַמענשטעלן אַן איינהייטלעכע ליסטע און אַזויפיל קאַנדידאַטן וויפיל ס׳דאַרפן געוויילט ווערן, אַזוי אַז ס׳זאָל נישט זיין נויטיק קיין אינעווייניקסטער וואַל־קאַמף. אויך דער פּלאַן האָט זיך אָנגעטראָפן אויף אומגעהויערע שוועריקייטן. אַ פאַרזוך אַריינצוציען די „אגודה״ אויף אַזאַ פּלאַן — איז נישט געלונגען. פון דער אַנדערער זייט האָבן זיך קעגן דעם דאָזיקן פּלאַן זייער געשטעלט די לינק־ציוניסטישע גרופּירונגען. דער דאָזיקער פּלאַן איז בכן אויך דורכגעפאַלן.

מיר האָבן דאַן זיך צוריקגעצויגן אויף אַן אַנדער פּאָזיציע און געמאַכט אַ פּאַרזוך אויפצושטעלן אַ רעפּרעזענטאַנץ פון פּאַרטרעטער פון די פּאַרטייען. וויסנדיק אַלע חסרונות, וואָס אַזאַ רעפּרעזענטאַנץ האָט, האָבן מיר זיך געזאָגט, אַז אַזאַ רעפּרעזענטאַנץ איז דאָך בעסער ווי עס איז דער איצטיקער צושטאַנד פון פּוילישן אידנטום. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן ווידער אַמאָל פּאַרהאַנדלונגען. זיי האָבן געפירט דערצו, אַז די פינף גרעסערע פּאַרטייען האָבן זיך געאייניקט אויף אַלע פּונקטן, אויסער איינעם; עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דער גאַנצער צוזאַמענשטעל פון דער קומענדיקער רעפּרעזענטאַנץ, זיין אינערלעכע קאָנסטיטוציע, ס׳איז אָנגענומען געוואָרן דער פּרינציפּ פון פּאַריטעט פאַר אַלע פינף גרעסערע פּאַרטייען; עס איז אויך פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די רע־פּרעזענטאַנץ קען ניט דורך אַ מאַיאָריטעט אויפנעמען פּאָליטישע אַקציעס, צו וועלכע די אַנדערע זיינען נישט מסכים. דורך דעם איז גאַראַנטירט גע־וואָרן פאַר יעדער גרופּירונג, אַז די רעפּרעזענטאַנץ וועט נישט אונטערנעמען קיין שום אַקציעס, וואָס זיינען להיפוך אירע איבערצייגונגען. דער פּונקט איבער וועלכן מען האָט זיך נישט געאייניקט איז די פראַגע, צי זאָל מען איינלאַדן די רעוויזיאָניסטן אין דער נייער רעפּרעזענטאַנץ. די פּאַרטיי „פּועלי־ציון" האָט דערקלערט קאַטעגאָריש, אַז זי וועט מיט די רעוויזיאָניסטן צוזאַמען נישט גיין אין אַ אידישער רעפּרעזענטאַנץ. ביי דער לאַגע האַלטן מיר איצט. ווען די שורות ווערן געשריבן איז נאָך דאָ אַ האָפענונג, אַז די דאָזיקע שווע־ריקייט זאָל באַזייטיקט ווערן. אויב דאָס זאָל געשען, וועט די רעפּרעזענטאַנץ אין פּוילן גאָר אינגיכן אויפגעשטעלט ווערן. עס איז נישט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט, אַז אין דער צייט, ווען די קומענדיקע זיצונג פון אונזער עקזע־קוטיווע וועט פּאַרקומען, זאָל שוין די רעפּרעזענטאַנץ אין פּוילן זיין אַ געשעענער פאַקט.

## כד

פאַר אונזער עקזעקוטיווע שטייט אָבער איצט אַן אַנדער פּראָבלעם אין פאַרבינדונג מיט דעם דעפּאַרטמענט, וועלכן איך האָב דעם כבוד צו לייטן. ווען איך האָב דעם דאָזיקן אַמט איבערגענומען, האָב איך דאַן דערקלערט, אַז איך באַטראַכט ווי די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון מיין דערפּאַרטמענט, דאָס אָרגאַניזירן דעם מזרח־אייראָפּעאישן אידנטום. הויפּטזעכלעך איז געשטאַנען פאַר מיר דאָס פּראָבלעם: אָרגאַניזירן דאָס פּוילישע אידנטום. איך האָב געהאַט די איבערצייגונג, אַז אויב ס׳געלינגט אונז די אָרגאַניזאַציע־אַרבעט אין פּוילן, וועט ממילא געלינגען די אַרבעט אין רומעניע און אין אַלע אַנדערע מזרח־אייראָפּעאישע לענדער. פאַר דער צייט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין וואַרשע,

האָב איך עטלעכע מאָל באַזוכט רומעניע, סיי צוליב פּאָליטישע און סיי צוליב אָרגאַניזאַטאָרישע צילן. וועגן די באַזוכן פונעם ערשטן כאַראַקטער זיינען איבערגעגעבן געוואָרן באַריכטן דורך ד״ר גאָלדמאַן אין זיינע פּאָליטישע באַריכטן צו די פריערדיקע זיצונגען. וועגן די באַזוכן פאַר די אָרגאַניזאַטאָרישע צילן האָב איך בריוולעך איבערגעגעבן צו אונזער הויפּט־ביוראָ. דער סך־הכל פון די דאָזיקע באַזוכן איז געווען אַז פאַר דער גאָגאָ־קוזאַ־רעגירונג האָבן מיר זיך אויך דאָרט געגרייט צו אַ דעמאָקראַטישן קאָנגרעס. מיר האָבן דאַן געהאָפט אָפּצוהאַלטן דעם קאָנגרעס אין פוילן אין סוף זומער 1937; און דעם קאָנגרעס אין רומעניע צו רופן אויף שפּעט אין האַרבסט פון 1937. זינט דער ענדערונג אין רומעניע קען מען גאָרנישט ריידן וועגן אַ דעמאָקראַטישן קאָנגרעס דאָרט. אַזוי אַז די צוויי הויפּט־לענדער פון מזרח־אייראָפּע זיינען פון אָרגאַניזאַטאָרישן שטאַנדפּונקט פאַר אַ לאַנגער צייט פאַר אונז געשלאָסן. דאָס זעלבע איז ריכטיק בנוגע דעם אידנטום אין אונגאַרן. מיר האָבן געהאָפט צו אָרגאַניזירן פעסט דאָס עסטרייכישע אידנטום און פאַרבינדן עס מיטן וועלט־קאָנגרעס. אויך די האָפענונג איז דורך די פּאָליטישע אַנטוויקלונגען אוממעגלעך געוואָרן. אין די באַלטישע לענדער קען מען אויך נישט ריידן וועגן אויפשטעלן דאָרט דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס. אַזוי אַז די וויכטיקסטע אַרבעט פון דעם אָרגאַניזאַציאָנס־דעפּאַרטמענט איז פאַר אַ לאַנגער צייט געוואָרן כמעט אוממעגלעך. עס בלייט איבער אַ מעגלעכקייט פון אַרבעט אין ענגלאַנד און אין דרום־אַמעריקע.

איך האָב דאַן אויך אַריינגעבראַכט אין מיין אָרגאַניזאַציאָנס־פּלאַן דעם געדאַנק פון אָרגאַניזירן דאָס אידנטום אין די מזרח־לענדער. מיר האָבן מיטן ועד־הלאומי אין ארץ־ישראל וועגן דעם געהאַט עטלעכע זיצונגען. דער ועד־הלאומי האָט זיך דערקלערט גרייט צו זיין דער אָרגאַן, וואָס זאָל העלפן אָרגאַניזירן דאָס מזרח־אידנטום, אָבער די פּאָליטישע פּאַסירונגען אין ארץ־ישראל און אין די מזרח־לענדער האָבן אויך די דאָזיקע מעגלעכקייט פאַר אַ לאַנגער צייט געשטערט. דער אָרגאַניזאַטאָרישער פּאַרנעם אונזערער ווערט דורך דעם אומגעהויער שמאָל. אויפהאַלטן אַ ספּעציעלן דעפּאַרטמענט צוליב דעם, זע איך נישט איצט קיין נויטווענדיקייט. די עקזעקוטיווע אונזערע מוז דעריבער ערנסט טראַכטן וואָס מאַכט זי פון דעם דאָזיקן דעפּאַרטמענט.

פערזענלעך זע איך נישט קיין אַנדער אויסוועג, ווי נאָר צו פאַרבינדן דעם דאָזיקן דעפּאַרטמענט מיט דער לייטונג פון דער ביוראָ אין פּאַריז. אויך די פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט וואָס דער דעפּאַרטמענט דאַרף פירן, וועט ער קענען דורכפירן, אויב דער לייטער פון דעם דעפּאַרטמענט וועט זיצן שטענדיק

אויף איין פּלאַץ און וועט ניט דאַרפן זיין געצוואונגען צופיל אַרומצופאָרן. עס איז ניט פאַר מיר צו באַשטימען, צי בין איך דער פּאַסנדיקער קאַנדידאַט פאַר אַזאַ אַמט, וואָס זאָל פאַראייניקן דעם אָרגאַניזאַציאָנס־דעפּאַרטמענט מיט דער לייטונג פון אונזער הויפּט־ביוראָ. אין עטלעכע בריוו, סיי צו ד״ר ווייז און סיי צו ד״ר גאָלדמאַן, האָב איך דערקלערט, אַז אויב די אַרבעט אין פּוילן וועט ניט געלינגען, וועל איך מוזן זיך אָנגעבן אין דעמיסיע, ווייל פאַר מיר איז די וויכטיקסטע באַדייטונג פונעם וועלט־קאָנגרעס באַשטאַנען אין דעם פאַרזוך צו אָרגאַניזירן דאָס אידישע פאָלק. איך שעץ אומגעהויער די פּאָלי־טישע אַרבעטן, וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין די לעצטע אָנדערהאַלבן יאָר, זינט איך בין פאַרבונדן מיט דער עקזעקוטיווע פון וועלט־קאָנגרעס, אָבער איך האָב שוין נישט ביי איין געלעגנהייט דערקלערט, אַז די דאָזיקע פּאָליטישע אינטערווענצן, ווי וויכטיק זיי זאָלן נישט זיין, קענען ניט פאַר־שטעלן מיט זיך דעם יסוד פון דעם וועלט־קאָנגרעס. איך בין נאָך איצט אויך ביי דער זעלביקער מיינונג. פירן אַן אַרבעט קען מען נאָר דאַן, ווען מען האָט אַליין דעם גלויבן, אַז מען טוט נוצלעכע זאַכן. אָבער ווען דער דאָזיקער גלויבן פאַרשווינדט, דאַרף יענער מענטש ניט בלייבן ביים אַמט, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען, ווען דער גלויבן איז געווען. אויב, בכן, דער דעפּאַרט־מענט בלייבט בלויז אַ דעפּאַרטמענט פאַר אָרגאַניזאַציע און פּראָפּאַגאַנדע, מוז איך ליידער באַשטיין, אַז מיין רעזיגנאַציע זאָל אָנגענומען ווערן. אויב די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע דענקען, אַז איך פאַרמאָג די קוואַליפי־קאַציעס צו ווערן דער לייטער פון דער צענטראַלער ביוראָ — דאַן האָט אַ זין פאַר מיר צו מאַכן נאָך אַ פאַרזוך, און זען צי קען עטוואָס דערגרייכט ווערן אין די דעמאָקראַטישע לענדער אויפן אָרגאַניזאַטאָרישן געביט און אויסוואַרטן טאָמער וועלן זיך עפענען מעגלעכקייטן אין מזרח־אייראָפּע דורכצופירן דעם אָריגינעלן געדאַנק פון אָרגאַניזירן דאָס אידישע פאָלק אינעם וועלט־קאָנגרעס.

נאַטירלעך ווערט דערביי נישט געמיינט אַן אָפּזאָג פון פאָרן צוליב אָרגאַניזאַציאָנס־צוועקן אין אירגנד וועלכער מדינה אויף אַ קורצער צייט. אָבער לייגן די הויפּט־געוויכט אויף אָרגאַניזאַטאָרישער אַרבעט, זע איך נישט וויאַזוי דאָס איז מעגלעך אונטער די איצטיקע באַדינגונגען.

וואָלטן מיר איצט געשטאַנען פאַר דער מעגלעכקייט צוזאַמענצורופן דעם צווייטן קאָנגרעס, וואָלט נאָך דער אָרגאַניזאַציאָנס־דעפּאַרטמענט געהאַט אויף זיך אַ גרויסע מיסיע דורכצופירן. איך האָב נישט דעם גלויבן, אַז דער צווייטער קאָנגרעס זאָל קענען צוזאַמענגערופן ווערן אַפילו אין 1939. איך האָב דאָס געפיל, אַז דאָס דאָזיקע יאָר וועט זיין אָנגעפילט מיט ציוניסטישן

אינטערעס און אינהאַלט, מיט ציוניסטישע אָפּטע צוזאַמענקונפטן און מיט אַ ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכער וועט מאַכן אוממעגלעך צוזאַמענצורופן אין דער זעלביקער צייט אויך דעם אידישן וועלט־קאָנגרעס.

נעמענדיק די אַלע אַרגומענטן אין באַטראַכט, בעט איך די חברים פון דער עקזעקוטיווע זיי זאָלן באַשטימען, צי קענען זיי אָננעמען מיין פאָרשלאַג פון פאַראייניקן די ביידע דעפּאַרטמענטן און זיי זאָלן אויך באַשטימען, צי קען איך זיין דער פּאַסנדיקער קאַנדידאַט צו טראָגן אויף זיך די דאָזיקע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אויב זיי געפינען, אַז זיי קענען דערצו נישט מסכים זיין, בעט איך צו באַטראַכטן ערנסט מיין רעזיגנאַציע. איך בין גרייט צו בלייבן אין מיין אַמט ביז דעם 1טן יאַנואַר 1939, כדי צו געבן דער עקזעקוטיווע די מעגלעכקייט צו געפינען אַן אַנדער פּערזאָן אויף מיין פּלאַץ.

## כה

איך פאַרענדיק אָט־די פּרשה מיט טיפן ווייטיק אין האַרץ. אַ גרויסער חלום מיינער איז געבליבן אַ חלום. די פאַרזוכן אויפצושטעלן אַן אמתע אַל־אידישע רעפּרעזענטאַנץ פון פּוילישן אידנטום איז ניט געלונגען; ניט אין די גאַר־ברייטע פאָרמען — ווי איך האָב מיך לכתחילה פאָרגעשטעלט — און אַפילו ניט אין די פאַרקירצטע פאָרמען, צו וועלכע דער געדאַנק האָט זיך אַרונטערגעקייקלט, דורך די סיבות וואָס איך האָב דערציילט.

## כו

איצט, נאָכן אומקום פון פּוילישן אידנטום, ווערט אַוודאי פאַרבלאַסט די גאַנצע באַדייטונג פון יענעם פאַרזוך. נאָך וויניקער איז וויכטיק צו וויסן וואָס די דעמאָלטיקע עקזעקוטיווע פון וועלט־קאָנגרעס האָט דאַן באַשלאָסן וועגן מיין אייגענער פּערזאָן. איך האָב, אין די שפּעטערדיקע יאָרן, נאָך געפירט אַרבעטן פאַרן וועלט־קאָנגרעס אין פאַרשידענע לענדער אין אַמעריקע און לאַטיין־אַמעריקע, וועגן וועלכע איך וועל שפּעטער דערציילן. אָבער יענער געוואַגטער פאַרזוך אין פּוילן איז עד־היום פאַרבליבן טיף אין מיין געמיט. אויך איצט, שרייבנדיק די שורות, דרינגט עס טיף אין האַרץ. איך דערמאָן זיך אין די פאַרטרעטער פון די פאַרשידענע פאַרטייען, אינסטאַנצן און גרופּירונגען מיט וועלכע איך האָב דאַן צוזאַמענגעאַרבעט. אייניקע פון זיי געפינען זיך איצט אין מדינת ישראל. איינער פון זיי — דער מזרחי־פאָרשטייער זרח וואַרהאַפטיק — האָט אַפילו דערגרייכט דעם הויכן אַמט פון מיניסטער אין

דער ישראל־רעגירונג. אַ צווייטער — ד״ר משה קליינבוים (איצט: סנה), דער פאַרטרעטער פון די אַלגעמיינע ציוניסטן גרופּע א׳ — האָט דערגרייכט די מדרגה פון פאַרטרעטן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין אונזער כנסת.

ווי געזאָגט, ווייס איך, אַז דאָס אַלץ איז אומוויכטיק אין „ליכט״ פון דער גרויסער קאַטאַסטראָפע. דאָך רעכן איך, אַז איך בין ניט מגזם ווען איך האַלט אַז דער באַריכט פון אַזאַ יאָר אַרבעט פאַרדינט אַן אָרט אין מיינע זכרונות.

פון פּוילן בין איך געפאָרן צום 20טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ציריך.

# פון 20טן ביזן 21טן קאָנגרעס

א

פונעם 20טן קאָנגרעס גופא איז געבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון דער שאַרפער וויכוח צווישן ד״ר אבא הלל סילווער און בערל כצנלסון איבער דער פראַגע פון די מעפּילים, דער אַזוי־גערופענער אומלעגאַלער עליה. דעם תמצית פון אָט־דעם וויכוח בין איך ניט מחויב אַריינצו־ברענגען אין מיינע זכרונות; ער איז פאַרשריבן, אין פולן, אין די אָפיציעלע פּראָטאָקאָלן פון 20טן קאָנגרעס. מיר איז ניט איינמאָל אויסגעקומען צו באַנוצן זיך מיט דעם צענטראַלן געדאַנק, וואָס חבר בערל האָט אַרויסגעבראַכט, אין מיין אייגענער פּראָפּאַגאַנדע פאַר אידן. איך האָב עס אַפילו געטאָן אין מיינע אַרויסטרעטן פאַרן אידישן וועלט־קאָנגרעס תיכף נאָך דעם 20טן קאָנגרעס, ווייל אָט־די פראַגע האָט דאַן פאַראינטערעסירט אַלע אידן. קיין שום אידישע אַקטיוויטעט האָט זי ניט געקענט אויסמיידן. אויך אין נאָמען פון אידישן וועלט־קאָנגרעס האָט מען געמוזט נעמען שטעלונג דערצו. אומעטום, וואו נאָר אָט־דער בערל־געדאַנק איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן, איז ער אויפגענומען געוואָרן פון די צוהערער מיט האַרץ־דורכדרינגנדיקן אינטערעס. זיין געדאַנק האָט אויסגעדריקט דאָס פאָלגנדיקע:

אין יעדער עפּאָכע פון דער אידישער געשיכטע איז געווען אַ באַשטימטע גרופּע — אָדער אַ באַשטימטער עלעמענט — וואָס איז געווען דער טרעגער, דער אויסדריקער פון יענער תקופה אין דער אידישער געשיכטע (חבר בערל האָט, נאַטירלעך, דערביי געגעבן אַ בליק־איבערבליק פון פאַרשידענע תקופות און באַצייכנט די עלעמענטן, וועלכע זיינען געווען די טרעגער פון אָט־די תקופות). אין אונזער איצטיקער תקופה איז דער טרעגער פון דער אידישער געשיכטע דער מעפּיל, דער „אומלעגאַלער״ עולה, וואָס טראָגט זיך איבער געהיימע שליאַכן און איבער טייכן און ימ׳ען — געטריבן און געזוכט פון דער גרעסטער ים־אימפּעריע אין דער איצטיקער תקופה — בכדי אים ניט צו לאָזן דערגרייכן זיין ציל; און דער „מעפּיל״, מיטן געשיכטע־רוף אין אַלע

זיינע אינסטינקטן, ראַנגלט זיך מיט אַלע זיינע כוחות און מיט זיין סאַמע־לעבן צו דערגרייכן זיין ציל. אַ טאָג וועט קומען און אַלע וועלן דערשפּירן די געשיכטלעכע מיסיע וואָס דער מעפּיל פּירט דורך.

## ב

מיינע אַקטיוויטעטן פון דעם 20טן ביזן 21טן קאָנגרעס זיינען געאָגראַפיש שוין ניט געווען אַזוי צעוואָרפן ווי אין דעם פּעריאָד צווישן 19טן און 20טן קאָנגרעס, אָבער האָבן נאָך אַלץ פאַרנומען באַדייטנדיקע געאָגראַפישע שטחים. זיי האָבן איינגעשלאָסן אַ טורנע אין די סקאַנדינאַווישע לענדער, דאָס מאָל אין די אינטערעסן פון אידישן וועלט־קאָנגרעס; זיי האָבן איינגעשלאָסן אַ רייזע פון שטאָקהאָלם קיין פּאַריז, וואו עס איז פאָרגעקומען אַ סעסיע פון דער עקזעקוטיווע פון אידישן וועלט־קאָנגרעס; אַ רייזע פון פּאַריז קיין טריעסט איבער ווין, אָפּשטעלנדיק זיך אין ווין צוליב אַ ספּעציעלער אויפגאַבע, וועגן וועלכער איך וועל באַלד דערציילן בקיצור; דאַן צוריק קיין שטאָקהאָלם צו פאַרענדיקן די אָנגעהויבענע אַרבעט; פון שטאָקהאָלם, איבער לאָנדאָן, צוריק קיין ניו־יאָרק, וואו איך בין פאַרבליבן ביז איך בין געפאָרן צום 21טן קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין גענף, סוף אויגוסט 1939.

די טורנע אין די סקאַנדינאַווישע לענדער האָט זיך בעיקר קאָנצענטרירט אין שוועדן. אין קאָפּענהאַגן בין איך בסך־הכל געשטאַנען געציילטע טעג. אין נאָרוועגיע בין איך בכלל ניט געפאָרן. אין פינלאַנד האָב איך דאָס מאָל פאַרבראַכט איבער אַ חודש. די אַרבעט דאָרט איז געווען כמעט אַ פּינקטלעכע קאָפּיע פון דער פריערדיקער קרן־היסוד אַקציע אין אָט־דער מדינה. ס'איז אָבער געווען אַ גאָר קענטיקער אונטערשיד צווישן די צוויי אַקציעס וואָס שייך דער גרייטקייט מצד דער אידישער באַפעלקערונג אויפצונעמען די דאָזיקע באַזונדערע אַקציעס. צו באַנעמען דעם קרן־היסוד געדאַנק האָבן די פינ־לענדישע אידן זיך ניט געניטיקט אין אויסערגעוויינטלעכע אויפקלערונגען. זייערע ציוניסטישע געפילן זיינען געווען גוט אַנטוויקלט. זיי האָבן זיך אַליין געהאַלטן אינפאָרמירט וועגן אַלץ וואָס קומט פאָר אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און אין ארץ־ישראל. דער אידישער וועלט־קאָנגרעס איז אָבער פאַר זיי געווען אַ נייע זאַך. דער געדאַנק, וואָס דער אידישער וועלט־קאָנגרעס האָט רעפּרעזענטירט — בכל־אופן ווי איך האָב אים אויפגעפאַסט, האָט זיי נאָך ניט געהאַט דורכגענומען — און דאָס איז ניט געווען קיין וואונדער. דער דאָזיקער געדאַנק איז אויך געווען שווער צו באַנעמען אַפילו פאַר אידן אין פּוילן און אין די גאַליציעס — הגם זייער אידיש לעבן איז געווען אַ סך

אינטענסיווער ווי דאָס לעבן פון אידן אין פינלאַנד. ווי אַ ביישפּיל קען איך פאַרצייכענען דעם פאַקט, אַז אַפילו אַזאַ איד ווי ד״ר יצחק שוואַרצבאָרד פון קראָקע — וועלכער איז שפּעטער אַליין געוואָרן איינער פון די זיילן פון דער פירערשאַפט פון אידישן וועלט־קאָנגרעס — האָט ביי אונז ערשטער באַגעגעניש שווער תופס געווען דעם געדאַנק. אַזוי שפּעט ווי אין 1936 האָט ער נאָך אויסגעדריקט ספיקות, וועלכע דער באַרימטער ריכטער לואיס ד. בראַנדייס האָט אויסגעדריקט אין יאָר 1914, ווען דער קאָנגרעס־געדאַנק איז אַנטשטאַנען אין צפון־אַמעריקע.

נאָך שווערער ווי אין פינלאַנד איז דער געדאַנק באַנומען געוואָרן אין שוועדן.

ג

די גרויסע מאַיאָריטעט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין שוועדן איז באַשטאַנען פון שטאַרק־פאַרוואָרצלטע סיי אין זייער לאַנד, סיי אין דער שוועדישער קולטור. ביי מיין ערשטן באַזוך אין שוועדן איז די צאָל פון מזרח־אייראָפּעאישע אידן אין שוועדן געווען זייער אַ קליינע. ערשט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אַהין איינגעוואַנדערט גאָר אַ גרויסע צאָל פון די געראַטעוועטע פון דער היטלער־קאַטאַסטראָפע. איך האָב באַזוכט שוועדן אין 1946 און דאַן האָב איך שוין געטראָפן גאָר אַ געענדערטע לאַגע. וועגן דעם וועט מיר שפּעטער אויסקומען צו דערציילן. אָבער אין מיין ערשטן באַזוך, סוף 1937 און אָנהויב 1938, איז די אַרבעט אָנגעקומען זייער שווער. איך בין דאָרט פאַרבליבן איבער 4 חדשים. כ׳האָב זיך אָפּגעגעבן בלויז מיט אָרגאַניזירן דאָרט אַ ביוראָ פאַרן וועלט־קאָנגרעס, וואָס זאָל באַאַרבעטן אַלע סקאַנדינאַווישע לענדער. עס איז מיר געלונגען אַריינצוציען אין דער אַרבעט עטלעכע געציילטע אידן, וואָס האָבן נאָך פאַרמאָגט אין זיך שיריים פון דער מזרח־אייראָפּעאישער אידישקייט, אָבער אויך זיי האָבן שוין באַוויזן טיילוויז צו פאַרוואָרצלען זיך אין שוועדן. קיין גרויסן איינפלוס אויף דער גוט־אָרגאַניזירטער אידישער קהילה אין שוועדן האָבן זיי ניט אויסגעאיבט. די לעצטע האָט (מען מוז עס מודה זיין) זיך ניט גענויטיקט אין דער הילף פון אידישן וועלט־קאָנגרעס. זי איז געווען זייער גוט אָרגאַניזירט פאַר זיך; אפשר איינע פון די בעסט־אָרגאַניזירטע אידישע קהילות, וואָס האָבן דאַן עקזיסטירט אין גאַנץ אייראָפּע. פון דער אַנדערער זייט האָט זי, די דאָרטיקע אידישע קהילה, ניט קולטיווירט קיין זין פאַר די אַלוועלטלעכע אידישע פּראָבלעמען. דערפאַר האָט מיין אַרבעט אין אירע קרייזן קיין השפעה ניט געקענט האָבן. איך האָב

גוט געוואוסט, אַז די פירערשאַפט פון דער קהילה באַציען זיך — זייער מילד זיך אויסגעדריקט — נעגאַטיוו צו מיין אַרבעט.

איך דאַרף מודה זיין נאָך עפּעס: ווען מיין פּאַרזוך צו אָרגאַניזירן דאָס פּוילישע אידנטום וואָלט געווען דערפאָלגרייך, וואָלט איך זיך אַזוי בישט איינגע׳עקשנ׳ט אין שטאָקהאָלם און וואָלט דאָרט ניט געבליבן אַזוי לאַנג. נאָר מיר האָט זיך שטאַרק געוואָלט קענען פאַרצייכענען כאָטש עטוואָס אַ פּאָזי־טיווע דערגרייכונג פאַרן וועלט־קאָנגרעס. אויך דאָס איז מיר ניט געלונגען. וואָס איך האָב דאַן אָפּגעשפּאָרט — איז די פריינטשאַפט פון עטלעכע אידן אין שטאָקהאָלם, וואָס איז ערשט אויסגענוצט געוואָרן ביים צווייטן באַזוך, ווען די אַרבעט פון אידישן וועלט־קאָנגרעס האָבן געפירט אַזעלכע איבערגעגעבענע און דינאַמישע עסקנים ווי די הערן הלל שטאָרך, האַלענדער און ספּיוואַק. דער דינאַמישסטער צווישן זיי איז געווען דער חבר הלל שטאָרך, וואָס האָט נאָך איבערגעשטיגן אין דינאַמישקייט דעם חבר דאַווידקין פון העלסינגפאָרס. ווי געזאָגט, איז מיין אַרבעט אין שוועדן געווען צעטיילט אין צייט. אַ טייל אַרבעט פאַר פּסח און אַ צווייטן טייל נאָך מיין באַזוך אין ווין און ארץ־ישראל.

ווען איך האָב דאָרט מער קיין אַרבעט ניט געהאַט, האָבן די חברים פון צפון־אַמעריקע געשיקט דעפּעשע נאָך דעפּעשע, אַז איך זאָל קומען אַהין — ווייל דאָרט האָבן זיך אייניקע אונזערע וויכטיקע ענינים זייער קאָמפּליצירט. אויך חבר העמלין, פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין, האָט מיך פאַרוואָרפן מיט בריוו וועגן אָט־די אַלע ענינים. בין איך, אין מאַי 1938, אָפּגעפאָרן פון שוועדן קיין ניו־יאָרק. איידער איך גיי איבער צו פאַרצייכענען די פּראָבלעמען, וואָס האָבן מיך געבראַכט קיין ניו־יאָרק, דאַרף איך דערציילן וועגן מיין באַזוך אין ווין, וואָס איז פאָרגעקומען באַלד נאָכן „אַנשלוס״ אין מערץ 1938.

## ד

אין ווין זיינען דאַן פאַרבליבן וויכטיקע אידישע פירער, וואָס מיר האָבן ניט געוואוסט וועגן זייער גורל. צווישן זיי דער באַרימטער ציוניסט און פירער פון דער אידנשטאַט־פּאַרטיי, ד״ר ראָבערט שטריקער און דער פּאָר־זיצער פון דער ווינער אידישער קהילה, הער לעווענשטיין. ד״ר נחום גאָלד־מאַן האָט געוואוסט, אַז איך פלאַן — תיכף נאָך דער סעסיע פון דער עקזע־קוטיווע — פאָרן אויף פּסח קיין ירושלים. האָט ער מיר געגעבן אַ שליחות: אָפּצושטעלן זיך אויפן וועג אין ווין און פּרובירן באַקומען אינפאָרמאַציע וועגן דער אידישער לאַגע בכלל און וועגן די אידישע פירער בפרט. איך האָב גענומען אויף זיך די שליחות און זי דורכגעפירט. ווען איך האָב מיך אַרויס־

באַקומען פון עסטרייך און דערגרייכט טריעסט, האָב איך פון דאָרט טעלע־פאָנירט צו ד״ר גאָלדמאַן און איבערגעגעבן אים די גאַנצע אינפאָרמאַציע וואָס מיר איז געלונגען אָנצוקלייבן. ער האָט דערפון צוזאַמענגעשטעלט אַן אָפיציעלן סטייטמענט און איבערגעגעבן אים דער פּרעסע, אידישער און ניט־אידישער. אָבער וועגן דעם, וואָס מיר איז אויסגעקומען דורכצולעבן סיי אין ווין גופא, סיי ביי דער עסטרייך־איטאַליענישער גרענעץ, האָט ער באַטירלעך ניט דערציילט. וויל איך עס דאָ פאַרצייכענען בקיצור.

ד״ר גאָלדמאַן האָט מיר געגעבן צוויי אידישע אַדרעסן — דעם אַדרעס פון ד״ר שטריקער און פון אידישן שפּיטאָל — און דעם נאָמען פון האָטעל, וואו איך זאָל פאַרפאָרן. וואָס שייך דעם לעצטן, האָט ער מיר ניט געגעבן קיין גוטע עצה. אַוודאי האָט ער ניט געוואוסט, אַז דווקא אין יענעם האָטעל האָט זיך איינקוואַרטירט די הויפּט־לייטונג פון היטלערס אַרמיי, וואָס האָט אַרויפגעצוואונגען דעם „אַנשלוס״. צי זי האָט געדאַרפט אַרויפצווינגען דעם „אַנשלוס״ האָב איך, זייענדיק אין ווין, שטאַרק געס׳פק׳ט. די גאַנצע עסטרייכישע באַפעלקערונג האָט ממש פאַרפעסטעט די לופט מיט אירע כסדר׳דיקע אויסגעשרייען: „איין פאָלק! איין לאַנד! איין פירער!״ סיי־ווי: היטלערס הויפּט־שטאַב האָט זיך געפונען אין יענעם האָטעל.

ווי נאָר די טאַקסי האָט מיך געבראַכט פון דער באַן אין האָטעל, האָב איך גלייך געזען וואו איך בין אַריינגעפאַלן. איך האָב געמוזט האַנדלען שנעל אויף אייגענער אַחריות; ווייל מיט וועמען צו באַראַטן זיך איז ניט געווען. ד״ר גאָלדמאַן האָט זיך פּרובירט פאַרבינדן טעלעפאָניש מיט ווינער אידן, בעטנדיק זיי זאָלן מיך קומען באַגעגענען. אָבער ס׳איז אים ניט געלונגען צו באַקומען אַזאַ פאַרבינדונג. ניט געפינענדיק קיינעם ביי דער באַן, איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז איך מוז האַנדלען אויף אייגענער אַחריות. אַריינקומענדיק אין אויפנאַם־ביוראָ פון האָטעל האָב איך זיך געמוזט רעגיסטרירן. איך האָב געדאַרפט ווייזן מיין פּאַספּאָרט; דערקלערן ווי לאַנג איך וויל בלייבן אין ווין, וואָס איך וועל דאָ טאָן און וואוהין איך פאָר פון דאַנעט. מיר איז נאָר געבליבן איין אויסוועג: צו דערקלערן זיי אין וועמעס נאָמען איך בין געקומען, וואָס איך טו און וואוהין איך פאָר ווייטער. בכדי צו באַשטעטיקן מיינע רייד האָב איך זיי געגעבן מיין אַמעריקאַנישן פּאַספּאָרט, מיין שיף־בילעט פון טריעסט קיין חיפה און מיין קרעדענציאַל פון אידישן וועלט־קאָנגרעס. איך האָב זיי אויך געזאָגט, אַז די ביוראָ פון וועלט־קאָנגרעס האָט מיר אָנגעגעבן דעם אַדרעס פון אידישן שפּיטאָל, וואו איך וועל זיך קענען באַגעגענען מיט ווינער אידן. איך האָב באַקומען אַ צימער. בערך אַ שעה צייט האָב איך זיך גע־

בראַכט אין אָרדענונג, סיי מיין אויסערלעכן אויסזען, סיי מיין אינערלעכע פּסיכיק פאַר דער אויפגאַבע וואָס שטייט פאַר מיר. דאַן האָב איך געפרעגט אין האָטעל ווי מען גייט צום אידישן שפּיטאָל און מען האָט עס מיר באַוויזן. מען האָט מיר אַפילו געגעבן אַ מאַפּע פון דער שטאָט און דאָרטן אָנגעצייכנט ווי איך זאָל גיין.

עס איז פאַר מיר ניט געווען קיין ספק, אַז אַלע מיינע באַוועגונגען אין שטאָט וועלן באַכגעשפּירט ווערן. אָבער קיין אַנדער אויסוועג איז מיר ניט געבליבן. צוריקציען זיך איז שוין ניט געווען מעגלעך. בין איך אַוועק אין אידישן שפּיטאָל. איך האָב געדאַרפט דורכגיין אַ גרויסן מאַרק־פּלאַץ, לעבן וועלכן מיין האָטעל האָט זיך געפונען. דער מאַרק־פּלאַץ איז געווען געפּאַקט מיט טויזנטער מענטשן, זייער פיל שיכור׳ע; און די מערסטע פון זיי שיכור פון פרייד. הלמאי זאָל איך לייקענען? איך האָב געציטערט דורכצוגיין דורך אָט־דער צעווילדעוועטער מאַסע. בין איך צוריק אַריין אין האָטעל און געבעטן, אַז אַ האָטעל־דינער זאָל מיך צופירן צום שפּיטאָל, ווייל צוזאַמענריידן זיך מיט די מענטשן פון יענעם המון האָב איך ניט געקענט. דער האָטעל־דינער האָט מיך דערפירט ביזן שפּיטאָל.

ה.

ווען איך בין אַריין אין שפּיטאָל האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט נאָך אַ שאַרפער פּראָבלעם: די דאָרטיקע אָנגעשטעלטע ווילן מיט מיר ניט ריידן, ווילן אַפילו ניט ענטפערן אויף קיין פראַגע. די מערסטע פון זיי זיינען שוין ניט געווען קיין אידן. די נייע מאַכט האָט זיי אַהין געבראַכט. סוף־כל־סוף האָב איך זיך דערבעטן, מען זאָל מיך צולאָזן צום הויפּט־דאָקטאָר. דער הויפּט־דאָקטאָר איז געבליבן דער אידישער. ווען ער איז געקומען, האָב איך אים געמוזט איבערצייגן ווער איך בין, ווערמען איך פאַרטרעט און וואָס עס איז מיין ציל ביי באַזוכן ווין. דער אידישער דאָקטאָר האָט זיך אויך גענוג געשראָקן. זיין נאָמען האָט ער מיר ניט געוואָלט זאָגן. ער האָט מיך נאָר געהייסן וואַרטן אויף מיין אָרט ביז ער וועט זיך אומקערן. ער איז אַוועק און אין אַ האַלבער שעה אַרום איז ער געקומען מיט נאָך דריי אידן. מיר אַלע 5 זיינען דאַן אַריין אין אַ פאַרשלאָסענעם צימער. דאָרטן האָב איך זיי דערציילט אַלץ וואָס איך האָב גערעכנט, אַז זיי דאַרפן וויסן, איינשליסנדיק דעם נאָמען פון האָטעל וואו איך בין פאַרפאָרן און וואָס איך האָב דאָרט געטראָפן. זיי האָבן אויך מיך אָנגעשטעקט מיטן שוידער, וואָס האָט זיי אַרומגענומען, ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט אַז איך געפין זיך אין סאַמע מויל

פון דער צעיושעטער נאַצי־חיה. זיי האָבן פאַרגעסן זייערע אייגענע זאָרגן און האָבן אָנגעהויבן זאָרגן פאַר מיין זיכערקייט.

קודם זיינען זיי באַשטאַנען, אַז איך זאָל אין לאַץ פון מיין רעקל טראָגן אַ נאַצי־שפּילקע, וואָס איז דאַן אויסגעטיילט געוואָרן פריי צו אַלע איינוואוינער. אויך די מערסטע פון זיי האָבן געטראָגן אַזעלכע שפּילקעס. ווען איך האָב זיך טאָטאַל אָפּגעזאָגט פון מטמא־מאַכן מיין בגד מיט אָט־דעם שמוץ, איז זייער שרעק נאָך מער געשטיגן. דעריבער איז אויפגעקומען די פראַגע, וויאַזוי איך זאָל זיך וואָס שנעלער אַרויסבאַקומען פון ווין. זיי האָבן געוואָלט, איך זאָל נעמען דעם סאַמע־נאָענטסטן צוג קיין טריעסט. מיין שטעלונג איז געווען, אַז איך זאָל בלייבן איבערגעכטיקן: אין הויפּט־שטאָב וויסן זיי שוין דעם צוועק פון מיין קומען און מיין שנעל אַנטלויפן קען זיי, די אידן פון ווין, נאָך פאַר־שאַפן גרעסערע צרות, ווי די אין וועלכע זיי געפינען זיך שוין. איך בין אויך באַשטאַנען צו מאַכן אַ באַזוך ביי ד"ר שטריקער. וועגן דעם — אַז איך האָב שטריקערס אַדרעס און אַז איך וויל אים באַזוכן — האָט מען געוואוסט אין הויפּט־שטאָב. מיר האָט זיך דעריבער געדאַכט, אַז מיין וועג וועט אַרויס־רופן ווייניקער סכנות, ווי דאָס באַלדיקע אַנטלויפן.

ווען זיי האָבן מסכים געווען צו מיין טאַקטיק, האָבן זיי מיר אָנגעהויבן צושטעלן די אינפאָרמאַציע, וואָס איך האָב געזוכט. זיי אַליין האָבן געוואוסט ווייניק פּרטים. זיי האָבן, צום ביישפּיל, ניט געוואוסט, אַז ד"ר שטריקער איז אַרעסטירט געוואָרן. דאָס האָבן זיי זיך ערשט דערוואוסט דורך דעם מענטש וועלכן זיי האָבן מיר מיטגעגעבן, צו באַזוכן ד"ר שטריקערס היים. אָבער וואָס זיי האָבן יאָ געוואוסט האָבן זיי מיר דערציילט. איך האָב עס פאַרצייכנט אויף זייער דין פּאַפּיר און האָב עס פאַרשטעקט אין דעם מאַנזשעט פונעם אַרבל, אין מיין העמד.

## ז

ווען איך בין אָנגעקומען צום הויז פון ד"ר שטריקער און האָב אויס־געפונען, אַז ער איז אַרעסטירט, האָב איך געפרעגט צי ס'איז מעגלעך אים צו באַזוכן אין תפיסה. איך האָב עס געפרעגט ביי צוויי פרויען וואָס איך האָב דאָרט געטראָפן. דער אידישער שליח, וואָס איז מיט מיר מיטגעגאַנגען, האָט מיר אָנגעוויזן אויף איינער, אַ פאַרעלטערטע, צעבראָכענע און צעטומלטע פרוי, אַז דאָס איז פרוי שטריקער. זי איז געווען אַזוי דערשראָקן, אַז זי האָט מיך דערמאָנט אין די אומגליקלעכע פרויען פון פינסק — ווען איך האָב באַגעגנט אין אַפּריל 1919 — און וועגן וועלכע איך האָב אַביסל דער־

ציילט אין מיין צווייטן באַנד זכרונות. פונקט ווי יענע, אַזוי האָט אויך די פרוי שטריקער ניט געקענט אַרויסברענגען קיין קלאַנג פון מויל. ס'איז פאַר מיר פשוט געזעסן אַ לעבעדיקער מת.

די צווייטע פרוי איז געווען זייער ניט־אידישע דינסט. זי האָט געדינט אין זייער הויז אַ פּאָר צענדליק יאָר נאָכאַנאַנד. ווי עס זעט אויס, איז מיר באַשערט געווען צו באַקומען הילף אין אָט־דער רייזע דווקא פון צוויי ניט־אידישע פרויען. וועגן דער צווייטער וועל איך באַלד דערציילן. די דינסט איז מיט אונז אַראָפּגעגאַנגען אין גאַס און האָט אונז דערציילט, אַז מען לאָזט קיינעם, אויסער איר, ניט צו צום דאָקטאָר שטריקער, אין דער צעל וואו ער זיצט. זי ברענגט אים אָפּט אַביסל היימיש עסן. ערשט מיט צוויי שעה צוריק איז זי געווען ביי אים אין תפיסה. אויך אים איז שרעקלעך אָנצוקוקן. אַזוי צעבראָכן זעט ער אויס. זי פרעגט מיך, דעם אויסלענדישן איד, צי איך האָב געקענט דעם ד״ר, איידער דאָס אומגליק איז אויף אים געקומען. ווען איך האָב געענטפערט, אַז איך האָב אים געטראָפן אויף ציוניסטישע קאָנגרעסן, האָט זי זיך ערשט דאַן אָוועקגעלאָזט אין אַן אָפּשאַצונג וועגן זיינע אויפטריטן אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט. דערביי האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטיש געוויין. אין אָט־דעם צושטאַנד האָט זי זיך געפונען לאַנגע מינוטן. ווען דער ספּאַזם האָט זי אָפּגעלאָזט, האָט זי זיך געווענדעט צו מיר מיט דער פראַגע: „איז נאָך דאָ אַ האָפענונג פאַרן הער דאָקטאָר באַפרייט צו ווערן?״ דערביי האָט זי צוגעגעבן, אַז „אויב אַזאַ האָפענונג איז דאָ, מוז עס געשען שנעל. ווייל לאַנג וועט אָט־דער שטאָלצער מענטש ניט אויסהאַלטן!״

וועגן הער לעווענשטיין האָט זי נאָר געוואוסט, אַז ער געפינט זיך אין אַן אַנדער תפיסה. זי האָט אים געקענט, ווייל ער פלעגט אָפט באַזוכן דעם הער דאָקטאָר. מער האָט זי וועגן זיין איצטיקער לאַגע ניט געוואוסט.

דער שליח האָט מיך דאַן צוריקגעפירט אין האָטעל. איך בין שוין דאָרטן פאַרבליבן ביז איבער דער נאַכט. איידער איך בין געגאַנגען שלאָפן, האָב איך נאָך געבעטן די ביוראָ פון האָטעל צו באַזאָרגן פאַר מיר אַ פּלאַץ אויף דער באַן וואָס גייט אָפּ קיין טריעסט. איך האָב געוואָלט, אַז מיין אָפּ־פאָרן זאָל ניט באַטראַכט ווערן ווי איך וואָלט אַנטלאָפן. דער ביוראָ־אָנגע־שטעלטער האָט זיך תיכף פאַרבונדן מיט דער באַן־סטאַנציע און האָט באַקומען פאַר מיר אַ פּלאַץ אויף דעם נאַכט־עקספרעס וואָס וועט פאַרלאָזן ווין אום 4 אַזייגער אין אָוונט פון קומענדיקן טאָג.

וועגן איינשלאָפן האָט ניט געקענט זיין קיין רייד. אויסער די אידישע צרות — וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט און געזען במשך דעם טאָג — האָט

מיר געמאַטערט די פראַגע, וויאַזוי ברענג איך אַריבער איבער דער גרענעץ די פאַרשריבענע אינפאָרמאַציע, וואָס איך האָב אָנגעזאַמלט. קיין דערפאַרונג אין קאָנספּיראַציע האָב איך ניט געהאַט. איז מיר איינגעפאַלן אַ זייער־פּשוטער וועג: איך וועל קויפן אַ גרויס קעסטל צוקערקעס, און וועלכן יעדע צוקערל איז פאַרוויקלט אין אַ פאַרביקן פּאַפּיר. איך וועל מיינע פאַרשריבענע פּאַפּירלעך אונטערלייגן פון אונטן, איבער זיי די צוקערקעס און געהאָפט, אַז אַזוי וועל איך מצליח זיין.

I

איך האָב דאָן איבערגעפּאַקט מיין וואַליזע און האָב בעיקר געזאָרגט דערפאַר, אַז דאָרטן זאָלן זיך ניט געפינען קיין שום איבעריקע פּאַפּירן. דאָס איז געווען אַ וואָרענונג וואָס ד״ר נחום גאָלדמאַן האָט מיר געגעבן: ניט מיט־צונעמען קיין פּאַפּירן, אויסער די נויטיקסטע דאָקומענטן. איך האָב קיין שום פּסול ניט געפונען. בין איך געלעגן די גאַנצע נאַכט פאַרזונקען אין זייער שווערע מחשבות און קוים דערוואַרט דעם פרימאָרגן. איך בין אַרונטער אינעם רעסטאָראַן פון האָטעל, עסן פרישטיק. דער רעסטאָראַן איז געווען באַזעצט פון מענטשן מיט עפּאָלעטן פון פאַרשידענע סאָרטן. איך האָב גענומען אַ צייטונג און זיך געמאַכט לייענענדיק. דערביי האָב איך מיט גרויס מאַטערנישן קוים געקענט אַראָפּשלינגען די שפּייז. דאָס זעלביקע האָט זיך איבערגע־חזר׳ט צו מיטאָג. קיין אָוונט־ברויט האָב איך שוין דאָרט ניט געוואָלט עסן. כ׳האָב געהאָפט צו קענען באַקומען עפּעס אויף דער באַן. מיט גאַנצע דריי שעה פריער, איידער די באַן האָט געדאַרפט אָפּגיין, בין איך שוין געזעסן אינעם וואָקזאַל. אויך דאָרט האָב איך זיך ניט באַפרייט פון די צופרידענע פּרצופים, וואָס האָבן אָנגעפולט דעם האָטעל; אָבער איך האָב זיך שוין געפילט בעסער, וויסנדיק אַז אָט־אָט וועל איך זיין אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלער באַן. דאָס מיינט: אַרויס פון די גרענעצן פון פאַרשאָלטענעם נאַציזם. אויפן וואָקזאַל האָב איך דווקא באַקומען אַן אַלטע „ניו יאָרק טיימס״ און האָב זי דורכגעלייענט פון שורה צו שורה, איינשליסנדיק אַפילו אַנאָנסן.

סוף־כל־סוף האָט מען אָנגעמאָלדן די באַן קיין טריעסט. איך האָב גענומען מיין ניט־גרויסע וואַליזע און בין אַריין אין מיין וואַגאָן. די באַן איז אָפּגעגאַנגען פּינקטלעך; און ביז דער איטאַליענישער גרענעץ איז גאָרנישט געשען. אָבער ווען מיר זיינען געקומען צו דער גרענעץ, האָבן די עסטרייכישע באַאַמטע מיך אַרונטערגעפירט אין אַ גרויסן זאַל און דאָרט האָט מען גענומען מיך רעווידירן, מיט דער גאַנצער גרינטלעכקייט. מען האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט

פון אויפטרעגען מיין מאַנטל, פון אַראָפּנעמען די קנאָפּלען פון מיינע שיך. וואָס זיי האָבן געזוכט אין אָט־די אַלע פּלעצער ווייס איך ניט. איך ווייס נאָר, אַז ביי מיין גאַנצער אָנשטרענגונג זיך צו האַלטן רואיק און געלאַסן, האָבן זיי זיכער באַמערקט דעם ציטער וואָס האָט פּאַרפּלייצט אַלע מיינע נערוון. בעיקר האָב איך מורא געהאַט זיי זאָלן ניט עפענען דאָס קעסטל צוקערקעס. דווקא צו דעם האָבן זיי זיך אַפילו ניט צוגערירט. אָבער ווען איך האָב געדאַרפט עפענען מיין לעדערנעם געלט־טייסטער, וואו איך האָב אויך געהאַלטן מיין פּאַספּאָרט און די אַנדערע דאָקומענטן, איז געקומען דער שרעקלעכסטער מאָמענט פון אָט־דער נסיעה.

פון איין אָפּטיילונג האָבן די אונטערזוכער אַרויסגעשלעפּט אַ פּאַפּיר פאַרשריבן אין ענגליש מיט מאַשין־שריפט. זיי האָבן געפרעגט וואָס דאָס איז פאַר אַ דאָקומענט. ווען ער האָט מיר געוויזן דאָס פאַרשריבענע פּאַפּירל, האָט ער עס געהאַלטן מיטן אויבן אַרונטער. איך האָב געזען, אַז לייענען ענגליש קען ער ניט. אָבער ווען איך האָב עס דערזען, בין איך פאַרציטערט געוואָרן. נאָך מיין גאַנצער פאָרזיכטיקייט, האָב איך דאָס דאָזיקע פּאַפּירל ניט געזען. איך האָב עס, זעט אויס, פאַרשלעפּט פון פאַריזער ביוראָ פון וועלט־קאָנגרעס. דאָס איז געווען אַ קאָפּיע פון אַ צעטעלע, וואָס וויכטיקע ענגלישע מלוכה־מענטשן האָבן געשיקט צו ד״ר גאָלדמאַן, ער זאָל פּרובירן זיך איינשטעלן ביים פריערדיקן הערשער פון עסטרייך, הער שושניג, מען זאָל באַפרייען איינעם פון דער עסטרייכישער ראָטשילד־משפחה, וואָס איז געווען אַרעסטירט. דערזעענדיק דאָס פּאַפּיר זיינען מיר די אויגן ממש פאַרפינצטערט געוואָרן. איך האָב זיך אָבער געמוזט אָנטשליסן אויף אַן ענטפער. האָב איך געזאָגט, אַז דאָס איז איינער פון מיינע אָפיציעלע קרעדענציאַלן.

דער באַאַמטער דרייט דאָס פּאַפּיר אַהער און אַהין. מינוטן גייען אַוועק. פּלוצים דערזעט ער פון דערווייטנס אַ דאַמע און ער רופט זי צו. ער פרעגט, אויב זי קען לייענען ענגליש. זי ענטפערט: יאָ! בעט ער זי איבערלייענען דאָס פּאַפּיר. זי קוקט אַריין אין פּאַפּירל, וואַרפט אַ בליק אויף מיר און זאָגט אָט־די ווערטער: „דאָס איז אַ קרעדענציאַל פון אָט־דעם הערן פון דער געזעל־שאַפט וועלכע ער רעפּרעזענטירט״. דער באַאַמטער רופט נאָר אויס: „אַך, זאָ!״ און גיט מיר צוריק דעם פּאַפּירל. אָט־אַזוי האָט מיר אַ צווייטע, ניט־אידישע פרוי, אַרויסגעהאָלפן בעת אַ שרעקלעך־שווערער סיטואַציע.

שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז עס האָט עקזיסטירט אַ גאַנצע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געזוכט צו העלפן מענטשן וואָס ווערן פאַרהאַלטן ביי די גרענעצן. איך שטעל זיך בכן פאָר: ווען זי האָט געזען, אַז די באַאַמטע

מוטשען מיך אַ לאַנגע צייט — האָט זי זיך דערנענטערט צום אָרט און האָט געהערט מיין ענטפער וואָס איך האָב געגעבן דעם באַאַמטן. אַזוי אַרום בין איך אַרויס פון דער צרה.

דערווייל האָט דער באַאַמטער באַפוילן איינעם פון זיינע העלפער, ער זאָל ווידער צוקלאַפּן דעם קנאַפּל פון מיין שוך. דעם אויפגעריסענעם מאַנטל האָב איך שוין געדאַרפט פאַרריכטן אין ירושלים. איך האָב זיך אָנגעטאָן גרייט אַרויפצוגיין צוריק אויף דער באַן. פון האַרץ איז אַראָפּגעפאַלן אַ שווערע משא. האָב איך דאַן אַליין געעפנט דאָס קעסטל צוקערקעס און צוגעטראָגן צום הויפּט־באַאַמטן. ער האָט דווקא גענומען עטלעכע. דער שוסטער־אַרויסהעלפער אויך. די דאַמע־מלאך איז שוין ניט געווען לעבן אונז. איך בין דאַן צוריק אַרויף אויף דער באַן און אָנגעקומען בשלום קיין טריעסט.

עס איז איבעריק צו שילדערן ווי איך האָב געפילט סיי אויפן שיף, סיי די עטלעכע פּסח־טעג אין ירושלים. אויב אַ מענטש פון אונזער דור האָט ווען עס איז געפילט ווי ער אַליין איז אַרויס פון מצריים, האָב איך עס דאַן געפילט.

ח

איצט קערן מיר זיך אום צו די קאָמפּליצירטע ענינים אין צפון־אַמעריקע, צוליב וועלכע איך בין צוריקגעפאָרן אין מאַי 1938 פון שטאָקהאָלם קיין ניו־יאָרק. איך בין געפאָרן פון שטאָקהאָלם איבער לאָנדאָן, וואו איך האָב זיך באַגעגנט מיט חבר חיים גרינבערג זכרונו לברכה און מיר זיינען צוזאַמען געפאָרן פון לאָנדאָן קיין ניו־יאָרק.

איך גלויב, אַז אַמבעסטן קען איך דערציילן וועגן אָט־די קאָמפּליצירטע ענינים, ווען איך וועל פאַרעפנטלעכן אַ בריוו, וואָס איך האָב געשריבן צום חבר שפּרינצאַק זכרונו לברכה, אָנהויב דעצעמבער 1938.

פאַרוואָס איז דער בריוו געשריבן געוואָרן דווקא צו חבר שפּרינצאַק? צוליב עטלעכע סיבות. ערשטנס, איז ער, חבר שפּרינצאַק, געקומען קיין אַמעריקע זיך צו באַטייליקן אין דעם יערלעכן צוזאַמענפאָר פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין. די דאָזיקע צוזאַמענפאָרן האָבן כסדר געהאַלטן אין וואַקסן אין באַדייטונג. זיי זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער וויכטיקסטער, יערלעכער אימפּרעזע פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, אין וועלכער עס האָבן שוין דאַן אָנטייל־גענומען אויך קערפּערשאַפטן ניט פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. בעיקר פון די גרויסע טרייד־יוניאָנס. די דאָזיקע צוזאַמענפאָרן זיינען אויך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין די פאָרומס, וואו די וויכטיקסטע פּאָליטישע פאָדערונגען פון אידישן פאָלק בנוגע ארץ־

ישראל זיינען פאַרמולירט געוואָרן. עס האָבן זיך אין אונזערע ענינים אָנגעהויבן פאַראינטערעסירן די פירער פון דער אַלגעמיין־אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג. צו יעדן צוזאַמענקונפט האָבן שוין גענומען קומען די וויכטיקסטע פאַרטרעטער פון דער הסתדרות אין ארץ־ישראל. אין יענעם יאָר — 1938 — זיינען די פאַרטרעטער געווען דער חבר יוסף שפּרינצאַק און חבר לוי שקאָלניק (איצטיקער פּרעמיער־מיניסטער לוי אשכול).

אַ צווייטע סיבה, פאַרוואָס איך האָב דאָן געשריבן דעם חבר יוסף שפּרינצאַק: ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן אַרויסגעוויזן זאָרג, הלמאי מיר איז נאָך אַלץ ניט געלונגען זיך צו פאַרוואָרצלען אין ארץ־ישראל און געפינען דאָרט אַ פּאַסיקע באַשעפטיקונג. ער האָט ניט איינמאָל, אויף באַגעגענישן מיט מיר אין ארץ־ישראל, געהאַלטן אין איין שטראָפן מיך, פאַרוואָס איך אַליין ווייז ניט אַרויס גענוג איניציאַטיוו צו געפינען פאַר מיר אַ פּאַסיקע אַרבעט אין לאַנד. ער האָט מיך געוואָרנט קעגן דער געפאַר צו פאַרבלייבן שטענדיק נע־ונד. זיינע פּחדים וועגן מיר זיינען, ליידער, מקויים געוואָרן.

די דריטע סיבה — ער האָט, דורכדעם וואָס ער איז דאָן געווען אין צפון־אַמעריקע, בעסער געקענט די דאָרטיקע פּראָבלעמען ווי אַנדערע דעמאָלטיקע פירער פון דער הסתדרות.

אָבער איידער איך גיב איבער דעם תוכן פון מיין בריוו צו אים, אין וועלכן איך רעכן אויס אייניקע פון די פּראָבלעמען וועלכע האָבן אונז דאָן געמאַטערט, דאַרף איך מאַכן אייניקע באַמערקונגען, וועלכע וועלן אויפקלערן פאַר דעם לייענער איין פּונקט פון די וועלכע איך באַריר אין בריוו. אַנדערע פּונקטן נויטיקן זיך ניט אין אַזעלכע באַמערקונגען.

## ט

דאָס וויכטיקסטע קאָמפּליצירטע פּראָבלעם פון יענער צייט פאַר אונזער באַוועגונג איז געווען אונזערע קעגנזייטיקע באַציאונגען מיטן אידישן אַרבעטער־קאָמיטעט. בשעת איך האָב געפירט מיין אַרבעט אין פּוילן, איז אונזער באַוועגונג פון צפון־אַמעריקע אַרויסגעטראָטן פונעם אידישן אַרעבטער־קאָמיטעט, צו וועלכן זי האָט פריער געהערט. דאָס איז, לויט מיין מיינונג, געווען אַ פאַלשער שריט. דער פּרינציפּיעלער ענין — צוליב וועלכן די שפּאַלטונג איז דאָן געקומען — איז געווען די פאָדערונג מצד דעם אידישן אַרבעטער־קאָמיטעט (איינער פון די איניציאַטאָרן דערביי איז געווען דער באַקאַנטער אידישער סאָציאַליסט ברוך וולאַדעק ע"ה): בכדי מיר זאָלן קענען פאַרבלייבן

אין אַרבעטער־קאָמיטעט, מוזן מיר אַרויסטרעטן פון דעם אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס, אין וועלכן מיר זיינען געווען אָנגעשלאָסן, זינט זיין גרינדונג. די טענה פון אידישן אַרבעטער־קאָמיטעט איז געווען, אַז דווקא אויפן שטח פון זיינע אַקטיוויטעטן זעט ער דעם אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס ווי זיינס אַ קאָנקורענט. איך גיי איצט ניט אַריין אין קיין פרינציפּיעלן וויכוח וועגן אָט־דעם פּונקט. אין אונזער באַוועגונג איז דאַן דורכגעפירט געוואָרן אַ רעפערענדום־אָפּשטימונג, צי מיר זאָלן אָננעמען די באַדינגונג פון אַרבעטער־קאָמיטעט. דער רעפערענדום האָט באַשלאָסן קעגן דעם. דעריבער איז אונזער באַוועגונג אַרויסגעטראָטן פון דעם אידישן אַרבעטער־קאָמיטעט.

דעם שטאַרקסטן קלאַפּ האָט דורכדעם באַקומען דער געווערקשאַפטן־קאַמפּיין. אונזער באַוועגונג האָט געמאַכט אָט־דעם שריט איידער זי האָט זיך באַראַטן מיט די פירער פון אידישע טרייד־יוניאָנס, וועלכע האָבן אויסגעמאַכט דעם רוב מנין ובנין פונעם אידישן אַרבעטער־קאָמיטעט. דאָס איז, לויט מיין מיינונג, געווען נאָך אַ גרעסערער טעות, ווי אַפילו דאָס עצם־אַרויסטרעטן פון אַרבעטער־קאָמיטעט.

ווען איך האָב אָנגעהויבן די פאַרהאַנדלונגען וועגן צוריק גאַנץ צו מאַכן אָט־דעם ריס, איז געקומען אַ צווייט פּראָבלעם: דער אידישער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט פּראָקלאַמירט אַ גרויסע זעלט־זאַמלונג פאַר זיינע אַקטיוויטעטן. איז אַנטשטאַנען די פראַגע וועגן דער קאָנקורענץ מצד דעם געווערקשאַפטן־קאַמפּיין צו זייער געלט־זאַמלונג. עס זיינען געמאַכט געוואָרן פאַרשידענע פאָרשלאַגן, וויאַזוי צו פאַרענטפערן אויך דאָס פּראָבלעם. אין מיין בריוו צו חבר שפּרינצאַק באַריר איך אויך אָט־דעם פּונקט.

האָבנדיק געמאַכט די דאָזיקע באַמערקונגען קען איך איבערגעבן דעם בריוו גופא. איך דאַרף נאָר צוגעבן, אַז במשך זיין זיצן אין צפון־אַמעריקע האָט ער מיר ווידער געמאַכט אַ פאָרשלאַג וועגן אַן אַרבעט אין ארץ־ישראל, צוליב וועלכער איך האָב זיך באַלד געדאַרפט אומקערן אַהין. ניט וויכטיק וואָס דער פאָרשלאַג איז געווען. פון חבר שפּרינצאַקס זייט איז עס ווידער געווען אַ דעמאָנסטראַציע פון אינטערעס אין מיין לאַגע און אין מיין צוקונפט. איך האָב אָבער זיין פאָרשלאַג אויך דאָס מאָל ניט געקענט אָננעמען. דאָס דערקלערט דעם ערשטן פּאַראַגראַף פון מיין בריוו צו אים.

איך האָב צו אים געשריבן:

ד

מיין טייערער שפרינצאַק,

עס קען זיין, אַז איר זיינט אַוועקגעפאָרן אַביסל ברוגז אויף מיר. ווי געוויינטלעך, וועל איך זיין אָפן מיט אייך און זאָגן, אַז גערעכט זיינט איר ניט. וויאַזוי עס איז געקומען די מיספאַרשטענדעניש צווישן אונז ווייס איך נאָך עד היום ניט. מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב ביי אַלע געשפרעכן קלאָר געמאַכט, אַז עס זיינען שוין געווען צוגעגרייט פאַר מיר באַזוכן פאַרן חודש דעצעמבער אין אַמעריקע, וועלכע איך האָב ניט געקענט אויפגעבן. וועגן ניט אומקערן זיך אין אַמעריקע תיכף האָט דעריבער פונעם אָנהויב פון אונזערע געשפרעכן קיין רייד ניט געקענט זיין. איך וויל איר זאָלט עס מיר גלויבן, ווייל עס וואָלט מיר זייער שטאַרק ווי געטאָן, אויב אין אונזערע באַציאונגען זאָל אַריינפאַלן אַ שטיקל חשד פון געוויסע פּאָליטיקאַנישע מעטאָדן; פון ניט ריידן קלאָר, כדי זיך ניט צו פאַרפליכטן — מעטאָדן וואָס זיינען אַלעמאָל געווען און בלייבן אויך איצט פרעמד מיין גאַנצן וועזן.

צום עצם ענין האָט עס סיי־ווי־סיי ניט וואָס צו טאָן. דעם באַווייז, אַז איך בין געווען גערעכט אין מיין אָפּשאַצונג, האָט מיר געגעבן דווקא דער חבר חיים גרינבערג. ווען מיר זיינען אַוועקגעפאָרן פון לאָנדאָן, האָט ער זיך געגרייט צו מאַכן אַן „אינוואַזיע" אויף מיין פסיכיק; און אין די עטלעכע טעג, וואָס מיר זיינען געווען אויפן שיף מיר באַוויזן, אַז איך מוז איצט — און טאַקע תיכף — אָננעמען אייער פאָרשלאָג. מיר האָבן אויפן שיף וועגן דעם גערעדט בלויז געציילטע ווערטער און ער איז געבליבן ביי זיינס. איך האָב אַפילו קיין פאַרזוך ניט געמאַכט אָפּצושלאָגן זיין געדאַנק. איצט האָט ער מיר אַליין געזאָגט, אויף זיין אייגענער איניציאַטיוו, אַז גערעכט בין איך. איך מוז לכל־הפחות בלייבן אין אַמעריקע ביזן ציוניסטישן קאָנגרעס. ער האָט געזען וועלכע אַרבעטן עס הויבן זיך אָן אַנטוויקלען דאָ אין אַמעריקע און די מעגלעכקייטן — אַנטשולדיקט מיין אומבאַשיידנקייט — וואָס דווקא איך האָב אין די דאָזיקע אַרבעטן באַדייטנדיק משפיע צו זיין. אַ פּאָר פון זיי וויל איך אייך אויסרעכענען.

1) געווערקשאַפטן־קאַמפּיין. איך נעם זיך דאָס רעכט צו באַהויפּטן, אַז מיין אָנוועזנהייט ביי דער קאָנווענשאָן פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין איז געווען ווייניקסטנס פון יענער באַדייטונג, וועלכע די אָנפירער פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין האָבן צוגעשריבן צו זייער פאַרלאַנג, אַז ווער עס איז, אויסער חבר שקאָלניק, זאָל קומען לכל־הפחות אויף אַ חודש צייט. איך רעכן, אַז איך האָב אָט־דעם חלל אויסגעפילט אין פולן. דאָס האָט איינגעשפּאָרט דער

הסתדרות אַ ספּעציעלן שליח, וואָס וואָלט — אַפילו אויף איין חודש צייט — געדאַרפט קאָסטן אַ באַדייטנדיקע סומע. איך פיל אויך אויס דעם חלל, וואָס דער חבר העמלין האָט געוואָלט אויספילן מיט יענעם חבר, ניט נאָר אויף דער קאָנווענשאָן פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין, נאָר אויך אויף די וויכטיקסטע קאָנפערענצן אין לאַנד. סיי אין קליוולאַנד, סיי אין שיקאַגאָ, סיי אין דעטראָיט, וועט מיר אויסקומען זיך צו באַטייליקן. איך האָב געוואוסט פריער, אַז ס'וועט זיין אַ חלל אין דער אַרבעט, און אַזויווי קיינער האָט ניט געקענט פאָרן, האָב איך געוואוסט, אַז איך וועל מוזן נעמען אויף זיך די דאָזיקע אַרבעט.

## יא

2) איר וועט מיר ווידער מוחל זיין די אומבאַשיידנקייט, ווען איך וועל אייך זאָגן, אַז אין דער אויסגעשפּראָכענער פּראָ־ארץ־ישראל שטעלונג, וואָס די קאָנפערענץ פון אידישן אַרבעטער־קאָמיטעט האָט אָנגענומען, וועלכע האָט זיך אַזוי אַריינגעפּאַסט אין דער פעסטשטעלונג, אַז אַלע טיילן פון אַמעריקאַנישן אידנטום פאָדערן צו עפענען די טויערן פון ארץ־ישראל פאַר אַ גרויסער אידישער אימיגראַציע, הויפּטזעכלעך אין פאַרבינדונג מיט די דייטשע אידן, און וואַרפן אָפּ די פאַרשלאָגן פון נייע טעריטאָריעס ווי אַ לייזונג פאַר די דייטשע אידן — אין אָט־דער שטעלונג האָב איך געהאַט אַ ווירקונג. קיין אַנדערער פון אונזערע חברים האָט ניט די פאַרבינדונגען מיט יענעם קרייז, וועלכן איך האָב פאַר מיר עטאַבלירט נאָך פון די טעג פון פּיפּלס־רעליף. די מחברים פון זייער דעקלאַראַציע האָבן זיך מיט מיר מיישב געווען וועגן די פאַרשידענע פּונקטן וואָס זיי האָבן אין איר אַרויסגעבראַכט. זיי האָבן געוואוסט, אַז איך בין עס געווען דער, וואָס האָט צוגעגרייט די דעקלאַראַציע פאַר דער געווערקשאַפטן־קאַמפּיין קאָנווענשאָן, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן מיט עטלעכע טעג פריער. און דווקא דערפאַר האָבן זיי זיך מיט מיר מיישב געווען. אייך מעג איך דערציילן, אַז וועגן איינעם פון די פּונקטן פון אונזער דעקלאַראַציע — וועגן דער פאָדערונג צו אַוואַנסירן פאַר די פליכטלינגע אויף עטלעכע יאָר פאָראויס די אימיגראַציע־קוואָטע פון דייטשלאַנד און עסטרייך — האָב איך זיך מיישב געווען מיטן שרייבער פון זייער דעקלאַראַציע. איך ווייס ניט, צי קען איך אייך געבן דעם נאָמען פון דעם וואָס האָט געשריבן זייער דעקלאַראַציע. איך האָב ניט קיין מעגלעכקייט זיך מיט אים היינט צוזאַמענצורײדן און פרעגן אים, צי ער האָט גאָרניט קעגן דעם. אָבער איר וועט מיר גלויבן דאָס וואָס איך דערצייל אייך. וועגן דעם בין איך זיכער. דער דאָזיקער פאַקט, וואָס די ביידע דעקלאַראַציעס האָבן אין די וועזנטלעכסטע פּונקטן

געהאַט די זעלביקע איינשטעלונג (נאַטירלעך איז אונזער דעקלאַראַציע געווען דורכאויס אַן ארץ־ישראל׳דיקע און זייערע ניט) — דער דאָזיקער פאַקט האָט איבערגעלאָזט אַ באַדייטנדיקן רושם אויף דער אידישער עפנטלעכקייט בכלל און אין דער פירערשאַפט פון די צענטראַלע און לאָקאַלע אידישע אַרבעטער־ און אויף דער פירערשאַפט פון די צענטראַלע און לאָקאַלע אידישע אַרבעטער־ אָרגאַניזאַציעס בפרט.

## יב

3) די פונדאַסניי־איינגעשטעלטע באַציאונגען צווישן מיר מיט אייניקע פון יענער גרופּע נעמט מיך איצט אַ שריט ווייטער. איך קען אייך ניט פאַר־זיכערן, אַז דאָס וואָס איך האָב אין זינען וועט דורכגעפירט ווערן; אָבער איך בין אין מיטן פון פאַרהאַנדלונגען מיט די וויכטיקסטע מענטשן פונעם אַרבעטער־קאָמיטעט, מיטן צוועק צו געפינען דעם וועג וויאַזוי צוריק גאַנץ צו מאַכן דעם ריס פון אַ פּאָר יאָר צוריק. די האָפענונגען זיינען גאָרניט קיין שלעכטע. נעכטן האָב איך געהאַט אַ זייער לאַנגן געשפּרעך מיט דובינסקי׳ן, וועלכער, נאָך מיין אָפּשאַצונג, האָט דעם שליסל פון דער לאַגע אין זיין האַנט. מיר זיינען געקומען כמעט צו אַ געוויסער פאָרמולע. איך קען אייך נאָר איבערגעבן אין אַלגעמיינע שטריכן מיין פאָרמולירונג. צי זי וועט ענדגילטיק אָנגענומען ווערן, ווייס איך ניט איצט. ווידער אַמאָל זאָג איך אייך, אַז האָפע־נונגען האָב איך פּאָזיטיווע.

מיין פאָרמולירונג איז פאָלגנדיקע: א) געווערקשאַפטן־קאַמפּיין בלייבט פולשטענדיק זעלבסטשטענדיק. קיינער פרעגט ניט אָפּ זיין עקזיסטענץ. ב) בנוגע אידישן קאָנגרעס: דער אידישער קאָנגרעס אין אַמעריקע איז די פאַרטרעטערשאַפט פון יענע 700,000 אידן וועלכע האָבן זיך רעגיסטרירט צו די לעצטע וואַלן. די וואָס ווילן פאַרקלענערן זיין ראָם מעגן זאָגן, אַז ער פאַרטרעט די 360,000 וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין די וואַלן דירעקט. ער איז נאָך אויך דאַן די פאַרטרעטערשאַפט פון דער גרעסטער צאָל אי־דישע יחידים וואָס אירגנד־וועלכע אַנדערע אָרגאַניזאַציע קען באַהויפּטן. דער קאָנגרעס בלייבט אַזיוי ווי ער איז געווען. די אַרבעטער־דעלעגאַטן, וואָס זיינען געוויילט געוואָרן צום קאָנגרעס, שטעלן פאָר אַ מין פאַרלאַמענטאַרישע אַרבע־טער־פראַקציע אין קאָנגרעס. זיי עקזיסטירן אַזוי לאַנג ווי עס האַלט אָן די איצטיקע קאַדענץ פון קאָנגרעס. די צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס — אין אונזער פאַל זיינען עס די פאַרטיי, דער פאַרבאַנד, די פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע און די ליגע — ווי צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס, שליסן זיך אָן צום אַרבעטער־

קאָמיטעט. צו דער פאָרמולירונג האָבן מסכים געווען ווייז און ליפּסקי, מיט וועמען איך האָב שוין גערעדט עטלעכע מאָל וועגן דעם. צו דער פאָרמולירונג האָב איך שוין כמעט ווי געהאַט אַ הסכם פון דעם פאַרשטאָרבענעם וואָלאַדעק. דאָס וועט מיינען אַז אונזער באַוועגונג רייסט ניט איבער מיטן קאָנגרעס; אַז דאָס אַרויסטרעטן פון די צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס ווערט געמאַכט מיטן הסכם פון דער פירערשאַפט פון קאָנגרעס, און אין אַרבעטער־קאָמיטעט זיינען מיר פאַרטראָטן דורך די צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס.

איך ווייס, אַז עס ווערט פאַר אונז באַשאַפן אַ לאַגע, וועגן וועלכער מיר וועלן אָפט דאַרפן מאַכן דערקלערונגען. פּרינציפּיעל האַלט איך ניט די לאַגע פאַר ניט־נאָרמאַל. פאַרקערט, אונזער שטאַנדפּונקט איז געווען און בלייבט, אַז ווען עס איז דאָ אַ אידישע אַרבעטער־ראַם געהערן מיר צו איר; און ווען עס איז דאָ אַ ראַם פון דער אָרגאַניזאַציע פון אידישן פאָלק געהערן מיר אויך צו איר. דאָס איז בכן אונזער פּרינציפּיעלע שטעלונג. אָרגאַניזאַטאָריש איז דאָס שווער, ווייל בעסער וואָלט געווען, אַז נישט נאָר מיר, דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פליגל, זאָל געהערן צו דער אַלגעמיינער ראַם פון אָרגאַניזירטן אידישן פאָלק, נאָר דער גאַנצער אַרבעטער־טייל. אָרגאַניזאַטאָריש איז דאָס אויך שווער צוליב דעם, ווייל איצט איז דאָ נאָך אַן אַלגעמיינע ראַם אין אַמעריקע, וואָס איז ניט אידישער קאָנגרעס. דאָס איז דער נייער קאָנסול, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן דורך דער איניציאַטיוו פון פּיטסבורג. איך בין זיכער, אַז פון דער צווייטער זייט וועט מען אונז פרעגן, פאַרוואָס מוזן מיר זיין אין קאָנגרעס, ווען דער גאַנצער אַרבעטער־קאָמיטעט געהערט צו דער אַלגעמיינער ראַם וואָס איז אין אַמעריקע עטאַבלירט געוואָרן. מיין ענטפער — איך אונטערשטרייך דאָס וואָרט „מיין", ווייל אונזערע אינ־סטאַנצן האָבן נאָך וועגן דעם ניט פאַרהאַנדלט, און איך ווייס ניט וואָס זיי וועלן וועגן דעם באַשליסן — וועט אויף דעם זיין, אַז אויב דער קאָנסול וועט טאַקע זיין אַ בר־קיימא, וועלן מיר גרייט זיין צו אָנערקענען דעם קאָנסול פאַר דער אַלגעמיינער ראַם און דעמאָלט זאָגן דעם אידישן קאָנגרעס, אַז מיר געהערן צו דער אַלגעמיינער ראַם דורכן אַרבעטער־קאָמיטעט. אויב, אָבער, דער קאָנסול וועט זיך אַרויסווייזן ניט פאַר קיין בר־קיימא, בלייבט פאַר אונז די אַלגעמיינע ראַם דער אידישער קאָנגרעס. זיכער קענען מיר ניט ענדערן דעם פאַקט, וואָס אונזערע חברים זיינען געווײלט געוואָרן צו דער לעצטער זיצונג פון קאָנגרעס אין דעמאָקראַטישע וואַלן און אַזוי לאַנג ווי די איצטיקע קאַדענץ פון קאָנגרעס ווערט פאַרגעזעצט, קענען זיי אַן וועלכער ס'איז סיבה ניט זאָגן, אַז זיי זיינען אַוועק פון קאָנגרעס, און דורך דעם פאַרראַטן די שליחות

פון די וואָס האָבן זיי געוויילט. איך רעכן, דעריבער: מיר וועלן געפינען אַ וועג, אַז פאַר דער צייט פון דער איצטיקער קאַדענץ פון קאָנגרעס זאָל די פּאַרלאַמענטאַרישע אַרבעטער־פּראַקציע קענען דאָרט בלייבן און דאָס וועט געדויערן אַ פּאָר יאָר; און במשך די פּאָר יאָר וועט קלאָר ווערן, ערשטנס דער גורל פון דעם קאָנסול; און צווייטנס, די אינערלעכע באַציאונגען צווישן אונז מיט די אַנדערע טיילן פון אַרבעטער־קאָמיטעט. מיר וועלן דאַן זיין אין אַ בעסערער לאַגע פעסטצושטעלן אונזער ווייטערדיקע פּאָליטיק.

## יג

4) מיט אייניקע פירער פון אידישן אַרבעטער־קאָמיטעט האָב איך שוין אויך אָנגעהויבן צוגרייטן דעם וועג פאַר אַ ספּעציעלן אַרבעטער־קאָמיטעט אין פאַרבינדונג מיט דער היי־יאָריקער שקלים־אַקציע. די זאַך איז נאָך דער־ווייל ניט רייף, אָבער איך קען אייך פאַרזיכערן, אַז אויך אויף דעם געביט — אויב עפּעס קען דערגרייכט ווערן — בין איך אין דער בעסטער לאַגע דאָס צו דערגרייכן. איך וועל אייך האַלטן אינפאָרמירט וועגן דעם.

אַגב, איך וועל שרייבן די אַלע בריוו צו אייך, נישט דערפאַר ווייל איך וויל חלילה אויסמיידן די מזכירות פון „איחוד". איך האָב אַביסל מורא פאַר דעם אויסוואַל פון בריוו, וועלכע ווערן פאַרעפנטלעכט אין די בולעטינס פון „איחוד". איך ווייס ניט ווער עס באַשטימט, וואָס עס זאָל פאַרעפנטלעכט ווערן. איר פאַרשטייט דאָך, אַז דאָס אַלץ וואָס איך האָב אייך ביז איצט געשריבן איז ניט אויף צו פאַרעפנטלעכן. דערפאַר שרייב איך צו אייך. איך בעט אייך געבן דעם בריוו לייענען אַלע חברים פון מזכירות און בעטן זיי טאַקע סליחה ומחילה וואָס איך שרייב ניט דירעקט צו זיי.

פאַראַן נאָך ענינים, אין וועלכע איך וועל זיך מוזן אַריינמישן און וועגן וועלכע איך וועל אייך שרייבן. איך וויל אָבער דעם היינטיקן בריוו נישט צופיל פאַרלענגערן. וויל איך אייך נאָר צוגעבן צוויי דרינגענדיקע זאַכן, וואָס איך האַלט פאַר נויטיק אַז די פירערשאַפט פון הסתדרות זאָל וועגן דעם שוין איצט אָנהויבן טראַכטן. ביידע זאַכן האָבן צו טאָן מיט דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין.

## יד

די ערשטע זאַך: עס קומען קיין אַמעריקע פאַרטרעטער פון די קלענערע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס פון ארץ־ישראל. לעצטנס איז געקומען אַהער אַ דע־לעגאַציע פון די פּועלי אגודת ישראל. דאָס זעלביקע קען געשען מיט די אַר־

בעטער גרופּירונגען פון די אַלגעמיינע ציוניסטן „א" און „ב", וועלכע וועלן זיך מן־הסתם פאַרייניקן. דאָס זעלביקע קען אוודאי געשען, ווי עס געשעט, מיט די פּועלי מזרחי. די דאָזיקע גרופּירונגען, מיטן אויסנאַם פון די אגודיסטן, ווענדן זיך צום יו. פּי. איי. און פאַרלאַנגען ספּעציעלע סובסידיעס. זיי באַהויפּטן אַז די הסתדרות האָט ספּעציעלע פאָנדן דורך דעם געווערקשאַפטן קאַמפּיין. זיי ווילן דעריבער אויך האָבן ספּעציעלע פאָנדן פאַר זייער אַרבעט. אויב ניט, ווילן זיי מאַכן ספּעציעלע קאַמפּיינס אין אַמעריקע. נעכטן איז די דאָזיקע פראַגע פאַר־האַנדלט געוואָרן אויף אַ ניט־פאָרמעלער זיצונג, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט די חברים גרינבערג, שקאָלניק, ווערטהיים, העמלין, סיגאַל, איך און נאָך אייניקע חברים. איך ווייס ניט וואָס מען קען טאָן פאַר דעם יאָר, אָבער איך וואָלט עס געהאַלטן פאַר אַ גרויסן אויפטו, ווען די הסתדרות זאָל קענען אַריינגיין מיט די דאָזיקע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס אין אַן אָפּמאַך, אַז זיי זאָלן קריגן זייער חלק, לויט אַ געוויסער פּראָפּאָרציע, דווקא פון געווערקשאַפטן קאַמפּיין. איך ווייס אַז פון די ווירטשאַפטלעכע אַנשטאַלטן פון דער הסתדרות — צו וועלכע די גרעסטע סומע פון די געלט פון געווערקשאַפטן גייט — ציען אַלע אַרבעטער נוצן. איך שטעל מיר פאָר אַז „ניר" מאַכט קיין אונטערשייד ניט אין געבן הלוואות צו אירגענד־וועלכן אַרבעטער קאָאָפּעראַטיוו. איך שטעל מיר אויך פאָר, אַז די אַרבעטער באַנק מאַכט ניט קיין אונטערשייד. איר דאַרפט אָבער געפינען אַ וועג ווי אַזוי אויך פון יענעם געלט, וואָס ווערט אויסגעגעבן פאַר אָרגאַניזאַציע און קולטור צוועקן, זאָלן די גרופּירונגען האָבן זייער חלק. ערשטנס, דערפאַר ווייל דאָס איז יושר׳דיק, צווייטנס דערפאַר ווייל דאַן וואָלטן מיר דאָ ווירקלעך געקענט זאָגן, אַז הסתדרות שליסט אין זיך איין אַלע אַרבע־טער אָרגאַניזאַציעס, און זיי האָבן קיין רעכט ניט צו מאַכן באַזונדערע קאַמ־פּיינס. איך האַלט דעם אויסוועג פאַר אַ סך בעסער ווי סיי געבן זיי געלט פון יו. פּי. איי. סיי (וואָס אין מיינע אויגן איז דאָס ערגסטע) אויב זיי וועלן קומען אין אַמעריקע און פירן זעלבסטשטענדיקע קאַמפּיינס. צי זיי וועלן מאַכן געלט ווייס איך ניט, אָבער אַז זיי וועלן זיין געצוואונגען צו פירן דאָ אין די קאַמפּיינס אַן אַגיטאַציע וואָס וועט זיין געווענדעט קעגן דער הסתדרות, דאָס איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך.

## טו

דער צווייטער פּונקט וואָס צו טאָן מיט דער באַציאונג פון יו. פּי. איי. צום געווערקשאַפטן קאַמפּיין. אייגנטלעך איז קיין פאָרמולירטע באַציאונג נישטאָ. נאָר דאָ אָדער דאָרטן רייסט זיך אַרויס ווער־עס־איז פון די ציוניסטישע פירער מיט אַן אויסגעשריי, הויפּטזאַכלעך דאַן ווען זיי האָבן דערשפּירט אַז מיר האָבן

געהאַט אַ גרויסן עפנטלעכן דערפאָלג און זיי קענען זיך ניט פאַרמעסטן צו אַזעלכע באַדייטנדיקע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען. מיט אַ פּאָר טעג צוריק, ווי מען האָט מיר דערציילט, איז אַרויסגעקומען מיט אַ שאַרפער קריטיק קעגן געווערקשאַפטן קאַמפּיין ראַביי ווייז בכבודו ובעצמו. איך שענק ניט צופיל אויפמערקזאַמקייט צו קריטיק פון אַזאַ כאַראַקטער, ווייל אין עטלעכע טעג אַרום וועט ער מן־הסתם מאַכן אַ באַהויפּטונג וואָס זאָל זיין פּונקט דער היפוך. אָבער זיין אַרויסטריט באַווייזט אַז עס איז דאָ אַ ניט־נאָרמאַלער צושטאַנד אין דער באַציאונג פון די ציוניסטן צום געווערקשאַפטן קאַמפּיין. זייערע טענות אַז דער געווערקשאַפטן קאַמפּיין שעדיקט דעם יו. פּי. איי. זיינען זיכער ניט קיין באַ־רעכטיקטע. פאַרקערט, ביי מיר איז נישטאָ קיין ברעקל ספק, אַז די גוואַלדיקע אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע פון געווערקשאַפטן קאַמפּיין האָט אויך אַ פּראַק־טישע באַדייטונג פאַרן יו. פּי. איי. אין איין זאַך זיינען זיי אָבער יאָ גערעכט. אונדזער אייגענע באַוועגונג איז אַזוי ווייט קאָנצענטרירט אַרום געווערקשאַפטן קאַמפּייך, כמעט ביז צום אויסשלוס פון אַרבעט פאַר אַנדערע ציוניסטישע פאָנדן. אַלע פאַרזוכן אַז אונדזערע חברים דאָ אָדער דאָרט זאָלן עפּעס טאָן פאַרן יו. פּי איי. וועלן ניט קענען ענדערן דעם פאַקט, אַז דעם גרעסטן טייל פון אונדזער ענערגיע גיבן מיר אַריין אין געווערקשאַפטן קאַמפּיין. עס ווערט געפּלאַנט אין ניו־יאָרק אַ געמיינשאַפטלעכער ארץ־ישראל קאַמפּיין. וועגן דעם וועט אייך מן־הסתם שרייבן מער פּרטים חבר שקאָלניק. איך וואָלט עס גע־האַלטן פאַר אַ זייער גוטן אויסוועג, ביי דער באַדינגונג, אַז די אויטאָנאָמישע עקזיסטענץ פון געווערקשאַפטן קאַמפּיין און זיינע באַזונדערע אַרבעטס־מעטאָדן, ספּעציעל אין דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט, זאָלן דורך דעם ניט אָנגעג־רירט ווערן. עס קען זיין אַז דער היי־יאָריקער ניו־יאָרקער קאַמפּיין וועט אפשר געבן אַ ביישפּיל ווי אַזוי ענדגילטיק צו לייזן די דאָזיקע אָנגעווייטיקטע פראַגע. איך האַלט אָבער פאַר מיין חוב פאָרצושלאָגן דער הסתדרות צו באַטראַכטן פאָלגנדיקן פּלאַן. די הסתדרות פאַרשטענדיקט זיך מיט דער סוכנות וועגן אַ געמיינשאַפטלעכער קאָנטראָל איבער דאָס געלט פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין. די פאַרשטענדיקונג דאַרף באַטירלעך אויפבעוואָרן דעם טייל וואָס גייט פאַר „ניר”. די פאַרשטענדיקונג דאַרף אויך פאַרזיכערן אַלע אַנדערע וויכטיקע סעיפים פון אויסגאַבן וואָס די הסתדרות מאַכט איצטער מיט די געלדער פון געווערקשאַפטן קאַמפּיין. אויב דער ערשטער געדאַנק וואָס איך האָב אויבן פאָרגעשלאָגן זאָל אָנגענומען ווערן, זאָל די געמיינשאַפטלעכע קאָנטראָל קאָ־מיטע זיין די קערפּערשאַפט, וואָס זאָל גאַראַנטירן פאַר דער גאַנצער אויסער־לעכער וועלט, אַז די אַנדערע אַרבעטער גרופּירונגען ווערן ניט דיסקרימינירט.

מיר דאָ אין אַמעריקע וואָלטן געקענט דאַן זאָגן יו. פּי. איי. זיי זאָלן אַריינרע־כענען דעם געזאַמלטן סכום פון דעם געווערקשאַפטן קאַמפּיין אין די יו. פּי. איי. הכנסות. דאָס זאָל זיין אונדזער שטייער אויך צו קרן היסוד, ווייל די מערסטע אַרבעט וואָס ווערט געטאָן מיט די געלדער פון געווערקשאַפטן קאַמפּיין זיינען דאָך התישבות׳ישע. אַזוי ווי אין קרן קימת באַטייליקן זיך יאָ אונדזערע חברים און פון דאָרטן איז קיין טענות נישטאָ, וואָלטן מיר געקענט באמת זאָגן אַז מיר באַטייליקן זיך אין אַלע פאָנד־זאַמלונגען און דורך דעם אַ סוף מאַכן צו די שטענדיקע טענות און צו די אָפּטע אויסברוכן אַנטקעגן אונדז מצד וועמען עס איז פון די היגע ציוניסטישע פירער.

אַזוי ווי איך בין זיכער אַז איר וועט באַקענען מיט דעם אינהאַלט פון דעם בריוו די חברים פון מזכירות פון הסתדרות אויך, בעט איך אַז זיי זאָלן עס באַ־טראַכטן ווי געשריבן דירעקט צו זיי אויך. לײדער האָב איך ניט קיין צייט צו שרייבן באַזונדערע בריוו. מיט בעסטע חבר׳שע גרוסן צו אייך אַלעמען, פאַר־בלייב איך, אייער, ב ר ו ך צ ו ק ע ר מ אַ ן.

## טז

דער בריוו איז געשריבן געוואָרן אין דעצעמבער 1938. פון דאַן ביזן 21סטן קאָנגרעס סוף אויגוסט 1939, האָבן מיר געהאַט 9 חדשים פון אומגעהויערע אָנ־שטרענגונגען אויף אַלע געביטן וואָס ווערן באַרירט אינעם בריוו. במשך די־זעלביקע חדשים זיינען אונדז באַשערט געווען די אָנהויבן פון די שרעקלעכסטע איבערלעבונגען פון דער היטלער־קאַטאַסטראָפע.

די אָנשטרענגונגען האָבן געמוזט געמאַכט ווערן — ערשטנס — אויפן שטח פון דערהאַלטן דאָס וואָס מיר האָבן שוין ביז דאַן דערגרייכט; בעיקר אין ראַטעווען דעם געווערקשאַפטן־קאַמפּיין. איך האָף אַז קיינער וועט אין דעם ניט זען קיין איבערטרייבונג, ווען איך באַהויפּט, אַז איך האָב געהאַט אַ באַשיידענעם חלק אין דעם, וואָס די פירער פון די אידישע טרייד־יוניאָנס האָבן ניט פאַר־לאָזט דעם געווערקשאַפטן קאַמפּיין, נאָך די טאַקטישע טעות׳ן וואָס אונדזער באַוועגונג האָט געמאַכט אין איר באַציאונג צום אידישן אַרבעטער קאָמיטעט. פאַרקערט! עס איז אונדז געלונגען צוצוציען נייע, איינגערע אידישע אַרבעטער־פירער אין אַ באַדייטנדיקער צאָל. די ווי̇כטיקסטע פון זיי זיינען געווען יוסף ברעסלאַו און איזידאָר נאַגלער. אין אָט די דערגרייכונגען האָט שטאַרק מיטגע־האָלפן דער ענערגישער חבר אייזיק העמלין, וואָס איז, פונקט ווי איך, געווען קעגן דער טאַקטיק פון אונדזער אייגענער באַוועגונג. צווייטנס — האָבן מיר יענעם יאָר געמוזט דורכפירן אַ שקל־אַקציע, כדי אָנצוהאַלטן די השפעה פון

אַרבעטער־פּליגל אין דער ציוניסטישער וועלט־פירערשאַפט. אַזוי האָבן גע־דאַרפט געמאַכט ווערן אָנשטרענגונגען אויף אַנדערע געביטן.

איך קען ניט זאָגן אַז אַלע פּאַרמעסטונגען וועגן וועלכע איך רייד אין מיין בריוו צו חבר יוסף שפּרינצאַק זיינען אונדז געלונגען. איך קען אויך ניט באַ־הויפּטן, אַז אַלע פּאָרשלאָגן וואָס איך האָב געמאַכט צו דער פירערשאַפט פון הסתדרות אין ארץ־ישראל זיינען פון דער לעצטער אָקצעפּטירט געוואָרן. עס איז דאָך ניט מיין אויפגאַבע צו פאַרצייכענען אין מיינע זכרונות נאָר די דער־גרייכונגען פון אונדזער באַוועגונג און מיין חלק אין זיי. מיר האָבן אויך גע־האַט דורכפאַלן און אַנטוישונגען; אַזוי די גאַנצע באַוועגונג, אַזוי אויך איך פערזענלעך. אָבער איך האָב דאָך געהאַלטן פאַר נויטיק דורך דעם בריוו צו פאַרצייכענען די פּראָבלעמען וואָס האָבן אונדז דאַן געמאַטערט און וואָס עס זיינען געווען מיינע פערזענלעכע רעאַגירונגען צו זיי.

## ין

וואָס איז שייך די שווערע איבערלעבונגען פון יענע 9 חדשים דאַרפן זיי גאָר ניט אויסגערעכנט ווערן. ס׳איז גענוג בלויז צו דערמאָנען דעם פאַקט, אַז דאָס זיינען געווען די חדשים אין וועלכע די סכנה פון דער דריטער וועלט־מלחמה איז שוין געהאַנגען איבער דער גאַנצער מענטשהייט.

דאָס זיינען געווען יענע 9 חדשים אין וועלכע עס האָט זיך שוין געשפּירט דער אָנהויב פון יענעם נייעם קלימאַט אין וועלכן די מענטשהייט איז אַריינגע־וואָרפן געוואָרן תיכף מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה; אַ נייער קלימאַט פון מחשבה און אַ נייער קלימאַט פון געפיל. שאַרפער ווי אַלע אַנדערע פעלקער האָט עס געפילט דאָס אידישע פאָלק. די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך פון אָט דעם בוך וועלן שוין מוזן זיין דורכגעדרונגען פון יענעם נייעם קלימאַט, דעם קלימאַט פון דער גרויסער קאַטאַסטראָפע און פון דער פאַרשאַרפטער האָ־פענונג אויף נאַציאָנאַלער גאולה. איך וויל דעריבער שליסן אָט דעם קאַפּיטל מיט אַ שטיקל סך־הכל פון די דערגרייכונגען פון אונדזער ציוניסטיש־סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג ביז דאַן.

איך קען עס אַמבעסטן טאָן דורכן איבערגעבן דעם אינהאַלט פון אַן אַר־טיקל אין „אידישן קעמפער" און פאַרעפנטלעכן אין פולן אַ צווייטן אַרטיקל. ביידע אַרטיקלען זיינען געשריבן געוואָרן אין 1936, דריי יאָר איידער די צוויי־טע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן.

איך וויל מיט אָט־דעם סך־הכל אויך געבן דעם פאָר מיר אַנטשיידנדיקסטן ענטפער צו דער פראַגע צו מיר פון דר. חיים זשיטלאָווסקי — וואָס איך האָב

פאַרעפנטלעכט אינעם אַריינפיר צו מיין ערשטן באַנד זכרונות. איך בין מודה, אַז צוליב רעספּעקט וואָס איך האָב געטראָגן צו דר. חיים זשיטלאָווסקי האָט מיך די פראַגע באַאומרואיקט צענדליקער יאָרן. מער וועל איך זיך שוין ניט אומקערן צו אָט דער פראַגע, ווייל איך אין אָט דעם סך־הכל מאַכן דעם חשבון פון אָט דער פלוגתא צווישן מיין גרויסן רבי׳ן (ווען איך בין ניט אַלעמאָל נאָכגעגאַנגען) און מיר. די פלוגתא קען פאַרמולירט ווערן אין דער פראַגע, צי עקסטרעם־איבערגעגעבענע אַרבעט פאַר ארץ־ישראל מינערט די ענערגיע פאַר דער נאַציאָנאַלער אַרבעט אין גלות. דר. זשיטלאָווסקיס מיינונג איז געווען אַז עס מינערט יאָ. דאַקעגן איך האָב אַלעמאָל געהאַלטן, אַז ניט נאָר מינערט עס ניט, נאָר עס פאַרשטאַרקט נאָך די ענערגיע פאַר נאַציאָנאַלער אַרבעט אין גלות.

אינעם ערשטן אַרטיקל רייד איך וועגן איינער פון די וויכטיקסטע נאַציאָנאַלע אַרבעטן אין גלות: אַביסל בעסער צו נאָרמאַליזירן דעם עקאָנאָמישן יסוד פון אידישן פאָלק, דורך אַריבערפירן אַ סך אידן צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. איך ווייז אָן וויפיל פון אָט דעם ציל ווערט דערגרייכט דורך אונדזער „החלוץ"־באַוועגונג. מיר האָבן דאָן פאַרמאָגט אַרום 150 טויזנט חברים אין דער „החלוץ" וועלט־באַוועגונג, פון וועלכע עטלעכע צענדליק טויזנט האָבן אויך דורכגע־מאַכט הכשרה און די וואָס האָבן דורכגעמאַכט הכשרה, זיינען שוין דורכדעם אַריינגעטראָטן אין די פּראָדוקטיווסטע באַשעפטיקונגען וואָס די וועלט־ווירט־שאַפט פאַרמאָגט. דאָס האָט געמיינט אַז אונדזער באַוועגונג, דווקא ווייל זי איז געווען פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל, האָט אַריינגעבראַכט אין פּראָדוקטיווער אַר־בעט פיל פיל מער אידישער יוגנט, ווי אַלע אַנדערע פאַרזוכן אויף דעם געביט מצד אַלע ניט־ציוניסטישע כוחות האָבן באַוויזן אַריינצוברענגען.

אינעם צווייטן אַרטיקל וועלכן איך גיב דאָ איבער האָב איך געשריבן:

## יזז

אינעם ערשטן אַרטיקל האָב איך מיך באַמיט צו באַווייזן, אַז דאָס פּראָ־דוקטיוויזירן די אידישע מאַסן אין גלות שטייט ניט אין קיין סתירה צו אַן עקסטרעמער א״י׳דיקער אידעאָלאָגיע. פאַרקערט: וואָס מער מען איז קאָנ־צענטרירט אויף ארץ־ישראל, אַלץ מער אויפמערקזאַמקייט מוז מען קאָנצענ־טרירן — אַלץ מער ענערגיע מוז מען אָפּגעבן דער אַרבעט פון פּראָדוקטיווי־זאַציע. ווי האַלט עס מיט דער צווייטער וויכטיקער גלות־אויפגאַבע: פאַר־שטאַרקן אונדזערע נאַציאָנאַל־קולטורעלע פּאָזיציעס אין גלות גופא?

אָבער וואָס איז דער פּשט פון פאַרשטאַרקן אונדזערע נאַציאָנאַל־קולטו־רעלע פּאָזיציעס? — עס מיינט ברענגען אידישע קולטור־ווערטן צו וואָס־אַ

גרעסערער צאָל אידן, יחידים און גרופּן, כדי דער קולטור־סך־הכל פון אידישן פֿאָלק זאָל זיין אַ רייכערער. די ממשות׳דיקע אַרבעטן אויף דעם געביט זיינען: אידישע דערציאונג פאַר קינדער דורך בויען שול־און אויסער־שול אַנשטאַלטן, אידישע דערציאונג פאַר דערוואַקסענע, אויפשטעלן ביבליאָטעקן, לייען־קרייזן, פאַרשפּרייטן אידישע ליטעראַטור און קונסט, בויען אַנשטאַלטן פאַר העכערער אידישער בילדונג, אַנטוויקלען אין אידישע מאַסן דעם באַוואוסטזיין פון גלייכער חשיבות פון דער אידישער קולטור מיט די קולטור־אייגנאַרטן פון אַנדערע פעלקער, כדי אויסצעוואָרצלען פון אונדזערע הערצער דעם אינפעריאָריטעט קאָמפּלעקס. דאָס און ענלעכע אַרבעטן זיינען כלפּי פּנים און כלפּי חוץ — קאַמף פאַר אַזעלכע פּאָליטישע פאָרמען אין לענדער פון אידישע מאַסן־ישובים, וועלכע זאָלן אויפהיטן די אויטאָנאָמע עקזיסטענץ פון דער אידישער מינאָריטעט און געבן איר דעם מאַקסימום מעגלעכקייט פאַר דעם אויסדרוק פון איר נאַציאָנאַלער אייגנאַרט.

עס איז קלאָר, אַז מער ווי וועלכע ס׳איז אַנדערע גרופּירונג אין אידישן לעבן, איז אין אָט דעם פּראָצעס פאַראינטערעסירט דער עקסטרעמער מאמין אין דער אומגעהויערער ראָלע וואָס א״י מוז שפּילן אין אונדזער צוקונפט. ער קען ניט בלייבן גלייכגילטיק צו אַרבעטן אָן וועלכע עס איז אָנפּהענגיק די מאָס פון קולטור־עשירות וואָס אידישע מאַסן וועלן מיטברענגען קיין א״י; און ער ווייס, אַז אויב חלילה דער אידישער אָרגאַניזם זאָל ווערן קולטור־אָרעם אין די גלות־לענדער, וועט ער מיט זיך ברענגען קולטור־קבצנות קיין ארץ־ישראל.

ווי זעען טאַקע באמת אויס די אַקטיוויטעטן פון די גלות׳יסטן און א״י׳ליסטן אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר אויף אַלע אויבן־אויסגערעכנטע געביטן, וועלכע באַצוועקן צו פאַרשטאַרקן אונדזערע נאַציאָנאַל־קולטורעלע פּאָזיציעס אין גלות? איז דאָ באַרעכטיקט די טענה, אַז קאָנצענטרירנדיק כוחות אויף א״י פאַרוועגדן מיר וויניקער כוחות אויף אַזעלכע אַרבעטן אין גלות?

איך וויל אָפן דערקלערן: איך זאָג זיך אָפּ צו דיסקוטירן אַזעלכע פראַגן מיט מענטשן וועלכע מיינען, אַז העברעאיש געהערט ניט צו די אידישע קולטור אוצרות און אַז פאַרשפּרייטן קולטור דורך העברעאיש קען דעריבער ניט אַריינגערעכנט ווערן אין דער קאַטעגאָריע פון אַרבעטן וואָס הויבן דעם קולטור־ניוואָ פון אידישן פאָלק. אָפּגעזען פון דעם זייער וויכטיקן וויכוח וועגן דער היסטאָרישער ראָלע וואָס סיי העברעאיש, סיי אידיש האָבן געשפּילט און וועלן אין דער צוקונפט שפּילן אין אונדזער קולטור־לעבן, נעם איך פאַר דער איצטיקער באַטראַכטונג אָן, אַז אין חשבון דאַרפן אַריינגיין אַלע קולטור־אַרבעטן סיי אין און דורך העברעאיש, סיי אין און דורך אידיש. מען דאַרף פאַרגלייכן

די מאָס פון אַזעלכע אַרבעטן, וואָס ווערן געפירט פון די באַוועגונגען, וועלכע האָבן אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו א״י, מיט דער מאָס פון אַזעלכע אַרבעטן פון די גלות־יסטישע, דאָ־איסטישע ריכטונגען. וואָס וועט אַזאַ פאַרגלייך אַרויס־ברענגען?

* * *

שול און אויסער־שול דערציאונג פאַר קינדער — ווער האָט אָט די לאָזונ־גען אין דעם אידישן לעבן געוואָרפן און ווער האָט זיי אין אַ גרעסערער מאָס פאַרווירקלעכט? איך רעכן דאָ ניט אַריין די דערציאונגס־אַרבעט פון אונדזערע אַלטע חדרים און ישיבות. ניט חלילה אויס זלזול באַציאונג צו זייער ראָלע אינעם קיום פון דער אידישער אייגנאַרט. פאַרקערט. איך גיב צו בקול רם, אַז אָט די אידישע דערציאונגס אַנשטאַלטן האָבן פאַר דעם קיום פון דער אייגנ־אַרטיקער אידישער קולטור אויפגעטאָן מער, ווי אַלע פאַרזוכן פון אַלע גרופּן, וועלכע בויען וועלטלעכע שולן פון פאַרשיידענע טיפּן און סאָרטן. אינעם פאַר־גלייך וואָס מיר דאַרפן איצטער מאַכן, קענען אָבער די דאָזיקע קולטור־אַרבעטן ניט אַריינגיין. ווייל דער פאַרגלייך דאַרף אונדז באַווייזן וועלכע גרופּן פון די וואָס פירן סעקולערע, וועלטלעכע דערציאונג, האָבן מער צוגעטראָגן צו דער אויפהאַלטונג, באַרייכערונג און פאַרטיפונג פון אונדזער אייגנאַרט. איך ווייס אַז איך באַרויב דווקא אונדז, ארץ־ישראל׳יסטן, פון אַ גרויסן כוח, וואָס וואָלט אונדזער וואָג פאַרגרעסערט. ווייל יענע וואָס האָבן אָנגעפירט מיט די אַלטע אידיש־רעליגיעזע דערציאונגס־אַנשטאַלטן, האָבן זיכער פאַרמאָגט אין זייערע הערצער אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו א״י. איך ווייס אָבער דעם אַרגומענט וואָס דער גלות׳יסט קען מיר געבן: יענע אידן האָבן זייערע א״י תשוקות נאָר אין זייערע נשמות אויסגעלעבט, זיי האָבן ניט געדאַרפט פאַרווענדן אַזוי פיל ממשות־דיקע ענערגיע אויף בויען א״י, ווי מיר, א״י׳ליסטן, פאַרווענדן און ווי מיר ווילן אַז דאָס גאַנצע פאָלק זאָל פאַרווענדן, וואָס צוליב דעם דאַרף אונדז בלייבן ווייניק ענערגיע פאַר גלות־אַרבעט. שליס איך פון חשבון אויס די אומגעהויער גרויסע נעץ פון אידיש־רעליגיעזע דערציאונגס־אַנשטאַלטן און פאַרגלייך די אַרבעט פון ציוניסטן פון אַלע ריכטונגען מיט גלות׳יסטן פון אַלע ריכטונגען אויפן אַזוי־גערופענעם מאָדערנעם דערציאונגס געביט.

עס איז, ווי מיר דאַכט, געננוג די פראַגע צו שטעלן, און דער ענטפער קומט שוין ממילא צו יעדן איינעם, וואָס פאַרמאָגט כאָטש אַביסל אינפאָרמאַציע וועגן די אַקטיוויטעטן פון אידישע מאַסן אין דער גאַנצער וועלט. נאָך איידער די גלות׳יסטן האָבן זיך באַוויזן ווי אַ באַוועגונג ביי אידן, האָבן ציוניסטן גע־בויט שולן. זיי האָבן געפירט דעם גרויסן קאַמף פאַר חדרים מתוקנים. זיי האָבן

געבויט מוסטער־שולן פאַר קינדער דערציאונג, פון וועלכע די גאַנצע מאָדערנע שול־באַוועגונג, אויך די אידישיסטישע, האָבן געלערנט. עד היום זיינען מיר געבליבן אין זכרון צוויי שולן, געפירט פון ציוניסטן, נאַטירלעך, מיט העברע־איש אַלס אונטעררריכט־שפּראַך, וועלכע איך האָב באַזוכט אין דער שטעטעלע אונגען, אויף דער בעסאַראַביש־רומענישער גרענעץ. נאָכדעם ווי איך האָב באַזוכט כמעט אַלע אידישיסטישע שולן פון פוילן, אריינגערעכנט די שטאָט ווילנע, וואו די אידישיסטן האָבן דאָן פאַרמאָגט די בעסטע שולן, וואָס איך האָב באַגעגנט אין אַן אינספּעקציע פון דעם אידישן שול וועזן. זיי זיינען אגב אויך געווען צווישן די עלטסטע שולן וואָס איך האָב באַזוכט, ווייל די ציוניסטן האָבן זייער שול־אַקטיוויטעט אָנגעהויבן מיט יאָרן פריער איידער שול טעטיקייט אויף אידיש האָט זיך אָנגעהויבן.

אין דער בויאונג פון יענע שולן האָבן די גלות׳יסטן קיין חלק ניט געהאַט. דאַקעגן, אין בויען די שולן אויף אידיש האָבן ציוניסטן שוין גאָר אַ גרויסן חלק געהאַט. אין פילע שטעט און שטעטלעך האָב איך געטראָפן ציוניסטן (וועגן פועלי־ציון איז דאָך אָפּגערעדט, זיי זיינען געווען צווישן די איבערגעבנסטע אַרבעטער פאַר די שולן אין אידיש), וועלכע האָבן אַ גרויסן טייל פון זייער אַקטיוויטעט אָפּגעגעבן דער שול אויף אידיש.

פאַרגלייכן מיר לאַנד נאָך לאַנד איז אין ליטע (איידער דער פאַשיזם האָט אונטערגעהאַקט די מעגלעכקייט פון זעלבסט־טעטיקייט ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג), וואו די מאָדערנע אידישע דערציאונגס־אַרבעט האָט דערגרייכט איר העכסטן שטאַפּל צווישן אַלע גלות־לענדער, האָבן די ציוניסטן אויפגעבויט ווייניקסטנס 90 פּראָצענט פון אַלע דערציאונגס־אַנשטאַלטן. אין פוילן, וואו די אידישע דערציאונגס אַרבעט האָט דורכגעמאַכט זיג־זאַגן פון עליה און ירידה, האָט אָבער אַלעמאָל די מאָס פון ענערגיע וואָס א״י׳יסטן האָבן אַריינגעגעבן אין דער שול אַרבעט איבערגעשטיגן די מאָס ענערגיע פון די גלות׳יסטן. די שולן מיט העברעאיש אַלס אונטעררריכט־שפּראַך זיינען געשפּייזט געוואָרן דורכאויס פון ציוניסטישער ענערגיע. אַ חלק פון די שפּייז פאַר שולן מיט אידיש אַלס אונטערריכטס־שפּראַך איז אויך געווען צו פאַרדאַנקען דער ענערגיע פון ארץ־ישראל׳יסטן. קיינמאָל איז ניט געווען אַזאַ צייט ווען די צאָל אידישע קינדער, דערצויגן אין אַנשטאַלטן וואָס ווערן געפירט פון ציוניסטן, זאָל זיין קלענער פון דער צאָל קינדער אין אַנשטאַלטן אָנגעפירט פון גלות׳יסטן. אין יאָרן ווען אידישע דערציאונגס־אַנשטאַלטן אין מזרח־אייראָפּע האָבן זיך דערנערט פון מיטלען וואָס דער „דזשאָינט" האָט אַהין געשיקט, זיינען די ציוניסטיש־העברעאיסטישע אַנשטאַלטן געווען די געקריוודעטסטע. פאַר די אַר־

טאָדאָקסישע אַנשטאַלטן האָט געזאָרגט די דאָמאָלסדיקע סענטראַל רעליף. פאַר די אידישיסטישע אַנשטאַלטן האָט געזאָרגט די פיפּלס רעליף. פאַר די העברעאיש־ציוניסטישע אַנשטאַלטן האָט געדאַרפט זאָרגן די אַמעריקען דזשואיש רעליף־קאָמיטע. האָט טאַקע די „נאַרונג" אַזוי אויסגעזען. איך איבערטרייב זיכער ניט, ווען איך מאַך די באַהויפּטונג, אַז פון „דזשאָינט" נאַרונג האָבן די ציוניסטיש־העברעאישע שולן געקראָגן פּראָפּאָרציאָנעל ניט מער ווי אַ פערטל פער־קינד, פון דעם סכום וואָס עס האָבן געקראָגן די אָרטאָדאָקסישע און אי־דישיסטישע דערציאונגס־אַנשטאַלטן. די ציוניסטן און די ארץ־ישראל׳יסטן האָבן געמוזט פון אייגענע כוחות דערלייגן דעם אונטערשייד, און זיי האָבן אַזוי טאַקע געטאָן. זיי האָבן טאַקע זייער שול־נעץ פאַרגלייכסמעסיק בעסער פאַר־פונדעוועט ווי די אַנדערע שול־נעצן. ווער עס קען די היינטיקע באַדינגונגען אויף דעם געביט אין פוילן, ווייס עס זייער גוט.

אַלע אַנדערע לענדער פון מזרח־איראָפּע וועלן געבן די זעלביקע רעזול־טאַטן. עס זיינען פאַראַן לענדער וואו ציוניסטיש־א"י־יסטישע ענערגיע אין דער שול־אַרבעט שטייט אַזוי פיל העכער לגבי דער גלות׳יסטישער, אַז קיין פאַר־גלייך איז גאָר ניט מעגלעך. פאַראַן לענדער וואו דער אונטערשייד איז ניט אַזוי גרויס. ניטאָ אָבער קיין איין לאַנד, וואו ציוניסטן און ארץ־ישראל׳יסטן זאָלן ניט אַריינגעבן מער ענערגיע אין אידישער נאַציאָנאַלער דערציאונג ווי די גלות׳יסטן גיבן אַריין.

און אין אונדזער אַמעריקע, וואו בלויז אַ קליינער טייל פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער באַוועגונג האָט שוין תופס געווען די באַדייטונג פון נאַציאָנאַל־אידישער דערציאונג? זאָל די שולן פון קליוולאַנד, מינעאַפּאָליס, סינסינעטי, שיקאַגאָ, וואו ציוניסטן גיבן זיך אָפּ מיט מאָדערנער דערציאונג, זיין עדות פון די דערגרייכונגען. און אין דער אידישער אַרבעטער וועלט? — ווער האָט אַ שול־נעץ אָנגעהויבן בויען — מיר, די ארץ־ישראל׳יסטן, אָדער די גלות׳יסטן? און אַפילו איצטער, וואו אונדזער אייגענע שול־באַוועגונג גייט דורך אַ ירידה־צושטאַנד, האָבן מיר זיך צו שעמען לגבי גלות׳יסטישע ריכטונגען אין דער אידישער אַרבעטערשאַפט? אונדזערע שולן, דאָרטן וואו מיר האָבן זיי, געהערן צו די בעסערע שול־טיפּן, און עס וואָלט געווען אַ גרויסער טעות צו מיינען, אַז מיט דער אַרבעט פאַר „אונדזערע" שולן שעפּט זיך אויס די ענערגיע, וואָס אונדזערע חברים גיבן אַריין אין קולטור־אַרבעט. אויך די פראַגע געהערט צו אַ באַזונדערן קאַפּיטל, פאַרוואָס אַ גרויסער טייל פון אונדזערע חברים גיבן אַוועק זייער ענערגיע פאַר אַנדערע שול־סיסטעמען. אפשר דאַרף מען רעווי־דירן די יסודות פון אונדזער אייגענער שול־סיסטעם. אָבער צי אונדזערע

חברים זיינען געדעכט אָדער אומגערעכט אין אָט די האַנדלונגען — ענערגיע פאַר אידישע שול־אַנשטאַלטן גיבן זיי אָפּ. זייער א״י׳ליזם ניט נאָר וואָס ער שטערט זיי ניט אין דעם, נאָר ער שטויסט זיי צו גרעסערע אָנשטרענגונגען אויף דעם שול־געביט.

* * *

און טראַכטן מיר וועגן דערציאונג פאַר דערוואַקסענע, קען מען דאָך אָנהויבן פון אַמעריקע. איז עס בלויז אַ צופאַל וואָס אונדזער באַוועגונג האָט אויפגעבויט דעם לערער סעמינאַר און האָט אים דערפירט צו דעם צושטאַנד, וואו ער קען פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ הויך־שול פון אידישע לימודים פאַר דערוואַקסענע? מען קען אפשר האָבן טענות צום סעמינאַר, אָבער די וויכטיקייט פון זיין סאַמע עקזיסטענץ קען קיינער ניט לייקענען. דער א״י׳ליזם פון אונדזער באַוועגונג האָט זיכער ניט געשטערט דעם לערער סעמינאַר. דער א״י׳ליזם מעג וועלן אַביסל ענדערן דעם אינהאַלט פון סעמינאַר. פאַראַן א״י׳יסטן וואָס דענקען, אַז אַ פאַרטיפונג פון אָן א״י־אידעאָלאָגיע וועט העלפן דעם סעמינאַר, וועט אים געבן טיפן און מער היסטאָרישן פאַרנעם. מעגן יענע זיין גערעכט אָדער אומגערעכט, אָבער דעם דאָזיקן אַנשטאַלט האָט דאָך אונדזער באַוועגונג אויפגעבויט, און זי איז דאָך זיכער אַן א״י׳ליסטישע.

פאַרלאָזט מען אַמעריקע, וואו אויף דעם געביט שטייען מיר נאָך ביים סאַמע אָנפאַנג, און מען וואַרפט אַן אויג אויף אַנדערע לענדער, ווערט דאָך נאָך בולט׳ער דער שרייענדיקער אומרעכט, וואָס איינעקע פון אונדז באַגייען קעגן אונדז אַליין, ווען זיי וואַרפן אָן אויף אונדזער באַוועגונג די מורא, אַז מיר טוען ווייניקער פאַר נאַציאָנאַלער אַרבעט אין גלות ווי אַנדערע.

די החלוץ באַוועגונג אַליין לייקנט דאָך אָפּ אָט די באַהויפּטונג. וואָס איז החלוץ אויב ניט אַ דערציערישע אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַרפלאַנצט אין די הערצער פון הונדערטער טויזנטער פון אונדזער יוגנט נאַציאָנאַל־אידישן אינהאַלט? ווער נאָך פאַרמאָגט אַזאַ באַוועגונג, ווער קען פאַרמאָגן אַזאַ באַוועגונג, וואָס איר הויפּט אויפגאַבע זאָל זיין עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד צו האַלטן אָרגאַניזירט אידישע בחורים און מיידלעך און שפּייזן זיי מיט אינטענסיווער קולטור־אַרבעט און אָנפילן זייערע נשמות מיט אידיש־קולטורעלע ווערטן? די פיזישע אַרבעט לערנען זיך בלויז אַ קליינע צאָל, וועלכע גייען אויף הכשרה. אויך דאָרטן ווערן פאַרגעזעצט די קולטורעלע אַרבעטן. אָבער די קולטור־אַרבעט ווערט געפירט אויף דעם גאַנצן שטח. שטענדיק געפינען זיך 150 טויזנט בחורים און מיידלעך אונטער דער אָרגאַניזירטער פליכט פון לערנען, פון אַריינציען אין זיך וואָס מער פון אידישע און מענטשלעכע קולטור־ווערטן.

און אָט דער קוואַל ווערט אפילו ניט אָפּגעשטעלט דורכדעם וואָס גרויסע מאַסן פאָרן אָפּ קיין א״י. זייערע פּלעצער פאַרנעמען נייע מאַסן. 150 טויזנט בחורים און מיידלעך וואָס געפינען זיך אין גלות, מאַכן רייכער, דורך זייערע שטענדיקע קולטור־אַרבעטן, דעם סך־הכל פון קולטור־פאַרמעגן פון אידישן פאָלק. דאָס, וואָס זיי זיינען פאַרבונדן מיט א״י, איז נאָך אַן איבעריקער באַווייז, וואָס פאַר אַ גרויסער שקר עס שטעקט אין דער באַהויפּטונג, אַז ווער עס וויל מער א״י, מוז וועלן ווייניקער נאַציאָנאַלע דערציאונג אין גלות.

זיכער קען מען דאָ ניט זאָגן, אַז וואָס גרעסער ארץ־ישראל וועט וואַקסן, אַלץ שוואַכער וועט ווערן די דאָזיקע אַרבעט. פאַרקערט, אָפּגעשוואַכט קען ווערן אָט די גרויסע אַרבעט, נאָר ווען די בוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל וועט ווערן שוואַכער. וואַקסט די בוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל, מוז וואַקסן אויך אָט די אַרבעט פון אַריינגיסן וואָס מער אידיש־קולטורעלן אינהאַלט אין וואָס אַ גרעסערער צאָל אידישע בחורים און מיידלעך.

פרעג איך ווידער: פאַרוואָס אַן אַרבעט וואָס ווערט אָנגעפירט פון גלות־יסטן, וואָס זוכן אָנצופילן מיט אידישן נאַציאָנאַל־קולטורעלן אינהאַלט בלויז אייניקע טויזנט אידישע בחורים און מיידלעך, הייסט זי יאָ אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַרבעט אין גלות, און אַ טעטיקייט וואָס האַלט אין אָנפילן מיט אידישן נאַציאָנאַל־קולטורעלן אינהאַלט הונדערטער טויזנטער פון דער אידישער יוגנט, בלויז ווייל זי איז יאָ פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל, טאָר ניט הייסן נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַרבעט אין גלות?

הלוואי וואָלטן אַלע חלוצים געקענט פאָרן קיין ארץ־ישראל. דער אמת איז דאָך, ליידער, ניט אַזוי. די צאָל דערצויגענע יוגנט אין החלוץ וועלכע וועלן זיין געצוואונגען צו בלייבן אין גלות, וועט נאָך אַלץ זיין גרעסער ווי די צאָל דערצויגענע יוגנט פון די גלות׳יסטן. טאָ מיט וואָס האָט זיך אויך דאָ דער גלות׳יסט איבערצונעמען און מיט וואָס איז אויך דאָ באַרעכטיקט דער אינפעריאָריטעט קאָמפּלעקס ביי אונזער חבר, אַז זיין באַוועגונג זינדיקט קעגן נאַציאָנאַלער אַרבעט אין גלות?

אפשר קען זיך אירגענד אַן אַנדער באַוועגונג פאַרגלייכן מיט דער החלוץ באַוועגונג אין דער צאָל אויפגעבויטע ביבליאָטעקן, אין דער צאָל פון לייענער קרייזן, אין דער מאָס פון פאַרשפּרייטונג פון דער אידישער און העברעאישער פּרעסע און ליטעראַטור, אין דער צאָל ביכער וואָס ווערן געלעזן פון די אָרגאַניזירטע גרופּן? איז פאַראַן אַן אַנדער „דאַאיקייט״־באַוועגונג, וועלכע קאָן זיך פאַרגלייכן מיט דער החלוץ־באַוועגונג אין אַנטוויקלען צווישן אידישע מאַסן דעם באַוואוסטזיין פון גלייכער חשיבות פון אונזער נאַציאָנאַל־קולטורעלער

אייגנאַרט? איז פאַראַן אַן אַנדער באַוועגונג וואָס קען זיך פאַרגלייכן מיט החלוץ אין אַנטוויקלען דעם געפיל פון נאַציאָנאַלער ווערדע אין אונזער יוגנט —אדרבה, וואו איז עס יענע באַוועגונג? וואו איז עס יענע באַוועגונג, וועלכע טוט אַזעלכע אַרבעט, וואָס איז מער מסוגל צו שטאַרקן אונזער נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין אין די גלות לענדער, ווי די החלוץ־באַוועגונג? — אַזאַ באַוועגונג איז ניטאָ און זי קען ניט זיין.

ווייל אויך דאָ ווירקט דער פאַקט, וואָס דער ארץ־ישראל׳יסט האָט א צווייפאַכן טעם, פאַרוואָס ער זאָל וועלן וואָס מער נאַציאָנאַלע אַרבעט אין גלות: ערשטנס, כדי דער לעבעדיקער איד זאָל אומעטום וואו ער לעבט קענען דערגרייכן דעם מאַקסימום פון קולטורעלער דערהויבונג, און צווייטנס, — דער גאַנצער אידישער אָרגאַניזם דאַרף פאַרמאָגן מער קולטור, כדי יענער טייל פון אָט דעם אָרגאַניזם, וואָס טראָגט זיך איבער קיין ארץ־ישראל, זאָל מיט זיך מיטברענגען וואָס מער אידישע קולטור. דערפאַר איז אונזער פאַרנעם אַ ברייטערער, און די מזל־ברכה פון אונזער דערציאונגס־ווערק פיל גרעסער.

פאַראַן צווישן אונז אַזעלכע ארץ־ישראל׳יסטן, און איך געהער צו זיי, וועלכע מיינען, אַז נאָר אידיש־קולטורעלע דערציאונג, סיי פאַר קינדער, סיי פאַר דערוואַקסענע, וואָס איז פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל, קען פאַרמאָגן דויערהאַפטיקייט, אַז אַ דערציאונג וואָס שליסט אויס ארץ־ישראל איז פאַר׳משפט אויף אויבערפלעכלעכקייט, אויף נאַציאָנאַלע פּרוכטלאָזיקייט. קען מען יאָ אָדער ניט מסכים זיין מיט אָט דער שטעלונג. מען קען אָבער ניט און מען טאָר ניט זיך און אַנדערע איינריידן, אַז דער ארץ־ישראל׳יסט וויל ווייניקער אידישע נאַציאָנאַל־קולטורעלע דערהויבונג אין גלות, ווי דער ניט־ אָדער אַנטי־ארץ־ישראל׳יסט.

בין איך אויף דעם געביט צופרידן? אויך דאָ ווייט ניט. החלוץ האָט נאָך אַ סך צו פאַרריכטן אין זיין דערציאונגס־סיסטעם. אַלע אונזערע שול־אַרבעטן אין גלות מעגן זיך נאָך פיל פאַרבעסערן. אָבער ארץ־ישראל׳יסטן האָבן זיך זיכער ניט צו שעמען לגבי יענע וואָס מיינען, אַז אידישע דערציאונג אין גלות איז זייער פעלד. אונזער חלק איז שטאַרקן, פאַרטיפן און פאַרוואָרצלען אידישנאַציאָנאַלע קולטור אין די אידישע מאַסן פון גלות, איז אַ סך אַ גרעסערער ווי דער חלק פון אַלע גלות׳יסטן.

* * *

עס בלייבן איבער נאָך אייניקע דערגענצונגען. וועגן יעדע פון זיי האָט מען געקענט באַזונדער און לאַנג שרייבן. גענוג אָבער פאַר דער היינטיקער טעמע זיי בלויז אָנצוצייכענען.

צווישן די פראַגן פון גלות פאַרנעמט זיכער אַ וויכטיקן אָרט פּאָליטישער קאַמף פאַר אונזערע רעכט אין גלות. טאָ זאָל אַן אומפּאַרטייאישער פאָרשער פעסטשטעלן, צי דער ציוניסט און ארץ־ישראל׳יסט האָט אויך אויף דעם שטח ניט מער צו פאַרצייכענען אויף זיין קרעדיט ווי דער גלות׳יסט. איז עס בלויז אַ צופאַל, וואָס אַלע פאָרמען פון אָרגאַניזאַציעס און דעלעגאַציעס וואָס האָבן געפירט און פירן אויך איצטער דעם קאַמף פאַר אידישע רעכט אין אַלע לענדער פון אידישן ישוב, זיינען געווען און זיינען אויך איצט מערסטנס ציוניסטיש? פאַר מיר איז דאָס גאָר ניט קיין וואונדער. דער קאַמף פאַרן קיום פון אידישן פאָלק איז די סאַמע לופט וועלכע עס אָטעמט אין בסדר דער ציוניסט, דער ארץ־ישראל׳יסט.

פאַראַן נאָך אַ אידישער גלות־פּראָבלעם: אידישע וואַנדערונג. אַרום יע־דער נייער מעגלעכקייט, וואָס באַווייזט אַריינצוברעכנגען עטלעכע הונדערט נייע איינוואַנדערער אין אַ לאַנד, קלאַמערן זיך אַלע גלות׳יסטן. און זיי טוען זייער גוט. אַלע דאַרפן העלפן געפינען וואָס מער נייע איינוואַנדערונגס־פּלעצער פאַר אידישע מאַסן. אָבער פאַרוואָס איז די איינוואַנדערונג פון עטלעכע הונדערט אידישע אימיגראַנטן קיין בראַזיל, למשל, יאָ אַ פּראָבלעם וואָס דאַרף באַ־שעפטיקן יעדן גלותיסט און די איינוואַנדערונג פון צענדיקע טויזנטער אידן יערלעך קיין ארץ־ישראל ניט קיין פּראָבלעם פאַרן גלות׳יסט? ליגט אין דעם אַן אַטעסטאַציע פאַרן גלות׳יסט פון גרעסערן אינטערעס פאַרן שיקזאַל פון גלות־אידנטום?

פאַראַן נאָך אַ פּראָבלעם פון גלות: קאַמף פאַרן סאָציאַליזם אין די לענ־דער וואו מיר געפינען זיך. דאָס איז ניט קיין פּראָבלעם פאַרן גאַנצן אידישן פאָלק אַלס אַזעלכן. דאָס איז אָבער אַ פּראָבלעם פאַר אידישע סאָציאַליסטן. און דאָ איז אויך דאָ אַ צעטיילונג. אידישע סאָציאַליסטן, וואָס זיינען אָדער ניט פאַראינטערעסירט, אָדער אינגאַנצן קעגן ארץ־ישראל, ריידן זיך איין און פּרוּ־בירן אויך אַנדערע איינריידן, אַז זיי טוען מער סאָציאַליסטישע אַרבעט אין גלות, ווי מיר, אידישע סאָציאַליסטן, וועלכע זיינען יאָ פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל.

עס געהערט ניט צו דער אָפּהאַנדלונג די פראַגע, פאַרוואָס אידישער סאָציאַליזם איז פאַרהעלטנישמעסיק אַזוי סטעריל אין די גלות־לענדער. אָבער דאַרף די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג זיך, חלילה, שעמען לגבי אַנ־דערע אידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונגען אויך אויפן געביט פון סאָציאַליס־טישן שאַפן אין די גלות־לענדער? וועלכער באַוועגונג איז געלונגען איבערצו־פירן צו אַן אמת־סאָציאַליסטישער לעבנס־פאָרמע צענדליקער טויזנטער אי־

דישע בחורים און מיידלעך אין גאַנץ אייראָפּע — די גלות׳יסטיש סאָציאַליסטי־שע אָדער אונזער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע? ווער האָט אויפגעבויט די קבוצה־הכשרה אין אַלע גלות לענדער, וועלכע פירן אַ פולשטענדיקן קאָלעק־טיוויסטישן לעבן? דאָ קען אַפילו ניט גילטן די טענה, וואָס די בחורים און מיידלעך פאָרן אַוועק קיין ארץ־ישראל. די קבוצי הכשרה, ווי אַנשטאַלטן, בלייבן דאָך שטענדיק אין גלות און זיי שטייען קיינמאָל ניט ליידיק. פאָרן אַוועק עט־לעכע טויזנט אין אַ האַלבן יאָר, ווערן זייערע פּלעצער תיכף פאַרנומען פון אַנדערע, נייע. דאָס זיינען אייביקע צעלן פון סאָציאַליסטישן צוזאַמענלעבן. אַ נייע לעבנס־פאָרמע פאַר זיך און אַ לעבעדיקער, אַרויסרופנדיקער ביישפּיל פאַר אַנדערע, סיי אידישע, סיי ניט־אידישע מאַסן. קען גאָר די סאָציאַליסטישע גלות׳יסטישע באַוועגונג זיך פאַרמעסטן צו אַזאַ גרויסער ממשות׳דיקער סאָ־ציאַליסטישער בוי־אַרבעט?

בין איך צופרידן מיט דער מאָס פון סאָציאַליסטישער אַרבעט וואָס מיר טוען אין די גלות־לענדער? — ווידעראַמאָל: ווייט ניט. אָבער אין פאַרגלייך מיט די גלות׳יסטישע סאָציאַליסטן זיינען מיר דאָך אַ גרויסע סאָציאַליסטישע שעפערישע קראַפט. און אַלץ דווקא דערפאַר ווייל מיר פאַרבינדן אונזערע אַקטיוויטעטן מיט ארץ־ישראל. ווייל אָן אַ פאַרבינדונג מיט ארץ־ישראל וואָלטן מיר אויך די ריין־סאָציאַליסטישע בוי־אַרבעט ניט געקענט פירן.

פאַלש איז דעריבער די איינשטעלונג פון דאָ׳איקייט און דאָרטיקייט ווי צוויי הפוכים, ווי צוויי קעגנזאַצן. אמת איז, אַז דאָ׳איקייט און דאָרטיקייט באַ־קעמפן זיך ניט איינע די אַנדערע, נאָר זיי דערגענצן זיך. נאָך מער: וואו עס איז מער דאָרטיקייט, ווייזט זיך אַרויס אַז עס ווערט שוין ממילא מער דאָ־איקייט־אַרבעט אויף אַלע געביטן פון אונזער לעבן אין גלות. דווקא אונזער עקסטרעמער ציוניזם ברענגט אונז צו מער אַקטיוויטעט אין גלות. אמת איז, אַז אַלע גלות־אַקטיוויטעטן, סיי ווירטשאַפטלעכע, סיי קולטורעלע, סיי סאָ־ציאַלע, ווען זיי זיינען פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל, ברענגען שנעלערע און בעסערע רעזולטאַטן. און די סיבה איז אַ פּשוט׳ע: אַלע אַרבעטן ווערן געפירט אין איין־און־דעמזעלבן אָרגאַניזם, וואָס איז דאָס אידישע פאָלק, און ביי די ארץ־ישראל׳יסטן איז קיום הלאום איינער פון די וויכטיקסטע יסודות פון זייער אידעאָלאָגיע. מוזן זיי טאָן אַלץ צו האַלטן געזונט אָט דעם אידישן פאָלקס־אָרגאַניזם אומעטום. קען שוין דעריבער ארץ־ישראל ניט אָפּשוואַכן די אַר־בעט אין גלות, מעג דער טרעגער פון דער ארץ־ישראל אידעאָלאָגיע זיין אַזאַ עקסטרעמער „שולל הגלות״ ווי איך בין עס.

אונזער באַוועגונג איז אַ באַוועגונג פון לעבעדיקע מענטשן. זי איז אַ דיי־

נאַמישע באַוועגונג. עס קומען אין איר פאָר ענדערונגען, עס אַנטשטייען דערי־בער מיינונגס־פאַרשיידנהייטן וועגן פאַרשיידענע נייע פראַגן. די אַלע חלוקי דעות זיינען אַ געזונטע דערשיינונג. אָבער זייער אַ קראַנקע דערשיינונג איז — צו פאַרפירן אַזעלכע דיסקוסיעס אויף פאַלשע רעלסן. ניטאָ קיין גרעסערער און קיין מער שעדלעכער טעות פאַר אונזער באַוועגונג, ווי אָט די איינרעדעניש, אַז אונזערע מיינונגס־פאַרשידנהייטן שטאַמען פון צוויי קעגנזעצלעכע איינ־שטעלונגען: איינע, אַן עקסטרעם־ארץ־ישראל׳דיקע און די צווייטע אַן עק־סטרעם גלות׳יסטישע.

וואָס שנעלער אונזער באַוועגונג וועט פטור ווערן פון אָט דער געפערלע־כער איינטיילונג, וואָס איינעקע זוכן אין איר אַריינצוברענגען, אַלץ געזינטער וועט זיין סיי פאַר אונזערע ארץ־ישראל אַרבעטן, סיי פאַר אונזערע גלות־אַרבעטן, סיי אויך פאַר אונזער באַוועגונג.

# נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט-מלחמה

## א

מיט וואָס ס׳האָט זיך פאַרענדיקט דער 21סטער ציוניסטישער קאָנגרעס איז גוט באַוואוסט. סײ־ווי פאַרמאָג איך ניט גענוג טאַלענט בכדי צו קענען שילדערן די צעטומלונג וואָס האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט, אינעם לעצטן טאָג פון קאָנגרעס, ווען עס איז אָנגעקומען די שרעקלעכע ידיעה, אַז היטלער איז באַפאַלן פוילן. די דיסציפּלין פון אַ געאָרדנטער אסיפה איז באַלד צוזאַמענגעבראָכן. יעדער דעלעגאַט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַרן פּערזענלעכן פּראָבלעם ווי צוריקצוקומען אַהיים און וואָס אָמשנעלסטן. די דעלעגאַטן פון פוילן זיינען געווען די אָממערסטן־פאַרצווייפלטע. זיי האָבן דאָך אַוודאי געוואָלט קומען וואָס שנעלער צו זייערע היימען, כדי צו זיין צוזאַמען מיט זייערע משפחות אין די טעג פון אומגליק. יעדער איינער וואָס איז געבליבן לעבן נאָך דער קאַטאַסטראָפע האָט זיכער געהאַט פיל צו דערציילן פון זיינע איבערלעבונגען אין יענע שרעקלעכע טעג. אָבער איך קען נאָר דערציילן דאָס וואָס מיט מיר און מיין משפחה האָט דאַן פּאַסירט.

מיין פרוי און איך זיינען געווען דעלעגאַטן צום קאָנגרעס. מיין עלטערע טאָכטער איז אין יאָר 1938 געפאָרן קיין שיקאַגאָ, וואו זי האָט געדאַרפט באַקומען איר דאָקטאָראַט אין דער דאָרטיקער אוניווערזיטעט. מיין אינגערע טאָכטער נעמי איז געבליבן וואוינען אין תל־אביב מיט אונזער אַלטער חברה און זייער נאָענטער פריינדין גאָלדע מאיר. פילנדיק אַז די מלחמה דערנענטערט זיך האָט חברה גאָלדע באַשלאָסן מיטצוברענגען אונזער נעמי׳ן מיט איר קיין גענף. זי האָט באַשלאָסן אַז דאָס יונגע מיידל דאַרף אין אַזעלכע אומזיכערע צייטן זיין צוזאַמען מיט איר טאַטע־מאַמע.

די פירער פון דער הסתדרות און פון דער פּאַרטיי, וואָס זיינען געווען אין גענף, האָבן אָפּגעהאַלטן אַן עמוירדזשענסי־זיצונג בכדי צו באַטראַכטן וואָהין

די פאַרשיידענע חברים זאָלן פאָרן. נאַטירלעך איז באַשלאָסן געוואָרן אַז די מערסטע קערן זיך אום קיין ארץ־ישראל. וועגן מיר איז אָבער באַשלאָסן גע־וואָרן, אַז איך מוז באַלד צוריקפאָרן קיין צפון־אַמעריקע. די חברים דוד רמז און אליעזר קאַפּלאַן, זכרונם לברכה, האָבן מיר מיטגעטיילט דעם באַשלוס און מיך אינפאָרמירט, אַז זיי האָבן שוין וועגן דעם טעלעגראַפירט קיין ניו־יאָרק. איך האָב שוין פריער געהאַט צוגעגרייט דריי פלעצער אויף אַ שיף וואָס איז אָפּגעגאַנגען קיין ארץ־ישראל. האָבן די צוויי חברים גענומען מיינע שיפסקאַרטן און זיי איבערגעגעבן דעם גרויסן ציוניסטישן מנהיג מנחם מענדל אוסישקין, זכרונו לברכה. פאַר מיין משפחה איז געלונגען צו באַקומען די לעצטע צוויי פלעצער אין טוריסט־קלאַס אויף דער שיף „מאַנהעטן", די לעצטע שיף וואָס איז אָפּגעגאַנגען פון איראָפּע קיין ניו־יאָרק, איידער די דייטשע סובמאַרינען האָבן פאַרשלאָסן דעם ים־וועג. אויפן צווייטן טאָג, ווען די „מאַנהעטן" איז שוין געווען אונטערוועגנס, איז דערהאַלטן געוואָרן די ידיעה, אַז אַנאַנדער אַמעריקאַנער שיף איז טאַקע געזונקען געוואָרן דורך אַ סובמאַרין.

די שיף־רייזע איז ניט געווען פון די אָנגענעמסטע. פאַר אונזער נעמי'ן האָט מען געדאַרפט אַריינשטעלן — צווישן די צוויי בעטן פון אונזער קאַבינע — אַ ספּעציעלע, אומבאַקוועמע סאָפּקע, אויף וועלכער זי איז געשלאָפן אַלע 8 טעג וואָס די רייזע האָט געדויערט. סוף־סוף האָבן מיר דערגרייכט ניו־יאָרק וואו עס האָט אונז באַגעגנט אונזער עלטערע טאָכטער אביבה.

דערמיט איז געקומען צו אַן אָפּשלוס דער ערשטער פאַרזוך פון מיין משפחה זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל. מיין פרוי און מיין אינגערע טאָכטער זיינען געווען אין לאַנד כמעט 7 יאָר. מיין עלטערע טאָכטער אַרום 5½ יאָר. איך אַליין, ווען איך רעכן צוזאַמען מיין ערשטן חודש אין לאַנד אין יאָר 1932 מיט אַלע באַזוכן וואָס איך האָב געמאַכט אין ארץ־ישראל צווישן איין וועלט־רייזע און דער צווייטער, האָב איך צוזאַמען אפילו קיין פולע זעקס חדשים ניט פאַרבראַכט אין ארץ־ישראל.

## ב

ווי געזאָגט אין לעצטן קאַפּיטל האָט נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה די גאַנצע מענטשהייט אָנגעהויבן לעבן אוןווירקן אין גאָר אַן אַנדער קלימאַט פון געפיל און מחשבה. שאַרפער ווי אַלע אַנדערע פעלקער האָט אַזוי אָנגעהויבן לעבן דאָס אידישע פאָלק. אַוודאי האָט אונזער אייגענע באַוועגונג אָנגעהויבן פירן אירע אַקטיוויטעטן לויט דעם דיקטאַט פון דעם נייעם געפיל און דער נייער מחשבה. זיי זיינען אַלע געווען דורכגעדרונגען מיט

דער קאַטאַסטראָפּע וואָס האָט געהאַלטן אין כסדר׳דיקן וואַקסן און מיט די פאַרשטאַרקטע האָפענונגען אויף אונזער אייגענער נאַציאָנאַלער גאולה. דאָס האָט זיך אָמ׳בולט׳סטן אויסגעדריקט אין די עפנטלעכע דעקלאַראַציעס און מאַניפעסטן וואָס אונזער באַוועגונג האָט פאָרמולירט, אין וועלכע עס זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרן אירע שטעלונגען צו די גרויסע פּאַסירונגען וועלכע זיינען דאַן געשען. אָט די פּאַסירונגען וועל איך באַלד פאַרצייכענען לויט זייער כראָנאָלאָגיע. דאַן וועל איך מיך באַמיען — דורכן פאַרעפנטלעכן טיילן פון אָט־די דאָקומענטן — צו באַצייכענען דעם חלק וואָס אונזער באַוועגונג האָט אין זיי געהאַט, גלייכצייטיק וויל איך אַרויסברענגען מיין באַשיידענעם בייטראָג צו דעם.

אויף מיין גורל איז אויסגעפאַלן צו פאָרמולירן די מערסטע פון אָט די דאָקומענטן. שרייבנדיק מיינע זכרונות איז עס, דוכט זיך, אין פּלאַץ אַז אָט די דאָקומענטן זאָלן פאַרנעמען אַן אָרט אין די קומענדיקע קאַפּיטלעך. זאָל אָבער תיכף פאַרצייכנט ווערן, אַז אפשר טיפער ווי אין אַלע פריערדיקע פּאַסירונגען — וועגן וועלכע איך האָב דערציילט סיי אין מיינע צוויי ערשטע בענד זכרונות, סיי אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך פון אָט דעם דריטן באַנד — האָט פון מיר אַרויסגערעדט ניט קיין יחיד, נאָר דאָס געוויסן פון דער גאַנצער באַוועגונג. דאָס איז אמת ניט נאָר וועגן מיר, נאָר אויך וועגן יעדן אַנדער חבר וואָס איז וואו עס איז אויפגעטראָטן אין נאָמען פון דער באַוועגונג. אַזוי און נאָר אַזוי האָבן מיר אַלעמאָל געאַרבעט. און נאָר אַזוי דאַרפן אויפגענומען ווערן אויך אַלע וויטערדיקע קאַפּיטלעך פון אָט דעם בוך.

עס איז אומפאַרמיידלעך, אַז אין אַזוי פיל דעקלאַראַציעס און מאַניפעסטן זאָל אַמאָל אַ געדאַנק נישט איבערגע׳חזר׳ט ווערן. אָבער איך גיב זיי פּאָרט אין גאַנצן — ווייל דאַן, ווען דער דאָקומענט איז צוגעגרייט געוואָרן, האָט ער מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ גאַנצע זאַך לויט יענע באַדינגונגען און אין יענער צייט ווען ער איז געשריבן געוואָרן.

אין די קומענדיקע קאַפּיטלעך וועל איך זיך בלויז באַשעפטיקן מיט די שפּיצן־געשעענישן וואָס האָבן פּאַסירט זיבנט סוף יאָר 1939 ביזן יאָר פון הקמת המדינה אין מאַי 1948. וועגן מיינע אַקטיוויטעטן צווישן אָט די שפּיצן־געשעענישן, וועל איך מער קיין פּרטים ניט דערציילן. זיי ווערן סיי־ווי פאַרטונקלט אין שאָטן פון די גרויסע פּאַסירונגען. געוויינט נאָר פעסטצושטעלן, אַז אָן אַרבעט בין איך קיינמאָל ניט געווען. כמעט שטענדיק האָב איך זיך געפונען אין וועג: אָדער אויף שיפן, אָדער אויף באַנען און אָפט זיינען שוין צוגעקומען אַפילו עראָפּלאַנען. אין זיי האָב איך פאַרבראַכט פיל מער ווי אין מיין אייגענער דירה,

מיט מיין אייגענער משפחה. איך האָב אָט די אַלע צווישן־צייטן אויסגעפילט מיט אַקטיוויטעטן אָדער פאַר דער אייגענער באַוועגונג, — בעיקר פאַרן גע־ווערקשאַפטן קאַמפּיין, — אָדער פאַר דעם אידישן וועלט־קאָנגרעס, וואו איך האָב ווידעראַמאָל איבערגענומען די אָנפירערשאַפט פון דעם אָרגאַניזאַציע־דעפּאַרטמענט.

איצט קען איך צוטרעטן אויסצורעכענען כראָנאָלאָגיש די גרויסע פּאַסי־רונגען פון יענעם קנאַפּן צענדליק יאָר. אייניקע פון די דאָזיקע פּאַסירונגען זיינען געווען פון באַדייטונג פאַרן גאַנצן אידישן פאָלק בכלל און אונזער באַ־וועגונג בפרט. אַלע פון זיי זיינען געווען פון גרויסער באַדייטונג אין די אַקטי־וויטעטן פון מיין אייגן לעבן.

## ג

א) באַזוכן אין דרום־אַמעריקע פאַרן אידישן וועלט־קאָנגרעס. אַזעלכע באַזוכן האָב איך געמאַכט פיר: אין 1941, אין 1943, אין 1945 און אין 1947. דעם דריטן באַזוך האָב איך געמאַכט צוזאַמען מיטן דעמאָלטיקן פּאָרזיצער פון דער עקזעקוטיווע פון אידישן וועלט־קאָנגרעס, דר. נחום גאָלדמאַן, אויף אַ צוזאַמענפאָר פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער אָפּטיילונגען פון אידישן וועלט־קאָנגרעס. דער דאָזיקער צוזאַמענפאָר איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דעם אָר־טיקן שטענדיקן פאַרטרעטער פון אידישן וועלט־קאָנגרעס אין דרום־אַמעריקע, דר. יעקב העלמאַן, וועגן וועמען עס וועט דערציילט ווערן שפּעטער אינעם קאַ־פּיטל וועגן „ים ושם“.

ב) סוף 1941 און אָנהויב 1942, גלייך נאָך דער יאַפּאַנעזישער אַטאַקע אויף „פּוירל־האַרבאָר“, האָב איך אַדורכגעפירט אַ לענגערע טורנע אויפן פּאַ־סיפישן ברעג פון צפון־אַמעריקע און זיך באַטייליקט אין לאָס־אַנדזשעלעס אין דער גרינדונג פון „אַמפּאַל“.

ג) סוף 1942 איז פאָרגעקומען די באַרימטע „בילטמאָר“ קאָנפערענץ, אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַטייליקט די פאַרטרעטער פון אַלע ציוניסטישע ריכטונ־גען אין צפון־אַמעריקע. די היסטאָרישע באַדייטונג אירע איז געווען אין דעם וואָס זי האָט פּראָקלאַמירט די פאָדערונג פון „אַ אידישע מדינה באַלד!“. אויף אָט דער גרויסער אסיפה האָט ניט אונזער באַוועגונג, ניט איך פּערזענלעך געדאַרפט מאַכן קיין שום דעקלאַראַציעס. ווייל אין אונזער אַלעמענס נאָמען — ווי אויך אין נאָמען פון גאַנצן וועלט־ציוניזם — האָט דאָרטן גערעדט אונזער חבר דוד בן־גוריון. ער איז געווען דער פאָרמולירער פון אָט דער היסטאָרישער פאָדערונג. זי איז אויך שטאַרק אונטערשטיצט געוואָרן דורך דעם פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, דר. חיים וויצמאַן, זכרונו לברכה.

ד) אין אויגוסט 1943 איז פֿאָרגעקומען די גרינדונג־פֿאַרזאַמלונג פֿון דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנפֿערענץ, וועלכער איך ווידמע אַ באַזונדער קאַפּיטל. אין יענעם קאַפּיטל ווערט אויך דערציילט וועגן דער צווייטער און לעצטער סעסיע פֿון דער אַמעריקאַנער אידישע קאָנפֿערענץ, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן פּונקט אין יענע טעג פֿון אויגוסט 1947, ווען אין יו־ען איז פֿאָרגעקומען די באַרימטע אָפּשטימונג פֿון דער פֿראַגע פֿון חלוקה און דער עטאַבלירונג פֿון אַ אידישן „קאָמאַנוועלט" אין אַ טייל פֿון ארץ־ישראל. אין יענעם קאַפּיטל ווערט אויך דערקלערט די סיבה פֿאַרוואָס די אַמעריקאַנער אידישע קאָנפֿערענץ ווי דער פֿריערדיקער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס (וועגן וועלכן עס איז דערציילט געוואָרן אין מיין צווייטן באַנד „זכרונות") האָט ניט מצליח געווען.

ה) אין אויגוסט 1943 האָב איך געשריבן מיין עסיי וועגן „תש"ג", וואָס איז אָפּגעדרוקט אין מיין בוך „אויפֿן וועג".

ו) אין נאָוועמבער 1944 איז אין אַטלאַנטיק סיטי, ניו־דזשורזי, אָפּגעהאַלטן געוואָרן די וועלט־קאָנפֿערענץ פֿון אידישן וועלט־קאָנגרעס. די צווייטע וועלט־מלחמה האָט דאַן דערגרייכט דעם הויך־פּונקט פֿון זייען חורבן אין דער מענטשהייט. די אידישע קאַטאַסטראָפֿע איז שוין געווען באַוואוסט כמעט אין איר פֿולן שרעקלעכן פֿאַרנעם. מיר איז אויסגעקומען — צוזאַמען מיט חבר דר. יעקב העלמאַן, וועלכער איז ספּעציעל צוליב דעם געקומען פֿון בוענאָס־איירעס קיין צפֿון־אַמעריקע — צו מאַכן אַלע צוגרייטונגען פֿאַר אָט דעם גרעסטן אידישן צוזאַמענפֿאָר במשך דער צווייטער וועלט־מלחמה. מיר איז אויך באַשערט געווען צו האַלטן איינע פֿון די שלוס־רעדעס ביי אָט דעם גרויסן אַלוועלטלעכן אידישן כינוס. ליידער האָב איך ניט געקענט געפֿינען אין מיין אַרכיוו דעם טעקסט פֿון יענער רעדע.

ז) סוף 1944, נאָכן שליסן פֿון דעם צוזאַמענפֿאָר, בלייבט דר. יעקב העלמאַן אין ניו־יאָרק. און ער, צוזאַמען מיט מיר, פֿאַרטראַכטן דעם פּלאַן פֿון „יד ושם", ניט־וויסנדיק אַז מיט אַן ערך אַ יאָר פֿריער האָט אין ארץ־ישראל אַן ענלעכן פּלאַן פֿאַרטראַכט דער חבר מרדכי שנהבי פֿון משמר העמק. דער אַלגעמיינער געדאַנק אַז עס מוז אויפֿגעשטעלט ווערן אַ זכר צו די 6 מיליאָן קרבונות איז געבאָרן געוואָרן אינעם מוח פֿון חבר דר. העלמאַן און ער האָט עס אַרויסגעבראַכט אין אַ שמועס מיט מיר. איך האָב דאַן אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן פֿון „יד ושם" אין אַלע פּרטים. מיר ביידע האָבן עס פֿאָרגעשלאָגן צו ד"ר סטיפֿן וויז און דר. גאָלדמאַן. ביידע האָבן דעם פּלאַן אָנגענומען מיט באַגייסטערונג. דער פֿולער פּלאַן ווי איך האָב אים אויסגעאַרבעט, האָב איך פֿאָרגעלייענט אויף דער לאַטיין־אַמעריקאַנישער קאָנפֿערענץ פֿון וועלט־קאָנגרעס

אין 1945, ווען דר. נחום גאָלדמאַן איז געווען צוזאַמען מיט מיר. דער פּלאַן איז דאַן פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די אידישע טעגלעכע ציַיטונגען אין בוענאָס־איירעס. דעם פולן טעקסט וועל איך איבערגעבן אין ספּעציעלן קאַפּיטל וועגן „יד ושם".

ח) אין זומער פון 1945, נאָכדעם ווי די צווייטע וועלט־מלחמה איז פאַר־ענדיקט געוואָרן, זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין לאָנדאָן דריי וויכטיקע וועלט־קאָנפערענצן: 1) די ערשטע ציוניסטישע וועלט־קאָנפערענץ נאָך דער מלחמה; 2) די אַל־איראָפּעאישע קאָנפערענץ פון אידישן וועלט־קאָנגרעס און דער וועלט־צוזאַמענפאָר פון אונזער אייגענעם „איחוד". צו דער ציוניסטישער וועלט־קאָנפערענץ זיינען דאַן געקומען אַ גרופּע פון דער אידישער בריגאַדע אונטער דער פירערשאַפט פון די ביידע שוין איצט־פאַרשטאָרבענע חברים זאב שפר און מאיר ארגוב. איך געדענק נאָך עד־היום דעם איינדרוק פון זייע־רע אויפטרעטן אויף דער קאָנפערענץ, אין וועלכע זיי האָבן געשילדערט די לאַגע פון די אידן אין די לאַגערן, ווי זיי האָבן עס אַליין געזען. נאָך אַ מער שוידערלעכן איינדרוק האָט געמאַכט אויף אַלעמען דער אויפטריט פון דעם באַרימטן געוועזענעם דעפּוטאַט פון פּוילישן סיים, דר. עמיל זאָמערשטיין, וואָס איז אויך געקומען צו דער ציוניסטישער קאָנפערענץ. דעם דר. זאָמערשטיין האָב איך געטראָפן סיי אין פּוילן, סיי אין גאַליציע, ווען איך האָב געמאַכט דעם פאַרזוך צו אָרגאַניזירן דאָס פּוילישע אידנטום. ער איז געווען אַ הויכער, ברייטפּלייציקער געזונטער מענטש, פול מיט ענערגיע און איניציאַטיווע. זיין לאַנגע באָרד איז דאַן געווען כמעט קויל־שוואַרץ. דאָ איז געשטאַנען פאַר אונז אַ צעבראָכענעם, גרייז־גרויער מענטש, וואָס פונעם גאַנצן פּנים איז דאָס בלויז שוין לאַנג אַרויסגערונען. און בלויז פון די אויגן האָט אַרויסגעשטראַלט סיי דער ווייטיק פון אויפגעלעבטע זכרונות פון דעם וואָס ער איז דורכגעגאַנגען, סיי די פרייד וואָס ער האָט זוכה געווען לעבעדיקערהייט צו באַגעגענען זיך מיט אידן און ציוניסטן פון דער גאַנצער וועלט. עד־היום קלינגט אין מיין גאַנצן געמיט דער אויסברוך פון געוויין און וויי־געשריען, וואָס האָט אַרומגע־נומען דעם גאַנצן קהל, וואָס האָט געהערט זיינע שטילע רייד וועגן דעם בראָך וואָס האָט געטראָפן דעם אידישן פאָלק. דר. עמיל זאמערשטיין איז שפּעטער געבראַכט געוואָרן קיין ניו־יאָרק. ער איז געוואָרן עטוואָס פעסטער אין זיין געזונט. אָבער צו זיינע פריערדיקע כוחות האָט ער זיך שוין מער קיינמאָל ניט צוריקגעקערט, ביז ער איז ממש אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט, אין אַן ענג צימערל, וואו ער האָט דערצויגן זיינע לעצטע יאָרן.

אונזער אייגענע וועלט־קאָנפערענץ האָט צוגעזען ענלעכע בילדער. אַהין

זיינען געקומען עטלעכע פון די וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, מיט די חברים יצחק צוקערמאַן און ס. גראַיעק בראש. דאָס וויכטיקסטע אויף יענער וועלט־קאָנפערענץ איז געווען דאָס אויסוויילן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע וואָס זאָל אין נאָמען פון דער וועלט־באַוועגונג גלייך פאָרן קיין ארץ־ישראל און פּרוּאוון גאַנץ צו מאַכן מפא״י, דורך צוריקברענגען די אָפּגעשפּאָלטענע סיעה ב׳ אין דער פּאַרטיי אַריין. די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון די חברים בערל לאָקער, מרדכי יאַרבלום און איך. חבר דוד בן־גוריון איז געווען שטאַרק קעגן דער נסיעה פון דער קאָמיסיע. אָבער דער וועלט־צוזאַמענפאָר האָט באַשלאָסן קעגן זיין שטעלונג. פון דער קאָמיסיע זיינען שפּעטער געקומען קיין ארץ־ישראל בלויז חבר יאַרבלום און איך. מיר האָבן געהאַט אַ סך געשפּרעכן מיט ביידע צדדים. אונז איז סיי־ווי קיין זאַך ניט געלונגען. דער תהום צווישן די צוויי צדדים איז שוין געווען צו־טיף און מ׳האָט אים מער ניט געקענט איבערבריקן. עד־היום — אין מאַי 1965 — צאָלן מיר נאָך פאַר יענער צעשפּאַלטונג.

אויף דער אייראָפּעאישער קאָנפערנץ פון אידישן וועלט־קאָנגרעס האָב איך שוין יאָ צוגעטראָגן מיין ביישטייער. איך גיב באַלד איבער מיין דעמאָלטיקע קורצע רעדע, תיכף ווי איך פאַרענדיק דעם כראָנאָלאָגישן פאַרלויף פון די שפּיצן־פּאַסירונגען.

ט) אין יאַנואַר 1946 האָט מיין משפחה געמאַכט דעם צווייטן פאַרזוך עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. מיר זיינען געפאָרן אַלע 4 אויף דער שיף „גריפּסהאָלם״, אויף וועלכער עס איז געפאָרן זייער אַ פּילפאַרביקע, באַגייסטערטער עולם קיין ארץ־ישראל. אויף אָט דער רייזע זיינען קיין שום אויסטערלישע געשעענישן ניט פאָרגעקומען. דאָס מאָל בין איך שוין געפאָרן מיט אַ גרייטן אַרבעט־פּלאַן פאַר מיר: ווי דער פאַרטרעטער פון אידישן וועלט־קאָנגרעס זיך צו באַטייליקן אין די צוגרייטונג־אַרבעטן פאַר בויען „יד ושם״ אין ירושלים. פּרטים וועגן דעם דערצייל איך באַלד אין דעם ספּעציעלן קאַפּיטל וועגן „יד ושם״.

י) ווען נאָך כמעט אַ גאַנצן יאָר אַרבעט ווערט קלאָר אַז דער ענין „יד ושם״ רירט זיך ניט פון אָרט, באַשטייט די עקזעקוטיווע פון וועלט־קאָנגרעס איך זאָל ווידער מאַכן אַ טורנע אין זיין נאָמען אין די סקאַנדינאַווישע לענדער בכדי צו פירן דאָרט אַ געלט־אַקציע פאַרן איד. וועלט־קאָנגרעס. איך האָב דאָרט ווידער פאַרברענגט עטלעכע חדשים, אַדורכגעפירט דערפאָלגרייכע אַרבעטן — בעיקר אין פינלאַנד און שוועדן. סוף 1947 האָב איך זיך אומגעקערט קיין צפון־אַמעריקע. דאָרטן בין איך ווידער אויסגעקליבן געוואָרן ווי

דער פּרעזידענט פון דער פּאַרטיי. איך האָב זיך איבערגעגעבן אָט דער אַר־בעט עטלעכע חדשים. איך האָב זיך דאַן באַטייליקט אין אַלע שאַרפע וויכוחים וועגן דעם, צי די מדינה זאָל באַלד פּראָקלאַמירט ווערן. איך האָב געהאַט גרויסע ספיקות; אָבער כ׳בין שטאַרק באַווירקט געוואָרן דורך דער שטעלונג פון חבר דוד בן־גוריון אין ארץ־ישראל און פון דער שטעלונג פון רבי אבא הלל סילווער אין ניו־יאָרק. צוזאַמען מיט מיין גאַנצער באַוועגונג האָב איך אָנגעהויבן מיטלעבן די פיבערן פון יענע טעג.

יא) דעם 14טן מאַי 1948 — די מדינה ווערט פּראָקלאַמירט. אונזערע איבערלעבונגען וועל איך שוין אין אָט דעם באַנד ניט איבערגעבן. אפשר איז מיר נאָך באַשערט צו שרייבן דעם 4טן באַנד — וועגן דער מדינה־עפּאָכע ביז אונזערע טעג — וועל איך דאַן מאַכן אַ פּאַרזוך צו שילדערן אונזערע אי־בערלעבונגען פון יענעם טאָג; דער ספּאָנטאַן־אויסגעבראָכענער אידישער פּאַראַד אויף בראָדוויי אין ניו־יאָרק צו וועלכן עס האָבן זיך אויך אָנגעשלאָסן אַ סך טויזנטער ניט־אידן. וואָס פּאַר אַ איבערמענטשלעכע באַגייסטערונג עס האָט אויסגעבראָכן, ווען עס איז פון אַ הויך־ריידער געמאָלדן געוואָרן, אַז פּרע־זידענט טרומאַן האָט אָנערקענט די מדינה! דאָס זעלבע האָט זיך איבערגע־חזרט ווען עס איז געמאָלדן געוואָרן, מיט עטלעכע שעה שפּעטער, אַז סאָוועט־רוסלאַנד האָט אָנערקענט די מדינה.

יב) די ספּעציעלע קאָנפערענץ פון אונזער באַוועגונג אין צפון־אַמעריקע, אָפּגעהאַלטן דעם 4טן יוני 1948, אויף וועלכער איך האָב געמאַכט אַ פּאַרזוך צו געבן אַן אָפּשאַצונג פון דער גרויסער רעוואָלוציע וואָס מיר האָבן איבער־געלעבט אין די לעצטע צוויי וואָכן.

יג) אַ זייער־וויכטיקע דאַטע פאַר מיר איז אויגוסט 1948. דאַן איז פאַר־געקומען אין תל־אביב די סעסיע פון אידישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, אויף וועלכן איך בין אויסגעקליבן געוואָרן ווי אַ מיטגליד אין דער ציוניסטישער וועלט־עקזעקוטיווע. דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל פון מיינע אַקטיווי־טעטן, וועלכע ווערן ניט איינגעשלאָסן אין אָט־דעם דריטן באַנד.

איך וועל ענדיקן דאָס איצטיקע קאַפּיטל, ווי אויבן־געזאָגט, מיט דער קורצער רעדע וואָס איך האָב געהאַלטן ביים שלוס פון דער איראָפּעאישער קאָנפערענץ פון אידישן וועלט־קאָנגרעס. איך האָב געזאָגט:

## ד

שוין קאַרגע 4 וואָכן ווי אַ סך פון אונז באַטייליקן זיך אין עטלעכע קאָנ־פערענצן. מיר האָבן זיך געבאָדן אין אַ ים פון ווערטער. איך זאָג דאָס ניט

לגנאי. איך ווייס די קראַפט פון וואָרט. אָבער דאָס וואָס מיר האָבן געהערט איז נאָך אַלץ געווען שוואַך, בכדי צו קאָנען געבן אַ ריכטיקן אויסדרוק פון דעם וואָס איז איבער אונזער פאָלק איבערגעגאַנגען. אַפילו די דערציילונגען פון די וואָס האָבן אַליין דורכגעמאַכט די קאַטראַסטראָפע, שעפּן נישט אויס דאָס וואָס ליגט אין אונזערע הערצער. ביים שלוס פון אונזער קאָנפערענץ אין אַטלאַנטיק סיטי האָב איך שוין דאַן אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז אונזער דור וועט וואַרשיינלעך שוין נישט געפינען קיין פּאַסיקן אויסדרוק פאַר דעם וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט; אַז ערשט דער קומענדיקער דור וועט עס קאָנען אויסדריקן; אַז ערגעצוואו גייט שוין אַרום אַ קינד אָדער אַ יוגנטלעכער, וועלכער איז אַליין דורכגעגאַנגען די קאַטאַסטראָפע און אין אים ווערט צייטיק גאָטס וואָרט און ער וועט שוין געפינען דעם פּאַסיקן אויסדרוק. ווען־עס־איז וועט דאָס מוזן קומען. דערווייל האָב איך נאָך דאָס וואָרט נישט געהערט.

איך וויל פּרובירן צוזאַמענקלייבן מיינע אייגענע געפילן, וואָס איך האָב דורכגעלעבט אין די עטלעכע קאָנפערענצן, און קאָן ניט. שטיקלעך אָפּגעריסענע מחשבות מאַטערן מיך. וויל איך אין קורצע ווערטער זיך טיילן מיט אייך.

עס איז גערעדט געוואָרן וועגן דעם שולד־געפיל וואָס די אידן אין די פרייע לענדער דאַרפן אין זיך טראָגן. אייניקע האָבן געזוכט צו פאַרטיידיקן די דאָזיקע אידן. עס האָבן זיך געפונען פאַרטיידיקער פאַר דעם אַמעריקאַנישן אידנטום. מען זאָגט, אַז עס האָט געפּרובירט טאָן אַלץ. שולדיק זיינען, זאָגט מען, נאָר די דעמאָקראַטיעס. איך קאָן די דאָזיקע איינשטעלונג ניט טיילן. די דעמאָקראַטיעס זיינען טאַקע פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מיליאָנען אידישע לעבנס. דאָס איז ריכטיק. אָבער מיר אַליין זיינען לכל־הפּחות פאַראַנטוואָרטלעך פאַר צענדליקער טויזנטער. דאָס דריקט מיר אויף דער נשמה. פאַראַן ביי אונז אַן אַלטער מאמר: „כל המקיים נפש אחת מישראל כאלו קיים עולם מלא". פון דעם דאָזיקן מאמר דרינגט דאָך אויך אַ צווייטער נוסח: ווער עס איז שולדיק אין דעם לעבן פון איין אידן, מוז זיין שולד־געפיל זיין ווי ער וואָלט צעשטערט אַ גאַנצע וועלט. איך טראָג אין זיך אָט דעם שולד־געפיל. איך קאָן קיין שום תירוצים פאַר זיך נישט געפינען. איך בין אָפט מקנא יענע וואָס קאָנען געפינען אַזעלכע תירוצים. איך קאָן ניט פאַרגעסן אַז אין אונזער טראַדיציאָנעלן על חטא איז אויך דאָ דער „על חטא שחטאנו בלא יודעים".

דר. גאָלדמאַן האָט אויפגעשטעלט די הנחה, אַז דער גאַנצער דור און ניט בלויז די פירער זיינען שולדיק. איך רעכן אַז ער איז ניט אין גאַנצן גערעכט. אין אַ מלחמה מוז מען האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך פיל מער דעם גענעראַל ווי דעם פּשוט'ן סאָלדאַט. אָבער אָנגענומען אַז ער איז יאָ גערעכט,

בלייבט דאָך דאָן די פראַגע נאָך טיפער און מער וויטיקדיק: פאַרוואָס האָט זיך דער דור אַזוי אָרעם אַרויסגעשטעלט? אַ דור פאַלט דאָך ניט פלוצים אַראָפּ פון הימל. אַ דור איז דאָך אַ רינגל אין אַ קייט. ערגעצוואו האָבן פריער־דיקע רינגען געזינדיקט; און ווי אַ רעזולטאַט פון די זינד זיינען אָפּגעשוואַכט געוואָרן אַלע רינגען פון דער אידישער קייט. פון דעם וואָס מיר האָבן גע־וואוסט ביז מיר זיינען געקומען קיין לאַנדאָן — און שפּעטער פון דעם וואָס מיר האָבן זיך דערוואוסט דאָ אויף די קאָנפערענצן — ווערט עס נאָך זיכע־רער: די נאַציאָנאַלע חוט־השדרה אונזערע איז ערגעצוואו און ערגעצוועגן אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ערגעצוואו איז דאָס געפיל פון אהבת ישראל און אחדות ישראל אָפּגעשטעמפּלט געוואָרן. ערגעצוואו איז אָפּגעשרויפט געוואָרן איינע פון די וויכטיקסטע נשמה־שרויפן, וואָס האָט צוזאַמענגעהאַלטן אונזער וועלט־אָרגאַניזם. דער רעליגיעזער איד קאָן אָנווייזן פונקט דאָס אָרט וואו די שרויף איז אָפּגעשוואַכט. דער וועלטלעכער איד קאָן אַפילו דאָס אויך ניט טאָן; אויב אָבער אידישער המשך מיינט עפּעס פאַר אונז, מוזן מיר אַלע גוט זוכן וואו אונזער שוואַכקייט ליגט. מיר מוזן אויסזוכן אַלע יענע וועגן, וואָס קאָנען פירן צום אויסהיילן אונזער שוואַכקייט און אונטערבויען אַ געזונטן באָדן אונטער אונזער דראַנג נאָך המשך. טאָ לאָמיר אונזער שולד־געפיל איבערגעבן דעם משפּט פון דער געשיכטע. לאָמיר מתפּלל זיין, אַז דער שופט זאָל האָבן אין זינען דאָס וואָס יעדער געריכט נעמט אין באַטראַכט: מילדערנדיקע אומ־שטענדן. אַזעלכע אומשטענדן זיינען זיכער דאָ פאַרן אידנטום אין די פרייע לענדער. די קאַטאַסטראָפע האָט אים אַריינגעוואָרפן אין אַ קאָמאַ־צושטאַנד. דער קערפּער פונקציאָנירט, ער עסט, ער שלאָפט . . . אָבער דער גייסט איז פאַרטונקלט און דאָס האַרץ איז פאַרשטיינערט, ווייל דער גרויסער חורבן האָט עס פאַרהאַרטעוועט. אָבער נאָך דעם ווי מיר האָבן איבערגעגעבן אונזער שולד־געפיל צו דער אידישער געשיכטע, מוזן מיר ווידמען אונזערע כוחות צו דעם שווערן געראַנגל פאַר אונזער אידישן המשך.

מען האָט פיל גערעדט אויף די אַלע כנוסים וועגן קברים. ווען עס האָבן גערעדט אידן פון פרייע לענדער האָב איך עס נאָך פאַרשטאַנען; אָבער איך האָב עס אויך געהערט פון די וואָס זיינען געקומען פון די חורבן־לענדער און איך פרעג דווקא זיי: וואו זיינען אונזערע קברים? וואָרים קברים זיינען אַ גרויס פאַרמעגן. שלום אַש האָט אַמאָל געשילדערט אין אַ דראַמע דעם צו־זאַמענשטויס צווישן דעם דראַנג וואָס לעבט אין יעדן אידישן האַרץ פאַר ארץ־ישראל און דער ליבע פאַר דער גלות מאַמע. האָט ער אַרויפגעבראַכט אויף דער סצענע אַ אידישן בית עולם. דורך אים האָט ער מאַניפעסטירט דעם

שטאַרקן צובונד צו דער גלות־מאַמע. און ער איז גערעכט געווען. קברים איז שווער צו פאַרלאָזן. אָבער וואו זיינען אונזערע קברים? מען האָט אויך גערעדט פון ימים פון בלוט. אויך דער אויסדרוק איז ביי אונז אַן אַנאַכראָניזם. דאָס־מאָל האָט זיך אונזער בלוט כמעט ווי ניט געגאָסן. אונזערע גופים זיינען דאָך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַש. אַ נייער באַגריף דאַרף דעריבער אַריינגעטראָגן ווערן, אַ באַגריף וועגן ימים פון אַש. אפשר וועלן מיר דאַן בולט'ער קאָנען דערשפירן די קאַטאַסטראָפע. בלוט וואָס רינט, ווערט איינגעזאַפּט אין די ערדן, אָבער ימים פון אַש ווערן צעטראָגן פון אַלע ווינטן אויף דער וועלט און די גאַנצע אידישע וועלט מוז עס אין זיך דערפילן. קוקט אַריין טיפער אין די אויגן פון די וואָס טראָגן אין זיך די שוידערלעכע איבערלעבונגען — און איר וועט דערפילן, אַז דער גאַנצער זאַל איז פול מיטן דאַזיקן אַש. און אַ נייער סאָרט אַש איז עס. דאָס איז אַ ברענענדיקער אַש, וואָס מוז זיך אַריינשיטן אין דער נשמה און מוז דאָרט אַזוי לאַנג ברענען ביז דורך אונזער בלוט, — בלוט פון די לעבעדיקע — דורך אונזערע אָנשטרענגונגען, דורך אונזער קאַמף פאַר נצח ישראל, זאָלן מיר אַמאָל קאָנען אויסרייניקן די דאָזיקע ברע־נענדיקע אַש פון אונזערע נשמות. קיינער פון אונז טאָר קיין רו ניט האָבן אַזוי לאַנג ווי נצח ישראל איז נישט גאַראַנטירט דורך ארץ־ישראל.

צוויי פון אונזערע בעסטע זיינען, ווי מיר דוכט זיך, נכשל געוואָרן מיט ווערטער קעגן דעם באַגריף נצח ישראל: בן־גוריון אויף דער ציוניסטישער קאָנפערענץ און דר. גאָלדמאַן אויף אונזער קאָנפערענץ. איך ווייס וואָס זיי מיי־נען: נצח ישראל ווי אַ פאַרשלעפערונגס־מיטל דאַרף אַוודאי באַקעמפט ווערן פון אַלעמען. מיט דעם באַגריף נצח ישראל מוז מען אָבער זיין זייער פאָרזיכ־טיק. ווער עס דערשפירט אין זיך אידישע נצחיות, יענער פאַרמאָגט דעם גרעסטן סטימול צו אידישער שעפערישער ענערגיע. אַזאַ כוח מוז פון אַלעמען געבענטשט ווערן; און אַזוי דאַרף טאַקע אויפגעפאַסט ווערן דער באַגריף נצח ישראל. עס זעט אויס, אַז דער שר פון נצח ישראל האָט זיינע אייגענע וועגן ווי זיך בוקם צו זיין אין די, וואָס מיינען אַז זיי לייקענען אים אָפּ. ער פילט זיי אַליין אָן מיט געוואַלטיקן נצח ישראל־דראַנג און מאַכט זיי אַליין פאַר די טרעגער פון באַוועגונגען, וואָס זייער יסוד ליגט נאָר אין נצח ישראל. סיי די ציוניסטישע באַוועגונג, סיי דער אידישער וועלט־קאָנגרעס זיינען נאָר מכשירים, דורך וועל־כע נצח ישראל גייט צו זיין ציל.

מען האָט גערעדט ביי אונז וועגן שתדלנות. איך וויל זאָגן אַ וואָרט וואָס וועט אפשר נישט זיין פּאָפּולער — ווייל דאָס וועט זיין אין פאַרטיידיקונג פון אונזער אַמאָליקן שתדלן אין פאַרגלייך מיטן מאָדערנעם שתדלן. דווקא אויף די

קאָנפערענצן האָב איך געהערט ווערטער, וואָס קלינגען דאַכט זיך, ווי די צווייטע זייט פון דער שתדלן־מטבע; אָבער איך האָב אַרויסגעהערט אין זיי אַ פיל טיפערע דערנידעריקונג, ווי דער אַמאָליקער שתדלן האָט דורכגעמאַכט. די פּאָליטישע איינשטעלונג פון דעם אַמאָליקן שתדלן איז געווען פאַר אים אַ קלאָרע. זי איז באַשטאַנען פון צוויי ווערטער: „תולעת יעקב”. ער האָט געוואוסט אַז יעקב איז שוואַך. ער האָט געוואוסט אַז יעקב׳ס פאַרטרעטער קאָן נאָר בעטן רחמים; אָבער לגבי דעם פּריץ צו וועמען ער האָט גערעדט, האָט ער טיף אין זיין נשמה געפילט זיין שטאָלץ. ער האָט זיך באַטראַכט ווי אַ מענטש פון אַ העכערער מדרגה. ער האָט הינטער זיך געהאַט דעם אידישן גאָט און די אידישע תורה. מיר, מאָדערנע, רעדן אויך שתדלנים־רייד. אַ גרויסער אידישער פילאָזאָף, אחד־העם האָט ער געהייסן, האָט דערפאַר געהאַט אַ נאָמען. איך האָב זיך זייער אָפט דערמאָנט אין זיין אויסגעשמידטער פראַזע, במשך די קאַרגע 4 וואָכן פון אונזערע קאָנפערענצן. ער האָט עס אָנגערופן: „עבדות בתוך חירות”. מען קאָן דיסקוטירן ווי ווייט אמת עס איז די מאָדערנע חירות, אין וועלכער די מאָדערנע אידישע עבדות ווערט דעמאָנסטרירט; אָבער עס קאָן קיין ספק ניט זיין אין דער עקזיסטענץ פון דער אידישער עבדות. וויפיל מאָל האָבן מיר זי געהערט דאָ אין די פאַרשידענע רעדעס? מיר האָבן אַפילו נישט דעם אייגערלעכן שטאָלץ לגבי דעם היינטיקן פּריץ, וואָס דער אַמאָליקער שתדלן האָט פאַרמאָגט. ער האָט דעם פּריץ מבטל געווען, מיר מאָדערנע פאַלן דאָך, אַפילו אין אונזערע אייגענע הערצער, כורעים פאַר אונזערע מאָדערנע פּריצים. איך בין טיף שאָקירט פון דער דערשיינונג „עבדות בתוך חירות”, וואָס איך האָב דאָ דערשפּירט. איך האָב צו קיינעם קיין טענות נישט. מען קאָן פאַר יעדן פון די, וואָס האָבן עס דעמאָנסטרירט, געפינען אַ תירוץ. אָבער ווען די דעמאָנסטרירער פון אָט דער מאָדערנער עבדות וואַרפן גלייכצייטיק שטיינער אויף דעם אַמאָליקן שתדלן — דאַן באַטראַכט איך עס פאַר אַ חוב אויסצודריקן עפּנטלעך מיין טיפן ווייטיק איבער דעם.

מען האָט ביי אונז פיל גערעדט וועגן דעם וואָס ס׳איז חרוב געוואָרן דער שעפערישסטער טייל פון וועלט־אידנטום. דאָס איז אַוודאי אמת. אָבער עס איז דערביי אויך נויטיק אַרויסצוברענגען אַ פּאָר שטריכן.

עס זיינען פון דעסטוועגן פאַר אונז אָפּגעשפּאָרט געוואָרן אומגעהייערע אוצרות פון דעם דאָזיקן אייראָפּעאישן אידנטום — קודם כל די מענטשן פון גייסט, מענטשן פון דער אידישער תורה, מענטשן פון דעם אידישן וואָרט. זיי טראָגן אין זיך דעם אוצר פון שעפערישקייט פון דעם דאָזיקן אייראָפּעאישן אידנטום. זיי מוזן שטעלן דאָס דאָזיקע פאַרמעגן אין דינסט פון אידישן המשך.

זיי מוזן עס טאָן אומעטום וואו זיי געפינען זיך. פאַר דעם איז גאָר ניט נויטיק זיי זאָלן זיך צוריקקערן קיין אייראָפּע. זיי דאַרפן אָט דעם גייסטיקן אוצר אַריינ־טראָגן אין דעם גרויסן אַמעריקאַנישן אידנטום; און אַפילו אין דעם ארץ־ישראל׳דיקן אידנטום האָבן זיי נאָך אויך אַ סך בייצושטייערן.

דערצו איז איבערגעבליבן אונזער ליטעראַטור — אַ ליטעראַטור וואָס האָט אַרויסגעשפּראָצט אין די לעצטע 40 יאָר; אַ ליטעראַטור וואָס האָט אָפּגעלייקנט די מיינונג וואָס אַמאָליקע משכילים האָבן געהאַט, אַז מיטן ווילנער גאון איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די שאַפונגס־קראַפט פון אידישן פאָלק. אויב דאָס איז בלויז געמיינט געוואָרן אויפן געביט פון רעליגיעזן געדאַנק — איז דאָס אויך געווען אַ גרויסער טעות. עס זיינען אויפגעשטאַנען נייע, אומגעהייער־ווערט־פולע שעפער אויך אויף דעם אידיש־רעליגיעזן געביט. קאָן מען אָבער אַפילו דאָס — וואָס ווערט געוויינלעך אָנגערופן וועלטלעכע אידישקייט — אין גאַנצן אָפּשניידן פון די וואָרצלען פון אידיש־רעליגיעזן געדאַנק? קאָן מען פּרצ׳ס חסידישע און פאָלקס־מעשה׳לעך; קאָן מען די ווערק פון אַ סך אידישע שרייבער — וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט די פּערל פונעם אידיש־רעליגיעזן לעבן — אין גאַנצן אָפּשניידן פון דעם אידיש־רעליגיעזן געדאַנקען־גאַנג? די אידישע ליטעראַטור האָט זיך אַוודאי נישט מיט דעם באַגרענעצט. זי האָט אין די לעצ־טע 40 יאָר אַרויסגעשטראָמט מיט אַזאַ קראַפט, אַזויווי זי וואָלט געוואוסט אַז איר שאַפונג־צייט איז באַגרענעצט; אַז אַ האַק וועט זיך אויפהויבן איבער אונ־זער גייסט פּונקט אַזוי ווי זי איז אויפגעהויבן געוואָרן איבער אונזער לייב און לעבן. די דאָזיקע ליטעראַטור האָט אָבער אָנגעגרייט אין דעם אידישן שפּייכ־לער פון גייסט אומגעהייער פיל שפּייז פאַר דורות; און וואו־נאָר עס לעבט ערגעץ אַ איד וואָס טראָגט אין זיך אַ נצוץ פון אָט דעם פייער — מוז ער דער־מיט זוכן אָנצינדן הערצער פון אונזער יוגנט אומעטום. דאָס מוז ווערן דער צענטער פון אונזערע מחשבות שטענדיק צו מאַכן די הויפּט־רעכענונג, וואו און אין וועלכע פּלעצער קאָנען אָט די גייסטיקע קערנער אונזערע פאַרזייט ווערן אויף דאָס ניי, געבנדיק אונז די גרעסטע מאָס פון האָפענונג, אַז זיי וועלן דאָרטן ברענגען דעם מאַקסימום פון פּרוכט און דערמיט אונטערבויען אונטער אונזערע המשך־תשוקות דעם סאָמע־פעסטסטן יסוד. צו אָט דעם ציל מוזן מיר זיך ווינד־מענען. איר אַלע, וואָס פאַרט פונאַנדער פון דער קאָנפערענץ צו די פאַרשידענע טיילן אידנטום, וואָס זיינען אונז אָפּגעשפּאַרט געוואָרן, מוזט אַהינטראָגן אָט דעם באַוואוסטזיין; און בעיקר מוזן מיר עס אַליין איבערלעבן מיט ריינע הער־צער.

ווייל איין זאַך מוז זיין קלאָר פאַר אונז אַלעמען: אַלץ וואָס מיר דאַרפן נאָך

דורכגיין, וועלן מיר קאָנען באַווייזן נאָר דאַן, ווען מיר אַליין וועלן צוגיין צו דעם וואָס האָט פּאַסירט מיט ריינע הערצער: סיי צו דעם הערצאָאישן, סיי צו דעם שאָטנדיקן. מיר מוזן לערנען דערפון און לאָזן אונזערע מעשים דיקטירט ווערן פון איין־איינציקער אַלט־אידישער לאָזונג, וואָס אַמאָל איז ער געווען געווענדעט צום רבונו של עולם און היינט מעגן מיר די דאָזיקע לאָזונג אָנווענדן אין אונזער פאַרזוך צו העלפן ראַטעווען דעם קיום פון אונזער פאָלק. לאָמיר די דאָזיקע אַלטע לאָזונג געדענקען! לאָמיר זיך לויט איר פירן! די אַלטע אידישע לאָזונג פון „וטהר לבנו לעבדך באמת".

# באַזוכן אין די דרום־אַמעריקאַנישע לענדער

א

פון די פיר באַזוכן אין די דרום־אַמעריקאַנישע לענדער האָב איך זייער פיל געלערנט וועגן דעם כאַראַקטער פון דאָרטיקן אידנטום. איך האָב באַזוכט כמעט אַלע לענדער: אַרגענטינע, בראַזיל, אוראַגווײַ, טשילי, פּערו, באָליוויאַ, עקוואַדאָר, קאָלאָמביאַ און אַפילו דאָס קליינע אינזל טרינידאַד.

דורך אָט די אַלע באַזוכן איז ביי מיר דערגענצט געוואָרן דאָס בילד פון גאַנצן וועלט־אידנטום אין יענער עפּאָכע. במשך יענעם צענדליק יאָר איז מיר אויסגעקומען צו באַזוכן אידישע קהילות אין כמעט אַלע ווינקלען פון אונזער ערד־פּלאַנעטע, מיטן אויסנאַם פון סאָוועט־רוסלאַנד. אָבער וועגן דעם מצב און דעם גייסטיקן לעבן פון סאָוועטישן אידנטום האָב איך געהאַט אַ גענויע פאָרשטעלונג דורך דער אידישער און וועלט־פּרעסע. דורך די רייזעס אין די וויכטיקסטע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, איז דעריבער פאַר מיר פאַרגאַנצט געוואָרן דאָס בילד פונעם לעבעדיקן אידנטום אין אַלע זיינע תפוצות.

איך האָב סיי אין די גרויסע אידישע קהילות ווי בוענאָס־איירעס און אַנדערע שטעט אין אַרגענטינע; ריאָ־דע־זשענעיראָ, סאַן פּאַולאָ און פּאָרטאָ־אַלעגראַ אין בראַזיל; סאַנטיאַגאָ פון טשילי; מאָנטעווידעאָ פון אוראַגווײַ; אין קלענערע קהילות ווי לימאַ אין פּערו, באָגאָטאַ אין קאָלאָמביאַ, קיטאָ אין עקוואַדאָר, לאַ־פּאַז אין באָליוויע און אין פילע נאָך קלענערע קהילות — אומעטום האָב איך געטראָפן שטאַרק־אַנטוויקלטע אידישע תשוקות; לעכצן פאַר אידישן המשך, תשוקות פאַרן דערפאָלג פון דער בוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל. גלייכצייטיק האָב איך באַמערקט פּחדים — דער שאַרפסטער פּחד איז געווען פאַר דער אומזיכערקייט פון דער אידישקייט פון די יונגע דורות. דעריבער די גוואַלטיקע אָנשטרענגונגען אומעטום אויפן שטח פון אידישער דערציאונג. עס זיינען אָבער אויך געווען פּחדים און אומרואיקייט וועגן זייער ווירטשאַפטלעכער צוקונפט אין די דאָזיקע לענדער און אין הויפּט־לאַנד — אין פּעראָניסטישן אַרגענטינע — זיינען אַפילו געווען פּחדים וועגן זייער סאַמע פיזישער עקזיסטענץ.

אַט די אַלע פּונקטן זיינען נאָך פאַר מיר אַרויסגעבראַכט געוואָרן דורך דעם שאַרפן אַנאַליטישן מוח פון מיין חבר ד״ר יעקב העלמאַן, וועלכער האָט מיך באַגלייט בעת אַ ריי פון אַט די באַזוכן. און ער האָט שוין באַזירט זיינע אויסערונגען, ניט אויף קורצע באַזוכן — ווי איך האָב געמאַכט אין אַט די לענדער — נאָר אויפן סמך פון פאַרשונגען, וואָס ער האָט כסדר געפירט במשך די יאָרן וואָס ער האָט פאַרטראָטן דעם אידישן וועלט־קאָנגרעס אין די לאַטיין־אַמעריקאַנישע לענדער.

## ב

דאָס אַלץ האָב איך באַקומען פון מיינע באַזוכן. וואָס האָבן איך זיי — אויב עפּעס — געבראַכט? איך האָב זיי געבראַכט מיינע דעמאָלט דורכגעלעבטע מחשבות און געפילן, וואָס מיט זיי האָב איך אָנגעפילט דעם תוכן פון מיינע צענדליקער אַרויסטרעטונגען אין אַט די קהילות. און וואָס איז געווען אַט דער תוכן?

דאָס איז געווען דערזעלביקער תוכן וואָס האָט אין יענע יאָרן אַרויסגערעדט פון מיר ניט נאָר אין דרום־אַמעריקע. דאָס איז געווען דערזעלביקער תוכן וואָס האָט אַרויסגערעדט פון מיר, סיי אין מיין שלוס־רעדע אויף דער לאָנדאָנער אייראָפּעאישער קאָנפערענץ פון אידישן וועלט־קאָנגרעס, וואָס איז געבראַכט געוואָרן אין לעצטן קאַפּיטל; דאָס איז געווען דער תוכן פון מיין אויפטריט אין 1945 אויף דער לאַטיין־אַמעריקאַנישער קאָנפערענץ פון אידישן וועלט־קאָנגרעס, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם פּלאַן פון „יד ושם״, וואָס ווערט געגעבן אינעם ספּעציעלן קאַפּיטל „וועגן ׳יד ושם׳ ״; דאָס איז געווען דער זעלביקער תוכן פון מיין עסיי וועגן דעם יאָר „תשג״ (1943), וואָס איז פאַרעפנטלעכט אין מיין בוך „אויפן וועג״ (דערשינען אין 1956), דאָס איז געווען דער זעלביקער תוכן וואָס איך האָב אין יענע יאָרן אַרויסגעבראַכט אין פאַרשיידענע דעקלאַראַציעס און מאַניפעסטן, צוגעגרייט פאַר דער אייגענער באַוועגונג ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, פון וועלכע איך גיב דאָ באַלד איבער פיר; דאָס איז געווען דער זעלביקער תוכן וואָס איז אַנטהאַלטן אין מיינעם אַ פאַנטאַסטישן פּלאַן וועגן אַ חלוץ־באַוועגונג אין אַמעריקע, וואָס איך גיב גלייך נאָך די פיר מאַניפעסטן.

אין אַט די אַלע אויסגערעכנטע אויסערונגען קענט איר געפינען דעם תוכן וואָס איך האָב דאַן געבראַכט צו די אידן פון די לאַטיין־אַמעריקאַנישע לענדער.

וויאַזוי האָט דאָס אידנטום פון יענע לענדער אויפגענומען דאָס באַשיידענע וואָס איך האָב פאַרמאָגט זיי צו ברענגען? איך קען נאַטירלעך ניט ציטירן דאָ די פאַרשיידענע נאָטיצן און אַרטיקלען פון די דאָרטיקע אידישע צייטונגען

וועגן דעם. איך וועל מיך באַנוגענען בלויז מיטן ברענגען איין אַרטיקל — געשריבן פון איינעם פון די וויכטיקסטע אידישע פובליציסטן פון אַרגענטינע — דער חבר א. ל. שוסהיים, וואָס איז דערשינען אין דער „אידישע ציַיטונג" פון בוענאָס־איירעס דעם 29טן יולי 1947. דער אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן צו דער געלעגנהייט פון מיין 60סטן געבוירנטאָג, וואָס מיינע נאָענטע חברים, מיט דר. יעקב העלמאַן בראש, האָבן דאַן געפייערט דורך אַ באַשיידענער מסיבה.

מיט דעם אַרטיקל פון איינעם פון די סאַמע ראשונים פון דער פועלי־ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג, אַ נאָענטער חבר פון אונזער באַקאַנטן בערל לאָקער, שליס איך אָט־דעם קאַפּיטל. די דריי אַנדערע דאָקומענטן, גיב איך איבער כראָנאָלאָגיש.

## ג

די ערשטע דעקלאַראַציע איז אָנגענומען געוואָרן ביי אַ פאָלקס־פאַרזאַמלונג פון די ניו־יאָרקער פועלי־ציון אין קופּער יוניאָן, דעם 20סטן יוני 1940. די דעקלאַראַציע זאָגט:

מיר, אַמעריקאַנער אידן, פאַרזאַמלט אין קופּער יוניאָן דערקלערן:

ענגלאַנד און פראַנקרייך בלוטיקן איצט אין אַ מלחמה, וועלכע רירט אָן די לעבנס־יסודות פון דער גאַנצער מענטשהייט. קיין ראַסע, קיין פאָלק, קיין שטאַט, קיין רעליגיע, קיין קולטור, קיין גרופּע, קען ניט בלייבן אומבאַרירט, אויב די מלחמה זאָל זיך חלילה ענדיקן מיט אַ נצחון פון היטלער און זיינע פאַרבינדעטע. אויף אַלעמען פון זיי וועט זיך אויסגיסן דער גיפט פון זיין באַרבאַריזם. עס קען דעריבער פאַר קיין מענטשלעכע גרופּע ניט געמאָלט זיין קיין נייטראַליטעט אין אַ וועלט גערנגל צווישן ווילדן באַרבאַריזם און מענטשלעכער פאַרשקלאַפונג פון איין זייט און מענטשלעכע פרייהייט און דעמאָקראַטיע פון דער צווייטער זייט. דעריבער קען זיך קיין מענטשלעכע גרופּע ניט אַרויסנעמען פון מיט־אחריות פאַר דעם אויסגאַנג פון אָט דעם וועלט־געראַנגל.

ווי אַמעריקאַנער בירגער, וועלכע זעען אין אַמעריקע ניט נאָר אַ טעריטאָריעל־געאָגראַפישן באַגריף, נאָר אויך אַ גרויסע אידייע, די אידייע פון דער פאַרברידערונג און קעגנזייטיקער אַכטונג פון מענטשן פון פאַרשיידענע קאָלירן, ראַסן, רעליגיעס און קולטורן, די אידייע פון אמת'ער דעמאָקראַטיע און אמת'ע פרייהייט און גלייכהייט, ווי עס איז פאַרפיקסירט געוואָרן אין אונזער אומאָפּהענגיקייטס־דעקלערונג און איז פאַרהייליקט געוואָרן אין אונזער טראַדיציע, דערקלערן מיר:

מען קען ניט בלייבן טריי דער אַמעריקאַנער אומאָפּהענגיקייטס־דערקלערונג, וועמענס ערשטער פּסוק פּראָקלאַמירט, אַז אַלע מענטשן ווערן געבאָרן

גלייך; מען קען ניט בלייבן טריי דער פאַרהייליקטער אַמעריקאַנער טראַדיציע פון פרייהייט, גלייכהייט און דעמאָקראַטיע און גלייכגילטיק צוקוקן ווי דער באַרבאַריזם שטעכט אַריין זיינע נעגל אין די דעמאָקראַטישע לענדער פון אייראָפּע און וואַרפט שוין זיין פינצטערן שאָטן אויך אויף די פרייע אַמעריקאַנער לענדער.

ווי קינדער פון אידישן פאָלק, דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון די עשרת הדברות, דורכגעפילט מיט די באַגריפן פון צדק און יושר פון אונזערע נביאים, אָנגעזאַפּט מיט האַס צו יעדער ממשלת זדון, אָנגעלערנט דורך טויזנטער יאָרן פון ליידן, האָבן אַלע אונזערע דורות געטראָגן אין זייער בלוט די ברענענדע תשוקה צו מענטשלעכער פרייהייט. מיר וואָלטן פאַרראַטן אַלע טיפסטע באַגערן פון די שענסטע גייסטער פון אונזערע אַלע דורות ווען מיר זאָלן ניט גרייט זיין מיט אונזערע סאַמע לעבנס צו קעמפן קעגן דער גרעסטער ממשלת זדון פון דער מענטשלעכער געשיכטע. בפרט ווען די דאָזיקע באַרבאַרישע רעגירונג האָט געמאַכט פון אידן־האַס איינע פון אירע גיפטיקסטע כלי־זין אין איר קאַמף קעגן פרייהייט און דעמאָקראַטיע, אין איר פאַרזוך צו באַהערשן די גאַנצע וועלט.

דעריבער שטיצן מיר מיט יעדן נערוו פון אונזערע נשמות די פאַרטיידי־קונגס־פּראָגראַם פון פּרעזידענט רוזוועלט; דערפאַר שטיצן מיר מיט אַלע אונ־זערע כוחות דעם פּלאַן פון אַלגעמיינער מיליטערישער אויסבילדונג, וועלכע דאַרף צוגרייטן דעמאָקראַטישע אַרמייען אין קאַמף קעגן טיראַניי. מיר זאָגן אָפן און קלאָר: אונזער לאַנד, די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע, טאָר ניט וואַרטן ביז דער באַרבאַר מיט זיינע וואַסאַלן, וועלן חלילה פאַרניכטן די צוויי וויכטיקסטע דעמאָקראַטיעס פון אייראָפּע. אָפן און קלאָר זאָל אונזער לאַנד שיקן דעם מאַקסימום פון הילף צו די אַליאירטע. אַלע אונזערע רעסורסן מוזן מאָביליזירט ווערן צו העלפן פראַנקרייך און ענגלאַנד אין זייער קאַמף צו באַ־פרייען די גאַנצע מענטשהייט. און אַלע אונזערע רעסורסן מוזן זיין גרייט צו פאַרטיידיקן אונזער אייגן לאַנד, אונזערע פאַרייניקטע שטאַטן פון אַלע מעג־לעכע געפאַרן.

מיר, די דאָ פאַרזאַמלטע, דערקלערן זיך גרייט צו יעדן רוף פון אונזער רע־גירונג. מיר זיינען גרייט צו דינען דעם קאַמף פאַר דעמאָקראַטיע און מענטש־לעכער פרייהייט בכל לבבנו, בכל נפשנו ובכל מאודנו.

מיר דערקלערן ווייטער:

פאַרצווייפלונג איז אַ שווערער פאַרברעכן אין דער איצטיקער שעה. דער שונא זוכט ניט נאָר פיזיש צו פאַרניכטן די דעמאָקראַטישע לענדער, קעגן

וועלכע ער פירט דעם דירעקטן קאַמף. ער זוכט גלייכצייטיק אונטערצוגראָבן די מאָראַל פון אַלע מענטשן וועלכע האַסן שקלאַפעריי. און פּונקט ווי די פּי־זישע פאַרניכטונג פון אַ וויכטיקער סטראַטעגישער פּאָזיציע פון די דעמאָקראַ־טיעס איז אַ נצחון פאַר דעם שונא, אַזוי איז אויך אַ נצחון פאַר אים די פאַר־ניכטונג פון דער מאָראַלישער פעסטקייט פון אַלע פריינט פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע אין די נייטראַלע לענדער הויפּטזעכלעך אין אַמעריקע. פאַר־צווייפלונג הייסט דעריבער געבן הילף דעם שונא.

דער דאָזיקער פאַרברעכן איז נאָך גרעסער, אַזוי לאַנג ווי פראַנצויזן און ענגלענדער שיקן צום שלאַכטפעלד מיליאָנען פון זייערע קינדער. פאַרצווייפ־לונג ביי אונז אין אַמעריקע שטעכט אַריין אַ מעסער אין רוקן דעם העלדישסטן אַוואַנגאַרד פון אונזער אַלעמענס קאַמף.

קיינער פון אונז קען אין די איצטיקע טעג ניט פאַרזיכערן גיט זיך און ניט אַנדערע אַ נצחון פאַר די כוחות פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע קעגן דעם באַרבאַריזם וואָס היטלער מיט זיינע וואַסאַלן זוכן איצט אַרויפצוצווינגען אויף דער מענטשהייט. צוויי זאַכן מוזן אָבער זיין קלאָר:

ערשטנס: ווען די כוחות פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע פאַרצווייפלען, איז די מלחמה שוין פאַר אונז פאַרלאָרן. ווען מיר אָבער ניט פאַרצווייפלען, וועט דער גרויסער פינצטערער אומגליק אַרויסרופן אין אונז דעם מאַקסימום פון אונזערע כוחות און זיי מאָביליזירן פאַרן קאַמף, קען נאָך קומען אַ נצחון. מיר הערן אַרויס פון די רייד פון ווינסטאָן טשורטשיל וואָס רעדט צו אונז אין נאָמען פון גרויס בריטאַניע, די גרייטקייט פאַר אַזאַ מאָביליזאַציע. מיר דאָ מוזן ענטפערן מיט דער זעלביקער גרייטקייט.

צווייטנס: אויב עס איז חלילה באַשערט דער מענטשהייט אַריינצופאַלן צייטווייליק אין די נעגל פון באַרבאַריזם, מוזן מענטשן מיט אמת׳ער ליבע פאַר פרייהייט אויסקלייבן פאַר זיך דעם וועג פון פאַלן קעמפנדיק און ניט לאָזן זיך צעברעכן דורך מוטלאָזיקייט און פאַרצווייפלונג. דאָס פאָדערט פון אונז אונזער אייגענער מענטשלעכער כבוד. דאָס זיינען מיר אויך שולדיק יענע קומענדיקע דורות, וועלכע וועלן פון דאָס ניי אויפהויבן די פאַרבלוטיקטע און געשענדעטע פאָן פון מענטשלעכער פרייהייט און דעמאָקראַטיע. זיי מוזן פון אונזער איצטיקן קאַמף קענען שעפּן מוט פאַר זייערע העראָאישע אָנשטרענגונגען צוריק צו ברענגען די מענטשהייט צו אמת׳ער קולטור און ציוויליזאַציע, צו אמת׳ער פרייהייט און פאַרברידערונג.

מיר דערקלערן ווייטער:

שטייענדיק צוזאַמען מיט אַלע דעמאָקראַטישע לענדער פון דער וועלט אין

דעם אַלגעמיינעם קאַמף פאַר פרייהייט און דעמאָקראַטיע, מוזן מיר, אַמעריקאַנער אידן, געדענקען, אַז די מלחמה האָט אויף אונז אַרויפגעלייגט ספּעציעלע אחריות׳ן פאַרן גורל פון אונזער אידישן פאָלק אין גאַר דער וועלט. אין אַלע לענדער וואָס געפינען זיך שוין אין די נעגל פון באַרבאַריזם לעבן און בלוטיקן מיליאָנען פון אונזערע ברידער. צום קאַרגן מיליאָן אידן וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער היטלער׳ס ממשלה פאַר דער איצטיקער מלחמה, די אידן פון דייטשלאַנד, עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיע; צום חורבן פון דעם דריי און אַ האַלב מיליאָניקן אידנטום פון פוילן אין אָנפאַנג פון דער מלחמה זיינען צוגעקומען נייע הונדערטער טויזנטער אידן־קרבנות אין בעלגיע און האָלאַנד, דענמאַרק און נאָרוועגיע און גאָר אין די לעצטע וואָכן אין די פאַרכאַפּטע געביטן פון פראַנקרייך. אין דער אָרביטע פון אומגליק־געפאַר געפינען זיך אויך די נאָענט צו פינף מיליאָן אידן אין דעם ראַם פון סאָוועטן רוסלאַנד, דער קאַרגער מיליאָן אידן אין רומעניע און אַרום נאָך אַ מיליאָן אין די דערווייל נאָך נייטראַלע לענדער פון דרום, צענטראַל און מערב־אייראָפּע. וויסנדיק אַז אויך זייער גורל איז הויפּטזעכלעך פאַרבונדן מיט אַ נצחון איבער היטלער׳ן מיט זיינע וואָסאַלן, טאָרן מיר אָבער אויף איין מינוט ניט פאַרגעסן, אַז מיר, אַמעריקאַנער אידן, זיינען די איינציקע אויף דער וועלט, וועלכע מוזן טראָגן אויף אונזערע פּלייצעס די שווערע לאַסט פון רעטונגס־אַרבעט אין דער צייט פון דער מלחמה און די זאָרג פאַר פּאָליטישע רעכט און עקאָנאָמישע רעקאָנסטרוקציע נאָך דער מלחמה.

מיר, די פאַרזאַמלטע, זיינען אָנגעפילט מיט טיפער אומרו איבער דעם, וואָס עס שפּירט זיך נאָך ניט אין אַמעריקאַנער אידנטום די פולע זאָרג פאַר אָט דער אחריות וואָס אונזער אידישע געשיכטע האָט אויף אונז אַרויפגעלייגט. מיר רופן די אַמעריקאַנער אידן בכלל און די אָרגאַניזירטע אידישע קערפּערשאַפטן בפרט צו פּלאַנירטער צוגרייטונג, צו אַ מאָביליזאַציע פון אומגעהויערע כוחות סיי פאַר דער רעטונגס־אַרבעט תיכף, סיי פאַר יענע אַרבעטן וועלכע מיר וועלן מוזן פירן באַלד נאָך דער מלחמה.

אַ באַזונדער אָרט אין אונזערע הערצער פאַרנעמט איצט די לאַגע אין ארץ־ישראל. דורך איטאַליענס אַריינטריט אין דער מלחמה איז דער אידישער ישוב אין ארץ־ישראל באַדייטנד דערנענטערט געוואָרן צום שטח פון מיליטערישע אָפּעראַציעס. מיר ווייסן אויסגעצייכנט ווי גרייט עס איז דער אידישער ישוב צו פאַרטיידיקן זיך און דורכדעם פאַרטיידיקן די האָפענונג פון אַלע אונזערע דורות — דעם ציוניזם.

דער ישוב האָט ביים סאַמע אויסברוך פון דער מלחמה זיך דערקלערט

גרייט צו מאָביליזירן זיינע מיליטערישע, עקאָנאָמישע און טעכנישע רעסורסן צו העלפן די אַליאירטע. צענדליקער טויזנטער אידישע יונגע מענטשן אין ארץ־ישראל האָבן זיך דערקלערט גרייט מיט זייערע סאָמע לעבנס צו העלפן ענגלאַנד ניט אַריינלאָזן קיין ארץ־ישראל און אין גאַנצן נאָענטן מזרח די פאַ־שיסטישע און נאַצישע האָרדעס. מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט די אידישע אַגענטור ווידער באַנייט איר אָנבאָט צו דער בריטישער רעגירונג. די אידישע אַגענטור האָט אויך אָנגעבאָטן צו אָרגאַניזירן טויזנטער אידישע פרייוויליקע סיי אין ארץ־ישראל סיי אין אַנדערע לענדער, פאַר די איראָפּעאישע שלאַכט־פעלדער. ביז איצט האָט נאָך די בריטישע רעגירונג דעם דאָזיקן אָנבאָט ניט אָנגענומען.

דערקלערן מיר, אַמעריקאַנער אידן, אַז מיר וועלן מיט אַלע אונזערע כוחות מיטהעלפן אונזער ישוב אין ארץ־ישראל, זיי זאָלן קענען מיט אייגענע לעבנס, מיט אייגן בלוט, פאַרטיידיקן אונזערע פּאָזיציעס אין ארץ־ישראל אין וועלכע מיר האָבן אַריינגעלייגט מי און יצירה־כוחות פון דורות און מיט וועלכע עס זיי־נען פאַרבונדן די האָפענונגען פון אידישן פאָלק אויף אַ פרייען לעבן. מיר רופן דער בריטישער רעגירונג אָנצונעמען דעם אָנבאָט פון דער אידישער אַגענ־טור. מיר אַליין דערקלערן זיך גרייט, און מיר רופן דעם גאַנצן אַמעריקאַנער אידנטום צו מאַכן זיך גרייט, פאַר דער גרויסער אָנשטרענגונג אָנצוהאַלטן אונ־זערע ביז־איצטיקע אויפגעבויטע פּאָזיציעס און פאַרזעצן אונטער אַלע אומ־שטענדן דעם פּראָצעס פון אויפבויען די אידישע נאַציאָנאַלע היים אין ארץ־ישראל.

* * *

אויף דער גאַנצער וועלט זיינען צעשפּרייט די קינדער פון ישראל. אומע־טום בלוטן זיי פון טויזנטער וואונדן. זייער ציבור אין לעבנס און יסורים איז דער גרעסטער. זייער אינטערעס אין אַ נצחון פון פרייהייט און מענטשלעכקייט מוז דעריבער זיין דער טיפסטער.

ברידער אידן פון אַמעריקע!

וואָס אונזער גורל וועט זיין אויב חלילה היטלער זאָל באַהערשן די וועלט איז אפילו ניט נויטיק אָנצוצייכענען. אַנטקעגן דעם שטייט אונז פאַר די האָפע־נונג פון אַ נצחון פון די אַליאירטע. מענטשלעכע באַציאונגען וועלן ווידער איינגעשטעלט ווערן. אמת׳ע ברידערלעכקייט צווישן פעלקער וועלן עטאַבלירט ווערן. אַלע אונטערדריקטע פעלקער וועלן באַפרייט ווערן. אין אַלע באַפרייטע לענדער וועלן אידן באַקומען פולשטענדיק גלייכהייט אויף אַלע געביטן פון לעבן. אונזער ארץ־ישראל וועט ווייטער געבויט ווערן.

פאַר אָט דעם ציל איז כדאי סיי צו לעבן, סיי צו שטאַרבן. רופן מיר אייך אַלעמען:

מאָביליזירט זיך אין קאַמף, כדי צו קענען לעבן, זייט גרייט אויך צו שטאַרבן פאַר דער אידייע פון אַ פרייען לעבן.

ד

די פריערדיקע דעקלאַראַציע איז געמאַכט געוואָרן איידער די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען אַריינגעטראָטן אין דער מלחמה. די איצטיקע דעקלאַראַציע איז שוין געמאַכט געוואָרן, ווען מיר זיינען שוין געווען אין דער מלחמה. זי האָט זיך געלייענט אַזוי:

מיר, פאַרטרעטער פון צענדליקער טויזנטער אָרגאַניזירטע מיטגלידער פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, פאַרזאַמלט אין ניו־יאָרק, דעם 26טן מערץ, 1943, דערקלערן פייערלעך:

1) די ערשטע און וויכטיקסטע אויפגאַבע וואָס שטייט פאַר אונז, סיי ווי בירגער פון אונזערע לענדער און קינדער פון דעם אידישן פאָלק, סיי ווי מיטגלידער פון אַלוועלטלעכן אַרבעטער־קלאַס און ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון דער גאַנצער מענטשהייט, איז: די פולשטענדיקע פאַרניכטונג פון היטלעריזם, פאַשיזם און יאַפּאַנישן אימפּעריאַליזם.

זייענדיק דורכגעדרונגען פון דעם פרינציפּ אַז אַלע מענטשן זיינען גלייך; אַז אַלע ראַסן, אַלע פעלקער, אַלע רעליגיעס, אַלע קולטורן און אַלע סאָרטן איינגאָרטן וואָס די מענטשהייט האָט פון זיך אַרויסאַנטוויקלט, זיינען באַרעכטיקט צו אַ פּלאַץ אונטער דער זון פאַר זייער פרייער, אומגעשטערטער עקזיסטענץ; אַז די דאָזיקע יסודות פון אמת'ער פרייהייט קענען נאָר דאַן אויפגעהיט ווערן, ווען זיי זיינען דער קנין פון דער גאַנצער מענטשהייט, ניט בלויז פון אַ טייל אירן; אַז איבערלאָזן היטלעריזם און פאַשיזם אפילו אין איין לאַנד שטעלט די גאַנצע מענטשהייט אין געפאַר פון ווייטערדיקע, נאָך בלוטיקערע מלחמות, — דריקט אונזער צוזאַמענפאַר אויס זיין טיפסטע אָנערקענונג און האַרציקסטע אונטערשטיצונג צו די קאַזאַבלאַנקאַ דערקלערונגען פון די פאַרטרעטער פון די פאַראייניקטע שטאַטן און גרויס־בריטאַניע, אַז קיין שלום וועט ניט געשלאָסן ווערן ביז די נאַצישע און פאַשיסטישע מיליטערישע כוחות וועלן פולשטענדיק באַזיגט און אַנטוואָפנט ווערן.

2) די צווייטע אויפגאַבע וואָס שטייט פאַר אונז און פאַר דער גאַנצער וועלט איז די באַלדיקע רעטונג פון מיליאָנען אידן וואָס געפינען זיך אין היטלער'ס נעגל. אַלע פעלקער וואָס קעמפן איצט קעגן נאַציזם מוזן זיך אַנטשליסן, אַז

היטלער טאָר זיין אויסראָטונגס־ציל קעגן דעם אידישן פאָלק ניט דערגרייכן. דאָס אידישע פאָלק איז ניט צופעליק אויסגעקליבן געוואָרן אַלס ערשטער קרבן אין היטלער׳ס גײַעג נאָך וועלט־הערשאַפט. מיר פאָדערן פון אייך, איר אַלע אַליאירטע פעלקער, ניט צו פאַרשווײַכן דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון אייערע אייגענע קינדער דורך מאַנגל אין מעשים, צו ראַטעווען דאָס אייראָפּעאישע אידנטום פון היטלער׳ס אכזריות. מיר פאָדערן ניט קיין פּריווילעגיעס. מיר פאָדערן פון אונזערע אַליאירטע צו האַנדלען לגבי אונזערע פאָלקס־ברידער, ווי זיי וואָלטן געהאַנדלט ווען זייערע פאָלקס־ברידער וואָלטן זיך געפונען אין אונ־זער לאַגע. מיר פאָדערן צו צעברעכן אַלע באַריערן וואָס שטייען איצט, אין דער בלוטיקסטער עפּאָכע פון דער וועלט־געשיכטע, אין וועג פון ראַטעווען אומשולדיקע לעבנס. מיר פאָדערן פון די פאַראייניקטע שטאַטן ניט צו באַשטיין אויף אירע קוואָטע־געזעצן און עפענען אירע טויערן פאַר די וועלכע מען קען אַרויסראַטעווען. מיר פאָדערן פון ענגלאַנד צו פאַרגעסן איר ווייסן פּאַפּיר און עפענען די טויערן פון ארץ־ישראל פאַר די וואָס מען קען אַרויסראַטעווען. מיר פאָדערן פון אַלע אַליאירטע לענדער זייערע באַריערן פאַר רעטונג צו באַ־זייטיקן. מיר פאָדערן עס אויך פון די נייטראַלע לענדער. בעיקר פאָדערן מיר באַלדיקע האַנדלונג! בעיקר פאָדערן מיר ניט צו פאַרנאַכלעסיקן קיין איינציקן רעטונגס־וועג און קיין איינציקן טאָג, ווען מען קען נאָך ראַטעווען. נאָר דאַן, ווען די אַליאירטע פעלקער וועלן אַזוי האַנדלען, וועט אויפגעהויבן ווערן די קדושה פון קאַמף קעגן היטלעריזם און פאַשיזם. נאָר אַזוי וועלן די פאַרייניקטע פעלקער הייליקן דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון זייערע אייגענע קינדער אויף די שלאַכטפעלדער.

3) דער צוזאַמענפאָר דערקלערט ווייטער:

דער נצחון איבער היטלעריזם און פאַשיזם, וועלכער האָט זיך שוין אָנגע־הויבן און וועלכער וועט האָפנטלעך גאָר אין גיכן פאַרענדיקט ווערן, קען נאָר דאַן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ סטאַבילן שלום, ווען די נייע פרייע וועלט וועט פּראָקלאַמירן די פרייהייט פון מענטש, פאָלק, ראַסע און רעליגיע, ניט אַלס אַ הוילן פּרינציפּ, נאָר אַלס אַ קאַטעגאָרישן געבאָט וואָס דאַרף קריגן זיין פולע פאַרקערפּערונג אין לעבן. דער שלום וועט קענען זיין אַ סטאַבילער נאָר דאַן, ווען עס וועלן פאַקטיש אָפּגעשאַפט ווערן יענע עקאָנאָמישע אומגלייכקייטן, וועלכע האָבן ביז איצט צעטיילט די מענטשהייט אין קלאַסן פון לוין־שקלאַפן פון איין זייט און עקספּלואַטירער פון מענטשלעכער אַרבעט פון דער צווייטער זייט; ווען די מענטשהייט וועט באַפרייט ווערן פון יענער קללה וואָס פּרעזידענט רוזוועלט האָט אָנגערופן „די שרעק פאַר נויט"; ווען פון צווישן־פעלקערלעכע

באַציאונגען וועט באַזייטיקט ווערן דיווירטשאַפטלעכע קאָנקורענץ; ווען פאַר יעדן יחיד און פאַר יעדער גרופּע אָדער קאָלעקטיוו וועלן פעסטגעשטעלט ווערן גלייכע מעגלעכקייטן פאַר פרייען לעבן און אַנטוויקלונג. דער נייער שלום וואָס וועט אויפגעשטעלט ווערן וועט דעריבער ניט טאָרן זיך באַנוגענען בלויז מיט פּאָליאַטיוון. דער קומענדיקער שלום מוז זיך אויסדריקן אין אַ ראַדיקאַלער אויסגלייכונג פון אַלע קרומקייטן וואָס זיינען ביז איצט פאַרוואַרצלט אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. נאָר דאַן ווען היטלעריזם, פאַשיזם און יעדער אַנ־דער סאָרט דיקטאַטור פאַרשווינדן אויף שטענדיק און אמת׳ע דעמאָקראַטיע וועט הערשן איבער דער גאַנצער וועלט.

די גאַראַנטיע פאַר אַזאַ סטאַבילן שלום זעט דער צוזאַמענפאַר אינעם אויפ־בוי פון אַ פעלקער־פאַרבאַנד וואָס זאָל קאָלעקטיוו טראָגן אחריות פאַרן אינ־טערנאַציאָנאַלן שלום. קיינער איז נאָך ניט גרייט אָנצוצייכענען די קאָנסטיטו־ציאָנעלע ראַמען פאַר אַזאַ פעלקער־פאַרבאַנד. דאָס וועלן דאַרפן טאָן די פאַר־איי־ניקטע פעלקער וואָס פירן איצט דעם קריג קעגן היטלעריזם און פאַשיזם. אָבער די גרונט־יסודות פון אַזאַ וועלט־סטרוקטור וועלן דאַרפן זיין: מיטגלי־דערשאַפט אין פעלקער־פאַרבאַנד מוז זיין פריי פאַר יעדן פאָלק. אַ פאָלק וואָס טרעט אַריין אין פאַרבאַנד אָנערקענט פון אָנפאַנג אָן דאָס רעכט פון פעלקער־פאַרבאַנד צו העלפן אַלע אינטער־פעלקערלעכע קאָנפליקטן, וואָס קענען אויס־ברעכן צווישן זיינע מיטגלידער־פעלקער, סיי פּאָליטישע, סיי ווירטשאַפטלעכע, וועלכע טראָגן אין זיך מלחמה־געפאַרן. אין די אָנגענומענע ראַמען פון זיין קאָנסטיטוציע זאָל דער פעלקער־פאַרבאַנד האָבן די מאַכט פון אַ רעגירונג. אַ סיסטעם פון אַ וועלט־געריכט זאָל אויפגעבויט ווערן צו משפט׳ן אין קאָנפליקטן צווישן די איינצלנע פעלקער. דער פּרינציפּ פון פרייהייט און גלייכע לעבנס־מעגלעכקייטן פאַר אַלע מענטשן, פעלקער, ראַסן, רעליגיעזע געמיינדעס און קולטור־גרופּן דאַרף זיין דער מאָראַלישער יסוד, אויף וועלכן די קאָנסטיטוציע פון די אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַנען זאָל אויפגעבויט ווערן.

די אידישע פּראָבלעם איז איינע פון יענע היסטאָרישע קרומקייטן פון דער מענטשהייט, וועלכע וועט נאָך דער איצטיקער מלחמה אויך מוזן געפינען איר ראַדיקאַלע אויסגלייכונג. אַלס יסוד פאַר אַזאַ ראַדיקאַלער אויסגלייכונג מוז דינען דער פּרינציפּ: די גלייכשטעלונג פונעם סטאַטוס פון אידישן פאָלק מיטן סטאַטוס פון אַלע אַנדערע פעלקער אין דער וועלט. דער דאָזיקער פּרינציפּ מוז אָנגעווענדט ווערן בנוגעביידע גרויסע שטחים פון אידישן לעבן, הן בנוגע דעם סטאַטוס פון אידן אין גלות, הן בנוגע ארץ־ישראל.

פאַר די אידן אין די גלות־לענדער מוז גאַראַנטירט ווערן די זעלביקע מאָס

פון גלייכע רעכט — סיי אַלס יחידים און סיי אַלס אַ גרופּע — וועלכע וועלן גאַראַנטירט ווערן אַנדערע מינאָריטעט־גרופּן, וואָס לעבן אין איין פּאָליטישער ראַם מיט מאַיאָריטעט פעלקער.

בנוגע ארץ־ישראל מוז דעם אידישן פאָלק געגעבן ווערן די מעגלעכקייט אויפצובויען דאָרט זיין אייגן לעבן אויף די זעלביקע יסודות, אויף וועלכע עס וועלן אין דער נייער, באַפרייטער מענטשהייט גאַראַנטירט ווערן פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט.

האָבנדיק אין זינען אָט די גרונט פּרינציפּן, און האָבנדיק אויך אין זינען די לאַגע, אין וועלכער דאָס אידישע פאָלק וועט זיך געפינען נאָך דער מלחמה — פאַרפּייניקט און פאַרמוטשעט פיל מער ווי אַלע אַנדערע פעלקער, מיט אַן אומגעהויער שאַרפער פּראָבלעם פון מאַסן־וואַנדערונג — האָבנ־דיק די איבערצייגונג אַז בלויז אין ארץ־ישראל וועלן די דאָזיקע מיליאָנען אידן קענען אויסבויען פאַר זיך נייע עקזיסטענצן, און דורך דעם אויך שאַפן אַ שטאַטלעכן סטאַטוס פאַרן אידישן פאָלק, שיקט אונזער צוזאַמענפאָר אַרויס זיין האַרציקן רוף צו דער רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן, צו דער אַמע־ריקאַנער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט און צום גאַנצן אַמעריקאַנער פאָלק, צו דער בריטישער רעגירונג, צו דער בריטישער אַרבעטערשאַפט און צום גאַנצן בריטישן פאָלק, צו אַלע פעלקער פון דער „בריטיש קאָמאָנוועלט אָוו ניישאָנס", צו די פעלקער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, צו אַלע אַנדערע פעלקער וועלכע קעמפן קעגן היטלעריזם און פאַשיזם און צו אַלע יענע אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטישע און אַרבעטער־כוחות, וועלכע די מלחמה האָט צעריסן, אָבער נאָכן נצחון איבערן פאַשיזם און נאַציזם וועלן זיי ווידער אויפגעשטעלט ווערן און וועלן ווערן אַ באַנייטער כוח פאַרן אויפבוי פון אַ פרייער וועלט — צו זיי אַלעמען רופן מיר פון די טיפעניש פון אונזער פּיין און האָפענונגען, אַז זיי זאָלן זיך איינשטעלן, צוזאַמען מיטן אידישן פאָלק, פאַר די פאָלגנדיקע פּאָליטישע פאָדערונגען:

א) דאָס רעכט אויף לעבן און אַרבעט פאַר אידן אין אַלע לענדער וואו זיי געפינען זיך און ווילן דאָרטן בלייבן; דאָס רעכט פון אידישע פּליטים זיך אומצוקערן, אויב זיי ווילן, אין די לענדער פון וואַנען זיי זיינען אויסגע־וואָרצלט געוואָרן און זיך דאָרטן פון דאָס ניי איינפּלאַנצן; דאָס רעכט פון אידן אויף דעם המשך פון זייער נאַציאָנאַלער און רעליגיעזער אייגנאַרט, צוגלייך מיט די אייגנאַרטן פון אַלע אַנדערע עטנישע, קולטורעלע און רעליגיעזע גרופּן.

ב) דאָס רעכט אויפצובויען ארץ־ישראל אַלס אידישע קאָמאָנוועלט. מיר פאָדערן דערביי, אַז קיין נייער פּאָליטישער סטאַטוס פאַר ארץ־ישראל זאָל ניט

באַשטימט ווערן אַן דעם הסכם פון דעם אידישן פאָלק דורך זיין אָנערקענטער רעפּרעזענטאַנץ — די אידישע אַגענטור; אַז דער נייער פּאָליטישער און געאָגראַפישער סטאַטוס פון ארץ־ישראל זאָל זיין אַזאַ, וואָס זאָל פאַרזיכערן סיי די מעגלעכקייט אויפצובויען וואָס שנעלער די אידישע קאָמאָנוועלט, סיי די איינוואָרצלונג פון מיליאָנען דורך דער מלחמה אויסגעוואָרצלטע אידן אין דער מעגלעכסט־קירצסטער צייט. מיר באַהויפּטן, אַז נאָר אידישע אָרגאַ־נען זיינען באַרופן דורכצופירן די דאָזיקע גיגאַנטישע אויפגאַבן. מיר פאָדערן דעריבער. אַז דער אידישער אַגענטור פאַר ארץ־ישראל זאָל געגעבן ווערן די פולע אויטאָריטעט צו רעגולירן די איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל און צו האַנדלען בנוגע אַלע סאָציאַלע, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און אַלע אַנדערע עניינים וואָס קענען העלפן דער אידישער אימיגראַציע; עס דאַרף דער אידי־שער אַגענטור געגעבן ווערן די אויטאָריטעט צו באַזעצן אידן אויפן לאַנד — אַריינגערעכנט מלוכה־באָדן און אומבאַזעצטע באָדן־שטרעקעס — און עס דאַרף איר געגעבן ווערן אויך די אויטאָריטעט צו אַנטוויקלען אַלע נאַטירלעכע רייכטימער פון לאַנד.

ג) פאָראויסזעענדיק, אַז די נייע וועלט־אָרדענונג וועט ניט קענען עטאַב־לירט ווערן אין איר גאַנצן פאַרנעם תיכף נאָך דעם צוזאַמענברוך פון די אַקס־כוחות, פאָדערן מיר, אַז די פאַראייניקטע פעלקער זאָלן די ערשטע טעג נאָכן נצחון דערוויזן דער גאַנצער וועלט די עטישע יסודות פון דעם נייעם סדר־העולם: ערשטנס — דורך דערקלערן דעם אַנטיסעמיטיזם אַלס סאָציאַלן פאַר־ברעכן, צווייטנס — דורך אָפּשאַפן תיכף און פולקאָם אַלע אַנטי־אידישע גע־זעצן, דעקרעטן אָדער רעגולאַציעס, סיי פון פאַר דער מלחמה, סיי פון דער צייט פון מלחמה, סיי פון די אַקס־לענדער, סיי פון די פון זיי באַאיינפלוסטע מדינות; דריטנס — דורך אַריינגעמען אין באַגריף פון מלחמה־פאַרברעכנס פאַר וועלכע די פאַראייניקטע פעלקער האָבן שוין אָנגעקינדיקט אַ האַרבע שטראָף, ניט נאָר אַקטן פון מאָרד, נאָר אויך די באַטייליקונג אין צוגרייטן און דורכפירן אויסראָטונגס־פּלענער פאַר אידן, די באַטייליקונג אין פייניקן אידן און אין קאָנפיסקירן אידיש פאַרמעגן; פערטנס — דורך דעם, אַז אַלמנות און יתומים פון אידן וואָס זיינען אומגעקומען דורך אידן־פאַרפאָלגונגען, מוזן באַהאַנדלט ווערן גלייך ווי אַלמנות און יתומים פון דירעקטע מיליטערישע מלחמה־קרבנות.

ד) פאַר דער צייט פון דער מלחמה פאָדערן מיר, אַז דעם אידישן ישוב אין ארץ־ישראל, צוזאַמען מיט מלחמה־פעאיקע אידישע כוחות, וועלכע גע־פינען זיך אין די באַפרייטע און נייטראַלע לענדער, סיי אַלס תושבים, סיי

אַלס פליכטלינגען, זאָל געגעבן ווערן די מעגלעכקייט, אונטערן אָפענעם אידישן נאָמען, אונטער דער אָנערקענטער אידישער פאָן, אין דער פולסטער מאָס זיך צו באַטייליקן אין דער מלחמה מיט זייער אייגן בלוט און מיט זייערע אייגענע לעבנס. דאָס אידישע פאָלק, דער ערשטער ציל־ברעט פון נאַצישן האַס, מוז קענען ניט נאָר אַנאָנים, נאָר אָפן, ווי אַ פאָלק צווישן פעלקער, צוטראָגן זיין חלק אין דער פאַרניכטונג פון דעם ווילדסטן סאָציאַלן פלאַגן וואָס איז ווען סאיז אויסגעוואַקסן אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

ה) אָנערקענענדיק, אַז אונזער פאָליטישע פאָדערונג וועגן ארץ־ישראל שטעלט מיט זיך פאָר די באַדייטנדיקסטע האָפענונג אויסצוגלייכן דעם אידישן סטאַטוס מיט אַלע פעלקער פון דער וועלט, געפינט די קאָנווענשאָן פאַר נויטיק צו שיקן פון דער טריבונע אַרויס אַ רוף צום אַראַבישן פאָלק:

עס איז דער ווילן פון דער געשיכטע, מיר זאָלן לעולם ועד בלייבן שכנים. ס׳איז דער טיפסטער אינטערעס פון שכנים צו לעבן בשלום. שטרעקן מיר אויס אונזער האַנט צום שלום מיטן אַראַבישן פאָלק. אָן אמת׳ער שלום צווישן שכנים קען אָבער אויסגעבויט ווערן נאָר אויף איין באַזיס: קעגנזייטיקע אָנערקענונג פון גלייכווערטיקייט און גלייכבאַרעכטיקונג.

דאָס אַראַבישע פאָלק מוז דעריבער אָנערקענען דאָס רעכט פון אידישן פאָלק צו אַ גלייכן סטאַטוס מיט אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט, דאָס אַראַבישע פאָלק בתוכם. דער גלייכער סטאַטוס פון אַראַבישן פאָלק איז געזי־כערט דורך זיין זעלבסטשטענדיקן לעבן אין שטחים, וואָס זיינען צענדליקער מאָל גרעסער ווי די איצטיקע ארץ־ישראל מיטן עבר־הירדן צוזאַמענגענומען. דאָס אידישע פאָלק האָט נאָר איין־איינציקן וועג וויאַזוי זיך צו דערווערבן זיין גלייכן סטאַטוס. דער דאָזיקער וועג איז: אַ אידישע קאָמאָנוועלט אין ארץ־ישראל.

דאָס אידישע פאָלק קערט זיך אום צו זיין היסטאָריש פאָטערלאַנד מיט איין־איינציקן ציל אין האַרץ: דורך אייגן בלוט און מי אויפצולעבן די חורבות פון אונזער היסטאָריש לאַנד, כדי אויפצובויען פאַר זיך אַ נאַציאָנאַלן קיום. עס קומט ניט קיינעם עקספּלואַטירן. בעסער פאַר אַלעמען ווייסן עס די אַראַבער אַליין. אויף יענע שטחים, וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט ביז איצט זיך דערוואָרבן אין ארץ־ישראל און האָט אויפגעבויט זייערע חורבות, איז די אַראַבישע באַפעלקערונג דורך דער צייט פון אידישן בוי־פּראָצעס פאַר־פילפאַכט געוואָרן. זייער לעבנס־מדרגה, סיי ווירטשאַפטלעך און סיי קולטורעל, איז באַדייטנדיק אויפגעהויבן געוואָרן. דאָס אידישע פאָלק וועט אין זיין

אויפבוי־אַרבעט אין די איבעריקע שטחים פון ארץ־ישראל גיין אין דער זעלביקער ריכטונג.

דער טיפסטער וואונטש פון אַלע נאָך־פרייהייט־בענקענדיקע מענטשן און פון אַלע צו־פרייהייט־שטרעבנדיקע פעלקער מוז איצט זיין צו פאַרגיטיקן די היסטאָרישע אומרעכטן צו געקריוודעטע. מיר גלויבן, אַז די גאַנצע מענטש־הייט וועט באַהערשט ווערן פון אָט־דעם וואונטש. מיר, פון אונזער זייט, זאָגן שוין איצט אָן די פרייע פעלקער פון דער וועלט, בתוכם אויך דעם אַראַבישן פאָלק, אַז אין דעם טאָג פון דער נייער פרייהייט וועט מוזן דורך ארץ־ישראל פעסטגעשטעלט ווערן די פרייהייט און גלייכהייט פון אידישן פאָלק. דאָס דאָזיקע רעכט קומט אונז ווייל דער פרינציפּ פון פרייהייט און גלייכהייט קען ניט און טאָר ניט דולדן קיין שום אויסנאַמען. דאָס דאָזיקע רעכט האָבן מיר פאַר זיך פאַרפעסטיקט דורך דעם גאַנצן גאַנג פון אונזער געשיכטע. דאָס דאָזיקע רעכט האָבן מיר פאַרפעסטיקט מיט אונזער בוי־אַרבעט די לעצטע 60 יאָר. דאָס דאָזיקע רעכט האָבן מיר אין אונזער דור פאַרזיגלט דורך אונזער בלוט וואָס איז ביז איצט פאַרגאָסן געוואָרן, דורך יסורים און אומקום פון מיליאָנען אידן אין אַלע אָקופּירטע מדינות, דורך דעם בלוט פון די אידישע קינדער אין אַלע אַרמייען פון די קעמפנדיקע פעלקער, און דורך די דירעקטע קאַמפּס־כוחות וואָס עס שטעלט צו דער אידישער ישוב אין ארץ־ישראל צום געראַנגל פאַר פרייהייט און דעמאָקראַטיע.

5) אָנגעפילט מיט טיפן גלויבן אין דעם קומענדיקן זיג, ווענדן מיר זיך פון אָט־דער טריבונע, מיט אונזער וואָרט צו אונזערע ברידער וואָס געפינען זיך אין די קלאַמערן פון היטלער׳ס נעגל. מיר קענען מער ניט ריידן צו די הונדערטער טויזנטער אויסגעשאָכטענע. מיר ווענדן זיך אָבער צו די מיליאָנען אין יסורים־שמאַכטנדיקע שוועסטער און ברידער אומעטום, וואו נאָר זיי געפינען זיך:

איר, אומגליקלעכסטע פון אַלע אומגליקלעכע, פאַרנעמט אונזער קול, וואָס זוכט דורכצוברעכן די ווענט פון געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן. מיר האָבן זיכער קיין רעכט ניט אייך עצות צו געבן. אָבער ווי גאָט איז אייך ליב, היט אייערע לעבנס וואו נאָר איר קענט. ווען עס איז באַשערט צו שטאַרבן פון די הענט פון די מערדער — מוז. אָבער יענע פון אייך, וואָס מוזן ניט — אייך בעטן מיר: טראָגט די מאַרטירער־קרוין בכבוד, ווי עס פּאַסט פאַר קינדער פון אַן אַלט מאַרטירער־פאָלק. גיט זיך ניט אונטער דעם יאוש. בעיקר זאָלט איר מיט אייגענע הענט ניט אויסלעשן אייערע אייגענע לעבנס. מיר קענען ניט אָנטיילנעמען אין אייערע פיזישע ליידן. אונזערע נשמות אָבער ליידן מיט

אייך. אין פוילן באַוואוסטזיין פון דער הייליקייט פון דעם מאָמענט, נעמען מיר אויף זיך פייערלעך אַ שבועה, אַז מיט אַלץ וואָס וועט זיין אין אונזערע מעגלעכקייטן, ווי ווייט נאָר אונזערע כוחות וועלן עס אונז דערלויבן, וועלן מיר זוכן דורכצוברעכן אַ הילפס־וועג צו אייך. און אַ הייליקן פאַרשפּרעכן גיבן מיר אייך, אַלץ צו טאָן כדי אויסצושמידן אַ געאייניקטן אידישן וועלט־כוח, וואָס זאָל זאָרגן דערפאַר, אַז אויך אייערע יסורים און אייער בלוט זאָל ניט האָבן געגאַנגען לאיבוד; אַז וויניקסטנס אייערע קינדער, וואָס וועלן לעבעדיקערהייט דורכגיין דעם איצטיקן מבול פון פייער, זאָלן צוזאַמען מיט אונזערע קינדער קענען לעבן אין אַ ווירדיקערער וועלט. שטאָלץ זאָלן זיי קענען זיין ווי מענטשן און שטאָלץ ווי אידן. מיט אונזערע סאַמע לעבנס פאַרפליכטן מיר זיך צו קעמפן פאַר די דאָזיקע צילן.

צו אונזערע ברידער און זין אין די אַרמייען פון די פאַראייניקטע נאַציעס רופן מיר: ווען איר טראָגט מיט ווערדע די פאָן פון אייער לאַנד, פאַרגעסט ניט אויף איין מינוט די בלוט־דורכגעווייקטע אידישע פאָן. טריי וועט איר זיכער זיין אייערע לענדער, טריי וועט איר קעמפן דעם קאַמף פאַר פרייהייט און דעמאָקראַטיע, און כבוד זאָלט איר אומעטום פאַרשאַפן אייער אידישן שטאַם. דאָס אומשולדיק־פאַרגאָסענע און געשענדעטע בלוט פון אונזערע מאַרטירער זאָלן אייך שטענדיק דערמאָנען, אַז צוזאַמען מיט דער פליכט צו אייער לאַנד ליגט אויף יעדן פון אייך אויך אַ פליכט אַלס אַ קינד פון אידישן פאָלק. און באַגעגנט איר ערגעץ וואו דעם שונא אין דירעקטער שלאַכט, זאָל דורך אייער געהייליקטן וואָפן ריידן די קראַפט פון באַליידיקט אידיש בלוט וואָס מאָנט זיין תיקון.

אַ ספּעציעלע ווענדונג שיקן מיר פון דאַנען אַרויס צו די אידן אין סאָוועט־רוסלאַנד: מיר רופן אייך צוריקצוקומען אין דער ראָם פון וועלט־אידנטום, כדי איר זאָלט קענען ווי אַ טייל פון אידישן וועלט־פאָלק טראָגן די אחריות פאַרן גורל פון גאַנצן אידישן וועלט־פאָלק, מיט די זעלביקע רעכט און די זעלביקע פליכטן ווי די אידן פון אַנדערע לענדער. מיר דריקן אויס די האָפע־נונג, אַז די סאָוועט־רעגירונג וועט נאָך דער מלחמה עס מאַכן מעגלעך פאַר אייך. מיר דריקן אויס די האָפענונג, אַז דאָס רעכט פון רוסישן אידנטום מיט־צוהעלפן בויען ארץ־ישראל וועט אָנערקענט ווערן, אַז די רעכט פון דער העברעאישער שפּראַך וועלן אויסגעגליכן ווערן מיט די רעכט פון אַנדערע שפּראַכן וואָס זיינען אָנערקענט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד; אַז דאָס רעכט פון עליה קיין ארץ־ישראל וועט אָנערקענט ווערן סיי פאַר די אידישע פליכטלינגע, וואָס די שיקזאַלן פון מלחמה האָבן זיי געבראַכט אין די סאָוועטישע לענדער,

סיי פאַר די איינגעזעסענע אידן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. און אין די גרויסע הילפס־ און בוי־אַרבעטן וואָס וועלן דאַרפן געפירט ווערן אומעטום פון גאַנצן אידישן פאָלק, זאָל אויך ניט פעלן יענער וויכטיקער טייל פון דעם וועלט־אידנטום וואָס לעבט אויפן שטח פון סאָוועט־רוסלאַנד.

צו די אידן פון אַמעריקע און קאַנאַדע זאָגן מיר: ברידער, אויף דער גאַנצער וועלט זיינען צעשפּרייט די קינדער פון ישראל. אומעטום בלוטן זיי פון טויזנטער וואונדן. זייער ציבנג אין לעבן און יסורים איז דער גרעסטער. זייער אינטערעס אינעם נצחון פון פרייהייט און מענטשלעכקייט איז דעריבער דער טיפסטער. זייער אינטערעס מוז אויך זיין אונזער אינטערעס. מיר זיינען איין אידישער וועלט־גוף. דאָס בלוט־געפעס פון אונזער אָרגאַניזם האָט געהאַט זיין פלאַץ אין אייראָפּע. דאָס האַרץ פון אונזער גאַנצן אָרגאַניזם קלאַפּט אין ארץ־ישראל. זאָלן, חלילה, דאָס האַרץ און דער גאַנצער בלוט־געפעס ניט קענען ווי געהעריק פונקציאָנירן, וועט אויסגערונען ווערן אויך אונזער המשך־זאַפט. דער שיקזאַל פון אייראָפּעאישן אידנטום, דער שיקזאַל פון ארץ־ישראל, איז דעריבער פאַר אונז ניט קיין ענין בלויז פון העלפן יענעם. דאָס איז אויך פאַר אונז, אַמעריקאַנער אידן, אַ פראַגע פון עקזיסטענץ, פון קיום האומה. צו די וועמען אידישער המשך אינטערעסירט ניט, רעדן מיר ניט. מיר רעדן צום רוב מנין ובנין פון אַמעריקאַנער אידנטום, פאַר וועמען אידישער המשך און געזונ־טער נאַציאָנאַלער קיום איז ענג אַריינגעוועבט אין זייער אייגענעם לעבן. צו זיי רופן מיר:

לאָמיר זיך גרייט מאַכן צו קענען מיט כבוד טראָגן די שווערע אחריות וואָס די געשיכטע האָט אויפן אַמעריקאַנער אידנטום אַרויפגעלייגט. לאָמיר זיך גרייט מאַכן צו קענען ווירדיק מיטליידן די יסורים פון די מיליאָנען אידן אין די היטלער־נעגל; לאָמיר זיך גרייט מאַכן צו גרויסע אָנשטרענגונגען פאַר הילף און ווידער־אויפבוי אומעטום, און לאָמיר זיך גרייט מאַכן צו דער הייליקער שותפות מיט דעם אידישן ישוב צו פאַרזיכערן דורך ארץ־ישראל פאַר אונזער פאָלק זיין אייביקן נאַציאָנאַלן קיום. הייליקט און רייניקט אייערע נשמות פאַר אָט דער געשיכטלעכער ראָלע. די צייט, אין וועלכער מיר לעבן, איז ניט נאָר אַ צייט פון קאַטאַסטראָפע און חורבן. דורך קאַטאַסטראָפע און חורבן טרעט די צייט אויס דעם וועג צו דער גאולה. עס קלאַפּט אין טיר פון אונזער דור די גאולה פון דער גאַנצער מענטשהייט. עס קלאַפּט אין האַרץ פון אונזער דור דער רוף צו דער גאולה פון דעם אידישן פאָלק. דורך אַלע פאַרגאַנגענע דורות פון דער אידישער געשיכטע רעדט איצט אַרויס די דורות־לאַנגע תשוקה פונעם אידישן פאָלק צו גאולה דורך ארץ־ישראל. זייט ראוי אַז דורך אייער מויל און

דורכן מויל פון די אידן פון אַנדערע לענדער זאָל די דאָזיקע תשוקה אין די איצטיקע הרת־עולם־טעג געפינען איר פּאַסיקן אויסדרוק. די גאַנצע וועלט מוז דערשפּירן אין אונזער דור די גאולה־דראַנגען פון אַלע אונזערע פאַראַנגגענע דורות.

בראש פון דער אידישער גאולה מאַרשירט דער אידישער ישוב אין ארץ־ישראל. און פון אָט דער טריבונע שיקן מיר אים אונזערע הייסטע גליקוואונטשן וואָס קומען פון די טיפסטע מקורות פון אונזערע הערצער, אַז די נאַצי־פּיס זאָלן קיינמאָל ניט באַרירן דעם באָדן פון ארץ־ישראל, אַז דער ישוב זאָל אונז געשפּאָרט ווערן פול און גאַנץ. מיר האָבן אייך, קינדער פון אידישן ישוב, געזען אין אייער בוי־אַרבעט און מיר האָבן זיך געפרייט. מיר האָבן אייך געזען אין אייער אינערלעכער שוץ־אַרבעט און מיר האָבן אייך באַוואונדערט. איצט זעען מיר אייך אין אייער העלדישן קאַמף אין אַלע לענדער פון נאָענטן מזרח און אין צפון־אַפריקע. איר מישט אייער בלוט מיטן בלוט פון קינדער פון אַנדערע פעלקער אין קאַמף פאַר פרייהייט און מענטשלעכקייט, און אונזער באַוואונדערונג צו אייך שטייגט. בעיקר קוקן מיר צו אייך מיטן גרעסטן יראת הכבוד פאַר אייער גרייטקייט צו באַשיצן מיט לייב און לעבן דאָס גרויסע ווערק וואָס צוויי אידישע דורות האָבן אויפגעבויט. דאָס איז דאָך דאָס ווערק אויף וועלכן עס וועט אויפגעשטעלט ווערן דער בנין וואָס וועט פאַרזיכערן אונזער פאָלק זיין נאַציאָנאַלן סטאַטוס. דאָס איז דאָך דאָס ווערק אויף וועלכן עס וועט אויפגעבויט ווערן די גרויסע רעטונגס־אַקציע פאַר דעם שארית ישראל פון איראָפּע.

בראש פון דעם אידישן ישוב אין ארץ־ישראל שטייט די אָרגאַניזירטע אידישע אַרבעטערשאַפט, שטייען אונזערע אָרגאַניזירטע חברים אין דער הסתדרות. צו זיי געהערט אונזער שלום־וואָרט. צו זיי זאָגן מיר פון אָט דער טריבונע:

חברים! טיפער ווי ווען ס'איז פריער פילן מיר איצט אונזער הייליקן צוזאַמענבונד מיט אייך. אַלץ וואָס מיר האָבן אויסגעריקט צום גאַנצן אידישן ישוב גייט דאָך אוודאי צו אייך אויך. ווייסן מיר דאָך אייער ראָלע אין דעם אויפבוי פונעם ישוב. ווייסן מיר דאָך אייער ראָלע אין שוץ פון ישוב. ווייסן מיר דאָך אייער ראָלע אין דער איצטיקער מלחמה. ווי דער וויכטיקסטער טייל פון אידישן ישוב צאָלט איר אינעם איצטיקן קאַמף פאַר פרייהייט און מענטשלעכקייט דעם בלוט־צינז פון גאַנצן אידישן פאָלק, ווייל דער אידישער ישוב אין ארץ־ישראל איז דאָך דער איינציקער וואָס פונקציאָנירט ווי אַ אידישער אין שלימות און אין אינעווייניקסטער האַרמאָניע. אָבער ניט מיט דעם אַליין שעפּט זיך אויס אייער שטייער צו דער וועלט און צום אידישן פאָלק. ווען דער

טאָג פון שלום וועט קומען, און אַ נייע וועלט וועט אויפגעבויט ווערן, וועלן אייערע סאָציאַלע עקספּערימענטן און דערגרייכונגען פון די לעצטע 35 יאָר אויפשטיין ווי אַ ביישפּיל פאַר דער וועלט, ווי אַ באַווייז אַז ס'איז מעגלעך אויפצובויען אַ ווירטשאַפטלעכן יסוד פאַר מענטשלעכער עקזיסטענץ, אויס־שליסנדיק פולשטענדיק די עקאָנאָמישע קרומקייטן פון דער איצטיקער קאַ־פּיטאַליסטישער אָרדענונג; אַז מען קען אַזאַ יסוד שאַפן ניט געטריבן פון קנוט פון אַ דיקטאַטור, נאָר מיטן מאָראַלישן כוח פון דער אייגענער שטרעבונג צו אַזעלכע ענדערונגען אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, וואָס זאָלן פאַרזיכערן אמת'ע פרייהייט און גלייכע חשיבות פאַר יעדן יחיד און יעדער גרופּע. און ווען די וועלט וועט געפינען דעם וועג פאַר געזונטע אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונ־גען, און אין דער משפחה פון באַפרייטע פעלקער וועט זיין איינגעשלאָסן אויך דאָס באַפרייטע אידישע פאָלק, וועט איר, אידישע אָרגאַניזירטע אַרבעטער פון ארץ־ישראל, ווערן די וויכטיקסטע טרעגער פון די נייע פאָלקס רעכט, וואָס די וועלט וועט פאַר אונז אָנערקענען, ווי אויך פון די גרויסע פאָלקס פליכטן, וואָס יענע רעכט וועלן אויף אונז אַרויפלייגן.

מיר גיבן זיך אָפּ אַ דין וחשבון פון די שווערע טעג, מאָנאַטן און אפשר יאָרן, וואָס מיר און די וועלט דאַרפן דורכגיין ביז די ליכטיקערע טעג וועלן קומען. מיר דאָ ציען קראַפט פאַר אויסדויער פון אייך און אייערע העלדישע מעשים. און זאָלט איר זיך בויטיקן אין אַ באַנייטער קראַפט פאַר אויסדויער — געדענקט! הונדערטער, טויזנטער הערצער פון אידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן פון אַמעריקע און קאַנאַדע שלאָגן אין טאַקט מיט אייך. זאָל דאָס גרינגער מאַכן פאַר אייך דעם שווערן עול וואָס די געשיכטע האָט אויף אייערע פּלייצעס אַרויפגעלייגט.

מיר נעמען אויף זיך די הייליקע פליכט, אָפּן פאַר דער גאַנצער וועלט, ניט צו שפּאָרן זיך, ניט צו שפּאָרן אונזערע קינדער, ניט צו שפּאָרן דאָס אַמערי־קאַנער אידנטום, ביז וואַנען עס וועט דורך געמיינשאַפטלעכע אָנשטרענגונגען פון דער גאַנצער וועלט, אויפגעבויט ווערן די נייע געביידע פון אַ פאַרבריד־ער־טער מענטשהייט, אין וועלכער אונזער פאָלק, אָנגעזאַפּט מיט יסורים און דורכגעדרונגען מיט גאולה־בענקשאַפטן, וועט פאַרנעמען אַ גלייכן פּלאַץ מיט אַלע פעלקער פון דער וועלט.

## ה

אין חודש מאַי פון יאָר 1944 איז מיר פאַר אַ קאָנפערענץ, ווידער פון דער אייגענער באַוועגונג אויסגעקומען איינצולייטן די פּאָליטישע סעסיע פון אָט דער קאָנפערענץ. דאָרטן האָב איך געזאָגט:

די אויפגאַבע וואָס איך שטעל פאַר זיך היינט איז זייער אַ באַגרענעצטע: צוצוגרייטן די דעלעגאַטן צו מעגלעכע פּאָליטישע אַנטוויקלונגען בנוגע ארץ־ישראל אין די קומענדיקע עטלעכע חדשים. ווי אַזוי די דאָזיקע פּאָליטישע ענינים וועלן זיך אויסאַרבעטן נאָך דער מלחמה, ווייס נאָך קיינער ניט. וועגן דעם קאָן מען נאָר מאַכן השערות. דערצו מוז מען אַריינגיין אין פאַרפּלאָנטער־טע קאָמפּליצירטע נביאות וועגן דער נייער וועלט וואָס וועט איינגעשטעלט ווערן נאָך דער מלחמה. ביי אַנדערע געלעגנהייטן זיינען מיר מחויב זיך אויך אָפּגעבן מיט אָט די ענינים. היינט וועלן מיר זיך באַנוגענען מיט אַ באַטראַכ־טונג פון פּאָליטישע אַנטוויקלונגען וואָס קאָנען פּאַסירן אין די קומענדיקע עטלעכע חדשים.

די ערשטע אויפגאַבע וועט זיין קלאָר צו מאַכן — וואו האַלטן מיר מיטן „ווייסן־פּאַפּיר"?

מיר אַלע ווייסן אַז דער „ווייסער־פּאַפּיר" איז נאָך ניט בטול געוואָרן, ער איז פּונקט אַזוי אין קראַפט, ווי ער איז געווען מיט אַ פּאָר חדשים צוריק. אָבער עס האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק, אַז נאָך אַ געוויסער דאַטע — דעם 31טן מערץ, 1944 — גייט דער „ווייס־בוך" אַריין אין קראַפט, און אַן אימה איז באַ־פאַלן דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג, אַזוי ווי אין דער דאָזיקער דאַטע וואָלט אַ נייער חורבן אַריינגעטראָטן. דער דאָזיקער איינדרוק איז ניט קיין ריכטיקער. דער „ווייסער־פּאַפּיר" איז גענוג שלעכט פאַר אונז. מיר שטייען נאָך אין מיטן קאַמף קעגן אים, אָבער סוף מערץ 1944 איז קיין זאַך ניט גע־ענדערט געוואָרן, עס איז ניט בעסער געוואָרן, אָבער עס איז אויך ניט ערגער געוואָרן.

דער „ווייסער־פּאַפּיר" באַשטייט פון דריי טיילן: די דאַטע פון סוף מערץ האָט ניט אַריינגעטראָגן קיין ענדערונג אין קיינע פון זיינע דריי טיילן.

דער ערשטער טייל פון „ווייסן־פּאַפּיר" — די באַגרענעצונג פאַר אידן צו קויפן באָדן אין ארץ־ישראל אין דעם גרעסטן טייל פון לאַנד — איז גילטיק געוואָרן שוין מיט פינף יאָר צוריק, גלייך ווי דער „ווייסער־פּאַפּיר" איז אַרויסגעגעבן געוואָרן. דער ארץ־ישראל'דיקער אידישע ישוב קעמפט קעגן דעם מיט אַלע כוחות. מיר דאַרפן דעם דאָזיקן קאַמף אויך פאַרזעצן דאָ אין אַמעריקע. אין די מעטאָדן פון דעם דאָזיקן קאַמף, סיי ווי ער ווערט געפירט אין ארץ־ישראל, סיי ווי ער דאַרף געפירט ווערן דאָ, וויל איך זיך איצטער ניט אַריינלאָזן. איך וויל נאָר אויסדריקן מיין איבערצייגונג, אַז דער גאַנצער „ווייס־בוך" וועט ניט קענען אויסהאַלטן, און דאַן וועט אויך פאַלן די באָדן־

קויף גזירה. אָבער מיט דער דאַטע פון סוף מערץ 1944 האָט עס קיין שייכות ניט.

דער צווייטער טייל פון דעם „ווייסן־פּאַפּיר״ רעדט וועגן איבערגעבן די אַדמיניסטראַציע פון ארץ־ישראל צו דער ארץ־ישראל׳דיקער באַפעלקערונג. דער דאָזיקער פּונקט איז יאָ פאַרבונדן מיט באַשטימטע צוקונפט־דאַטן. נאָך דעם דאַרף אַוועקגיין אַ פּעריאָדע פון 10 יאָר אין וועלכער אידישע אײַנוואַנדערונג קען מעגלעך זײַן נאָר מיטן הסכם פון די אַראַבער.ביים ענדע פון יענע צען יאָר גייט די רעגירונג אַריבער צו דער פּאַלעסטינער באַפעלקערונג. אַזוי ווי לויט אַלע פּלענער פון „ווייס־בוך״ וואָלט די באַפעלקערונג געבליבן פיק־סירט; צוויי־דריטל אַראַבער און איין־דריטל אידן, וואָלט דאָס געמיינט, אַז די רעגירונג פון ארץ־ישראל ווערט איבערגעגעבן די אַראַבער.

אָט דער צווייטער, און וויכטיקסטער, טייל פון דעם „ווייסן־פּאַפּיר״, איז, לויט מיין איבערצייגונג, לכתחילה נישט געמיינט געוואָרן ערנסט. נאָך וויני־קער קען ענגלאַנד, אין די ניי־געשאַפענע באַדינגונגען ערנסט טראַכטן וועגן איבערגעבן ארץ־ישראל צו די אַראַבער. ווער עס קוקט זיך צו צו דער אַנט־וויקלונג אין און אַרום דעם נאָענטן מזרח, און הערט זיך גלייכצייטיק צו צו די פּראָצעסן וואָס קומען שוין פאָר אין דער בריטישער אימפּעריע, דער וועט איינזען, אַז אויב ענגלאַנד וועט אויך אין דער צוקונפט בלייבן די איינציקע דעה־האָבערין אין ארץ־ישראל, וועט זי זוכן צו פאַרשטאַרקן דאָרטן אירע אייגענע כוחות און ניט אָפּשוואַכן זיי. עס איז גענוג אַרויסצוברענגען איין־איינציקן פּונקט, כדי קלאָר צו מאַכן אָט דעם געדאַנק.

אין ענגלאַנד טראַכט מען נישט בלויז וואָס עס וועט געשען מיט עטלעכע חדשים שפּעטער, נאָר מען טראַכט וואָס עס וועט פאָרקומען אין די קומענדיקע צענדליקע יאָרן. מען טראַכט דאָרטן וועגן דער פּאָליטישער סיטואַציע פון ארץ־ישראל אין פאַרבינדונג מיט זייער אַ וויכטיקער פּאָליטישער דאַטע, בנוגע דעם סועץ קאַנאַל. לויט אַן אָפּמאַך מיט עגיפּטן דאַרף אין יאָר 1963 דער סועץ קאַנאַל אַריבערגיין צו עגיפּטן. ענגלאַנד מוז האָבן ערגעצוואו אַן אַנדערע פאַרבינדונגס־ליניע, צווישן דעם מיטלמער (מעדיטערעניען) דורך דעם רויטן ים, אין אינדישן ים אַריין. דער דאָזיקער נייער קאַנאַל זאָל — לויט געוויסע בריטישע פּלענער — געצויגן ווערן צווישן עזה און אקאבא, וואָס ביידע פּונקטן זיינען אין דעם איצטיקן ארץ־ישראל׳דיקן מאַנדאַט־געביט. עס גרעג־נעצט זיך דעריבער מיט פּאָליטישער נאַאיוויטעט צו דענקען, אַז ענגלאַנד וועט אַזאַ וויכטיקע פּאָזיציע איבערלאָזן אין די הענט פון די אַראַבער. אויב ענגלאַנד וועט ווייטער אַליין האָבן די מאַכט אין ארץ־ישראל, וועט זי אויך אין

אידישע הענט ניט וועלן איבערגעבן אַזאַ וויכטיקע־פאַר־איר פּאָזיציע. אָבער, אויב ענגלאַנד וואָלט געשטאַנען ביי דער ברירה אויסצוקלייבן צווישן אידן און אַראַבער, וואָלטן אירע אייגענע אינטערעסן איר געדאַרפט דיקטירן אויס־צוקלייבן די אידן. איך באַהאַנדל אָבער איצט ניט וואָס ענגלאַנד וועט טאָן אין דער צוקונפט. דאָ וויל איך בלויז פעסטשטעלן, אַז בנוגע דעם צווייטן טייל פון „ווייס־בוך" איז אויך קיין ענדערונג צום שלעכטן דערווייל נאָך ניט פאָרגע־קומען. אין קיין געשריבענע דאָקומענטן איז קיין ענדערונג אַוודאי ניט פאַר־פיקסירט געוואָרן. אַן ענדערונג אין דער שטימונג צווישן קרייזן פון דער בריי־טישער באַפעלקערונג איז דווקאַ יאָ צו מערקן. דאָס איז אַ רעזולטאַט פון די נייע דערפאַרונגען, וואָס ענגלאַנד האָט דורך דער איצטיקער מלחמה גע־האַט סיי מיט אידן, סיי מיט אַראַבער. די דאָזיקע ענדערונג איז דווקא צו גונסטן פאַר אונז.

אַזוי ווי דער דאָזיקער טייל פון „ווייס־בוך" דאַרף דאָך ערשט אַריין אין קראַפט 10 יאָר שפּעטער, וועט די דאַמאָלסדיקע בריטישע שטעלונג זיין אָפּ־הענגיק פון אַ סך זאַכן וואָס וועלן פּאַרקומען אין ארץ־ישראל אין די קומענ־דיקע צען יאָר. דערווייל איז אָבער אויך אין דעם טייל קיין ענדערונג ניט פאָרגעקומען.

בלויז דער דריטער טייל פון „ווייסן־פּאַפּיר" איז געווען פאַרבונדן מיט דער דאַטע פון סוף מערץ 1944. דער דאָזיקער טייל באַציט זיך צום פּראָבלעם פון אידישע איינוואַנדערונג. לויטן „ווייסן־פּאַפּיר" איז געגעבן געוואָרן אַ מעגלעכקייט אַריינצוברענגען קיין ארץ־ישראל 75,000 אידן אין פאַרלויף פון 5 יאָר צייט. די דאָזיקע 5 יאָר האָבן זיך געענדיקט דעם 31טן מערץ, 1944.

אָבער אויך אין דעם טייל איז קיין ענדערונג נישט פאָרגעקומען. דאָס איז געשען דורך דער דערקלערונג וואָס לאָרד סטענלי האָט אין נאָמען פון דער בריטישער רעגירונג אָפּגעגעבן אין בריטישן פּאַרלאַמענט, אַז די „דעד־ליין" פאַר די 75,000 סערטיפיקאַטן ווערט אָפּגערוקט. אַזוי ווי עס זיינען נאָך גע־בליבן נאָענט צו 30,000 סערטיפיקאַטן ניט אויסגענוצטע, וועלן זיי קענען באַנוצט ווערן אויך נאָך דעם 31טן מערץ, 1944. ווען אַ דעפּוטאַט האָט גע־פרעגט לאָרד סטענלי וואָס וועט זיין נאָך דעם, ווען אויך די 30,000 סערטי־פיקאַטן וועלן אויסגענוצט ווערן, איז זיין ענטפער געווען, אַז אויף דעם קאָן ער קיין ענטפער אין נאָמען פון דער רעגירונג, ניט געבן.

עס איז דעריבער ניט באַרעכטיקט דער איינדרוק, אַז סוף מערץ 1944 איז אונז געשען אַ ספּעציעלער אומגליק. דער אומגליק איז געשען מיט פינף יאָר צוריק. קעגן דעם דאָזיקן אומגליק קעמפן מיר די גאַנצע פינף יאָר און מיר

וועלן ווייטער דאַרפן אונזער קאַמף נאָך שטאַרקער מאַכן. אָבער אַט דער קאַמף איז פאַר אונז בלויז אַן איבערגאַנגס־שטופּע. מיר קענען זיך מיט דעם קאַמף קעגן דעם „ווייסן־פּאַפּיר" ניט באַנוגענען.

* * *

מיר מוזן איצטער פאָרמולירן אונזער פּאָליטישע פאָדערונג בנוגע ארץ־ישראל נאָך דעם ווי דער „ווייס־בוך" וועט בטול ווערן. און מיר פאָדערן טאַקע סיי פון דער ענגלישער רעגירונג, סיי פון דער וועלט, צו ברענגען ארץ־ישראל אין אַ נייעם פּאָליטישן סטאַטוס. וואָס איז דער זין פון דעם נייעם סטאַטוס וואָס מיר פאָדערן?

ד"ר. ווייצמאַן האָט אויף אַ קאָנפערענץ פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע אין ענגלאַנד, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן מיט עטלעכע וואָכן צוריק, געזאָגט, אַז דער „ווייסער־פּאַפּיר" וועט ניט איבערלעבן די מלחמה.

פון דאָס וואָס איך האָב ביז איצט געזאָגט, ווייסט איר, אַז אין מיינע אויגן איז דער „ווייסער־פּאַפּיר" שוין איצט טויט. זיין עיקר'דיקן פּונקט האָט מען, לויט מיין מיינונג, גאָר לכתחילה ניט געמיינט דורכצופירן.

אָבער דאָס טאָר ניט לייכטער מאַכן אונזער געמיט. אונזער פּאָליטישער געראַנגל ווערט דורך דעם ניט גרינגער. ער איז, ביז אַ געווויסן גראַד, נאָך מער קאָמפּליצירט געוואָרן. ביז דעם „ווייסן־פּאַפּיר" האָט עקזיסטירט דער מאַנדאַט. אַזוי לאַנג ווי דער „ווייסער־פּאַפּיר" איז געווען אין דעם סטאַטוס פון אַ פּאָליטישן רעזשים, וואָס דאַרף ערשט דורכגעפירט ווערן, האָט נאָך דער מאַנדאַט געהאַט קראַפט. ער האָט זיך געשטיצט אויף צוויי פּאָליטישע כוחות: איינער איז דער פעלקער־בונד, וואָס איז פּאַקטיש, ספק חי ספק מת; דער צווייטער כוח, לעבט שוין גאָר — און זאָל ער לאַנג לעבן — דאָס בריטישע פאָלק. ארץ־ישראל האָט דעריבער געהאַט אַ פּאָליטישן טאַטן. ווען דער „ווייסער־פּאַפּיר" וואָלט שוין באמת געווען אינגאַנצן אָפּגעשאַפט, איידער עס איז באַשאַפן געוואָרן אַ נייער סטאַטוס פאַר ארץ־ישראל, וואָלט ארץ־ישראל פּאָליטיש געבליבן אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען. אַזאַ צושטאַנד וואָלט נאָך ניט געהייסן, אַז די אידן ווערן די בעלי־בתים איבער ארץ־ישראל. דורך דעם וואָלט אויך ניט צוגעגרייט געוואָרן דער באָדן, וואו אידן און אַראַבער זאָלן זיך מוזן צוזאַמענריידן, און זיי צוזאַמען זאָלן איבערנעמען די פּאָליטישע הערשאַפט פון ארץ־ישראל. געבליבן וואָלט בלויז פּאָליטישע קאָנפוזיע.

מיר מוזן דעריבער מיטן קאַמף קעגן „ווייסן־פּאַפּיר" פאַרבינדן דעם דעם קאַמף פאַרן נייעם פּאָליטישן סטאַטוס. ביז דער נייער פּאָליטישער סטאַטוס ווערט אָפיציעל דערקלערט פון אויטאָריטעטע וועלט־קערפּערשאַפטן,

עקזיסטירט פאַר אונז דער מאַנדאַט, וואָס איז גוטגעהייסן געוואָרן פוןביידע הייזער פון קאָנגרעס אין אַמעריקע; וואָס קיינער האָט קיין רעכט ניט אָפּ־צושאַפן, אָן דער הסכמה פון אַט די אַלע פעלקער. ווער קען אָבער זיין די אויטאָריטעטע קערפּערשאַפט, וואָס זאָל האָבן דאָס רעכט צו פּראָקלאַמירן אַ נייעם סטאַטוס?

דער אַלטער פעלקער־בונד איז נאָך אָפיציעל ניט אויפגעלייזט. ער איז עס געוועזן דער כוח, וואָס האָט געהאַט דאָס רעכט צו געבן אינסטרוקציעס דער מאַנדאַט־מאַכט, ווי אַזוי צו אַדמיניסטרירן ארץ־ישראל. אַ נייער סטאַטוס וואָלט אויך געדאַרפט, דורכן פעלקער־בונד, פּראָקלאַמירט ווערן. אָבער עס איז ניט אָנצונעמען, אַז דער אַלטער פעלקער־בונד וועט פון־דאָס־ניי אויפ־געריכט ווערן.

די פאַראייניקטע נאַציאָנען, וואָס פירן די מלחמה קעגן היטלעריזם, דאַרפן, בכן, באַטראַכט ווערן אַלס די יורשים פון פעלקער־בונד. ווען אַ נייער פעל־קער־בונד אויפגעשטעלט ווערן נאָך דער מלחמה, וועט ער דורך די פאַראיי־ניקטע פעלקער האָבן פּראָקלאַמירט ווערן. די דאָזיקע פאַראייניקטע פעלקער דאַרפן איבערנעמען אַלע אינטערנאַציאָנאַלע פאַרפליכטונגען, וואָס זיינען איבערגעריסן געוואָרן ביי דעם אָנהויב פון דער נייער וועלט־מלחמה. צו אַט די פאַראייניקטע פעלקער האָבן מיר זיך ווענדן. צו זיי דאַרפן מיר פאַרשלאָגן דעם נייעם פּאָליטישן סטאַטוס פאַר ארץ־ישראל.

אמת, די פאַראייניקטע פעלקער האָבן נאָך אָפיציעל די איבערגעריסענע אינטערנאַציאָנאַלע פאַרפליכטונגען ניט איבערגענומען. אָבער פריער אָדער שפּעטער, נאָכדעם ווי, אָדער זיי אַלע אָדער — ווייניקסטנס, די דריי גרויסע מלוכות, וועלן זיך האָבן צוזאַמענגערעדט וועגן יעדן איינציקן פּונקט, וועלן זיי די פאַרפליכטונגען מוזן איבערנעמען. די נייע כוחות וואָס וועלן דאַרפן באַשטימען די שיקזאַלן פון אַלע פעלקער און לענדער, וועלן איבערנעמען די התחייבות וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן צו פאַרשיידענע שוואַכע פעל־קער נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה — צווישן זיי, אויך די התחייבות צום אידישן פאָלק. אויף אונז אידן, ליגט, בכן, דער חוב, קלאָר צו מאַכן, וואָס לויט אונזער מיינונג דאַרף זיין דער נייער פּאָליטישער סטאַטוס פון ארץ־ישראל, און די דאָזיקע פאָדערונג ברענגען צו דער וועלט׳ס עפנטלעכקייט, און צו אַלע רעגירונגען פון די פאַרייניקטע נאַציאָנען. די פאָרמולירונג פון אַזאַ פאָדערונג איז זייער וויכטיק, אַפילו פאַר דעם קאַמף קעגן „ווייסן־פּאַפּיר" ווייל מיר מוזן דאָך זאָגן דער וועלט, וואָס עס דאַרף זיין דער סטאַטוס פון ארץ־ישראל, אין דעם מאָמענט ווי דער „ווייסער־פּאַפּיר" ווערט בטל.

* * *

וואָס ווילן מיר, בכן, זאָל פון ארץ־ישראל ווערן?

אין דער דאָזיקער שטאָט ניו־יאָרק איז אויסגעאַרבעט געוואָרן די ריכ־טיקע פאָרמולירונג, טראָץ דעם וואָס זי האָט שוין ברוך השם באַוויזן אַריינ־צוטראָגן אַ סך צעטומלעניש סיי אין אַמעריקע, סיי אין דער גאַנצער וועלט, און אַפילו אין ארץ־ישראל גופא. די דאָזיקע פאָרמולירונג הייסט: „די בילטמאָר־רעזאָלוציע". אין די קומענדיקע חדשים וועט מען נאָך פיל ריידן און קעמפן אַרום איר. עס איז דעריבער נויטיק צו האָבן אַ קלאָרן באַגריף, וואָס איז אַזוינס די נייקייט אין דער בילטמאָר־רעזאָלוציע, וואָס איז דער צענטראַלער פונקט אירער, וואָס איז די וויכטיקע ענדערונג, וואָס זי ברענגט אַריין, אין פאַרגלייך מיט דעם ביז־איצטיקן מאַנדאַט?

שוין אין דעם מאַנדאַט איז געלעגן דער וועזנטלעכער פּרינציפּ, אַן וועלכן מ׳קען צו דער באַהאַנדלונג פון פּאָליטישע פראַגן בנוגע ארץ־ישראל גאָרניט צוטרעטן. איך האָב אין זינען דעם פּרינציפּ, אַז דאָס אידישע פאָלק ווי אַ פאָלק, ניט ווי אידישע יחידים, ניט אַפילו ווי אידישע פליטים, ניט ווי אומגליקלעכע אידישע איינצלנע מענטשן, וואָס דאַרפן האָבן אַ רעטונג, נאָר, דאָס אידישע פאָלק, ווי אַ פאָלק, האָט אַ רעכט אויף ארץ־ישראל, ווייל דאָס אידישע פאָלק, ווי אַ פאָלק, האָט אַ רעכט אויף אַ גלייכן נאַציאָנאַלן סטאַטוס מיט אַלע פעלקער פון דער וועלט. דאָס איז דער ערשטער פּרינציפּ פון דעם מאַנדאַט. אָן דער אָנערקענונג פון דעם דאָזיקן פּרינציפּ, וואָלט די באַלפור־דעקלאַראַציע קיינמאָל ניט געקענט געשריבן ווערן. אין דער באַל־פור־דעקלאַראַציע איז דער דאָזיקער פּרינציפּ געקומען צום אויסדרוק, טראָץ די שפּעטערדיקע פאַרשידענע אויסטייטשונגען, וואָס דער דאָזיקער דאָקומענט האָט באַקומען.

מיר שטייען איצט ניט פאַר אַ וועלט־געריכט, וואו מיר זאָלן דאַרפן באַווייזן פאַר דער וועלט, וואָס ענגלאַנד האָט געמיינט מיט דער באַלפור־דעקלאַראַציע. וואָלטן מיר פאַר אַזאַ געריכט דערשינען, וואָלטן מיר געהאַט זייער און זייער אַ גרינגע אויפגאַבע. מיר וואָלטן געדאַרפט נעמען אַלע לייט־אַרטיקלען, וואָס זיינען אין דער ענגלישער פּרעסע דערשינען דעם 3טן נאָוועמבער, 1917: אַלע פירושים וואָס זיינען דאָרטן געגעבן געוואָרן איבער דער באַלפור־דעקלאַראַציע און איך קען זיך ניט פאָרשטעלן קיין אומפּאַר־טייאישן געריכט, וואָס וועט קענען אַרויסגעבן אַן אַנדערן פּסק־דין, ווי אַז ענגלאַנד האָט דאַן געזאָגט צום אידישן פאָלק:

„מיר עפענען פאַר דיר ארץ־ישראל, כדי עס זאָל סוף־כל־סוף קענען אויפגעשטעלט ווערן אַ אידישער שטאַט — אַ אידישע מלוכה, און מיר בעמען אויף זיך די פאַרפליכטונג צו דערמעגלעכן, אַז איר זאָלט דעם דאָזיקן פּראָצעס קענען דורכפירן".

עס איז אָבער ניט נויטיק קיין פּסק פון אַ וועלט־געריכט צו באַשטימען דעם גרונט־יסוד פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס, טראָץ אַלע אויס־טייטשונגען, בלייבט דער גרונט־יסוד אירער פעסט און קלאָר.

די דעקלאַראַציע אָנערקענט, אַז אויף ארץ־ישראל זיינען דאָ צוויי באַ־רעכטיקטע תביעות: איינע, פון דעם אידישן וועלט־פאָלק וואָס איז היימלאָז און דאַרף דורך ארץ־ישראל מאַכן אַ סוף צו זייער היימלאָזיקייט; די צווייטע, פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל. די דאָזיקע תביעה קומט ניט, און קען ניט קומען, פון דעם אַראַבישן פאָלק ווי אַ פאָלק, וואָס איז זיכער ניט היימלאָז, וואָס האָט פאַר זיך, לענדערייען, 65 מאָל אַזוי גרויס ווי ארץ־ישראל. די דאָזיקע תביעה קען בלויז קומען פון דער אַראַבישער באַפעל־קערונג, וואָס דאַרף בלייבן וואוינען אין דעם אידישן ארץ־ישראל, און דאַרף דאָרטן קענען לעבן ווי אַן אַראַבישע גרופּע, אין דער אידיש־נאַציאָנאַלער היים.

אויסער פאַר אָט־די קלאָר־פאָרמולירטע מענטשן־גרופּן, זיינען ניטאָ קיין שום באַרעכטיקטע תביעות אויפן לאַנד. דער קומענדיקער פּאָליטישער סטאַ־טוס פון דעם לאַנד דאַרף דעריבער זיין אַזאַ, וואָס זאָל דערפירן איר צו אַ צושטאַנד, וואו זי זאָל קענען באַפרידיקן די ביידע באַרעכטיקטע תביעות פון ביידע באַרעכטיקטע בעלי־טענה: פאַר דעם אידישן וועלט־פאָלק זאָל ארץ־ישראל ווערן זיין נאַציאָנאַלע היים, כדי דורך דעם זאָל איינמאָל פאַר אַלע־מאָל קאָרעגירט ווערן דער וועלט־אומגליק און דער אידישער אומגליק, וואָס הייסט: אידישע היימלאָזיקייט. און פאַר דער אַראַבישער גרופּע, וואָס בלייבט לעבן אין דער אידישער ארץ־ישראל — די גאַראַנטיע צו קענען ניט נאָר ווי יחידים, מיט גלייכע, פּאָליטישע, סאָציאַלע, ווירטשאַפטלעכע רעכט ממשיך צו זיין ווי אַ באַזונדערע אַראַבישע גרופּע אין דעם אידישן ארץ־ישראל.

* * *

אונזער אומגליק איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער פּראָצעס פון דורכפירן די דעקלאַראַציע, וואָס איר מיינונג איז אַזוי קלאָר און דייטלעך — איז איבער־געגעבן געוואָרן אין די הענט פון אַ פּאָליטישער מאַכט, וואָס זוכט אין ארץ־ישראל, קודם־כל, דעם אינטערעס פון דער אייגענער אימפּעריע. דאָס זאָג איך ניט לגנאי ענגלאַנד. וואָלטן די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע איבער־גענומען דעם מאַנדאַט, וואָלטן זיי אויך געזוכט אַן אייגענעם אינטערעס. אפשר

דערפֿאַר וואָס זיי האָבן דאַן קיין אייגענעם אינטערעס ניט געהאַט, האָבן זיי דעם מאַנדאַט ניט געוואָלט איבערנעמען. דאָס זעלביקע וואָלט אויך געווען אמת בנוגע רוסלאַנד. ווען די פּאָליטישע באַדינגונגען האָבן דיקטירט אַ מאַנדאַטן־מאַכט, איז דער אויסוואַל פֿון גרויס־בריטאַניע זיכער געווען דער בעסטער.

דאָס דאַרף אָבער אונז ניט פֿאַרמאַכן די אויגן צום פֿאַקט, אַז די שטעלונג פֿון ענגלאַנד צו, און איר פֿאַרטייטשונג פֿון, דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע, די מאָס מיט וועלכער זי האָט געהאָלפֿן, אָדער ניט געהאָלפֿן, אין דער פֿאַרווירק־לעכונג פֿון דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע זיינען דיקטירט געוואָרן פֿון אירע אייגענע פּאָליטישע וועלט־אינטערעסן, ווי זי אַליין האָט זיי אין יעדער געגע־בענער תקופה אויסגעטייטשט. און ווייל אירע אינטערעסן זיינען געווען דיק־טירט פֿון וועלט־באַדינגונגען, האָבן אירע האַנדלונגען פֿאַרגעשטעלט זיג־זאַגן: עטלעכע יאָר — גינסטיק צו אונז, דערנאָך יאָרן פֿון אַן אומגינסטיקער־צו־אונז פּאָליטיק. ווען סאָוועט־רוסלאַנד האָט געפֿירט אַן אַנטי־בריטישע פּאָלי־טיק, צוליב אירע אויסרעכענונגען, און האָט געזוכט אונטערצוגראָבן בריטישע פּאָזיציעס, וואו נאָר זי האָט געקענט, איז ארץ־ישׂראל אַריינגעפֿאַלן אין די נעגל פֿון פּראָצעסן, וואָס האָבן געפֿירט צו די אומגליקן פֿון 1929. די האָק וואָס האָט זיך געדאַרפֿט אויפֿהויבן קעגן דער בריטישער אימפּעריע, און וועלכע איז געלעגן אין די הענט פֿון אַראַבער, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אידישע קעפּ. שפּעטער האָט מיט דער זעלביקער האַק, אין די זעלביקע אַראַבישע הענט, געצילט קעגן דער זעלביקער גרויס־בריטאַניע, און איז געפֿאַלן אויף אידישע קעפּ, דיקטירט יענע פּאָליטישע מאַכט, וואָס היינט האָט זי אַ קאָנקרעטן נאָמען „די אַקס". אין צייטן פֿון אַזעלכע געפֿאַרן, האָט ענגלאַנד אויסגעטייטשט די באַלפֿור־דעקלאַראַציע ניט צו אונזער גונסטן. אין פֿרידלעכע צייטן האָט זי אויסגעטייטשט דעם דאָקומענט לטובת דעם אידישן פֿאָלק. איך גיי איצט ניט אַריין אין דער עצם־פֿראַגע, צי האָט ענגלאַנד געהאַט רעכט אַזוי צו האַנדלען, צי האָט זי, אַפֿילו לויט אירע אינטערעסן, געמאַכט דעם ריכטיקן חשבון. איך וויל דערמיט בלויז אָנווייזן, אַז דאָס אויסטייטשן פֿון דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע און איר אימפּלעמענטירונג איז דיקטירט געוואָרן פֿון די אינטערעסן פֿון אַ וועלט־מאַכט, ביי וועמען ארץ־ישׂראל איז בלויז איינע פֿון אירע פֿיגורן אויף איר פּאָליטישן שאָך־ברעט. אירע האַנדלונגען אין ארץ־ישׂראל זיינען געווען פֿאַרבונדן מיט אַלע קאָמפּלי־קאַציעס און אַלע טענדענצן פֿון די בריטישע וועלט־פּאָליטישע אינטערעסן. דעריבער האָבן זיך זייער אָפֿט צונויפֿגעשטויסן די אינטערעסן פֿון גרויס־

בריטאַניע מיט די אינטערעסן פון אידישן פאָלק, ווען די באַלפור־דעקלאַ־ראַציע האָט פאַרשפּראָכן אַ לייזונג צו זיין היימלאָזיקייט.

איז, בעת מיר האָבן געהאַט גענוג צייט, האָבן מיר, אין די ראַמען פון דעם דאָזיקן מאַנדאַט, אין כמעט שטענדיקן געראַנגל מיט דער מאַנדאַטן־מאַכט, אַנגעפירט אַ באַדייטנדיקע קאָלאָניזאַציע און האָבן אויפגעבויט אַ גרויס ווערק אין ארץ־ישראל. וואָלט די נייע וועלט־מלחמה ניט אויסגעבראָכן, וואָלטן מיר געקענט ווייטער פאָרזעצן דעם געראַנגל, ביז מיר וואָלטן דערפירט צו אַ אידישער מאַיאָריטעט אין ארץ־ישראל. איז אונז אָבער באַפאַלן אַזאַ קאַ־טאַסטראָפע, וואָס אויב מיר זאָלן ניט געפינען קיין לייזונג שנעל, וועט די גרעסטע צאָל פון לעבן־געבליבענע אידן אין איראָפּע צעריבן ווערן אין דעם שווערן פּראָצעס פון רעקאָנסטרוקציע פון איראָפּע. מיר האָבן שוין סימנים דערפון, וואָס עס טראַכטן געוויסע פעלקער, ווי אַזוי די רעקאָנסטרוקציע פון אידן וועט דאַרפן פאָרקומען. דער געבאָט פון דער שעה איז דעריבער — אַ שנעלע ראַדיקאַלע לייזונג דערצו. דאָס איז מעגלעך נאָר אין ארץ־ישראל, לויט דעם פולן זין פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, ווי זי איז לכתחילה פאַר־טראַכט געוואָרן. אָבער די דורכפירונג פון אָט דעם ציל מוז איבערגעגעבן ווערן אין אַ האַנט, וואָס זאָל האָבן אין זינען בלויז דעם אינטערעס פון אַ אידישער ארץ־ישראל, און ניט קיין אַנדערע אינטערעסן.

ניטאָ קיין אַנדערע האַנט פאַר דעם, אויסער די האַנט פון אידישן פאָלק. דאָס איז די נייקייט פון דער „בילטמאָר־רעזאָלוציע". די צילן וואָס זייבען געלעגן אין דער באַלפור־דעקלאַראַציע זאָלן דורכגעפירט ווערן דורך פון־דער־וועלט־אַנערקענטע אָרגאַנען פון אידישן פאָלק. דאָס איבעריקע פון דער בילטמאָר־פּראָגראַם איז בלויז אַ פירוש.

* * *

וואָס ליגט אין דער פאָדערונג פון אַ אידישער קאָמאָנוועלט ? די דאָזיקע פאָרמולירונג ווערט ניט אַרויסגעשטעלט קעגן דער פאָדערונג פון אַ אידישן שטאַט, אָדער קעגן דער פאָרמולירונג, אַז ארץ־ישראל זאָל ווערן די נאַציאָ־נאַלע היים פון אידישן פאָלק. די דאָזיקע פאָרמולירונג נעגירט בלויז צוויי אַנדערע פּאָליטישע סטאַטוסן פאַר ארץ־ישראל. זי נעגירט דעם מאַנדאַט־סטאַטוס, צוליב די אַנגעוויזענע טעמים, און זי נעגירט אויך דעם סטאַטוס פון אַ „בי־נאַציאָנאַלן שטאַט". אויסער דעם, וואָס אַזאַ סטאַטוס וואָלט געמוזט שטערן די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון ארץ־ישראל, ווייל עס קען נישט געמאָלט זיין קיין נאָרמאַלע אַנטוויקלונג, בפרט אַזאַ שנעלע אַנטוויקלונג, אין וועלכער מיר נויטיקן זיך, אויב דאָס לאַנד זאָל געפירט ווערן פון אָרגאַנען,

געבויט אויף פאַריטעטע יסודות, פון צוויי פעלקער, וועלכע באַטראַכטן זיך נאָך אַלץ, אַז זיי האָבן קעגנזעצלעכע אינטערעסן אין ארץ־ישראל. איינע וואָלט געשטערט דעם צווייטן. זיי וואָלטן ערשט דאַן זיך געגנויטיקט אין אַן אויסערלעכן דריטן כח, וואָס זאָל צווישן זיי מכריע זיין. אויסער דעם, איז דאָס די העכסטע מדרגה פון אומ׳יושר און אומגערעכטיקייט אָנצונעמען די לייזונג, אַז אויך אויף דעם שטיקל באָדן פון ארץ־ישראל, וואָס איז ווייניקער פון אַ זעכציקסטל פון יענע לענדערייען, וואָס דאָס אַראַבישע פאָלק פאַרמאָגט אינגאַנצן פאַר זיך, זאָל אויך דאָ דאָס אַראַבישע פאָלק האָבן אַ העלפט רעכט, און דאָס אידישע פאָלק זאָל אַפילו אויף אַזאַ קליינעם שטח ניט קענען זיין דער בעל־הבית פון זיין לעבן.

קעגן אַט־די פּאָליטישע סטאַטוסן טרעט אַרויס די ציוניסטישע באַוועגונג, און מיט איר די גרויסע מאַיאָריטעט פון פאָלק, מיט אַ פאָדערונג, אַז ארץ־ישראל זאָל ווערן אַ דעמאָקראַטישע אידישע קאָמאַנוועלט. אָבער דאָס וויכטיקסטע אין דער נייער פאָדערונג בלייבט אונזער פאַרלאַנג, אַז עס זאָל איבערגעגעבן ווערן אין די הענט פון אידישן פאָלק די דורכפירונג פון די יענע צילן, וואָס די באַלפור־דעקלאַראַציע האָט אין זינען געהאַט.

איך גיי איצט נישט אַריין אין דעם גרויסן, שווערן, אומגליקלעכן פּלאָנטער וואָס איז אַנטשטאַנען אין דער וועלט — אַ פּלאָנטער פון וועלכן אין גאָט ווייסט, ווי די וועלט וועט זיך אויספּלאָנטערן; צי נאָך דער איצטיקער מלחמה וועט נאָך בלייבן אַ וועלט צעטיילט אין זאָנען פון איינפלוס, צווישן די גרויסע מדינות. אין מיינע אויגן איז ניטאָ קיין אונטערשייד, צי די פריערדיקע איינפלוס־זאָנען זיינען געווען צעטיילט צווישן ענגלאַנד, רוסלאַנד, דייטשלאַנד און פראַנקרייך, און נאָך דער מלחמה וועלן די ספערן זיין צעטיילט צווישן ענגלאַנד, אַמעריקע און רוסלאַנד. דער פּרינציפּ פון אמת׳ער פרייהייט דולדעט נישט קיין צעטיילטע ספערן פון איינפלוס. דער פּרינציפּ פון אמת׳ער פרייהייט פאָדערט, אַז אַלע פעלקער פון דער וועלט זאָלן טראָגן בשותפות די אַחריות פאַרן וואוילזיין פון דער גאַנצער מענטשהייט.

איך ווייס, אַז די דאָזיקע פראַגן זיינען אויך פאַר אונזערע ארץ־ישראל אַספּיראַציעס פון אומגעהייערער באַדייטונג. מען קען עס אָננעמען ווי אַן אַקסיאָמע, אַז נאָר אַ וועלט וואָס איז אָרגאַניזירט לויט אַ ריכטיקן, אינטערנאַציאָנאַלן פּלאַן, וואָס נעמט אַרום אַלע פעלקער, קען לייזן פראַגן לויט אַבסאָלוטן יושר. ווערן בלויז דריי פעלקער די בעלי־בתים פון דער וועלט, מוז דער גראַד פון יושר אין זייערע באַציאונגען צו קלענערע פעלקער, רעדוצירט ווערן אַלץ ווייניקער און ווייניקער. דער אינטערעס פון די גרויסע

פעלקער מוז דאַן געשטעלט ווערן אין צענטער. אויב חלילה אַן איינציק פאָלק זאָל ווערן דער בעל־דעה אויף דער וועלט, וואָלט דאָס געווען נאָך אַ גרעסערע קאַטאַסטראָפע, ווי די וועלט־מלחמה. און עס איז קיין אונטערשייד ניט, וועל־כע פאָלק עס זאָל ווערן דער איינציקער בעל־דעה, צי ענגלאַנד, צי רוסלאַנד, אָדער אַפילו אונזער אייגענע אַמעריקע. ווי די לאַגע איז איצט, זעט עס שוין ניט אויס, אַז די אינטערעסן פון קליינע פעלקער זאָלן באַשטימט ווערן לויט די דיקטאַטן פון אַבסטראַקטן יושר. קיין אמת׳ע וועלט־אָרגאַניזאַציע, מיט גלייכע רעכט פאַר אַלע פעלקער, וועט באַלד נאָך דער מלחמה ניט אויפגעבויט ווערן. אפשר שפּעטער, נאָך אַ פּעריאָדע פון יאָרן. און אונזער בוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל מוז דווקא אין גרעסטן טייל דורכגעפירט ווערן אין די יאָרן, ווען קיין אַבסאָלוטער יושר וועט ניט הערשן. דער דאָזיקער בוי־פּראָצעס טאָר זיך ניט וואַרפן אין אַ פּאָליטישער קדחת, לויט דעם ווי עס וואַרפן זיך די אינטערעסן פון יענער גרויס־מאַכט אין וועמענס הענט עס וועט פונדאַסניי איבערגעגעבן ווערן אַ מאַנדאַט איבער ארץ־ישראל. אונזער בוי־אַרבעט מוז איבערגעגעבן ווערן דעם אידישן פאָלק, אין וואָס פאַר אַ מין נייער וועלט־אָרדענונג מיר זאָלן דאַרפן לעבן. אַוודאי וועט דאַרפן בלייבן איבער ארץ־ישראל אירגנד וועלכער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנטראָל. וואָס פאַר אַ פאָרם פון קאָנטראָל — דאָס געהערט צו נביאות וועגן דער צוקונפט, וואָס היינט שליס איך אויס פון מיינע באַטראַכטונגען. אָבער וועלכער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנטראָל עס זאָל ניט אויפגעשטעלט ווערן, מוז דעם אידישן פאָלק געגעבן ווערן דאָס רעכט אַליין צו באַשטימען די וועגן פון אײַנוואַנדערונג, פון קאָלאָ־ניזאַציע; אַליין צו באַשטימען וועגן פּראָבלעמען פון בוי־אַרבעט, פון באַשאַפן אויפנאַמס־פעאיקייטן אין ארץ־ישראל. בקיצור, פון אַלץ וואָס איז נוגע דער שנעלער אַריינבברענגונג קיין ארץ־ישראל פון דעם גרעסטן טייל פון די לעבן־געבליבענע מיליאָנען אידן אין איראָפּע, און באַדייטנדיקע טיילן פון די אָריענטאַלישע לענדער; און פון אַלע אַנדערע אידן — אַמעריקאַנער אידן איינגעשלאָסן — וואָס וועלן זיך וועלן באַזעצן אין ארץ־ישראל.

* * *

מיין ציוניזם איז ניט באַזירט אויף דער איצטיקער קאַטאַסטראָפע. מיר ווילן ציוניזם פאַר דעם אידישן פאָלק און נישט פאַר אידישע יחידים. אָבער פאָלק באַשטייט דאָך פון יחידים. וועלן אידן ניט געראַטעוועט ווערן, וועט קיין אידיש פאָלק ניט זיין.

מיר טאָרן דעריבער ניט זיין בלינד צו דעם, וואָס עס שטייט־פאַר די יעניקע אידן, וואָס וועלן בלייבן לעבן נאָך דער מלחמה, אַפילו די יעניקע

אידן וואָס וועלן זיך האָבן געראַטעוועט קיין רוסלאַנד. זאָלן מיר ניט מאַכן דעם טעות, אַז די אידן, וואָס האָבן זיך אַריינגעריסן קיין רוסלאַנד, וועלן דאָרטן קריגן זייער תיקון. דאָס ווערט נישט געזאָגט קעגן רוסלאַנד — ווייל, אין פאַרגלייך מיט אַפילו די באַפרייטע לענדער, וועט רוסלאַנד נאָך אַלץ זיין אַ גן־עדן — אָבער ווער עס מיינט, אַז אויך דאָרטן שטייט נישט די געפאַר פאַר אידן, פאַר גייסטיקן אונטערגאַנג — אַפילו פאַר די, וואָס לעבן שוין דאָרט דורות נאָכאַנאַנד; ווער עס זעט ניט אַז אַפילו ווירטשאַפטלעכע צופאַסונג וועט זיין זייער שווער פאַר די, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט אַהין — וועט נאָך מוזן דורכלעבן נאָך אַן אַנטוישונג.

דעריבער וועט שטיין פאַרן אידישן פאָלק אין די פאַר יאָר תיכף נאָך דער מלחמה די פּראָבלעם: אָדער דאָס איראָפּעאישע אידנטום זאָל צעריבן ווערן אַפילו אין דעם פּראָצעס פון רעקאָנסטרוקציע — אָדער זיי זאָלן געראַטעוועט ווערן דורך אַ גרויסן, אומגעהויערן קאָלאָניזאַציע־ווערק אין ארץ־ישראל. אַזאַ קאָלאָניזאַציע־ווערק קען אָנגעפירט ווערן נאָר דאַן, ווען דאָס אידישע פאָלק וועט פאַרמאָגן פּאָליטישע רעכט איבער ארץ־ישראל.

אין די קומענדיקע חדשים מוז אונזער פּאָליטישער געראַנגל קאָנצענטרירט ווערן אַרום אָט־די לאָזונגען און ניט בלויז אַרום דעם אָפּשאַפן פון דעם „ווייסן־פּאַפּיר". נאַטירלעך, יעדער נייער סטאַטוס האָט ווי אַ פאָרבאַדינגונג פּטור צו ווערן פון „ווייסן־פּאַפּיר". דאָס איז דער ערשטער שריט פאַר דעם נייעם פּאָליטישן סטאַטוס. דער ערשטער, אָבער ניט דער איינציקער. דאָס וויכטיקסטע אינעם נייעם פּאָליטישן סטאַטוס דאַרף זיין: די פּאָליטישע רעכט פאַרן אידישן פאָלק צו באַשטימען וועגן אַלע ענינים, וואָס האָבן צו טאָן מיט דעם ארץ־ישראל אויפבוי: איינוואַנדערונג, קאָלאָניזאַציע, און מיט פירן די פּאָליטיק פון לאַנד.

דאָס איז דער זין פון דער בילטמאָר־פאָדערונג.

מיר וועלן וואַרשיינלעך האָבן אַ געראַנגל גאָר אינגיכן: עס וועט אויפשטיין די פראַגע וועגן דער רעזאָלוציע, וואָס ליגט איצט אין ביידע הייזער פון קאָנגרעס; עס וועלן אויפשטיין אידישע „חכמים", וועלכע וועלן ווייטער מאַכן פאָרשלאָגן — „אפשר זיך ניט דינגען?", „וואָס איז אַ וואָרט?", „אפשר נאָכגעבן צוליב אחדות". אויף דעם אַלעמען מוז קומען אונזער קלאָרער ענטפער: „די פולע רעזאָלוציע ווי זי איז אַריינגעטראָגן געוואָרן. עס קענען דאָ קיין שום קאָמפּראָמיסן ניט געמאַכט ווערן".

אַרום אָט־די פּאָליטישע פראַגן בנוגע ארץ־ישראל וועט איר, חברים, זיך דאַרפן קאָנצענטרירן אין די קומענדיקע חדשים.

און די האָפענונג לעבט טיף אין האַרצן, אַז די וועלט וועט אונז פאַרשטיין; אַז נאָך דער מלחמה וועט אונז דער דאָזיקער פּאָליטישער סטאַטוס געגעבן ווערן; אַז עס וועלן געראַטעוועט ווערן פון גיהנום די מיליאָנען לעבן־געבלי־בענע אידן, און אַז דורך דעם וועט געראַטעוועט ווערן אויך אונזער אידיש פאָלק, ווי אַ פאָלק.

* * *

דער מאַניפעסט וואָס קומט איז שוין פאַרפאַסט געוואָרן אין יאָר 1947, ווידער אין נאָמען פון אונזער באַוועגונג. ער לייענט זיך:

מיר לעבן אין אַ נייער צייט. מיר לעבן איצטער נאָך אַ פאַרענדיקטער וועלט־שלאַכט, וואָס האָט געקאָסט צענדליקער מיליאָנען מענטשלעכע לעבנס, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט די אַטאָמישע קראַפט. די מענטשהייט בכלל און דאָס אידישע פאָלק בפרט מוז די נייע צייט באַגרייפן. יעדעס פאָלק און יעדער גרופּע מוז לויט אירע כוחות העלפן די נייע צייט איינשטעלן אַזוי, אַז זי זאָל ברענגען דעם מאַקסימום גליק פאַר יעדן יחיד און פאַר יעדעס פאָלק. וואָס קאָן אונזער פּאַרטיי אָנבאָטן אַלס איר שטייער אין איינשטעלן די נייע צייט?

אונזער פּאַרטיי האָט פאַר אַלע יאָרן פון איר עקזיסטענץ זיך באַטראַכט ווי אַן אָרגאַנישער טייל פונעם אידישן פאָלק און ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון דעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט. דעם אידישן פאָלק האָבן מיר באַטראַכט ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון דער מענטשהייט. אַלע אונזערע פּרינציפּיעלע איינשטעל־לונגען און אַלע אונזערע פּראַקטישע האַנדלונגען זיינען אַרויסגעוואַקסן פון אָט־דעם שטאַנדפּונקט. אין דעם סאָציאַליזם האָבן מיר געזען די לייזונג פון די פּראָבלעמען פון דער מענטשהייט. אין דעם ציוניזם האָבן מיר געזען די לייזונג פון די ספּעציפישע פּראָבלעמען פון דעם אידישן פאָלק. וואָס האָבן אונז די נייע וועלט־קאַטאַסטראָפעס געלערנט סיי וועגן סאָציאַליזם, סיי וועגן ציוניזם?

דער יסוד פון סאָציאַליסטישן געדאַנק איז געבליבן פעסט. די וועלט־קאַטאַסטראָפע האָט עס נאָך בולטער אַרויסגעבראַכט. צו די סאָציאַלע און עטישע אמתן, אויף וועלכע דער סאָציאַליזם באַזירט, האָט דער וועלט־חורבן נאָך אונטערגעשטראָכן די אַבסאָלוטע נויטווענדיקייט דעם סאָציאַליזם וואָס שנעלער צו רעאַליזירן, כדי אַ וועלט־שלום זאָל ווערן מעגלעך. די קרומקייטן איןווירטשאַפטלעכן לעבן וואָס וואַקסן אַרויס פון אַ קאַפּיטאַליסטישער פּריוואַט־ווירט־שאַפט, וועלכע באַשטימט סיי די מאָס פון פּראָדוקציע פון לעבנסמיטלען, סיי

די מאַס פון קאָמסומפּציע לויט פּריוואַטע געלט־אינטערעסן פון יחידים; וועלכע באַנוצט פאַר פּריוואַטע־פּראָפיט־צילן מיטלען, אָן וועלכע דער סאַמע לעבנס־אויפהאַלט פון דעם מין מענטש זיינען אָפּהענגיק — אַ ווירטשאַפט מיט אַזעלכע קרומקייטן שטעלט מיט זיך פאַר דעם וויכטיקסטן פאַקטאָר, וואָס פירט צו מלחמות. קיין פּאָליטישע אינטערנאַציאָנאַלע געביידע וועט נים קאָנען באַזייטיקן מלחמה־געפאַרן, אויב די דאָזיקע ווירטשאַפטלעכע קרומקייטן זאָלן ניט אויסגעגליכן ווערן. די ווירטשאַפט פון דער וועלט, סיי איר פּראָדוקציע, סיי איר דיסטריבוציע, מוז רעגולירט ווערן דורך איין פּרינציפּ: אַלע יחידים ווי יחידים און אַלע פעלקער ווי פעלקער מוזן טראָגן גלייכע אחריות מיטצו־באַטייליקן זיך אין דער פּראָדוקציע און מוזן פאַרמאָגן גלייכע מעגלעכקייט פון איר צו געניסן. דער געדאַנק פון „איין־וועלט” מוז קודם־כל אָנגעווענדעט ווערן צו דער פּראָדוקציע און דיסטריבוציע פון אַלע מיטלען וואָס דאַרפן דערהאַלטן ביים לעבן מענטש און מענטשהייט. די ווירטשאַפטלעכע פּאָטענצן פון יעדער מדינה דאַרפן געשטעלט ווערן צו דער פאַרפיגונג פון אָט־דער ווירטשאַפטלעכער „איין־וועלט”. די דאָזיקע „איין־וועלט” דאַרף דורך אַ ספּעציעלן אָרגאַן, וואָס זי שטעלט אויף פאַר דעם צוועק, זאָרגן ערשטנס דערפאַר, אַז ווירטשאַפטלעכע פּאָטענצן, וואו זיי זאָלן זיך ניט געפינען, זאָלן טאַקע פאַר־וואַנדלט ווערן אין ממשותדיקע פּראָדוקטן און, צווייטנס, דערפאַר אַז די וועלט־פּראָדוקציע זאָל צעטיילט ווערן אַזוי, אַז אַלע זאָלן קאָנען פון איר אין אַ גלייכער מאָס געניסן.

דער וועלט־פּראָלעטאַריאַט, דער שטאָטישער און דער דאָרפישער, די וועלט־אָרעמקייט פון אַלע מדרגות, צוזאַמען מיט דער פּראָגרעסיווער וועלט־אינטעליגענץ, מוזן אויפשטעלן אויף דעמאָקראַטישע יסודות אַ נייע סאָציאַ־ליסטישע אינטערנאַציאָנאַלע פאַראייניקונג, וואָס זאָל נעמען אויף זיך די געשיכטלעכע אויפגאַבע צו דערפירן צו אָט־דער „איין־וועלט”־ווירטשאַפט, פּראָדוצירט פאַר צוועקן פון מענטשלעכן געברויך און ניט צוליב פּראָפיטן פאַר יחידים.

די נייע אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פאַראייניקונג טאָר זיך אָבער ניט באַגרעניצן מיט אויסגלייכן בלויז די ווירטשאַפטלעכע קרומקייטן. די לעצטע שוידערלעכע יאָרן, וואָס די מענטשהייט איז דורכגעגאַנגען, האָבן בולט אונטערגעשטראָכן די קראַפט פון די נאַציאָנאַלע אייגנאַרטן, אין וועלכע די מענטשהייט איז דורך איר געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן. די דאָזיקע אייגנאַרטן ווערן, אין אַ כאַאָטישער קאַפּיטאַליסטישער

סיסטעם, אָפּט פאַרוואַנדלט אין אַ מלחמה־פּאַקטאָר. די אַנדערשקייטן פון די פאַרשידענע פעלקער ווערן באַנוצט ווי מיטלען צו זייען האַס פון איין פאָלק צום צווייטן. אין זיך שטעלן מיט זיך די עטנישע, קולטורעלע, רעליגיעזע און געשיכטלעכע אַנדערשקייטן דווקא פאַר אַן אומגעהוירן אוצר פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. די וואַריאירטע קולטורן זיינען אין זיך אַ ברכה פאַר דער געזאַמטער וועלט־קולטור. אויך אויף דעם שטח דאַרף דער „איין־וועלט"־פּרינציפּ אָנגעווענדעט ווערן, אָבער אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן. „איין־וועלט" מוז דאָ שפּילן די ראָלע פון דעם קאָנדוקטאָר פון אַן אָרקעסטער: ער זאָרגט פאַרן צוזאַמענשפּיל פון אַלע וואַריאירטע כלים. יעדער כלי טראָגט אַריין איר אייגנאַרט און דווקא איר אייגנאַרט אין דעם אָרקעסטער. דורכן צוזאַמענשפּיל ווערט באַשאַפן די האַרמאָניע, ניט דורך אויפגעבן די אייגנאַרט פון יעדער כלי.

די אויסגלייכונג פון די ווירטשאַפטלעכע קרומקייטן אַליין גאַראַנטירן נאָך ניט די אויסגלייכונג פון די נאַציאָנאַלע קרומקייטן, וואָס באַהערשן די וועלט. זיי מאַכן נאָר גרינגער דעם וועג אויסצוגלייכן די נאַציאָנאַלע קרומקייטן. דער כוח אויפצוהאַלטן, פאַרטיפן און ברייטער אַנטוויקלען די נאַציאָנאַלע אייגנאַרט איז אָפּהענגיק פון דעם קאָנצענטרירטן, זעלבסטשטענדיקן לעבנס־אופן פון דער געגעבענער גרופּע. די נייע אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פאַראייניקונג, וואָס דאַרף זיך באַטראַכטן ווי דער פּראָטאָטיפּ פון דער „איין־וועלט" וואָס דאַרף אויסגעבויט ווערן — זי מוז אויף אירע פּלייצעס אַרויפנעמען אויך די זאָרגן אויסצוגלייכן די נאַציאָנאַלע קרומקייטן און באַשאַפן לעבנס־און אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן פאַר יעדער נאַציאָנאַלער אייגנאַרט. אַ סאָציאַליסטישע וועלט־באַוועגונג, וועלכע וועט ניט זיין פעאיק צו באַשאַפן אַ פעלקער־האַרמאָניע, וועט אויך זיין אומפעאיק אויפצושטעלן די סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכע האַרמאָניע. די פעלקער־האַרמאָניע קאָן אויפגעבויט ווערן נאָר אויף איין־איינציקן אינטערנאַציאָנאַלן פּרינציפּ: גלייכע לעבנס־באַדינגונגען פאַר יעדער נאַציאָנאַלער אייגנאַרט, כדי צו דערמעגלעכן איר פרייע זעלבסטשטענדיקע אַנטוויקלונג. אויף דעם שטח טאָר ניט איבערגעלאָט ווערן קיין איינציקע אויסנאַמע. דער פּרינציפּ פון גלייכהייט פאַר אַלעמען קאָן נישט דולדן קיין אויסנאַמע.

סיי די באַלדיקע פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם, סיי די פאַרזיכערונג פון באַדינגונגען פאַר דעם פרייען לעבן פון די באַזונדערע נאַציאָנאַלע אייגנאַרטן זיינען אַלזאָ היינט, נאָך דער גרויסער וועלט־קאַטאַסטראָפע, מער אַקטועל פאַר דער גאַנצער מענטשהייט ווי זיי זיינען ווען עס איז געווען. די

דאָזיקע צוויי פּרינציפּיעלע יסודות בלייבן דעריבער אויך פאַר דער צוקונפט די באַזע פאַר אַלע האַנדלונגען פון אונזער פּאַרטיי.

אַרויסגייענדיק פון אָט־דעם שטאַנדפּונקט דערקלערט די קאַנווענשאָן, אַז בנוגע אַלוועלטלעכע פּראָבלעמען וועט די פּאַרטיי זיך איינשטעלן:

א) פאַר אַן אַל־אַרומנעמענדיקער אָרגאַניזאַציע פון אַלע פעלקער פון דער וועלט, וואָס איר אינערע קאָנסטיטוציע זאָל זיין באַזירט אויפן פּרינציפּ, אַז פאַר יעדן יחיד ווי אַ יחיד און פאַר יעדעס פאָלק ווי אַ פאָלק מוזן גאַראַנטירט ווערן גלייכע לעבנס־באַדינגונגען און פולשטענדיקע פרייהייט. די פרייהייט פון פעלקער איז באַגרענעצט בלויז דורך יענע סאָווערעניטעט־באַגרענצונגען, וואָס די וועלט־אָרגאַניזאַציע וועט, צוליב צוועקן פון וועלט־שלום, אַרויפלייגן אויף אַלע איינצלנע פעלקער. די דאָזיקע באַגרענעצונגען מוזן זיין גלייכע פאַר אַלע פעלקער — גרויס אָדער קליין.

ב) די וועלט־אָרגאַניזאַציע פון פעלקער זאָל האָבן אין איר רשות געגוג מיליטערישע כוחות, בייגעשטייערט לויט אַ פּראָפּאָרץ פון אַלע פעלקער, מיט וועלכע זי זאָל קאָנען צווינגען אַן אַגרעסאָר־פאָלק אָפּצוזאָגן זיך פון זיינע אַגרעסיע־צוועקן און דורך דעם פאַרזיכערן דעם שלום.

ג) די וועלט־אָרגאַניזאַציע פון פעלקער זאָל נעמען אונטער איר קאָנטראָל באַציאונגען פון עטנישע מאַיאָריטעט־גרופּן קעגנאיבער עטנישע מינאָריטעטן, וואָס וואוינען אין איין מלוכה־ראַם. דער פּרינציפּ אויף וועלכן דער דאָזיקער קאָנטראָל זאָל באַזירן דאַרף זיין — דאָס רעכט פון די מינאָריטעט־גרופּן פאַר גלייכע לעבנס־באַדינגונגען פאַר זייערע יחידים אין אַלע לעבנס־שטחים און פאַר פרייע מעגלעכקייטן פאַר דער גרופּע צו לעבן ווי אַ, און וייטער אַנטוויקלען איר, עטנישע, קולטורעלע און רעליגיעזע אויגנאַרט.

ד) די נייע אַלוועלטלעכע סאָציאַליסטישע פאַראייניקונג קומט אַריין אין די אָרגאַנען פון דער אַלגעמיינער וועלט־פאַראייניקונג דורך די רעפּרעזענטאַנצן פון זייערע באַזונדערע פעלקער. זיי בילדן דאָן אַן איינהייט, וועלכע ווירקט אינערהאַלב דער וועלט־אָרגאַניזאַציע פאַר דער ענדגילטיקער אויפשטעלונג פון דערווירטשאַפטלעכער „איין־וועלט" און פאַר דער איינשטעלונג פון פרייע לעבנס־באַדינגונגען פאַר אַלע נאַציאָנאַלע אייגנאַרטן פון דער מענטשהייט.

ה) אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַרבינדט זיך אונזער פּאַרטיי מיט אַלע פּראָגרעסיווע כוחות וואָס פונקציאָנירן אין אונזער לאַנד און ווירקט צוזאַמען מיט זיי פאַר דעם, אַז אין די פאַראייניקטע שטאַטן גופא זאָלן די ווירט־

שאַפטלעכע קרומקייטן אויסגעגליכן ווערן; די באַציאונגען צווישן פאַרשיידענע ראַסן, רעליגיעזע און עטנישע גרופּירונגען זאָלן באַזירט זיין אויף קעגנזייטיקער אָנערקענונג פון דער מענטשלעכער חשיבות פון אַלע גרופּירונגען און אויף אַבסאָלוט גלייכע רעכט פאַר אַלע אַמעריקאַנער אָן אונטערשייד פון ראַסע, רעליגיע אָדער הויטפאַרב אין אַלע שטחים פון אַרבעט, אינדוסטריע, דערציאונג, פּאָליטיק און סאָציאַלן לעבן. צוזאַמען מיט אַלע פּראָגרעסיווע כוחות אין אַמעריקע אָנערקענען מיר די גרויסע ראָלע וואָס די וועלט־געשיכטע האָט אַרויפגעלייגט אויף די פאַראייניקטע שטאַטן צו קאָנען ווערן איינער פון די וויכטיקסטע כוחות, וואָס זאָלן סוף־כל־סוף אויפבויען די „איין־וועלט", און מיר פאַרפליכטן זיך מיטצוהעלפן פירן די פאַראייניקטע שטאַטן אויף אָט־דעם געשיכטלעך־פּראָגרעסיוון וועג, וואָס איז דער איינציקער וואָס קאָן פירן צו פרייהייט און לעבנס־גליק פאַר אַלע קינדער פון דעם מענטשלעכן מין.

בנוגע די ספּעציפישע באַדינגונגען פון דעם אידישן פאָלק דערקלערט די קאָנווענשאָן, אַז די פאַרטיי וועט ווי אַלעמאָל באַשטיין אויף פאָלגנדיקע פּרינציפּן:

א) אַלע אידן פון דער גאַנצער וועלט וואו נאָר זיי וואוינען זיינען טיילן פון איין אידיש וועלט־פאָלק, טיילנדיק די געמיינשאַפטלעכקייט פון דער אידישער געשיכטע, די געמיינשאַפטלעכקייט פון דעם אידישן שיקזאַל אין דער וועלט, די געמיינשאַפטלעכקייט פון דער אינטעגראַלער אידישער קולטור און די געמיינשאַפטלעכקייט פון האָפענונגען פאַר דער צוקונפט, אין וועלכע די האָפענונג פאַר דער גאולה פון דעם אידישן פאָלק אין ארץ־ישראל איז איינער פון די וויכטיקסטע יסודות.

ב) דאָס אידישע פאָלק ווי אַ פאָלק האָט דאָס זעלביקע רעכט צו בלייבן ווי אַ באַזונדער אייגנאַרטיק פאָלק און ווייטער אַנטוויקלען זיין נאַציאָנאַלע אייגנאַרט.

ג) אַז דאָס איינציקע מיטל ווי צו פאַרזיכערן די דאָזיקע רעכט פאַר דעם אידישן פאָלק איז דורך אַ אידישער מלוכה אין ארץ־ישראל, וואו דאָס אידישע פאָלק זאָל, גלייך ווי אַלע אַנדערע פעלקער אין זייערע לענדער, בילדן אַ מאַיאָריטעט און קאָנען דורך אַ קאָנצענטרירטן צוזאַמענלעבן ווייטער אַנטוויקלען און פאַרזיכערן זיין אייגנאַרטיקן קיום ווי אַ פריי פאָלק צווישן אַלע אַנדערע פרייע פעלקער פון דער וועלט.

ד) אין דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער באַוועגונג זעען מיר דעם אויסדרוק פון די פּאָליטישע אָנשטרענגונגען פון דעם אידישן פאָלק זיך צו דערשלאָגן צו אַ גלייכן סטאַטוס מיט אַלע פעלקער פון דער וועלט.

ה) אין דער ארץ־ישראלדיקער בוי־אַרבעט פון די לעצטע 60 יאָר זעען מיר די פּאַקטישע אָנשטרענגונגען פון דעם אידישן פאָלק פון גאָר דער וועלט צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל.

ו) אין פאַרטיפן און אויסברייטערן אידישע קולטור איןביידע אידישע שפּראַכן און ברענגען וואָס מער אידישן אינהאַלט און אידישע קולטור צו דער אַמעריקאַנישער אידישער יוגנט דורך דער ענגלישער שפּראַך, זעט די פּאַרטיי די אָנשטרענגונג וואָס דאָס אַמעריקאַנער אידנטום מאַכט צו דערהאַלטן זיך ווי אַ אידישע גרופּע אין אַמעריקע און ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון דעם אידישן וועלט־פאָלק.

ז) אין דער לאַגע אין וועלכער דאָס אידישע פאָלק געפינט זיך איצט, האָבנדיק פאַרלאָרן מער ווי אַ דריטל פון דעם פיזישן טייל זיינעם און זיכער מער ווי אַ העלפט פון יענע כוחות וואָס האָבן געטראָגן אין זיך געזונטן, פּראָדוקטיוון אידישן המשך, האַרף דאָס אַמעריקאַנישע אידנטום איבערנעמען אויף זיינע פּלייצעס אַ פיל גרעסערע לאַסט ווי ביז איצט. ער דאַרף אויסבילדן פון זיך אַליין אַ געזונטן, פונקציאָנירנדיקן, דעמאָקראַטיש־אָרגאַניזירטן, נאַ־ציאָנאַל־באַוואוסטזיניקן, מיט המשך־תשוקה אָנגעפּילטן, אידישן אָרגאַניזם, כדי זיין אייגן לעבן צו באַרייכערן; כדי ער זאָל קאָנען טראָגן אויף זיך, ווי דער גרעסטער טייל פון אידישן וועלט־פאָלק, די אחריות פאַר אידישן המשך אי־מעטום און כדי ער זאָל קאָנען אין אַ געהעריקער מאָס זיך מיטבאַטייליקן אין אַלע פּראָצעסן פון בויען ארץ־ישראל ווי אַ אידישע מלוכה, דורך וועל־כער די גלייכקייט פון דעם סטאַטוס פון דעם אידישן פאָלק מיט אַלע פעלקער פון דער וועלט וועט ענדגילטיק פאַרזיכערט ווערן.

ח) אין דעם איצטיקן פּאָליטישן קאַמף וואָס דאָס אידישע פאָלק פירט פאַר זיין רעכט אויף ארץ ישראל פאָדערט די פּאַרטיי, אַז די פּאַראייניקטע פעלקער זאָלן אָננעמען דעם באַשלוס, אַז כדי אויסצוגלייכן די נאַציאָנאַלע קרומקייט, וואָס הייסט אידישע היימלאָזיקייט, אַ קרומקייט וואָס האָט געדינט היטלערן ווי אַ שטאַפּל אין זיין פּאַרמעסט צו באַהערשן די וועלט און וואָס האָט געקאָסט מי־ליאָנען הייליקע לעבנס פון אַלע פעלקער פון דער וועלט, כדי פון דער דאָזיקער געפאַר זיך צייטוויליק צו באַפרייען; די דאָזיקע נאַציאָנאַלע קרומקייט, וואָס ניט נאָר אידן, נאָר אַלע פעלקער פון דער וועלט מוזן זיין פאַראינטערעסירט אויסצוגלייכן, קאָן אויסגעגליכן ווערן נאָר אויף איין וועג — ארץ ישראל מוז ווערן די אידישע מדינה. דעם פּרינציפּ דאַרפן פעסטשטעלן אַלע פעלקער פון דער וועלט שוין איצט.

ט) פון דעם פּרינציפּ דרינגט אַרויס, אַז אַלע ניט־באַנוצטע ווירטשאַפט־

לעכע פּאָטענצן, וואָס זיינען דאָ אין ארץ ישראל דאַרפן געשטעלט ווערן צו דער פאַרפיגונג פון דעם אידישן פאָלק, כדי דורך אויסנוצן די דאָזיקע פּאָטענצן אויפצובויען די אידישע היימלאַנד.

י) פון דעם אָנערקענטן פּרינציפּ וואַקסט אויך אַרויס די נויטווענדיקייט איבערצוגעבן צו דער אידישער אַגענץ, ווי די פאַרטרעטערין פון דעם אידישן פאָלק פאַר ארץ ישראל, אַלע רעכטן איבער די דאָזיקע פּאָטענצן, ווי אויך אַלע רעכטן איבער עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע. נאָר אַ אידישע קערפּערשאַפט קאָן זיין בכוח די ניט־באַנוצטע פּאָטענצן אַרויסצוברענגען מכח אל הפועל און פאַרוואַנדלען זיי אין געזונטע ווירטשאַפטלעכע יסודות פאַר אַ ברייטער און אינטענסיווער אידישער קאָלאָניזאַציע.

יא) די אידישע אַגענץ פירט אָן די דאָזיקע אַרבעט אונטער דער אויפזיכט פון אַ ספּעציעלער קערפּערשאַפט פון דער אַלוועלטלעכער פעלקער אָרגאַניזאַציע, וועמעס אויפגאַבע איז צו זאָרגן דערפאַר, אַז די אינטערעסן פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג זאָלן אין דעם פּראָצעס פון בוי אָפּגעהיט ווערן אין איינקלאַנג מיט פּונקט ג׳, אין דעם קאַפּיטל וועגן אַלוועלטלעכע פּראָבלעמען.

יב) אַזוי שנעל ווי דורך די בוי־אַרבעטן פון דער אידישער אַגענץ ווערט דערגרייכט אַ אידישע מאַיאָריטעט אין ארץ־ישראל, ווערט ארץ ישראל דערקלערט אַלס אַ זעלבשטענדיקע מדינה און פונקציאָנירט פּונקט ווי אַלע זעלבשטענדיקע מדינות אין דעם וועלט־פאַרבאַנד פון פעלקער, מיט גלייכע רעכטן, גלייכע פליכטן און גלייכע באַגרעניצונגען.

יג) די פראַגע פון די אַראַבער אין ארץ ישראל דענקט די פּאַרטיי איז אַן ענין וואָס די אַראַבער אַליין דאַרפן באַשליסן: אויב די אַראַבער פון ארץ־ישראל ווילן אויסקלייבן צו לעבן אין אַ לאַנד מיט אַראַבישער מאַיאָריטעט, דאַן דאַרף די אידישע מדינה, מיט דער הילף פון דער אַלוועלטלעכער פעלקער אָרגאַניזאַציע, העלפן אַריבערפירן די ארץ־ישראלדיקע אַראַבער אין אַן אַראַביש לאַנד, וואָס זיי וועלן פאָרציען. אויב די אַראַבער, אָדער אַ טייל פון זיי, וועלן אויסקלייבן צו בלייבן אין ארץ ישראל, ווערט זייער סטאַטוס, ווי גרויס זייער צאָל זאָל ניט זיין, רעגולירט אַזוי: יעדער יחיד ווי אַ יחיד איז באַרעכטיקט צו אַ גלייכער שטעלונג אין אַלע שטחים פון לעבן מיט אַלע אידישע יחידים. ווי אַ גרופּע האָבן זיי דאָס רעכט ממשיך צו זיין זייער אייגנאַרט אין אַלע פאָרמען וואָס זיי געפינען פאַר נויטיק. די גאַראַנטיע פאַר די דאָזיקע רעכט זייערע דאַרף איבערנעמען די אָרגאַניזאַציע פון די פעלקער פון דער וועלט אין איינקלאַנג מיטן אויבנדערמאָנטן פונקט ג׳.

יד) די פאַראייניקטע פעלקער פון דער וועלט דאַרפן העלפן דער אידישער

אַגענץ, פון די פאָנדן וואָס די וועלט מוז אויפשטעלן פאַר אַלגעמיינער רעהאַ־ביליטאַציע, פינאַנצירן אַלע פלענער וואָס די אַגענץ וועט אויסאַרבעטן צו באַ־לעבן די וויסטע לענדערייען פון ארץ ישראל, ברענגען אַהין אידן און דאָרטן קאָלאָניזירן זיי.

טו) די פליכט וואָס ליגט אויף די פאַראייניקטע פעלקער מיטצוהעלפן אין אידישער רעהאַביליטאַציע, ווערט ניט באַגרעניצט מיט דער הילף וואָס די וועלט רעהאַביליטאַציע פאָנדן וועלן געבן דער אידישער אַגענץ פאַר דער בוי־אַרבעט אין ארץ ישראל. יענע אידן וואָס וועלן, אָדער אַליין אויסקלייבן, אָדער געצוואונגען זיין צו בלייבן אין די גלות לענדער, מוזן פונקט אַזוי באַ־זאָרגט ווערן פון די וועלט רעהאַביליטאַציע פאָנדן, ווי די אידן וואָס וועלן געבראַכט ווערן קיין ארץ ישראל.

דאָס זיינען די גרונד־יסודות פון אונדזער סאָציאַליזם און אונדזער ציוניזם. פון די דאָזיקע גרונד יסודות אַרויס גייען מיר אַריבער צו יענע פראַקטישע אויספירונגען וואָס שטייען היינט פאַר דער אידישער וועלט, הויפטזאַכלעך פאַרן אַמעריקאַנער אידנטום.

אויסער דער אינערער פאַרשטאַרקונג פונעם אידנטום גופא, אויסער זיין שטייער וואָס ער האָט ביז איצט געבראַכט צו דער בוי־אַרבעט פון ארץ ישראל, שטייען אין דער איצטיקער צייט צוויי הויפט אויפגאַבן, וואָס זיינען פון גרעס־טער געשיכטלעכער באַדייטונג, פאַרן אַמעריקאַנער אידנטום בפרט און פאַרן גאַנצן אידישן פאָלק בכלל.

די ערשטע אויפגאַבע איז אויפצושטעלן אַ גרויסע מחנה פון חלוצים אין אַמעריקע גופא. חלוציזם־קערנער זיינען איינגעזייט געוואָרן דורך אונדזער באַוועגונג אין דעם אַמעריקאַנער אידנטום פון די ערשטע טעג וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער אַרבעט אין דעם דאָזיקן לאַנד. איינצלנע חלוצים פון אַמע־ריקע האָבן זיך באַטייליקט מיט קאַרגע 40 יאָר צוריק אין די ערשטע שריט וואָס די ארץ ישראלדיקע אַרבעטרשאַפט האָט דורכגעפירט אין די לעצטע 40 יאָר. אַ גרויסע חלוצישע דערשיינונג איז אָן ספק געוועזן די באַטייליקונג פון אַמעריקאַנער יונגע בחורים אין דעם אידישן לעגיאָן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אָבער אַזאַ חלוצישע באַוועגונג וואָס זאָל זיין פאַרבונדן ניט בלויז מיט אַן אויפשוואונג אין אַ מלחמה צייט, וואָס זאָל זיין באַזירט אויף דעם פרינציפּ, אַז די שטרעבונג צו טיפע סאָציאַלע ענדערונגען אין דער וועלט טאָרן ניט בלייבן בלויז אַ האָפענונג, וואָס זאָל אָפּגעלייגט ווערן אויף אַן אומבאַשטימטן מאָרגן; אַז אַזאַ מין שטרעבונג מוז ווערן די שעפערישע טאַט פון היינט און אַז זעלבסט־פאַרווירקלעכונג דורך אַליין לעבן סאָציאַליסטיש און ציוניסטיש איז

דער ערשטער געבאָט פאַר דעם חלוצישן מענטשן, — אַזאַ באַוועגונג איז ביז איצט אין אַמעריקע נאָך ניט אויסגעוואַקסן אין אַ געהעריקער מאָס. אַן אָנהויב אַזאַ איז דורך „החלוץ״ געמאַכט געוואָרן. אין דער צייט, אין וועלכער מיר לעבן איז דאָס דער געבאָט פון דער אידישער געשיכטע, אַז די אַמעריקאַנער אידישע יוגנט זאָל פון זיך אַרויסברענגען די חלוצישע פּאָטענצן, וואָס זי באַזיצט אָן ספק און אונדזער פּאַרטיי איז באַרופן צו זיין די אָנרעגערין פון אַט אַ דער נייער חלוצישער טאַט, וואָס דאָס אַמעריקאַנער אידנטום דאַרף פון זיך אַרויס־אַנטוויקלען.

פונקט אַזוי וויכטיק איז אַרויסצוברענגען שוץ־פּאָטענצן, וואָס לעבן אין הונדערטער, טויזנטער אַמעריקאַנער אידן, וועלכע זאָלן זיך אָרגאַניזירטערהייט איינשטעלן קעגן יעדן פאַרזוך אויף אידישן כבוד, אויף אידישן לעבן, אויף אידיש האָב און גוטס, וואָס די נאָך נישט אין גאַנצן דערשטיקטע פאַשיסטישע און נאַציסטישע כוחות אין דער וועלט זוכן אַריבערצוטראָגן אויפן אַמערי־קאַנישן קאָנטינענט.

די הונדערטער טויזנטער אַמעריקאַנישע אידישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי און וואָס האָבן געהאָלפן שלאָגן פאַשיזם און נאַציזם אין אייראָפּע און ווילדן מיליטאַריזם אין אַזיע, — זיי מוזן ווערן דער אָרגאַניזירטער, באַוואוסטזיניקער, דורך אַ גרויסער אידייע גע־טראָגענער שוץ־כוח פון אַמעריקאַנער אידנטום. זיי טאָרן זיך ניט אונטערגעבן אונטער דער פאַלשער, היפּערפּאַטריאָטישער איינשטעלונג פון דער אידישער אַסימילאַציע, וואָס איז אָנגעפילט מיט פחד און לייקנט אָפּ די נויטיקייט פון אַ ספּעציעל־אידישן שוץ־כוח. מיר, דאַקעגן, זעען אין אַ שטאַלצער, ווירדיקער, באַוואוסטזיניקער, פאַר דער גאַנצער וועלט אָפענער, גוט אָרגאַניזירטער שוץ־קראַפט פון אַמעריקאַנער אידן אַ גרויסן שטייער צו אַמעריקע. מיר זיינען אי־בערצייגט אַז דאָס וועט זיין דער איינציקער ווירדיקער וועג אָפּצושלאָגן אַלע פאַשיסטישע כוחות, וואָס זוכן איצט און וועלן שפּעטער נאָך אַלץ זוכן צו באַ־נוצן דעם אַנטיסעמיטיזם ווי אַ מיטל צו פאַרפּעסטן די לופט פון גאַנצן אַמערי־קאַנישן פאָלק. די דאָזיקע אידישע שוץ־כוחות טאָרן אויך נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין געהיימע גרופּן, וואָס קאָנען רעדוצירט ווערן צו פּשוטע גענגסטער־פאָרמאַציעס. ניט דער אינטערעס פון אַמעריקע און ניט דער אינטערעס פון דעם אַמעריקאַנער אידנטום קאָן געדינט ווערן דורך אַזעלכע פאָרמאַציעס. סיי די אינטערעסן פון אַמעריקע, סיי די אינטערעסן פון אַמעריקאַנער אידנטום קאָנען אַמבעסטן געדינט ווערן דורך אַן אָפענער שוץ־קראַפט, וואָס דאָס אַמעריקאַנער אידנטום זאָל אויפשטעלן.

אַזאַ שוץ־קראַפט דאַרף פון זיך אַליין פאַרבונדן ווערן מיט חלוצישע שטרע־מונגען. חלוצישער אידעאַליזם וועט געבן דער דאָזיקער שוץ־קראַפט די אי־דייאישע באַזע און די געזונטע נאַציאָנאַלע ריכטונג אין וועלכער זי זאָל געפירט ווערן. די אידישע יוגנט אין אַמעריקע וועט דורך דעם קאָנען דערפילן איר צווייפאַכע אויפגאַבע, סיי צום אַמעריקאַנער אידנטום אַלס אַזעלכן, סיי צום גאַנצן אידישן פאָלק, דורך העלפן אַריינברענגען נייע חלוצישע שטראָמען אין דער בוי־אַרבעט פון ארץ ישראל.

פון דעם שטאַנדפונקט אַרויס מוז אויך דער אַמעריקאַנער ציוניזם זיין ווייטערדיקע טעטיקייט פירן. די אומגעהייערע אויפגאַבן צו פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם און אויפבויען אַ אידיש ארץ ישראל קאָן נעמען אויף זיך אַ ציוניזם, וואָס ווערט געפירט און דיקטירט פון חלוצישע תשוקות, פון חלוצישע טרייב־קרעפטן און וואָס טראָגט אַריין סיי אין דעם פּאָליטישן קאַמף פאַר ארץ ישראל, סיי אין דער בוי־אַרבעט גופא, דעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן פּרינציפּ, וואָס גרייט צו ארץ ישראל צו ווערן אַ פּאַסיקער מיטגליד אין יענער „איין־וועלט״, וואָס דאַרף סוף־כל־סוף אויפגעבויט ווערן.

אין די פּאַראייניקטע שטאַטן לעבט היינט מער ווי אַ העלפט פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק. דאָס אַמעריקאַנער אידנטום וועט שוין דורך דער צאָל אַליין מוזן איבערנעמען פאַראַנטוואָרטלעכקייטן גרעסער ווי ביז איצטער. זיין אָרט אין ציוניזם, סיי אין דער פּאָליטישער אָנפירערשאַפט, סיי אין דער פּראַק־טישער בוי־אַרבעט וועט מוזן ווערן וואָגיקער. אונדזער פּאַרטיי איז דעריבער באַרופן צו זאָרגן דערפאַר, אַז דער אַמעריקאַנער ציוניזם זאָל וואָס מער אָנ־געפילט ווערן פון חלוצישע געדאַנקען. נאָר אַזאַ ציוניזם אין אַמעריקע וועט קאָנען שפּילן די ראָלע צו וועלכער די געשיכטע רופט איצט דעם אַמעריקאַנער ציוניזם. אונדזער איגענע פּאַרטיי מוז זיך מאַכן גרייט צו איר איגענער ראָלע אין דער איצטיקער צייט. רופן מיר אונדזערע איגענע חברים זיך צו מאָבילי־זירן פאַר דער גרויסער אַרבעט און מיר רופן אַלע פּראָגרעסיווע אידן פון אַמע־ריקע זיך אָנצושליסן אין אונדזער פּאַרטיי, די פּאַרטיי פון חלוצישן ציוניזם, כדי צו שטעלן זיך מיט אַ גרויסער קראַפט הינטער אונדזער ארץ־ישראלדיקער מחנה און העלפן איר פאַרטזעצן איר בוי־אַרבעט.

די לעצטע 40 יאָר אַרבעט פון דער אידישער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל האָבן געבראַכט גרויסע שטייערן סיי פאַרן סאָציאַליזם און סיי פאַרן ציוניזם. דער אַרבעטער ישוב אין ארץ ישראל האָט פעסטגעשטעלט אָן אירגענד וועלכן ספק די מעגלעכקייט אויפצובויען אַווירטשאַפט, וואָס שליסט אויס קאָנ־קורענץ; וואָס שליסט אויס עקספּלואַטאַציע פון מענטש דורך מענטש; וואָס

לייקנט אָפּ די באַהויפּטונג, אַז נאָר דער עגאָאיסטישער מאָטיוו פון פּראָפיט רופט אַרויס אין דעם מענטשן זיין שעפערישע קראַפט צו פּראָדוצירן; וואָס האָט באַוויזן דורך אייגענעם לעבן, אַז אַ פּלאַנירטע ווירטשאַפט איז נישט קיין דיקטאַטור, אַז אַ פּלאַנירטע ווירטשאַפט דערדריקט ניט דעם גייסט פון דעם יחיד, אַז אַ פּלאַנירטע ווירטשאַפט רעדוצירט ניט די קולטורעלע כוחות פון די מענטשן, וואָס לעבן אין דער דאָזיקער ווירטשאַפט. דאָס איז געווען אונדזער שטייער צו דער מענטשהייט אויף איר וועג צו סאָציאַליזם. מיר האָבן דורכדעם באַוויזן אַז די ווירטשאַפטלעכע קרומקייטן אין מענטשלעכן לעבן קאָנען אויס־געגליכן ווערן.

דער גאַנצער אידישער ישוב אין ארץ ישראל האָט געשטעלט צו דער פאַרפיגונג פון דער וועלט אַן אָרגאַניזירטע קראַפט, וועלכע קאָן איבערנעמען סיי די רעכטן, סיי די פליכטן פון אַן אָנערקענטן זעלבשטענדיקן אידישן פאָלק, ווען נאָר די וועלט וועט אָננעמען דעם פּרינציפּ, אַז דאָס אידישע פאָלק דאַרף דורך ארץ ישראל אויסגלייכן זיין סטאַטוס מיט אַלע פעלקער פון דער וועלט. דער אידישער ישוב, אונטער דער פירערשאַפט פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט צוגעגרייט דעם אָרגאַן, וואָס זאָל אין נאָמען פונעם אידישן פאָלק אַריבערנעמען אַלע רעכטן וואָס וועלן פון אַזאַ אָנערקענונג אַרויסוואַקסן און אין נאָמען פונעם אידישן פאָלק דערפילן אַלע פליכטן וואָס די וועלט דער־וואַרט פון יעדן איינציקן זעלבשטענדיקן פאָלק.

די דאָזיקע צווייפאַכע שטייערן שטעלן מיר איצט צום דינסט פון דער נייער וועלט אין דער נייער צייט. מיר פאַרלאַנגען בלויז פון דער וועלט צו שטעלן ארץ ישראל אין אַזעלכע באַדינגונגען מיר זאָלן קאָנען אונדזער אָנגע־הויבן ווערק פאָרטזעצן, און דורך דעם פרייען לעבן פון דעם אידישן פאָלק אין ארץ ישראל, אַרויסברענגען יענע קולטור פּאָטענצן, וואָס לעבן נאָך אין אונד־זער פאָלק און אַריינגעבן זיי אין דעם קולטור אוצר פון דער גאַנצער מענטש־הייט.

אונדזער וואָרט ווערט פון דאַנען געשיקט צו שארית ישראל אומעטום וואו ער געפינט זיך נאָר. מיר רופן די אידן וואָס זיינען דורכגעגאַנגען די קאָלעך־אויוונס פון איראָפּע און זיינען לעבן געבליבן, זיי זאָלן אין זייער האַרץ פלעגן דעם אַלטן אידישן בטחון. מיר ווייסן אַז ווערטער קאָנען בשום אופן ניט אויס־דריקן דאָס וואָס מיר פילן וועגן זיי און צו זיי. מיר ווילן זיי זאָלן דערשפירן, אַז מיר באַטראַכטן זיך פון אַ געמיינזאַמען שיקזאַל מיט זיי. מיר וועלן אין דער דאָזיקער פרייער אַמעריקע ניט קאָנען רואיק געניסן פונעם רייכטום וואָס דאָס דאָזיקע לאַנד פאַרמאָגט און וואָס זי האָט ביז איצט געטיילט צווישן אַלע אירע

גרופּן, ביז וואַנען מיר וועלן ניט וויסן, אַז עס האָט גענומען אַ סוף צו די אומ־געהייערע ליידן פון די אייראָפּעאישע אידן און אַז אין איינקלאַנג מיט זייער אייגענעם ווילן איז געקומען זייער ליזונג. מיר ווייסן וואָס זייער ווילן איז. מיר האָבן עס אַרויסגעלייענט פון אַלע באַריכטן וואָס זיינען צו אונדז דער־גאַנגען. מיר האָבן עס אַרויסגעלייענט פון די ספּעציעלע באַריכטן וואָס מיר האָבן באַקומען דורך ארץ ישראל. מיר האָבן עס אַרויסגעהערט פון אַלע די־יעניקע אייראָפּעאישע אידן וואָס האָבן דערגרייכט די ברעגעס פון די פּאַראיי־ניקטע שטאַטן. מיר האָבן עס אַרויסגעהערט פון אַלע פון זיי מיט וועמען ווער פון אונדז עס האָט זיך באַגעגנט אין אייראָפּע גופא. מיר ווייסן אַז זיי זוכן מיט איבערמענטשלעכע כוחות זייער וועג קיין ארץ ישראל. מיר פאַרשפּרעכן זיי אַז קיין מי וועט אונדז ניט שווער זיין זיי אין זייער קאַמף פאַר אַ מענטשלעכן און אידישן לעבן צו העלפן. קיין פּאָליטישע גזירות פון וועמען זיי זאָלן נישט קו־מען, וועלן אונדז ניט אָפּהאַלטן פון שטעלן זיך הינטער זיי אין זייער פאַרי־צווייפלטן פאַרזוך דורכצוברעכן פאַר זיך דעם וועג קיין ארץ ישראל. מיר זיי־נען איבערצייגט אַז עס וועלן קומען פרייערע טעג פאַר דער גאַנצער מענטש־הייט, אַז עס וועלן אָנהויבן זיך אויסגלייכן אינטערנאַציאָנאַלע פאַרקריפּלטע באַציאונגען און אַז די גאַנצע וועלט וועט אָנערקענען זייער רעכט אַליין אויס־צוקלייבן זייער לעבנספּלאַץ. דורכדעם וועט זייער אייגענע פראַגע געלייזט ווערן. דורכדעם וועלן זיי אויך קאָנען העלפן דעם אידישן פאָלק דערגרייכן זיין נאַציאָנאַלן ציל: אויפצושטעלן זיין מדינה אין ארץ ישראל.

צום אידישן ישוב אין ארץ ישראל, וואָס שטייט היינט אין די ערשטע רייען פונעם קאַמף פון דעם אידישן פאָלק, פון דעם קאַמף פאַר אונדזערע רעכט אויף ארץ ישראל, פון דעם קאַמף פאַר אונדזער רעכט צו ראַטעווען אונדזערע ברידער און ברענגען זיי קיין ארץ ישראל, פון דעם קאַמף אַנטקעגן אַ גרויסער וועלט מדינה, וועלכע האָט אין די בלאָנדזשענישן פון איר פּאָליטיק, אין אירע צוזאַמענשטויסן מיט אַנדערע פעלקער פאַר איר אימפּעריע, אַרויפ־געצוואונגען דווקא אויף דעם אידישן פאָלק אַ מלחמה, אַ מלחמה וואָס ווערט ניט געפירט קעגן דעם בריטישן פאָלק און ווערט ניט געפירט קעגן דעם אַראַבישן פאָלק, נאָר ווערט געפירט פאַר דאָס רעכט פון דעם אידישן פאָלק צו קומען קיין ארץ ישראל — צו אָט דעם אידישן ישוב פון ארץ ישראל שטרעקן מיר אויס אונדזער האַנט איבער אַלע ימים און שליסן זיך אָן עפנט־לעך אָן דער דאָפּלטער שבועה, וואָס דער ישוב האָט געשוואוירן: די בייע שבועה פון „אם שכחך גולה" און די אַלטע שבועה פון „אם אשכחך ירושלים".

מיר שטעלן הינטער די דאָזיקע שבועות אַלץ וואָס מיר פאַרמאָגן, ביז אַליין דאָס סאַמע לעבן.

געערטער צוזאַמענפאָר:

אויב איך האָב איך אפשר צו לאַנג אויפגעהאַלטן — זייט מיר מוחל. איך קום צום שלוס, כאָטש איך האָב נאָך ווייט ניט באַרירט אַלץ וואָס געהערט צו מיין היינטיקער טעמע. דערלויבט מיר צום סוף פון אייך ניט צו פאַרבאָרגן אייניקע צוגאָב זאָרגן וואָס זיינען פון די רעדנער וואָס איך האָב דורך די צוויי טעג געהערט, ניט באַרירט געוואָרן.

דער סאָציאַליסטישער געדאַנק איז מיט דיקטאַטור־סם פאַרמישט געוואָרן. אונטערן נאָמען פון סאָציאַליזם ווערן באַגאַנגען טאַטן, וואָס נאָר אַלע טייוואָלים פון דער וועלט צוזאַמען האָבן ווען עס איז געקענט פאַרטראַכטן. די אַלגעמיין מענטשלעכע מאָראַל ליגט אויך אַ דערנידעריקטע. אַרונטערגעזונקען איז דער מין מענטש דורך צוויי וועלט מלחמות וואָס האָבן אויסגעשאָכטן פילע צענדליקע מיליאָנען און חרוב געמאַכט די לעבנס פון הונדערטער מיליאָנען. דער איצטיקער צושטאַנד קען ניט פאַרשטעלן מיט זיך דאָס לעצטע וואָרט פון מענטשלעכן גייסט. אונדזער גלויבן איז פעסט אַז דער מין מענטש וועט זיך אַרויסשלעפּן פון די זומפּן וואוהין די מלחמות, באַגלייט פון היטלער און סטאַלין מאַכט־דורשטיקייטן האָבן דעם מענטשן פאַרזונקען. מיר גלויבן אַז דורך אונדזער אַרבעט טראָגן מיר צו אונדזער שטייער צו העלפן דעם מין מענטש זיך אַרויסציען פון זומפּ.

אפשר וועט איר בעסער פאַרשטיין אָט דעם געדאַנק ווען איך וועל אייך איבערגעבן דעם אינהאַלט פון אַ בריוו־וועקסל צווישן צוויי אידן ביים ענדע פון 19טן יאָרהונדערט, אַ יאָר פאַרן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס.

אין יענעם יאָר האָט זיך רבי שמואל מאָהילעווער, זכר צדיק לברכה, געווענדט מיט אַ בריוול צו סאַלאָמאָן ריינאַך, דאַמאָלטיקער פּרעזידענט פון „אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסאַל". רבי מאָהילעווער האָט געוואָלט פאַראינטערעסירן די „אַליאַנס" אין דער חובבי ציון אַרבעט אין ארץ ישראל. אויף דעם האָט סאַלאָמאָן ריינאַך אים געענטפערט אַ בריוול מיט 4 פונקטן. די ערשטע צוויי זיינען: „פּאַלעסטינאַ" טויג ניט פאַר קאָלאָניזאַציע און אידן טויגן ניט פאַר קאָלאָניזאַטאָרן. איז וועגן דעם ניט כדאי איצטער צו דיסקוטירן. די לעצטע 50 יאָר האָבן גענוג אָפּגעלייקנט די באַהויפּטונגען פון סאַלאָמאָן ריינאַך. אָבער וועגן די אַנדערע צוויי פונקטן איז כדאי איבערצוגעבן דעם ענטפער וואָס רבי שמואל מאָהילעווער האָט געגעבן. סאַלאָמאָן ריינאַך האָט געזאָגט אַז „איר חובבי ציון וואַרט נאָך אויף אַ משיח, מיין משיח איז שוין געקומען". געמיינט

האָט ער דערמיט די פראַנצויזישע רעוואָלוציע. דאַן האָט ער צוגעגעבן: איר חובבי ציון, שלעפּט די אידן צוריק צום צוועלפטן יאָרהונדערט, מיר אָבער ווילן העלפן די אידן אַריינקומען אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אַריין. (איך ציטיר ניט בוכשטעבלעך. איך האָב פאַר זיך ניט די דאָקומענטן. אָבער דעם אינהאַלט געדענק איך גוט).

אויף דעם האָט אים ר׳ שמואל מאָהילעווער געענטפערט:

ווען אונדזער גלויבן אין ביאת המשיח וויל איך מיט אייך ניט דיסקוטירן. אָבער אייער משיח זעט מיר אויס עפּעס אויסטערליש. ס׳איז אים אויסגעוואַקסן אַ מיאוסע באַראָדעווקע אויפן שטערן. (געמיינט האָט ער דעם אַנטיסעמיטישן דרייפוס־פּראָצעס פון יענער צייט); וואָס איז שייך אייער באַהויפּטונג אַז מיר ווילן פירן די אידן צוריק צום צוועלפטן יאָרהונדערט, דאָ זייט איר זיך לגמרי טועה. מיר ווילן זיי פירן אַ סך ווייטער צוריק. מיר ווילן זיי פירן צוריק צו יענער צייט פון מתן תורה. מיט יענעם גייסט זאָל זיך דאָס אידישע פאָלק צוריק באַהעפטן.

און ר׳ שמואל מאָהילעווער איז אַוודאי געווען גערעכט. דאָס אומקערן פון אידישן פאָלק קיין ארץ ישראל מוז ברענגען אַ באַנייאונג פון גייסטיקע ווערטן וואָס ציען זיך פון מתן תורה, דורך אַלע דורות, ביזן סאַמע ציוניזם פון אונד־זער עפּאָכע. איצט ווען מציון תצא תורה ווערט אַ נייע וועלט־בויטוועגדיקייט; איצט ווען פון ערגעץ מוז קומען פאַר דעם מין מענטשן אַ גייסטיקער שטויס וואָס זאָל אים העלפן זיך אַרויסציען פון דעם זומפּ פון אַ־מאָראַליטעט און פון אוממענטשלעכקייט; איצט מוז יעדער פאָלק, וואָס פאַרמאָגט נאָך אין זיך גייסט, זוכן צוטראָגן זיין חלק צו אָט דעם פּראָצעס פון אָפּגעפרישטער מענטש־לעכער מאָראַליטעט. איז עס ניט קלאָר, אַז דאָס וואָס געשעט אין אונדזער עפּאָכע, פאַר אונדזערע אויגן — דער אָנהויב פון אונדזער גאולה — שטעלט מיט זיך פאַר אונדזער צושטייער צו אָט דעם פּראָצעס?

פּרובירט, חברים, זעט זיך אין ליכט פון דעם היסטאָרישן קוק און איר וועט דערשפּירן די פליגלען פון דער געשיכטע שוועבן איבער אלע יענע צו־זאַמענקונפטן וואָס ווידמען זיך בלב ונפש צו דער היסטאָרישער מיסיע, צו וועלכער זיי זיינען באַרופן.

דערפון ציט כוח, ניט חלילה צו פאַרטרייבן דעם אומרו, נאָר פון אים באַ־איינפלוסט צו ווערן צו גרעסערער אַקטיוויטעט, כדי מיר זאָלן קענען שפּילן אונדזער געהעריקע ראָלע אין דער גרויסער רעוואָלוציע וואָס קומט פאָר סיי אין אידישן לעבן, סיי אין דער גאַנצער מענטשהייט.

ז

און אַט האָט איר מיין „החלוץ"־פּלאַן פאַרן גאַנצן אַמעריקאַנישן קאָנטי־נענט, וואָס איך האָב פאָרגעשלאָגן אויף אַ ספּעציעל פּאַרטיי־ראַט, אָפּגעהאַלטן אין ניו־יאָרק אין 1947. איך האָב געזאָגט:

איך באַצוועק היינט ניט צו האַלטן קיין רעפעראַט. איך וויל בלויז ברענגען אַ פאָרשלאַג וועגן אַ גרויסער ווערבירונגס־אַקציע פאַר חלוצים אין אַמעריקע. איך דאַרף נאָר זאָגן עטלעכע ווערטער ווי אַן איינלייטונג.

מיין פאָרשלאַג איז ניט אָפּהענגיק אין דעם צי מיר וועלן נאָך דער מלחמה תיכף באַקומען אַ סטאַטוס פון אַ קאָמענוועלט. אויב יאָ — דאַן איז דער פאַר־נעם פון מיין פאָרשלאַג צו קליין. אויב ניט, האָט מיין פאָרשלאַג פאַרלאָרן זיין באַדייטונג בלויז אין פאַל ווען דער ווייסער פּאַפּיר זאָל בלייבן אין קראַפט. אַזוי ווי איך נעם אָן, אַז דער ווייסער פּאַפּיר וועט ניט בלייבן אין קראַפט; אַז ארץ ישראל וועט געעפנט ווערן פאַר אַ גרויסן טייל פון אויסגעוואָרצלטע אייראָפּעאישע אידן, מוז דער אַמעריקאַנער ציוניזם תיכף צוטרעטן דורכצו־פירן מיין פאָרשלאַג. איך האַלט פאַר אומגויטיק אַריינצוגיין אין אַ גרינטלעכער באַגרינדונג פון אַט דעם מוז. וואָס עס איז געוואָרן פון אונדזער וועלט־„החלוץ" ווייסן מיר אַלע. איך באַטראַכט עס פאַרן צווייטן אין מדרגה פון די חורבנות וואָס די לעצטע 5 יאָר האָבן געבראַכט דעם וועלט־אידנטום. דער ערשטער אין מדרגה חורבן איז די פיזישע אויסראָטונג פון מיליאָנען אידישע לעבנס. דער צווייטער אין מדרגה איז די פאַרניכטונג פון אונדזער החלוץ. די ראָלע פון „החלוץ" אין די געטאָ אויפשטאַנדן האָבן קלאָר באַוויזן זיין באַדייטונג ניט נאָר פאַרן ציוניזם, נאָר פאַרן אידישן פאָלק בכל תפוצותיו. אין רואיקע צייטן וועט זיך זיכער געפינען אַ אידישער היסטאָריקער, וואָס וועט ווי געהעריק אָפּשאַצן די דאָזיקע געשיכטלעכע באַדייטונג פון החלוץ. היינט באַשעפטיקט מיך איין זאָרג: די נאָך־מלחמה עליה וועט מוזן זיין די כאַאָטישסטע וואָס ארץ ישראל האָט ביז איצט געדאַרפט אַריינעמען; די מענטשן פון דער עליה וועלן האָבן דורכגעגאַנגען טויזנטער מדורי גיהנום. זיי וועלן זיין פיזיש און גייסטיק צע־בראָכענע מענטשן. אָן אַ גרויסן חלוצישן כוח, וואָס זאָל אין דער דאָזיקער עליה אַריינטראָגן די נאַציאָנאַלע דיסציפּלין וואָס חלוציזם ברענגט מיט זיך, קען זי אונדז ברענגען ווער ווייסט וועלכע ביטערע איבעראַשונגען. פון וואַנען וועט אַט דער חלוצישער כוח קומען, נאָכדעם ווי אונדזער וועלט־החלוץ איז חרוב?

אונדזערע חברים אין ארץ ישראל האָבן ביז איצט געוואונדעט זייער אויפ־מערקזאַמקייט צו צוויי מענטשן־קוואַלן פאַר אַ באַנייטן החלוץ: צו דעם ארץ־ישראלדיקן אידישן ישוב גופא און צו די אידן פון די אָריענט־לענדער. מיר

דאָ קענען זיכער זיין, אַז דער ארץ־ישראלדיקער אידישער ישוב וועט פון זיך אַרויסברענגען דעם מאַקסימום פון חלוצישע כוחות, וואָס ער וועט נאָר קענען אָפּשפּאָרן פון זיינע עקזיסטירנדיקע ווירטשאַפטן, פאַר אַלע סאָרטן פון נייע כיבושים וואָס מיר וועלן אין ארץ ישראל מוזן אונטערנעמען, כדי צוצוגרייטן ווירטשאַפטלעכע אויפנעם־פּלעצער פאַר די הונדערטער טויזנטער און אפשר מיליאָנען אויסגעוואָרצלטע אידן, וועלכע וועלן זוכן צו באַנייען זייער לעבן אין ארץ ישראל. מיר זיינען אויך זיכער, אַז אַלע חלוציזם־פּאָטענצן פון די אָריענט־לענדער וועלן דורך די שליחים פון דעם אידישן ישוב אַרויסגע־בראַכט ווערן מכוח אל הפועל. מיר מעגן אויך רואיק זיך שטעלן אין דינסט פון די חלוצישע אויפגאַבן וואָס וועלן נאָך דער מלחמה שטיין פאַר אונדזער ארץ ישראלדיקן בוי. אָבער אָט די אַלע מענטשן־קוואַלן וועלן אַלץ ניט קענען אויף אַ באַדייטנדיקן אופן אויספילן דעם חלל וואָס דער חורבן החלוץ האָט אונדז געבראַכט. זיי וועלן ניט גענוג זיין צו ברענגען אַזאַ גרויסן חלוצישן עלעמענט, וואָס זאָל ווערן דער חוט השדרה פאַר אָט דער עליה, זאָל צוגרייטן פאַר איר גענוג ווירטשאַפטלעכע מעגלעכקייטן, זאָל צוזאַמען מיט איר לעבן, זאָל אין איר אַריינפּליסן נייע תשוקות פון לעבן און יצירה, ביז זי וועט אויס־געהיילט ווערן פיזיש און גייסטיק און אַליין פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גרויסן בוי־כוח.

געקומען בכן די צייט אַז די איבער 6 מיליאָן אידן וואָס לעבן אויפן אַמע־ריקאַנישן קאָנטינענט זאָלן צוטראָגן זייער מענטשן־שטייער צו דער געשיכט־לעכער חלוצישער טאַט.

איך גיי ניט אַריין אין אַן אַנאַליז פון די סיבות וואָס האָבן ביז איצטער דאָס אידנטום צעטיילט בנוגע דער פאַרוויקלעכונג פון ציוניזם אין צוויי באַזונ־דערע מחנות. די מחנה פון אייראָפּעאישן אידנטום האָט ביז איצטער מערסטנ־טיילס בייגעשטייערט די מענטשן, די בויער און די מחנה פון אַמעריקאַנער אידן האָט מערסטנס בייגעשטייערט די מיטלען. איך ווייס נאָר אַז איצטער קען עס מער אַזוי ניט זיין. די אידן פון די אַמעריקעס וועלן מוזן באַדייטנד פאַר־גרעסערן אויך זייער געלט־שטייערן פאַר דער בוי־אַרבעט. זיי וועלן אָבער אויך מוזן געבן גאָר אַ באַדייטנדן שטייער פון מענטשן, פון חלוצים.

איך ווייס אַלע אַרגומענטן וואָס קענען געבראַכט ווערן וועגן די אומגעע־הויערע שוועריקייטן וואָס זיינען דערמיט פאַרבונדן. איך האָב ניט און איך זוך גאָרניט קיינע תירוצים פאַר אָט די אַרגומענטן. איך וויל גאָר זייער קראַפט ניט אָפּשוואַכן. איך וויל דווקא מיר זאָלן וויסן וואָס מיר נעמען אויף זיך. איך ווייס אָבער איין זאַך: דער געבאָט פון דער עפּאָכע אין וועלכער מיר לעבן און

די אחריות וואָס די געשיכטע האָט אויף אונז אַרויפגעלייגט דיקטירט אונדז צו מאַכן אַן אומגעהויער גרויסע אָנשטרענגונג אַלע שוועריקייטן איבערצוקומען. איך גלויב באמונה שלמה אַז מיר קענען עס רעאַליזירן.

איך פאַרלאָז זיך אויף דעם, אַז כמעט 50 יאָר פון ציוניסטישע אַרבעט אין אַמעריקע האָט עפּעס פאַרזייעט. מיר מוזן זוכן די וועגן ווי אַזוי עס צו מאַכן וואַקסן און ווי עס צו שניידן.

איך פאַרלאָז זיך אויף דעם, אַז איבער 40 יאָר ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע און אַרבעט האָט עפּעס פאַרזייעט; אַז איבער 20 יאָר הסתדרותי־שער ביישפּיל, וואָס אַמעריקאַנער אידן האָבן פאַר זיך געהאַט האָט עפּעס פאַר־זייעט. מיר מוזן עס מאַכן וואַקסן און זוכן אַ וועג ווי עס צו שניידן.

איך פאַרלאָז זיך אויף דעם, אַז די פאַרשיידענע וואוקסן פון אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקע האָט ביי אַ סך יונגע אידן פאַרשאַפט דאָס פּראָבלעם פון ישראל בעמים. פילע פון זיי וועלן באַוועגט ווערן צום קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקע. אַלע באַוואוסטזיניקע אידן וועלן אין דעם זיך באַטייליקן. מיר אויך. איך רעכן אָבער אַז אַ טייל פון זיי וועט זיך ניט באַנוגענען בלויז מיט אָט דעם קאַמף. אין זיי וועט צייטיק ווערן דאָס געפיל, אַז טאָלעראַנץ איז אַ גוטע זאַך. מען דאַרף פאַר דעם קעמפן. אָבער ווייל איז יענער גרופּע, וואָס דאַרף זיך פאַר־לאָזן בלויז אויף טאָלעראַנץ. דער איד וואָס ווערט אַפילו טאָלערירט בלייבט דאָך אַ פּראָבלעם; אַז לעבן ניט ווי אַ פּראָבלעם־מענטש איז פאַר אידן מעגלעך נאָר אין ארץ ישראל. פאַר אָט אַזאַ צייטיק געוואָרענעם אַמעריקאַניזירטן יונגן אידן מוזן מיר באַשאַפן אַ גרויסע חלוצישע ראַם.

איך פאַרלאָז זיך אויף דעם, אַז אַ צאָל יונגע אידן אין אַמעריקע וועלן עפּעס לערנען פון די לעצטע 11 יאָר היטלער ממשלה; ווי אַזוי היטלער האָט אידישע היימלאָזיקייט, די הויפּט סיבה פון אַנטיסעמיטיזם, באַנוצט פאַר צוויי צילן: דער ערשטער ציל — די פיזישע פאַרניכטונג פון אידן פאַר וועמען קיינער האָט זיך ניט איינגעשטעלט און קיין אָרט איז ניט געווען וואו מען זל גרויסע אידישע מאַסן אַריינראַטעווען. דער צווייטער ציל — אויסנוצן אַנטי־סעמיטיזם אַלס אַ פּוסבענקעלע אין זיין פאַרמעסט צו באַהערשן די וועלט. יונגע אידן וועלן זיך פאַרטראַכטן וועגן אידישער היימלאָזיקייט. זיי וועלן באַגרייפן דעם פּשוטן געדאַנק, אַז היימלאָזיקייט קען געהיילט ווערן דורך היים־אויפבוי. זיי וועלן וועלן האָבן אַ חלק אין דעם. אויך פאַר אָט דעם אין באַוואוסטזיניקייט צייטיק־געוואָרענעם יונגן איד אין אַמעריקע מוזן מיר באַשאַפן אַ גרויסע חלוצי־שע ראַם.

איך פאַרלאָז זיך אויף דער גרויסער צאָל אַמעריקאַניש־אידישע סאָלדאַטן

וועלכע וועלן זיך אומקערן פון די איראָפּעאישע שלאַכטפעלדער, טיף פאַר־וואונדעט אין זייערע אויפגעוואַכטע אידישע נשמות דורך דעם וואָס זיי האָבן אַליין געזען, — איך פאַרלאָז זיך אויף דעם, אַז אַ טייל פון זיי וועלן זיך דורכ־דעם דערהויבן צו חלוצישע הויכן, אויב די ראָם וועט פאַר זיי אויפגעשטעלט ווערן.

איך פאַרלאָז זיך אויף דער מחנה פון איבער דריי־הונדערט־טויזנט אָר־גאַניזירטע ציוניסטן אין אַמעריקע, אַז כאָטש אַ קליינער פּראָצענט פון זיי וועט באַהערשט ווערן פון אַ דראַנג צו חלוציזם. פון אָט די אַלע פאַקטאָרן, אויב מיר זאָלן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן ניט קענען אין 5 יאָר צייט מאָביליזירן 10 טויזנט מענטשן פאַר חלוציזם איז אונדזער גאַנצע אַרבעט געווען אַ ברכה לבטלה. איך זאָג זיך עס אָפּ צו גלויבן! איך זאָג: קיין ציוניסט טאָר אַפילו ניט אָננעמען אַזאַ פּסק־דין איבער זיך אַליין, איבער זיינע קינדער, איבער דער אַמעריקאַנער אידישער יוגנט, אידער אַ פּראָבע אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב איז געמאַכט געוואָרן. די דאָזיקע פּראָבע טאָר ניט זיין בלויז דורך רעזאָלוציעס. זי מוז זיין דורך אַן אומגעהייערער פּראַקטישער אָנשטרענגונג.

נאָך איין באַמערקונג:

מיין פאָרשלאַג רעדט וועגן אויפגאַבן וואָס וועלן אויף זיך דאַרפן נעמען אויך אַנדערע ציוניסטישע פּאַרטייען אין די פּאַראייניקטע שטאַטן און אין אַלע אַמעריקאַנער לענדער; אויפגאַבן וואָס די הסתדרות וועט דאַרפן נעמען אויף זיך, דער קרן היסוד, די סוכנות אין א״י, דער אַמעריקאַנער החלוץ. אונדזער פּאַרטיי־ראַט קען אוודאי קיינעם פון זיי ניט פאַרפליכטן. דער פּאַרטיי־ראַט דאַרף, נאָך מיין מיינונג, אויך אונדזער אייגענעם צענטראַל קאָמיטעט ניט פאַר־פליכטן צו יעדן דעטאַל פון דעם פאָרשלאַג. וועט דער פּאַרטיי־ראַט אָננעמען מיין פאָרשלאַג איז דער צענטראַל־קאָמיטעט פאַרפליכטעט בלויז צו איין זאַך: תיכף צו פאַרבינדן זיך מיט די אַנדערע ציוניסטישע פּאַרטייען און זוכן אויפ־צושטעלן די ספּעציעלע קערפּערשאַפט וואָס זאָל אָנפירן מיט אַ גרויסער החלוץ אַרבעט אין אַמעריקע. דער צענטראַל־קאָמיטעט איז פריי אויסצוהערן און אויך אָננעמען ענדערונגען וואָס קענען פאָרגעשלאָגן ווערן וועגן יעדן פּונקט פון דעם פאָרשלאַג אין פאַרלויף פון די פאַרהאַנדלונגען.

איצט צום פאָרשלאַג גופא.

1. עס ווערט אין אַמעריקע צוזאַמענגעשטעלט אַ ספּעציעלע קערפּערשאַפט דורכצופירן אַ גרויסע אַקציע צו ווערבירן און צוגרייטן אין אַמעריקע חלוצים און עולים פאַר ארץ ישראל. די קערפּערשאַפט ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון אַ גלייכער צאָל פאַרטרעטער פון אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען, צו איין פאַר־

טרעטער פון יעדער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אַ פאַרטרעטער פון אַמע־ריקאַנער החלוץ. די דאָזיקע קערפּערשאַפט ווערט פון דער ציוניסטישער עק־זעקוטיווע אָנערקענט, אויף דיזעלביקע יסודות, ווי די פּאַלעסטינאַ־אַמטן זיי־נען אָנערקענט געוואָרן אין אייראָפּע. דער קערפּערשאַפט ווערט געגעבן דאָס רעכט צו פונקציאָנירן אין אַלע אַמעריקאַניש־אידישע קבוצים. בנוגע איר אַר־בעט פאַר ווערבירן חלוצים איז די קערפּערשאַפט געבונדן מיט די באַשלוסן פון ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס האָט פעסטגעשטעלט פאַר גרונט־יסודות וואָס זיינען פאַרפליכטענד פאַר יעדן חלוץ. זיי זיינען: העברעאיש, הסתדרות, עבודה עצמית און ציוניסטישן שקל. די קערפּערשאַפט זוכט אַ פאַרשטענדיקונג מיט הפועל־המזרחי, כדי אויך זייערע מיטגלידער זאָלן קענען איינגעשלאָסן ווערן אין דעם אַלגעמיינעם פּלאַן צוצוגרייטן חלוצים אין אַמעריקע.

2. די קערפּערשאַפט שטעלט פאַר זיך אַ ציל איבערצושיקן קיין ארץ־ישראל פון אַמעריקאַנישן קאָנטינענט אַ מינימום פון 20 טויזנט חלוצים אין די ערשטע 5 יאָר נאָך דער פאַרענדיקונג פון דער אייראָפּעאישער מלחמה. פון די פאַראייניקטע שטאַטן אַ מינימום פון 2 טויזנט אַ יאָר, צוזאַמען 10 טויזנט פאַר די ערשטע 5 יאָר. פון אַרגענטינע און קאַנאַדע אַ מינימום צו 5 הונדערט אַ יאָר. צוזאַמען פוןביידע לענדער אַ מינימום פון 5 טויזנט אין 5 יאָר. פון מעקסיקע, קובאַ, טשילי און אורוגוויי אַ מינימום פון 150 אַ יאָר. צוזאַמען פון די לענדער אַ מינימום פון 150 אַ יאָר. צוזאַמען פון די לענדער אַ מינימום פון דריי טויזנט פאַר די 5 יאָר. די איבעריקע טויזנט פון אַלע איבעריקע ישובים אויפן אַמערי־קאַנער קאָנטינענט. בנוגע די אָרגאַניזירונג פון ניט חלוצישע עליה שטעלט זיך די קערפּערשאַפט ניט קיין באַשטימטע צאָל אין פאָרויס. איר אויפגאַבע איז אויסצונוצן און אָרגאַניזירן אַלע עליה מעגלעכקייטן פון אַמעריקאַנער קאָנטי־נענט.

3. די חלוצישע הכשרה וועט מוזן צעטיילט ווערן אין עטלעכע קאַטע־גאָריעס:

א. די גרעסטע צאָל פון זיי זאָלן אין אַמעריקע באַקומען אַ באַגרעניצטע הכשרה, צווישן 4 און 6 חדשים. אין די פאַראייניקטע שטאַטן (וועגן די אַנדע־רע לענדער וועלן די פּלענער דאַרפן אויסגעאַרבעט ווערן פון דער ספּעציעלער קערפּערשאַפט אין הסכם מיט די ציוניסטישע אָרגאַנען אין די פאַרשיידענע לענדער) זאָלן פאַר דעם צוועק באַנוצט ווערן די צוויי הכשרה פערמעס אין קרימרידזש און הייטסאון וועלכע דאַרפן זעלבסטפאַרשטענדלעך אויסברייטערן זייער פאַרנעם און וויינלקסטנס נאָך צוויי אַזעלכע פערמעס זאָלן תיכף געעפנט ווערן, איינע אויפן פּאַסיפישן ברעג און די צווייטע ארום שיקאַגע. יעדע פערמע

זאָל אַזוי אַוועקגעשטעלט ווערן, אַז זי זאָל קענען געבן אַ הכשרה צו וויניקסטנס 250 חלוצים יעדע. יעדעס יאָר ברענגט יעדע פערמע אַרויס דעם מינימום פון צוויי מחזורים, וואָס דאָס מיינט, 2 טויזנט חלוצים אַ יאָר. די אַמעריקאַנישע הכשרה פראָגראַם פאַר אָט דער קאַטעגאָריע דאַרף באַשטיין פון 4 שעה אַ טאָג אַרבעט און 4 שעה לערנען. די פראָגראַם פאַר דער אַרבעט באַשטימט די אַנ־פירערשאַפט פון אַמעריקאַנער החלוץ, צו וועמען די ספּעציעלע קערפּערשאַפט האָט דיזעלביקע באַציאונג ווי די אייראָפּעאישע פּאַלעסטינאַ־אַמטן האָבן געהאַט צום החלוץ. (מיט דער אויסנאַם וואָס די ספּעציעלע קערפּערשאַפט דאַרף אַ גרעסערן חלק זאָרג טראָגן פאַר דער פינאַנצירונג פון החלוץ ווי די פאַל. אַמטן אין אייראָפּע). דאָס פּראָגראַם פון לערנען מוז זיין געווידמעט הויפּטזעכלעך: קענען ארץ ישראל, שטודירן ציוניזם, אידישע געשיכטע און געשיכטע פון סאָציאַליזם און לערנען העברעאיש. פאַר זייער צוגאָב־הכשרה אין ארץ ישראל דאַרפן די סוכנות און די הסתדרות שליסן אַן אָפּמאַך מיט פאַרשיידענע ארץ־ישראלדיקע משקים. אין יענע משקים וועלן די אַמעריקאַנער חלוצים דאַרפן פאַר אַ יאָר צייט ממשיך זיין זייער הכשרה. טיילן פון זייערע טעג וועלן די חלוצים דאַרפן אָפּגעבן אַרבעטן אין די ווירטשאַפטן, וואָס די הנהגה פון יעדן משק וועט פאַר זיי באַשטימען. דאָס פּראָגראַם פון זייער צוגאָב הכשרה זאָל באַשטימט ווערן דורך דער הסתדרות בהסכם מיט דער סוכנות, און אויב הפּועל המזרחי איז אויך איינגעשלאָסן אין דער ספּעציעלער קערפּערשאַפט אין אַמעריקע, דאַרפן די הסתדרות און די סוכנות זאָרגן דערפאַר אַז דער הפּועל המזרחי פון ארץ ישראל זאָל אויך האָבן די מעגלעכקייט מיטצובאַשטימען אין דער פּראָגראַם פאַר דער צוגאָב הכשרה. דער אופן ווי די הסתדרות פאַרשטענ־דיקט זיך מיט דער סוכנות דאַרף דאָרטן גופא באַשטימט ווערן. די ספּעציעלע אַמעריקאַנער קערפּערשאַפט נעמט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די חלוצים ביז זיי ווערן געבראַכט קיין ארץ ישראל. דאָרטן גייען זיי אַריבער צו דער אחריות פון דער הסתדרות מיט דער סוכנות. זיי דאַרפן אויך באַשטימען די קאָמפּענסאַציע וואָס די ווירטשאַפטן דאַרפן באַקומען פאַר דעם יאָר צוגאָב הכשרה. זיי דאַרפן אויך באַשטימען די פּערמאַנענטע אַרבעטס־פּלעצער פאַר די אַמעריקאַנער חלוצים פון אָט דער קאַטעגאָריע, נאָכדעם ווי זיי ענדיקן דעם יאָר צוגאָב הכשרה אין די ווירטשאַפטן. זעלבסטפאַרשטענדלעך אַז די הסתדרות און די סוכנות דאַרפן זיך שטאַרק רעכענען מיט די וואונטשן פון די חלוצים אַליין אין באַשטימען זייערע פּערמאַנענטע אַרבעטס־פּלעצער אין ארץ ישראל.

ב. אַזעלכע וואָס דערקלערן ביים מאָביליזירן זיך, אַז זיי ווילן דורכמאַכן אַ ברייטערע און טיפערע הכשרה אין אַמעריקע איידער זיי פאָרן קיין ארץ־

ישראל, דאַרפן דאָ דורכגיין אַ מיניִמום פון 2 און אַ האַלב יאָר הכשרה. דאָס פּראָגראַם פון זייער הכשרה שטעלט פעסט דער אַמעריקאַנער החלוץ, וועלכער דאַרף זיך באַראַטן מיט דער ספּעציעלער קערפּערשאַפט. קאַנדידאַטן פאַר דער לענגערער הכשרה ווערן אָנגענומען נאָר דאַן, ווען דער נעקסטער האַלב־יער־לעכער מיניִמום פאַר דער קירצערער הכשרה איז גאַראַנטירט; קאַנדידאַטן וועלכע זייַנען באַשטעטיקט געוואָרן פאַר דער לענגערער הכשרה קענען אָבער אָן זייער הסכם ניט איבערגעפירט ווערן צו דער קאַטעגאָריע פון דער קירצע־רער הכשרה. די פראַגע צי אָט די לענגערע הכשרה קען געפירט ווערן אין דיזעלביקע פערמעס, אָדער מען מוז בויען באַזונדערע הכשרה פּונקטן פאַר זיי, דאַרף באַשטימט ווערן אין קאָנסולטאַציע מיטן אַמעריקאַנער החלוץ.

ג. אַ ספּעציעלע קאַטעגאָריע וועט דאַרפן באַשטיין פון טעכניש אויסגע־בילדעטע מענטשן, וועלכע וועלן לכתחילה באַשטימען, אַז זיי זייַנען עולה קיין ארץ ישראל כדי דאָרטן פאָרטזעצן זייער אייגענעם פאַך, צי אין אַגריקולטור, צי אין אינדוסטריע. די אופנים פון זייער הכשרה וועט אויך מוזן באַשטימט ווערן אין הסכם מיטן אַמעריקאַנער החלוץ.

ד. די ספּעציעלע הכשרה קאַטעגאָריע פאַר מענטשן, וואָס קענען נוצן דעם בוי־פּראָצעס אין ארץ ישראל אין אינדוסטריע, אַלס אָנגעשטעלטע און פאַר־וואַלטער פון געשעפטן, מענטשן פון די פּראָפעסיעס און ענלעכע, אויב זיי נעמען נאָר אָן דעם פּרינציפּ פון אַליין אַרבעט און הסתדרות׳ישע אָרגאַניזירונג, ווען זיי קומען קיין ארץ ישראל; אויך זיי דאַרפן אַריינגעבראַכט ווערן אין ראַם פון החלוץ און אַ פּאַסיקע הכשרה פּראָגראַם דאַרף פאַר זיי אויסגעאַרבעט ווערן.

4. פאַר דער עליה פון ניט חלוצים וועט די ספּעציעלע קערפּערשאַפט דאַרפן אויסאַרבעטן באַזונדערע פּלענער, סיי וועגן מאָביליזירן אַזעלכע כוחות, סיי וועגן דעם אופן פון הילף, וואָס די קערפּערשאַפט וועט זיי קענען געבן אין זייער עליה.

5. פינאַנצירונג. אין פינאַנצירן די דאָזיקע אונטערנעמונג גייען אַריין פאָלגנדיקע סעיפים: קאָסטן פון אַלע סאָרטן הכשרה, קאָסטן פון טראַנספּאָר־טאַציע, קאָמפּענסאַציע פאַר דעם יאָר צוגאָב הכשרה צו די משקים אין ארץ־ישראל, קאָסטן פון פּראָפּאַגאַנדע, פון אַדמיניסטראַציע און פון רעקרוטירונג. די קוואַלן פון הכנסות וועלן דאַרפן זיין: קרן היסוד, הסתדרות, וואו מעגלעך ספּעציעלע געלט־אַקציעס פאַר דעם צוועק אין אַמעריקע גופא און — די חלוצים אַליין. ווי גרויס עס וועט דאַרפן זיין יעדנס חלק קען נאָך איצט ניט

באַשטימט ווערן. אייניקע פּרטים מוזן אָבער שוין איצטער פעסטגעשטעלט ווערן, אויב מען זאָל באמת צוגיין דורכפירן דעם גרויסן פּלאַן.

א. קרן היסוד מוז פאַר דער דאָזיקער אַקציע אויפן גאַנצן אַמעריקאַנער קאָנטינענט באַשטימען אַ מינימום בודזשעט פון אַ פערטל מיליאָן דאָלער יער־לעך.

ב. הסתדרות דאַרף באַשטימען איר מינימום בודזשעט פאַר דעם פון ניט ווייניקער ווי 150 טויזנט דאָלער יערלעך. דעם גרעסטן טייל פון אָט דעם סכום וועט די הסתדרות דאַרפן געבן די משקים אין ארץ ישראל בתורת הלואה, כדי זיי זאָלן קענען צובויען די נויטיקע הייזער אָדער צריפים פאַר די אַמעריקאַנער חלוצים און קויפן די נויטיקע מאַשינען פאַר זייער אַרבעט. די באַדינגונגען פון די הלוואות וועט הסתדרות דאַרפן באַשטימען פאַר די משקים. אָבער אַ באַדייטנדער טייל פון דעם וועט דאַרפן אַריינקומען אין דעם אַלגעמיינעם בודזשעט פון דער ספּעציעלער קערפּערשאַפט דורכצופירן די אַרבעט.

ג. נחשון דאַרף תיכף אויסאַרבעטן אַ טראַנספּאָרטאַציע־פּלאַן אַריבער־צונעמען אַרום 4 טויזנט חלוצים יערלעך פון די אַמעריקעס. אויב עס לוינט זיך בעסער זאָל נחשון טשאַרטערן אַן אייגענע פּאַסאַזשיר־שיף פאַר דער עליה פון אַמעריקע. די קאָסטן פון טראַנספּאָרטאַציע וועלן טיילוויין געדעקט ווערן פון די עולים אַליין. אָבער אַ גרויסער חלק פון דעם וועט מוזן קומען פון דעם אַלגע־מיינעם בודזשעט, הויפּטזאַכלעך פאַר יענער קאַטעגאָריע וואָס וועט דורכמאַכן קורצע הכשרות אין אַמעריקע און וועלן וואָס שנעלער דאַרפן פאָרן קיין ארץ־ישראל.

5. די ספּעציעלע קערפּערשאַפט, צוזאַמען מיט דעם אַמעריקאַנער החלוץ, עפענען מאָביליזיר סטאַנציעס אין אַלע גרעסערע שטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס פונקציאָנירן פאַרן ראַיאָן אַרום זיי. יעדע ציוניסטישע יוגנט אָר־גאַניזאַציע ווערט אַ מאָביליזיר־פּונקט. פאַרזוכן דאַרפן געמאַכט ווערן, אַז אַנ־דערע אידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס זאָלן אויך עפענען ביי זיי מאָביליזיר־סטאַנציעס. יעדע ציוניסטישע פּאַרטיי פאַרפּליכטעט זיך צו שטעלן צו דער פאַרפיגונג פון אָט דער מאָביליזאַציע זייערע הייזער אָדער קלובן וואָס זיי פאַרמאָגן. אין יעדער שטאָט ווערט די מאָביליזאַציע געפירט פון אַ ספּעציעלן קאָמיטעט צוזאַמענגעשטעלט לויט דעם שליסל ווי די ספּעציעלע קערפּערשאַפט אַליין. די שטאָטישע קאָמיטעטן שטייען אונטער דער דירעקטער אויפזיכט פון דער לאַנדעס קערפּערשאַפט.

6. די ספּעציעלע קערפּערשאַפט צוזאַמען מיט דעם ציוניסטישן עמויר־דזשענסי ראַט אַרבעטן אויס אַ פּראָגראַם פון קעגנזייטיקע באַציאונגען, כדי

די נייע קערפּערשאַפט זאָל אין איר קלאָר דעפינירטער אַרבעט קריגן די פול־שטענדיקע אונטערשטיצונג פון דעם עמוירדזשענסי ראַט.

אַט דאָס חברים איז מיין פאָרשלאָג. נאָך איין באַמערקונג און איך בין פאַרטיק.

אַ חבר פון צ.ק., אַ פיל איננגערער פאַר מיר, האָט מיר מיט טיפן ווייטיק געפרעגט: ווי באַקערט מען אונדזער יוגנט צו ארץ ישראל? ווי געווינט מען די יוגנט פאַר חלוציות? ווי מאַכט מען אַז די חלוציות זאָל ווערן די צענטראַלע פּאָליטישע פראַגע פאַרן אַמעריקאַנער ציוניזם? — אויף דעם האָב איך איין ענטפער: חלוציות מוז ווערן ניט די צענטראַלע פראַגע, נאָר די צענטראַלע טאַט, פון אַמעריקאַנער ציוניזם און ווערן קען ער עס דורך ווערבירן, אָרגאַניזירן און מכשיר זיין חלוצים אין אַמעריקע אויף אַ פיל גרעסערן מאַסשטאַב ווי ביז איצט. דווקא די גרויסע פאָדערונג צום יונגן איד אין אַמעריקע, די פאָדערונג ער זאָל זיין אייגענעם לעבן פאַרבינדן מיט חלוציות, זי קען האָבן מער צוציאונגס־קראַפט ווי אַלע סתם אַגיטאַציעס. פון יוגנט מוז מען פאָדערן דעם נפש, ניט בלויז רכוש. מיר האָבן עס ביז איצטער אין אַמעריקע געטאָן און אויף אַ זייער באַגרעניצטן אופן. זיינען געקומען הונדערטער. איצטער מוזן מיר עס מאַכן אויף אַ גרויסן אופן, וועלן קומען טויזנטער. און ווער וויס? אפשר וועט די אַמעריקאַנער אידישע יוגנט, וועמען פילע פון אונדז האָבן ביז איצט באַטראַכט אַלס אומפּייאיק פאַר חלוצישער דערהויבונג, אפשר וועט דוקא זי אונדז ברענגען די אָנגענעמסטע איבערראַשונג. מיר זיינען אַלע עדות ווי טייל פון דער דאָזיקער יוגנט האָט געענטפערט דעם רוף פון די שפּאַנישע קעמפער קעגן פאַשיזם. זיי האָבן געגלויבט אין דעם קאַמף האָבן זיי דאָס סאַמע לעבן אים אָפּגעגעבן. אונדז מוז געלינגען צו איבערצייגן זיי, אַז דער אידישער וועג פאַר דעם קאַמף קעגן וועלט־פאַשיזם איז דער סאָציאַליסטישער ציוניזם. דער וויכטיקסטער וואָפן אין אָט דעם קאַמף איז חלוציזם. די באַטייליקונג פון אונדזערע ארץ ישראל חלוצים אין דער מלחמה האָט אָט דעם אמת פאַרזיגלט מיט דאָס הייליקע בלוט פון די געפאַלענע אויף די שלאַכטפעלדער. די באַטייליקונג פון החלוץ אין די געטאָ שלאַכטן האָט דעם זעלביקן אמת פאַרזיגלט מיט די ניט־וויניקער הייליקע בלוט פון די געפאַלענע אין די געטאָ־קאַמפן. וועט די אידישע יוגנט אָט די דערקענטעניש אין זיך אַריינזאַפּן, וועט די ראַם וואָס מיין פאָרשלאָג צייכנט אָן שנעל מוזן פיל ברייטער געמאַכט ווערן. דער ציוניזם אין אַמעריקע מוז די דאָזיקע ראַם אויפשטעלן. די ציוניסטישע אַרבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע מוז אין דעם איר געשיכטלעכן שטייער אַריינטראָגן, דער שטייער וואָס באַשטייט אין צוטראָגן צו אָט דעם נייעם פאַרזוך דעם נאַ־

ציאָנאַל רעוואָלוציאָנערן אימפעט, וואָס איז אַלעמאָל געווען דער סימן מובהק פון אונדזער באַוועגונג.

* * *

אָט דאָס זיינען געווען דער תוכן פון מיינע מחשבות און געפילן וואָס איך האָב מיך באַמיט צו ברענגען צו די אידן פון די לאַטיין־אַמעריקאַנישע לענדער. און אויף אָט דעם תוכן איז געקומען דער אויסדרוק פונעם אומפאַרגעסלעכן חבר א. ל. שוסהיים, וואָס האָט צו מיין 60סטן געבוירנטאָג מיר צוגעטראָגן די וואונדערבאַרע מתנה. ער האָט געשריבן:

יעדעס מאָל ווען ברוך צוקערמאַן קומט צו אונז, איז ער ביי אונז אַ זייער אַנגעלייגטער גאַסט. ברוך צוקערמאַן האָט אין זיך עפּעס אַזאַ כוח, וואָס ראַמט אָפּ אַלע מחיצות וואָס שטעלן זיך אויף כמעט אויטאָמאַטיש צווישן די מענטשן פון אינטעלעקט און דער מאַסע.

ברוך צוקערמאַנען פעלט לחלוטין דער „פּאַטאָס פון דיסטאַנץ". ער איז, אין אַלץ וואָס ער איז, אַלס רעדנער, אַלס פּובליציסט, אַלס אָרגאַניזאַטאָר און אַלס אידישער פּאָליטיקער, אַ פאָלקס־מענטש אינעם בעסטן און ערלעכסטן זין פון וואָרט. אַלס אַ רעדנער האָט ער אין זיך דעם כוח פון פּאַטאָס, נישט פון סענטימענטאַלן, זיסלעכן, אָפּגעאַרערישן פּאַטאָס, נאָר פון דעם נביאישן פּאַטאָס, פון דעם פּאַטאָס פון די גרויסע אויפטרייסלער און שטראָפער, צו וועמענס שטראָף־און מוסר־רייד די פאָלקס־מאַסן האָבן זיך שטענדיק צוגע־הערט און צו וועלכע זיי האָבן זיך שטענדיק און אומעטום שטאַרק צוגעבונדן.

ברוך צוקערמאַן איז אין די דאָזיקע טעג וואָס ער ווײַלט דאָ אַלס גאַסט צווישן אונז, געוואָרן אַ בן־ששים, און פון די דאָזיקע זעכציק יאָר פון זיין לעבן שטייט ער שוין מער ווי פערציק יאָר אין די פאָדערשטע קאַמף־רייען פונעם אַרבעטער־ציוניזם. אַלס אַ יונגער בחור איז ער פון דער ליטווישער ישיבה, מיט סמיכה אין קעשענע, פאַרכאַפּט פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנע־רער באַוועגונג, געקומען קיין אַמעריקע און דאָ תיכף אָוועקגעשטעלט געוואָרן אויף פירנדיקע פּאָזיציעס אין דער סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַליסטישער באַ־וועגונג. דאָ האָט ער געווירקט צוזאַמען מיט נחמן סירקין, און צוזאַמען מיט סירקינען איז ער שפּעטער, ווען די סיטואַציע האָט זיך געביטן, אַריבער צום ארץ־ישראלדיקן ציוניזם — דעם איינציק־מעגלעכן טעריטאָריאַליזם.

אין דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג איז די אַטמאָספערע נישט קיין ענג־פּאַרטייאישע, און אַזעלכע שטאַרקע נאַטורן ווי ברוך צוקערמאַן האָבן דאָ געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצוּוואַקסן און צו ווירקן אויף דער

ברייטער אַרענע פון פאָלקסטימלעכער אידישקייט אויף אַלע געביטן פון לעבן — אויפן סאָציאַלן, פּאָליטישן און קולטורעלן. אַזוי זעען מיר צוקער־מאַנען באַלד נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ביי דער אָרגאַ־ניזירונג פון דער הילפס־אַקציע פון די אידישע מאַסן אין אַמעריקע פאַר די געליטענע אידן אין די מלחמה־לענדער אין אייראָפּע. צוקערמאַן שטייט דאַן אין סאַמע פראָנט פון דער הילפס־אַקציע, אויפוועקנדיק די אידישע מאַסן, מאָנענדיק און אָרגאַניזירנדיק די אידישע דעמאָקראַטישע פאָלקס־הילף — די הילף פון ברידער פאַר ברידער. אַזוי הויבט ער אָן זיין קאַמף קעגן דעם פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער וואָס אַ טייל — באַזונדערס פון די רייכע אידן — האָבן געוואָלט געבן דער הילפס־אַקציע. אַזוי קומט ער אין זיין קאַמף פאַר פאָלקס־הילף צו דער גרינדונג פון „פּיפּלס רעליף״, איינע פון די דריי אָרגאַ־ניזאַציעס וועלכע האָבן זיך שפּעטער פאַראייניקט אינעם „דזשאָינט״.

צוזאַמען מיט זיין קאַמף אַרום דער הילפס־אַקציע האָט צוקערמאַן אין יענע יאָרן אויך גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם פּאָליטישן קאַמף פאַר דער צוגרייטונג פונעם אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס — אַ קאַמף וועלכער האָט נישט געלאָזט די אַמעריקאַנער אידן זיך באַרואיקן מיט דער מאַטעריעלער הילף וואָס זיי האָבן געגעבן די געליטענע אידן אין אייראָפּע, נאָר ער האָט געפאָדערט פּאָליטישע הילף, נאַציאָנאַלע הילף, מיטאַרבעט פאַר דער דער־גרייכונג פון ארץ־ישראל און פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן־רעכט אין די גלות־לענדער. דער דאָזיקער קאַמף געהערט היינט שוין צו דער געשיכטע, און ער בילדעט איינעם פון די שענסטע קאַפּיטלעך אין דער געשיכטע פון די אידן אין צפון־אַמעריקע. אין דעם דאָזיקן קאַמף האָט ברוך צוקערמאַן געשפּילט איינע פון די אַקטיווסטע ראָלן. דערביי איז ער שטענדיק געווען פאַרבונדן מיט די אידישע פאָלקס־מאַסן, שטענדיק באַווירקט די מאַסן מיטן רייכן אוצר פון זיין אידישן וויסן און מיט שטאַרקן סענטימענט פון דער אַלטער פאָלקסטימלעכער אידישקייט.

ברוך צוקערמאַן איז נישט פון די ציוניסטן וועמעס ציוניזם האַלט זיך אָן דער מאַגערער פאָרמולע פונעם „באַזעלער פּראָגראַם״, אָדער אין די פאַר־שידענע הילצערנע „מאַרקסיסטיש״־ציוניסטישע טעאָריעס. צוקערמאַנס ציו־ניזם ציט זיין יניקה פון די אַלטע מקורות פון דער אידישער געשיכטע און פון דעם אידישן ווילן צו לעבן. און דער נאַציאָנאַלער ווילן צו לעבן פירט נישט אויף קיין אַנדערע וועגן ווי נאָר אויפן וועג קיין ארץ־ישראל. אַזוי איז צוקערמאַנס אידישער נאַציאָנאַליזם אויסגערייניקט פון אַלע גויאישע פאָרמו־

לעס פון דעם דאָזיקן באַגריף. זיין נאַציאָנאַליזם איז אין עצם די אַלטע אהבת ישראל. ס׳איז נישטאָ און ס׳האָט נישט קיין זינען קיין נצח ישראל אָן אהבת ישראל. אהבת ישראל נעמט אַרום אַלץ: גלות און ארץ־ישראל. ס׳איז איין ליניע — המשך, המשך אין רוים און אין צייט. נאָר ארץ־ישראל איז דער בעסטער באָדן, דער בעסטער גייסטיקער קלימאַט פאַרן אידישן המשך. אויפן געזונט־מאַכנדיקן ארץ־ישראלדיקן באָדן דאַרפן זיך אַריבערפלאַנצן די אַלע אידישע קיבוצים, וועלכע זיינען אויסגעוואָרצלט געוואָרן פון זייערע ביז־איצטיקע וואוין־ערטער, און וועמעס באָדן און פּאָליטישער און סאָציאַלער און גייסטיקער קלימאַט איז נישט גינסטיק פאַר אַ נייער פאַרפלאַנצונג פון אידישע קיבוצים. דאָס איז צוקערמאַנס יציאת־אייראָפּע.

די נאַציאָנאַלע הויפּט־אידייע איז אָבער המשך. נישט אָפּרייסן זיך פון דעם עבר. נישט איבעררייסן די ליניע פון דער אידישער געשיכטע, פון דער גאָלדענער קייט. פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט פון אידישן המשך שאַצט אויך אָפּ צוקערמאַן דעם אידישן ישוב אין אַרגענטינע.

אין אַ גרעסערן אַרטיקל אונטערן טיטל „אידישער המשך אין לאַטיין־אַמעריקע״ אינעם „אידישער קעמפּער״ פון 7טן אַפּריל, 1944 שאַצט־אָפּ ברוך צוקערמאַן די סאָציאַלע און מאָראַלישע כוחות פונעם אַרגענטינער אידנטום פאַרן אידישן המשך. דעמאָלט, אין אָנפאַנג 1944, האָט מען נאָך נישט געזען די גאַנצע קאַטאַסטראָפע, אָבער מען האָט שוין געפילט די גרויסע מאַסע בלוט וואָס היטלער האָט אָפּגעצאַפּט פון אונזער פאָלק. ברוך צוקערמאַן האָט דאַן אַוועקגעשטעלט די פּראָבלעם פון „שמור שארית ישראל״, פון המשך פון אונזער קיום. ער שטעלט די פראַגע: ווער, וועלכער טייל פון אידנטום וועט קענען איבערנעמען די אויפגאַבע פון שמירה, פון אָפּהיטן דעם שארית־ישראל? און ער געפינט, אַז דאָס אידנטום אין לאַטיין־אַמעריקע, ובתוכם קודם־כל דאָס אַרגענטינער אידנטום, האָט אין זיך שטאַרקע המשך־כוחות. ברוך צוקערמאַן גלויבט אַז די המשך־כוחות פונעם אַרגענטינער אידנטום זיינען פּראָפּאָרציאָנעל שטאַרקער ווי די זעלבע פונעם נאָרד־אַמעריקאַנער אידנטום. דער אַרגענטינער אידישער ישוב קומט, לויט צוקערמאַנען, תיכף נאָכן קאַנאַדער אידנטום, וועלכן צוקערמאַן שרייבט־צו דעם „העכסטן גראַד פון אידישער המשך־קראַפט״ אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

די סיבות וועלכע האָבן באַווירקט די המשך־קראַפט פונעם אַרגענטינער אידישן קיבוץ זיינען, לויט צוקערמאַנען, די פאָלגנדיקע:

ערשטנס דאָס וואָס אונזער ישוב האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער אַגראַר־

קאַלאָניזאַציע. דער דאָזיקער פאַקט גיט אונזער קיבוץ „אַ ספּעציעלע כאַראַק־טעריסטיק, וואָס האָט געהאַט אַ זייער פּאָזיטיווע אויסווירקונג אויף זיין גאַנ־צער אַנטוויקלונג". אַלס אַ ביישפּיל פון צוקערמאַנס פעאיקייט ווי אַ סאָציאַל־פּאָליטישער אָבסערוואַטאָר קאָן דינען דער פאָלגנדיקער זאַץ פון צוקערמאַנס אַרטיקל.

„ווער עס האָט געהאַט די געלעגנהייט — שרייבט צוקערמאַן — זיך גוט צוקוקן צו דער פיזיאָנאָמיע פון דער אידישער קהילה פון בוענאָס איירעס, דער האָט געמוזט באַמערקן, אַז אירע שענסטע פּערזענלעכקייטן, אירע אי־דישסטע פּערזענלעכקייטן זיינען אָדער אַליין געקומען פון די אַגראַר־קאָלאָ־ניעס, אָדער זיי זיינען דערצויגן געוואָרן אין קאָלאָניסטישע משפחות. די ער־לעכקייט פון אַגראַר־ווירטשאַפט, דערצו דער פאַקט וואָס דווקא אין די קאָ־לאָניעס איז אויפגעהיט געוואָרן מער וואָרצלדיקע אידישקייט, סיי דורך שפּראַך, סיי דורך לעבנס־שטייגער — די דאָזיקע ערלעכקייט האָבן די פירער פון דער בוענאָס־איירעסער אידישער קהילה אַריינגעבראַכט אין זייער גאַנצן געזעלשאַפטלעכן לעבן. און אויב שלעכטע געוויטערן זאָלן עס נישט אַרויס־רייסן פון איר, וועט זי — די בוענאָס־איירעסער איידישע קהילה — נאָך קענען שפּייזן פילע דורות מיט יענעם ספּעציפישן המשך־זאַפט, וואָס די אַגראַר־ווירטשאַפט — מיט אַלע אירע באַגרענעצונגען — האָבן אין איר אַריינגע־שפּריצט".

די צווייטע סיבה פון אונזער „פּראַפּאָרציאָנעל־העכערער המשך־קראַפט" זעט צוקערמאַן אין דעם פאַקט, וואָס אונזער ישוב האָט זיך אָנגעהויבן בויען פון מזרח־אייראָפּעאישע אידן. אונזער ישוב האָט „אויסגעמיטן די גאַנצע פּרשה פון קאַמף אַנטקעגן אַרויפגעצוואונגענער, אויבערפלעכלעכער און גייסט־פאַרפלאַכנדיקער אַמעריקאַניזאַציע אָדער אַרגענטיניזאַציע, וואָס די ערשטע מזרח־אייראָפּעאישע אידישע אימיגראַציע האָט געדאַרפט דורכמאַכן אין די פאַראייניקטע שטאַטן".

צוקערמאַן ווייסט, אַז אויך דאָס אַרגענטינער אידנטום האָט „געדאַרפט דורכפירן וויכטיקע קאַמפן". ער דערמאָנט דעם קאַמף מיט די איק"א־באַאמטע.

אָבער די דאָזיקע קאַמפן „האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם פאָלקיס־טיש־אידישן כאַראַקטער" פון אונזער קיבוץ. אַ דאַנק די דאָזיקע קאַמפן האָט זיך אַנטוויקלט די אידישע קאָאָפּעראַציע, קודם אין די קאָלאָניעס, דערנאָך די קאָאָפּעראַטיוון פון די „קוענטעניקעס" און אונזערע געזעלשאַפטלעכע קאָ־אָפּעראַטיווע בענק — אַ זאַך וואָס איז נישט בנמצא אין נאָרד־אַמעריקע.

צוקערמאַן פאַרגלייכט די סאָציאַלע פּאָזיציע פון די היגע „קוועטעניקעס״ — אַ דאַנק דער קאָאָפּעראַציע — מיט דעם דערשלאָגענעם מצב פון די פּעדלערס אין נאָרד־אַמעריקע. אַ דאַנק די דאָזיקע כוחות איז אויך אויסגעוואַקסן אונ־זער קולטור־לעבן, אונזערע אינסטיטוציעס, דאָס אידישע שול־וועזן, דאָס אידישע צייטונגס־וועזן, דאָס טעאַטער — און צוקערמאַן שאַצט גאָר הויך דעם ווערט פון דעם אַרגענטינער אידישן צייטונס־וועזן, וועלכער „קען זיך פאַרמעסטן סיי אין פאַרנעם, זיכער אין תוכן מיט דער אידישער פּרעסע אין די פאַראייניקטע שטאַטן״.

אַט אַזוי זעט צוקערמאַן אונזער ישוב און אַזוי שאַצט ער אָפּ די המשך־כוחות פון אונזער קיבוץ.

אין דער פּועלי־ציוניסטישער באַוועגונג פאַרטרעט ברוך צוקערמאַן די ראָמאַנטישע ריכטונג, די „אידישקייט״־שטרעבונג — וואָס איז דען דער המשך־באַגריף מער ווי אַ שטרעבונג צו דערהאַלטן אידישקייט, אידישע לעבנס־פאָרמען און לעבנס־שטייגער? אין דעם ציטירטן אַרטיקל שטעלט צוקער־מאַן די פראַגע: „וואָס זאָל דאָס וועלט־אידנטום טאָן, כדי צו שטאַרקן די המשך־כוחות פון לאַטיין־אַמעריקאַנער אידנטום? און ווער זאָל עס טאָן?״

און דערמאָנענדיק די דריי אידישע וועלט־כוחות: די אידיש־רעליגיעזע וועלט־אָרגאַניזאַציעס, דעם אידישן וועלט־קאָנגרעס און די ציוניסטישע וועלט־באַוועגונג, שרייבט צוקערמאַן:

„די אויפגאַבע פון דער ערשטער איז: אויסברייטערן און פאַרטיפן אירע דערציאונגס־אַרבעטן אין אַלע לענדער פון לאַטיין־אַמעריקע. אומעטום זיינען געמאַכט געוואָרן התחלות אויפן געביט פון רעליגיעזן אידישן חינוך. די דאָ־זיקע התחלות מוזן געשטאַרקט ווערן״. און צוקערמאַן וויל, אַז די געראַטע־וועטע יחידים, „וועלכע קענען האָבן אַ השפעה אויף דעם שטח פון הרבצת התורה״, דאַרפן קומען אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער ישובים, כדי דאָ מרביץ תורה צו זיין.

פאַר מענטשן ווי ברוך צוקערמאַן שטייט דער נאַציאָנאַלער אידעאַל העכער איבער אַלע זייטיקע אינטערעסן פון פאַרטייען אָדער ריכטונגען. זיין נאַציאָנאַליזם איז, ווי געזאָגט, אהבת ישראל. און דערפאַר איז ער אַזוי ליידנשאַפטלעך קעגן אַלע פאָרמען פון „גויאישן״ נאַציאָנאַליזם ביי אידן און פון גויאישן ציוניזם, יענעם ציוניזם וועלכער דענקט אין גויאישע קאַטעגאָ־ריעס — שוין אָפּגערעדט דערפון וואָס דער דאָזיקער גויאישער ציוניזם פון רק קראַפט, איז אַ גרויסע נאַרישקייט — ווייל דער צד קעגן וועלכן עס דאַרף

זיין געווענדט אונזער קראַפט, האָט אַן ערך מער קראַפט פון אונז און ער קען אונז צעקוועטשן מיט זיין קראַפט. צוקערמאַן רעדט וועגן די דאָזיקע זאַכן מיטן בלוט פון זיין האַרץ. ווייל צוקערמאַן איז דאָס געוויסן פונעם ציו־ניזם און ער ליידט ממש פערזענלעך פון דעם אַלעם, וואָס מען דאַרף באַ־טראַכטן אַלס דערשיינונגען פון אַנטי־ציוניזם אין דער ציוניסטישער באַוועגונג.

צוקערמאַנען קומט אויס צו פייערן זיין זעכציקסטן געבוירנטאָג בעת ער ווײלט אַלס גאַסט צווישן אונז. ווילן מיר אים באַגריסן צו זיין יובל און אים ווינטשן נאָך זעכציק יאָר — כדי צו דערפילן די טראַדיציאָנעלע הונדערט און צוואַנציק — אין דינסט פון אידישן פאָלק!

# דער אָנהויב פון „אַמפּאַל״

**א**ין סאַמע מיטן פון די אומגעהויער־שווערע פּראָבלעמען מיט וועלכע געדאַנק און געפיל איז געווען דורכגעדרונגען אין יענער צייט, סוף 1941 און אָנהויב 1942, איז אָבער אויך אויפגעשטעלט געוואָרן זייער אַ וויכ־טיק פינאַנץ־קערפּערשאַפט אונטערן נאָמען „אַמפּאַל״ (פאַרקירצט פון אַמע־ריקאַן־פּאַלעסטיין). דער צוועק פון אָט־דער קערפּערשאַפט וועט קלאָר ווערן פון דעם וואָס איך וועל באַלד דערציילן. צו מיינע „זכרונות״ געהערט עס צוליב דעם באַשיידענעם שטייער וואָס איך האָב צוגעטראָגן צום „אַמפּאַל״ ביי זיין סאַמע גרינדונג.

## א

ביים הייַנטיקן טאָג, אין מאַי, 1965, איז דער „אַמפּאַל״ אַ באַקאַנטע אונ־טערנעמונג אין דער גאַנצער אידישער וועלט. זיין ראָלע אין העלפן בויען ווירטשאַפטלעך מדינת ישראל ווערט אַמשאַרפסטן אונטערגעשטראָכן דורכן פאַקט, וואָס די פינאַנץ־מיניסטאָרן פון אונזער מדינה (פריער חבר לוי אשכול און איצט חבר פנחס סאַפּיר) ווענדן זיך אָפט צו אים נאָך אַן הלוואה פון עט־לעכע מיליאָן דאָלאַר. זיינע דירעקטע אינוועסטירונגען אין גרונט־ווירט־שאַפטן פון דער מדינה זיינען זייער קענטיקע. ביי אונזערע פּרואוון אַרויסצו־באַקומען נאָפט פון אונזער ערד, פאַרנעמט ער אַן ערשט־קלאַסיקע פּאָזיציע; זיין חלק אין אונזער שיפס־ווענן איז אויך גאָר אַ באַדייטנדיקער, אַזוי אויך אין אַנדערע יסודותדיקע אונטערנעמונגען, וואָס פונקציאָנירן אין לאַנד. גאָר אַ געהעריקע פּאָזיציע פאַרנעמט ער אין העלפן בויען די הסתדרותישע ווירט־שאַפטן, וואָס צוליב דעם צוועק איז ער מלכתחילה פאַרטראַכט און געגריג־דעט געוואָרן. איך בין זיכער, אַז דערמיט איז נאָך זיין ראָלע נישט פאַר־ענדיקט. עוד ידו נטויה. עס וועלן נאָך אויפקומען פּראָבלעמען אין דער מדינה, וואָס בכדי זיי צו באַגעגענען וועט מען מוזן ווערבירן נייע און גרויסע קאַפּיטאַלן. איך וואָג, בשייכות דערמיט, אפילו צו טראַכטן וועגן פּראָבלעם

פון די אַראַבישע פּליטים; סוף־כל־סוף וועט מען דאָך מוזן געפינען אַן ענט־פער און די מדינה וועט זיך דאַן נויטיקן אין קאָלאָסאַלע סכומים, בכדי צו קענען דורכפירן איר אָפּט־אויסגעדריקטע פּאַרזיכערונג, אַז זי וועט גרייט זיין צוצוטראָגן איר חלק צו דער לייזונג פון אָט־דעם פּראָבלעם. איך בין זיכער, אַז „אַמפּאַל" וועט שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע ביים העלפן דער מדינה צו ווער־בירן די נויטיקע פינאַנסן.

אָבער נישט דאָס איז מיין איצטיקער ציל. איך שרייב נאָר וועגן אָנהויב פון „אַמפּאַל", ווייל דערביי איז, ווי אויבן געזאָגט, מיר באַשערט געווען צו שפּילן אַ באַשיידענע ראָלע.

איך בין זייער וויט פון פאַרשטיין קאָמפּליצירטע פינאַנץ־אָפּעראַציעס. די פּרואוון וואָס איך האָב געמאַכט במשך אַלע מיינע יאָרן — דורכצופירן פּערזענלעכע און גאַנץ־קליינע פינאַנץ־אָפּעראַציעס — האָבן זיך על־פּי־רוב פאַרענדיקט מיט ביטערע דורכפאַלן. אמת, אין מיינע פאַרזוכן אויפן געביט פון זאַמלען געלט לצרכי ציבור האָב איך יאָ צו פאַרצייכענען טיילווייזע דער־גרייכונגען. בעיקר באַטראַכט איך ווי אַ דערפאָלג מיין אַרבעט אין פּיפּלס־רעליף. איך האָב אויך עפּעס צוגעטראָגן צו די זאַמלונגען פאַר די נאַציאָנאַלע פאָנדן (קרן היסוד און קרן קימת); איך האָב דורכגעפירט אין איראָפּע דעם „מפעל ארלאָזאָראָוו"; איך האָב זיך באַטייליקט אין פירן געלט־קאַמפּיינען פאַרן אידישן וועלט־קאָנגרעס סיי אין איראָפּע און סיי אין אַמעריקע. אָבער דאָס זיינען אַלץ געווען זאַמלונגען פון ביישטייערונגען" פאַר פאָנדן, וואָס זייערע צילן זיינען מיר געווען גוט באַקאַנט און עס איז מיר נישט שווער אָנגעקומען זיי צו דערקלערן צו די פּאָטענציעלע ביישטייערער. אָבער אַ פינאַנץ־אינסטיטוט, וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיט פּראַקטישער בויאונג פון גרויסע און קאָמפּליצירטע ווירטשאַפטן, אָדער מיט אינוועסטירונגען אין עקזיסטירנ־דיקע ווירטשאַפטן — אויף דעם האָב איך פאַרמאָגט זייער ווייניק וויסן. איך מעג אפילו זאָגן: ווייניק אינטערעס צו לערנען זיי, צו שטודירן זיי. טאָ ווי קום איך פאָרט צום אָנהויב פון „אַמפּאַל"?

מיין איינציקער ביישטייער צו אָט־דעם קאַפּיטל איז נאָר געווען... אַביסל פאַנטאַזיע. אפשר איז עס דאַן געווען נישט נאָר פאַנטאַסטיש, נאָר אויך אַביסל חוצפּהדיק. פאַנטאַזיע האָט מיר קיינמאָל נישט געפעלט. מען קען עס אויך זען פון אַ סך קאַפּיטלעך אין מיינע זכרונות. נישט אַלעמאָל האָט מיין פאַנ־טאַזיע געבראַכט פּאָזיטיווע נוצן; אָבער דווקא אין פאַל „אַמפּאַל" האָט זי יאָ גענוצט — ווי דאָס האָט נישט איינמאָל עפּנטלעך אונטערגעשטראָכן דווקא דער וויזאַרד פון „אַמפּאַל", חבר אברהם דיקנשטיין.

## ב

דער געדאַנק וואָס האָט געבוירן דעם „אַמפּאַל" איז מיר נישט געווען לגמרי פרעמד. קודם וויל איך מאַכן אַ שפּאַציר איבער עטלעכע סטאַנציעס, וואָס מיין מחשבה איז דורכגעגאַנגען, במשך אַלע יאָרן פון מיין אַרבעט — איידער דער „אַמפּאַל" איז געגרינדעט געוואָרן. זיי זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער פראַגע: וויאַזוי דאַרפן און קענען פינאַנסירט ווערן די אומגעהויער־גרויסע, ווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, וואָס מוזן דורכגעפירט ווערן אין ארץ־ישראל?

אָט־די פראַגע האָט מיך שוין באַאומרואיקט כמעט אין סאַמע אָנהויב פון מיינע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן, אפילו נאָך פאַר מיין צוריקקומען צו די פועלי־ציון אין 1909. אויף די פּראָפּאַגאַנדע־טורן, וואָס איך האָב דאַן געמאַכט — סיי פריער פאַר די סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן און סיי נאָכדעם פאַר די פועלי־ציון — איז אָט־די פראַגע מיר געשטעלט געוואָרן כמעט ביי יעדן אויפטריט. אויף מיינע סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַליסטישע אויפטריטן האָב איך מיך געקענט אַרויסדרייען מיט דער אויסמיידנדיקער תשובה: לאָמיר פריער באַקומען די טעריטאָריע, וועלן מיר דאַן זוכן די וועגן ווי צו פינאַנסירן איר אויפבוי. אין מיינע פועלי־ציוניסטישע אויפטריטן איז, נאַטירלעך, אַזאַ אויסמיידנדיקער תירוץ נישט מעגלעך געווען. איז דער ענטפער געווען: די ציוניסטישע באַוועגונג האָט אויפגעבויט צוויי פינאַנץ־אַנשטאַלטן — דעם נאַציאָנאַל־פאָנד (קרן קיימת) און די קאָלאָניאַל־באַנק. אָט־די אינסטרומענטן וועלן זאָרגן פאַר דער פינאַנסירונג. איז בנוגע דעם נאַציאָנאַל־פאָנד דער ענטפער געווען אַ קלאָרער, אַ פּראַקטישער, אָבער אַ באַגרענעצטער. מיט אָט־דעם פאָנד זוכן מיר צו דערווערבן דעם נויטיקן באָדן פאַר אונזער בוי־אַרבעט. אָבער וועגן דעם צווייטן פינאַנץ־אינסטרומענט (דער קרן־היסוד האָט נאָך דאַן נישט עקזיסטירט) האָט שוין דער ענטפער נישט געקענט זיין אַזוי קלאָר. וויאַזוי וועט די באַנק קענען פירן אָט־די גרויסע אַרבעט? וועלכע סכומים וועט זי מוזן ווערבירן? ווילאַנג וועט עס ביי איר דויערן בכדי צו שאַפן אַזעלכע ריזיקע סומען — אויב זי קען זיי בכלל ווען עס איז אויפזאַמלען? אויף אָט־די פראַגן האָב איך אַליין, פאַר זיך, קיין ענטפער נישט געהאַט.

ביז איך האָב, אין 1913, געהערט אַ נייעם געדאַנק פון דר. שמריהו לעווין, בשעת זיין ערשטן באַזוך אין צפון־אַמעריקע. אין זיינס אַ לעקציע האָט ער אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז דאָס אידישע פאָלק וועט דאַרפן זוכן אַ נאַציאָנאַלע הלוואה. ווי גרויס דער סכום פון אַזאַ הלוואה זאָל זיין,

האָט ער נישט אָנגערופן. אָבער מיר איז אָט־דער געדאַנק געבליבן שטעקן אין מח. איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז דר. ש. לעווין איז נישט דער איינציקער; אַז צווישן די מנהיגים פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג ווערט אָט־דער געדאַנק זייער אָפט באַהאַנדלט. האָב איך אויך מיין אייגענע מחשבה געלאָזט וואַנדערן אויף אָט־דעם וועג. אין מיינע שפּעטערדיקע אויפ־טריטן האָב איך שוין זייער אָפט גערעדט וועגן אַ נאַציאָנאַלער הלוואה.

## ג

דער ערשטער רעזולטאַט איז געווען — אַן אַרטיקל אין „אידישער קעמ־פער", אין יאָר 1915 (לײדער איז ביי מיר נישטאָ יענער נומער, קען איך דעריבער נישט אָנגעבן קיין דאַטע און נישט ברענגען קיין ציטאַטן). איך בין דאָרט — טאַקע ווי נאָר דער פאַנטאַזיאָר אין מיר האָט זיך געקענט צע־שפּילן — אַרויסגעטראָטן פאַר דער הלוואה מיט גרויס התלהבות. אָבער ערשט נאָכן אָנשרייבן דאָס אַרטיקל האָב איך זיך באַמיט צו אַנאַליזירן פאַר מיר אַליין דעם פּראַקטישן אופן ווי צו דערגרייכן אַזאַ הלוואה. די שווערסטע פראַגע איז דאַן ביי מיר אויפגעקומען: ווער וועט גאַראַנטירן? קענען עס טאָן די ציוניסטישע פינאַנץ־אינסטאַנצן? ווען די גרויסע וועלט־בענק, וועלכע גיבן אַזעלכע הלוואות, אָננעמען די ציוניסטישע פינאַנץ־אינסטיטוציעס פאַר אַ גענוגנדיקער גאַראַנטיע פאַר גרויסע סכומים? און אויב יאָ — צי מעגן די ציוניסטישע פאָנדן זיך פאַר׳משכונ׳ען צו די בענק? וועט עס נישט שטערן זייער אַרבעט?

כ׳בין דאַן אַרומגעפאָרן איבער דער לענג און ברייט פון צפון־אַמעריקע — בעיקר אין פאַרבינדונג מיט פּיפּלס־רעליף. האָב איך אין יעדער שטאָט זיך באַמיט צו באַקענען מיט די געזעלשאַפטלעכע גיטער וואָס אידן פאַרמאָגן; בעיקר האָב איך געפאָרשט זייערע קהל׳שע בנינים: בתי־מדרשים, סינאַגאָגן, צענטערן, די קלובן פון די „יאָנג מענס" און „יאָנג ווימענס" אָרגאַניזאַציעס; די געביידעס וואָס די „בני ברית" האָבן אומעטום און אַנדערע. מיר האָט זיך געבאָמבלט אין קאָפּ דער געדאַנק, אַז אָט־דאָס גרויסע אידישע פאַרמעגן וואָלט אפשר געקענט ווערן די גאַראַנטיע פאַר אַ אידיש־נאַציאָנאַלער הלוואה. אָט־דעם געדאַנק האָב איך פון צייט־צו־צייט אויך אַרויסגעזאָגט אין ענטפערס צו שאלות אויף מיינע פאַרזאַמלונגען. אַ פּאָר יאָר האָב איך זיך געהאַלטן ביי אָט־דער פאַנטאַזיע. דאָס איז געווען דער צווייטער גלגול פון מיין דאָזיקער מחשבה.

אין יאָר 1919 האָט מיך דער גורל צוזאַמענגעבראַכט מיט אַ איד, וואָס איז דאַן געווען דער גרעסטער מומחה אין דעם אידישן אינסטיטוציע־וועזן פון גאַנץ צפון־אַמעריקע: דר. באָריס באָגען. ער איז דאַן געוואָרן דער פירער פון אַ ספּעציעלער דעלעגאַציע, וואָס דער „דזשאָינט" האָט געשיקט קיין פּוילן. איך בין געווען אַ מיטגליד אין אָט־דער דעלעגאַציע.

אין יענע טעג איז פאָרגעקומען די פּינסקער שחיטה, ווען די פּאָלאַקן האָבן דערשאָסן 37 אומשולדיק־אידישע עסקנים. איין טאָג נאָך אָט־דער טראַ־געדיע האָבן מיר פאַרפירט אַ שמועס וועגן דער אידישער לאַגע אין דער וועלט. דר. באָגען האָט געקענט אַלע זייטן פון אידישן לעבן און געוואוסט דעם תוכן און כאַראַקטער פון אַלע אידישע פּאַרטייען. אין משך פון שמועס איז אויך אַרויפגעקומען די פראַגע וועגן ארץ־ישראל און דער געדאַנק פון אַ נאַ־ציאָנאַלער הלוואה. איך האָב פאַר אים אַרויסגעלייגט מיין גאַנצע פאַנטאַזיע.

„איך ווייס ניט", האָט דר. באָגען דערויף רעאַגירט, „ווי גרויס עס איז דער ווערט פון די גיטער (ער האָט עס באַצייכנט מיטן נאָמען 'ריעל־עסטייט') וואָס אידישע געזעלשאַפטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע פאַר־מאָגן. איך בין אָבער איבערצייגט, אַז זייער ווערט דערגרייכט אייניקע הונ־דערט מיליאָן דאָלאַר. אָבער — האָט ער פאַרענדיקט — צי גלויבט איר טאַקע, אַז די בעלי־בתים פון אָט־די גרויסע גיטער וועלן מסכים זיין זיי צו פאַר'משכונ'ען בכדי צו קענען דורכפירן די ציוניסטישע צילן אין פּאַלעס־טינע?"

עס האָט מיר נישט געהאָלפן מיין גאַנצער פּלפּול, אַז די בעלי־בתים פון אָט־די גיטער שטעלן דאָך גאָרנישט איין; מיט דעם געלט וועלן דאָך באַשאַפן ווערן גיטער אין ארץ־ישראל, וואָס וועלן כסדר שטייגן אין ווערט און דאָס וועט דאָך פאַרזיכערן דעם אָפּצאָל, סיי פון דער הלוואה און סיי פון די פּראָ־צענטן. דערצו קענען דאָך די ציוניסטישע פינאַנץ־אַנשטאַלטן זיך פאַרפּליכטן כלפּי די וואָס האָבן די דעה איבער די אידיש־געזעלשאַפטלעכע גיטער קעגן יעדן מעגלעכן פאַרלוסט. ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס. ער האָט אויך צוגעגעבן, אַז „ווען אָט־די אַלע בעלי־דעות איבער אידישע פאַרמעגנס וואָלטן געווען אַזעלכע ענטוזיאַסטישע ציוניסטן ווי איר זיינט, וואָלטן זיי אפשר דערצו מסכים זיין. אָבער אפילו דאַן וואָלטן זיי זיך געמוזט רעכענען מיט זייער מיטגלידערשאַפט, וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי זיינען גאָר קעגן ציוניזם. עס וואָלט דעריבער אַרויסגערופן מחלוקת אין די אָרגאַניזאַציעס גופא. שטעלט איר זיך פאָר וועלכע צרות דאָס וואָלט זיי פאַרשאַפט?"

אונזער שמועס האָט אויך איינגעשלאָסן די פראַגע: צי און וויאַזוי מען וואָלט געקענט באַוועגן די יק״א, וואָס האָט די דעה איבער אַזעלכע גרויסע אי־דישע סומעס וועלכע דער באַראָן הירש האָט איבערגעלאָזט — זי זאָל ווײַ־ניקסטנס דינען ווי איינע פון די, וואָס גאַראַנטירן אַ נאַציאָנאַלע הלוואה. אין דעם האָבן מיר שוין בײַדע געצווייפלט. סײַוויי האָט זיך מיט אָט־דעם שמועס געענדיקט מײַן צווייטער מחשבה־גלגול וועגן אַ נאַציאָנאַלער הלוואה.

ד

מײַן דריטער מחשבה־גלגול איז געקומען מיט אַן ערך אַ יאָר שפּעטער, אויף דער לאָנדאָנער ציוניסטישער וועלט־קאָנפערענץ אין 1920, אויף וועל־כער עס איז געגרינדעט געוואָרן דער קרן היסוד. איך בין אויף יענער קאָנ־פערענץ אויפגעטראָטן ווי דער פאַרטרעטער פון רעכטן וועלט־פאַרבאַנד פון די פועלי־ציון, צו באַגריסן די גרינדונג פון קרן־היסוד. אויף יענער קאָנ־פערענץ האָב איך זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן מיט דר. חיים ארלאָזאָראָוו. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער דעלעגאַציע פונעם צעירי־ציון־התאחדות צו דער זעלביקער קאָנפערענץ. מײַנע חברים איז דווקא געפעלן געוואָרן מײַן אויפטריט. אָבער חבר ארלאָזאָראָוו האָט מיר אָפן אויסגעדריקט זײַן אומצו־פרידנקייט. בעיקר איז ער געווען אומצופרידן, וואָס איך האָב גאָרנישט רע־אַגירט אויף די זייער וואָגיקע טענות פון די בראַנדייס־אָנהענגער אויף אָט־דער קאָנפערענץ, אַז מען קען נישט בויען ארץ־ישראל בלויז דורך נדבות. „וועד״ — האָט חבר ארלאָזאָראָוו צו מיר געטענהט — „אויב נישט איר, אַן אַמעריקאַנער, האָט זיך געקענט פאַרמעסטן צו געבן אַן ענטפער אויף זייערע באַהויפּטונגען?״

די פּרטים וועגן דעם דערצייל איך אין מײַן בוך „אויפן וועג״ אינעם ספּעציעלן קאַפּיטל וועגן חיים ארלאָזאָראָוו. אָבער צום הײַנטיקן ענין האָט נאָר אַ שייכות דער סוף פון אונזער דעמאָלטיקן שמועס. איך האָב געפילט, אַז ער איז געווען גערעכט. אָבער איך האָב אים דאַן מודה געווען, אַז קעגן די טענות פון די בראַנדייס־אָנהענגער האָב איך נישט קיין שום אַנדערע תשובות, ווי די וואָס זײַנען געגעבן געוואָרן פון כמעט אַלע וואָס זײַנען געווען פאַר דער גרינדונג פון קרן־היסוד. דעם איינציקן צוגאָב וואָס איך וואָלט געקענט געבן איז: אַרויסצושטעלן קעגן זייערע טענות דעם געדאַנק פון אַ נאַציאָנאַלער הלוואה, וואָס אין מײַנע אויגן איז עס אַ פיל־געזינטערער גע־דאַנק, ווי דער בראַנדייס־געדאַנק פון גרינדן אין אַלע לענדער עקאָנאָמישע

ראַטן, וואָס זיי זאָלן בויען די ארץ־ישראלדיקעווירטשאַפט. איך האָב געענדיקט מיט אַ פראַגע צו חבר ארלאָזאָראָוו: צי האַלט ער, אַז מען קען פאַרפלאַנטערן די קאָנפערענץ מיטן אַרויסברענגען דאָ אָט־דעם געדאַנק?

זיין ענטפער איז געווען: „אויב איר האָט בלויז אַ געדאַנק, טאָר מען אים דאָ נישט אַרויפברענגען. אויב אָבער איר האָט אַ פּלאַן וויאַזוי דאָס דורכצופירן, וואָלט איך אייך אין דעם שטאַרק געהאָלפן". קיין פּלאַן האָב איך נישט פאַרמאָגט. ער האָט אויך קיין פּלאַן נישט פאַרמאָגט. איז דערמיט פאַרענדיקט געוואָרן מיין דריטער מחשבה־גלגול.

## ה

אַ נייער גלגול פון אָט־דער מחשבה איז אויפגעקומען אין יאָר 1927. דעם גלגול קען איך שוין איבערגעבן דורך ברענגען אייניקע ציטאַטן פון מיין אַרטיקל אין „אידישער אַרבעטער" פון 10טן פעברואַר, 1928 (דער „אידישער אַרבעטער" איז דאַן אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער פאַרטיי פּועלי־ציון במקום דעם „אידישער קעמפער", וואָס איז פאַר אַ צייט געווען געשלאָסן).

אויפן 15טן ציוניסטישן וועלט־קאָנגרעס איז געהאַלטן געוואָרן אַ ספּעציעלער רעפעראַט וועגן אַ נאַציאָנאַלער הלוואה — און אַ ספּעציעלע קאָמיסיע איז באַשטימט געוואָרן צו שטודירן די פאַרשידענע פאָרגעשלאָגענע פּלענער. ווען איך האָב געשריבן מיין אַרטיקל, האָט נאָך די קאָמיסיע קיין שום אָפיציעלע באַריכטן נישט געהאַט פאַרעפנטלעכט. אָבער סיי דורך דער אידישער פּרעסע און סיי מפּה אל פּה זיינען איבערגעגעבן געוואָרן קלאַנגען, אין וועלכע עס זיינען אָנגעגעבן געוואָרן פאַרשידענע ציפערן. עס זיינען אויך אָנגעגעבן געוואָרן פאַרשידענע פאָרגעשלאָגענע פאָרמען פון גאַראַנטיעס פאַר דער הלוואה. דערביי זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרן צוויי מעגלעכקייטן בנוגע דער קערפערשאַפט, וואָס זאָל דורכפירן דעם דאָזיקן הלוואה־פּלאַן.

איין מעגלעכקייט איז געווען: אַז די קערפערשאַפט דורכצופירן דעם הלוואה־פּלאַן זאָל זיין דורכאויס אַ אידישע און די גאַראַנטירער זאָלן זיין אידישע פינאַנץ־כוחות. די צווייטע מעגלעכקייט איז געווען, אַז דער פעלקערבונד זאָל גאַראַנטירן די הלוואה. וועגן דעם צווייטן פּלאַן האָט עס געהייסן, אַז דר. ווייצמאַן אַליין פאַרט אַרום און זוכט צו קריגן די הסכמה פון יענע כוחות וואָס דאַרפן עס באַשליסן. וועגן דעם האָב איך געשריבן:

„אויבן־אויף קען זיך אפשר דוכטן, אַז די בעסטע פאָרעם פון דער הלוואה וואָלט געווען: די גאַראַנטיע פון פעלקער־בונד. דאָס וואָלט די באַנדס פון

אַזאַ הלוואה תיכף אַריינגעבראַכט אין פינאַנציעלן וועלט־מאַרק. דאָס וואָלט נאַטירלעך גאַראַנטירט אַ שנעלן אויספאַרקויף פון די באָנדס. אפילו אידן וואָלטן געקויפט שנעלער די דאָזיקע באָנדס, ווען דער פעלקער־בונד זאָל געבן זיין גאַראַנטיע. דאָך שיינט מיר, אַז דער ענין איז גאָר נישט אַזוי פשוט, ווי מען שטעלט זיך עס פאָר.

„פאַר וועלכע צוועקן דאַרף מען דען אַזאַ הלוואה? עס איז דאָך זיכער, אַז אַזאַ הלוואה קען נישט באַנוצט ווערן פאַרן צוועק פון אַלגעמיינעם כאַראַק־טער. נעמען מיר, ווי אַ ביישפּיל, דעם חיפה׳ער האַפן: אויף אַזאַ אונטערנע־מונג האָט דאָך די מאַנדאַט־מאַכט שוין אַליין פאַרקויפט באָנדס פאַר אַ הלוואה. ווען אַנטשטיין אַנדערע אַזעלכע אונטערנעמונגען, וועלכע קענען דינען נישט נאָר פאַר ארץ־ישראל, נאָר פאַר דעם גאַנצן אָריענט, וועט די מאַנדאַט־מאַכט — אָדער אַליין, אָדער אין פאַרבינדונג מיט אַנדערע פאַראינטערעסירטע מלו־כות — געפינען די מעגלעכקייטן ווי צו פינאַנסירן די דאָזיקע אונטערנע־מונגען.

„אוודאי זיינען אויך מיר פאַראינטערעסירט אין אַזעלכע אונטערנעמונ־גען. אוודאי וועלן אונזערע ספּעציעלע אידישע בוי־אַרבעטן אין ארץ־ישראל פאַרגרינגערט ווערן דורך אונטערנעמונגען פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער. אָבער אין אונזערע פּלענער פאַר אַ נאַציאָנאַלער הלוואה קומען די דאָזיקע אונטער־נעמונגען נישט אין באַטראַכט. ביי אונז קומען אין באַטראַכט ריין־אידישע, קאָלאָניזאַטאָרישע צילן. ביי אונז קומט בעיקר אין באַטראַכט: דערווערבן גרויסע נייע שטחים באָדן און קאָלאָניזירן זיי מיט אידן; און בויען אַזעלכע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואָס זאָלן פאַרגרעסערן די אויפנאַמס־פעאי־קייט פון ארץ־ישראל פאַר אַ נייער מאַסען־עליה. די אַלגעמיינע אונטערנע־מונגען קענען אונז העלפן אין דעם. אָבער מיר מוזן האָבן גרויסע אייגענע קאַפּיטאַלן, בכדי צו קענען דערגרייכן די דאָזיקע צילן. טיילן פון די דאָזיקע גרויסע קאַפּיטאַלן מוזן אינוועסטירט ווערן אין אַזעלכע ווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, וועלכע קענען ברענגען רווחים ערשט מיט יאָרן שפּעטער. און ווען מען אויסגעבן טיילן פון די דאָזיקע קאַפּיטאַלן אויף קויפן באָדן פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד — ווי מען זאָל טאַקע, ווייל מען מוז עס טאָן — קען מען גאָרנישט ריידן וועגן דיווידענדן אויף די דאָזיקע אינוועסטירונגען.

„די באָנד־קויפער מוזן דאָך אָבער באַקומען זייערע דיווידענדן. די הלוואה קען זיך דאָך ניט באַזירן אויף נדבות. מוז דאָך דער פעלקער־בונד, אויב ער זאָל טאַקע גאַראַנטירן די הלוואה, קריגן פאַר זיך אַ גאַראַנטיע פון

פאַרטרוילעכע פינאַנץ־אינסטיטוטן. אויף באַלדיקע הכנסות פון די אינוועס־טירטע געלטער פון דער הלוואה אין דער בוי־אַרבעט קען מען דאָך נישט האָפן. קומען אין באַטראַכט אידישע פינאַנץ־אינסטיטוטן, וועלכע קענען די־נען ווי גאַראַנטירער פאַרן פעלקער־בונד. די ניט־ציוניסטישע פינאַנץ־אינ־סטיטוטן, ווי די יק״א, וועלן אַזעלכע גאַראַנטיעס נישט געבן. בלייבן, בכן, אונזערע אייגענע פינאַנץ־אנשטאַלטן — דער קרן־היסוד, דער קרן־קיימת. זיי מוזן מיר פאַר׳משכונ׳ען צום פעלקער־בונד, בכדי די הלוואה זאָל קענען דורכגעפירט ווערן. שטעלט זיך דאָן די פראַגע: צו וואָס דאַרף מען בכלל דעם פעלקער־בונד אין דעם דאָזיקן עסק?

„דאָס איז נישט סתם אַ טעאָרעטישע פראַגע. איך שטעל זיך פאָר, אַז אויב דער פעלקער־בונד זאָל גאַראַנטירן די הלוואה, וועט ער וועלן אַ מיט־דעה אין דעם אופן, ווי דאָס געלט ווערט אויסגעגעבן. דער ביישפּיל פון גריכנ־לאַנד, וועגן וועלכער אַלע ריידן לעצטנס, דאַרף, ווי מיר דוכט, זיין אַ קלאָרע וואָרענונג פאַר אונז. די פאָרמען פון אונזער קאָלאָניזאַציע וועלן שוין דאָן נישט פון אונז — אין בעסטן פאַל, נישט פון אונז אַליין — באַשטימט ווערן. צו די אַלע אינעווייניקסטע קאָמפּליקאַציעס וואָס נעמען זיך פון אינטערעסן־פאַרשידנקייט און פון קלאַסן־פאַרשידנקייט, וועט נאָך צוקומען נאָך אַ קאָמ־פּליקאַציע: מיר וועלן אין אַלע אונזערע אונטערנעמונגען מוזן יוצא־זיין פאַרן פעלקער־בונד אין דער פּערזאָן פון אַ געוויסן מענטשן, וואָס וועט פאַר דעם באַשטימט ווערן; אַ מין פינאַנציעלער קאָנטראָלער, וואָס וועט אין זיין קאָנ־טראָל־אַרבעט קיינמאָל נישט קענען, אין דער פולער מאָס, נעמען אין באַטראַכט אונזערע רייך־אידישע קאָלאָניזאַציע־צילן.

„מיר שיינט, אַז ווען דער פעלקער־בונד וואָלט אפילו ניט פאַרלאַנגט קיין אידישע פינאַנץ־כוחות אַלס משכון פאַר זיין גאַראַנטיע, וואָלט מען אויך דאָן זיך געדאַרפט ערנסט פאַרטראַכטן צי זאָל מען די הלוואה אָננעמען. אוי־סער די פינאַנציעלע קאָנטראָל פון אַן אויסערלעכן כח — וואָס מוז זיך לייגן ווי אַ שווערער שטיין אין וועג פון אונזער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט — איז דאָ, דוכט מיר, פאַרבונדן אויך אַ פּרעסטיזש־פראַגע פון וועלט־פּאָליטישער באַ־דייטונג. עפּעס איז גאָר ניט אַזוי לכבוד דעם אידישן פאָלק, ווען צו אַזאַ הלוואה זאָל עס דאַרפן אָנקומען צום פעלקער־בונד. וואָלט זיך עס געהאַנדלט וועגן אַ הלוואה פון הונדערטער מיליאָנען דאָלאַר, וואָלט אפשר דאָן ניט געווען קיין אומכבוד פאַר אידן צו דאַרפן אָנקומען צום פעלקער־בונד. אפשר וואָלט דאָן אויך געלוינט צו נעמען אויף זיך אַן אויסערלעכן פינאַנציעלן קאָנטראָ־

לער. כאָטש אויך דאָן וואָלט מען זיך געמעגט פאַרטראַכטן, אַז אויב דער פעלקער־בונד זעט אַ פינאַנציעלע מעגלעכקייט פאַר אַזאַ הלוואה איז דאָך אַ סימן אַז די בוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל איז, פון ווירטשאַפטלעכן שטאַנד־פונקט, אַן עקאָנאָמיש־זיכערער יסוד אויף וועלכן צו בויען אַ גרויסע הלוואה. אויב אַזוי, פאַרוואָס זאָלן אידן אַליין — די גרויסע פינאַנץ־עקספּערטן וואָס מיר פאַרמאָגן — ניט קענען דאָס זעלביקע איינזען און דורכפירן מיט אייגענע כוחות די הלוואה?

„אָבער ווען עס האַנדלט זיך אין גאַנצן וועגן 10 מיליאָן דאָלאַר — דאַרף מען אויך אויף דעם די סאַנקציע פון פעלקער־בונד?

„איך מיין גאָר ניט מזלזל צו זיין אין אַ הלוואה פון צען מיליאָן דאָלאַר. איך בין אַביסל באַקאַנט מיט די קאָנסטרוקטיווע פּלענער פאַר ארץ־ישראל, הויפּטזעכלעך מיט די פּלענער, וואָס די הסתדרות האָט ביי פאַרשידענע גע־לעגנהייטן פאָרגעשלאָגן דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע און דער ארץ־יש־ראלדיקער רעגירונג. איך שטעל זיך פאָר ווי מען וואָלט מיט אַזאַ סומע, תיכף אינוועסטירט, בפועל ממש געקענט עפענען די טויערן פון ארץ־ישראל פאַר נייע צענדליקער טויזנטער חלוצים. אָבער דווקא ווייל איך ווייס עס, שיינט מיר, אַז ביי אַ גוטן ווילן קאָן מען די הלוואה פון צען מיליאָן דאָלאַר דורכפירן אָן דער הילף פון פעלקער־בונד".

## ו

דאָס איז געווען דער סאַמע־ערנסטער גלגול פון מיין מחשבה בנוגע אַ נאַציאָנאַלער הלוואה. אויך פון דעם גלגול איז, ווי באַקאַנט, קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן ניט געקומען. ערשט נאָכדעם ווי די מדינה איז אויפגעשטעלט געוואָרן האָט דער געדאַנק אָנגענומען רעאַלע פאָרמען און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער גרויסער באָנד־אַקציע, וואָס ווערט געפירט אין דער גאַנ־צער אידישער וועלט — זינט 1951 — און האָט דערגרייכט גאָר אַ גרויסן פאַרנעם. איך דערלויב מיר, אין פאַרבינדונג דערמיט צו פאַרצייכענען דעם פאַקט, אַז אויך צו אָט־דעם גאָר פּאָזיטיוון גלגול פונעם געדאַנק פון אַ נאַ־ציאָנאַלער הלוואה האָט מיין מחשבה עפּעס־וואָס צוגעטראָגן. ווער עס וועט זיך גריבלען אין די פּראָטאָקאָלן פון דער ציוניסטישער וועלט־עקזעקוטיווע (פון וועלכער איך בין געווען אַ מיטגליד פון 1948 ביז 1956) וועט געפינען, אַז שוין אין האַרבסט פון 1949 האָב איך געבראַכט אַ פאָרשלאָג, אַז די ציו־ניסטישע וועלט־באַוועגונג זאָל פּראָקלאַמירן — און טאַקע גלייך עס דורכצו־

פירן! — אַ באַנד־פאַרקויף פון אַ ביליאָן דאָלאַר במשך פון די קומענדיקע 10 יאָר. אויך דאָ איז אַרויסגעשפּרונגען דער פאַנטאַזיאָר אין מיר. אָבער אין דעם פאַל האָט די פאַנטאַזיע פאַרמאָגט אויך פּאָזיטיווע עלעמענטן, הגם זי האָט זיך אַ רעכט ביסל פאַרגאַלאָפּירט בנוגע דער צייט וואָס עס דאַרף דויערן צום דערפירן די באַנד־אַקציע צום סכום פון אַ ביליאָן דאָלאַר. סיי־ווי: קיין פאַנטאַזיע האָט מיר קיינמאָל ניט געפעלט; און אָט־די אייגנשאַפט איז מיר בייגעשטאַנען סוף ווינטער פון יאָר 1941־1942.

ז

דאָס איז פאָרגעקומען עטלעכע וואָכן נאָך דער יאַפּאַנעזישער אַטאַקע אויף פּוירל־האַרבאָר, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דעם 7טן דעצעמבער, 1941. אויפן גאַנצן פּאַסיפישן ברעג פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע איז דאַן כמעט געוואָרן אַ פּאַניק. מען האָט זיך געשראָקן אַז די יאַפּאַנעזער וועלן באָמבאַרדירן דעם פּאַסיפישן ברעג. אַ סך איינוואוינער פון פּאַסיפישן ברעג האָבן זיך אַריבערגעצויגן אין די צענטראַל־אַמעריקאַנער שטאַטן, צווישן זיי — אויך אַ סך אידן. איך בין דאַן געווען באַשעפטיקט ביים הסתדרות־קאַמפּיין. די פירערשאַפט איז, נאַטירלעך, געוואָרן באַזאָרגט וועגן דער לאַגע פון קאַמפּיין אויפן פּאַסיפישן ברעג. איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך זאָל פאָרן קיין לאָס־אַנגעלעס און העלפן ראַטעווען וואָס מען קען.

אין אַ געוויסן טאָג האָט אַ פירער פון אונזער דאָרטיקער באַוועגונג (דער חבר דר. נתן זאַלצמאַן ע״ה) באַקומען אַ דעפּעשע — אַרויסגעשיקט פון סינ־גאַפּור — אַז פון דאָרטן קומט קיין לאָס אַנגעלעס אַ חבר פון ארץ־ישראל דורכצופירן אַ וויכטיקע שליחות. אונטערגעשריבן — אברהם דיקנשטיין. קיינעם פון אונז — מיך איינגעשלאָסן — איז אָט־דער נאָמען נישט געווען באַקאַנט. אָבער אין דער דעפּעשע איז געווען אָנגעגעבן, אַז ער איז געשיקט פון דער אַרבעטער־באַנק אין ארץ־ישראל. דאָס איז, פאַרשטענדלעך, געווען גענוג פאַר אונז, בכדי אויפצונעמען דעם חבר מיט אָפענע אָרעמס.

ווען חבר דיקנשטיין איז אָנגעקומען האָב איך צוזאַמענגערופן די פי־רערשאַפט פון הסתדרות־קאַמפּיין אין לאָס אַנגעלעס. צווישן זיי איז געווען דער דערמאָנטער חבר דר. זאַלצמאַן און גאָר בולט האָט זיך אָנגעזען די מערק־ווירדיקע פיגור פון דעם זייער־הויכן חבר פיט קאַהאַן. דער לעצטער איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטער טיפּ. אַלע אין שטאָט האָבן אים גערופן ביים ערשטן נאָמען „פיט״; און „פיט״ איז געווען אַ שם־דבר אין אַלע קרייזן פון דער דאָזיקער אידישער קהילה. געקומען איז ער פון רוסלאַנד. זיין

אידיש איז אויך געווען מיט אַ קענטיקער הברה רוסית. אין רוסלאַנד איז ער געווען זייער אַקטיוו אין דער סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי און איז געווען אַ מקורב צו דעם הויפּט־פירער פון אָט־דער פּאַרטיי וויקטאָר טשערנאָוו ע״ה. אין לאָס אַנגעלעס האָט ער זיך דערנענטערט צו אונזער באַוועגונג און האָט איר אָפּגעגעבן פיל ענערגיע ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. זיין הויפּט־אַקטיוויטעט האָט ער געווידמעט דעם הסתדרות־קאַמפּיין. ווי געזאָגט, זיינען ביי דער פאַרזאַמלונג אויך געווען אַ ריי אַנדערע חברים. איך דערמאָן אָבער בלויז די צוויי, ווייל זיי זיינען געווען דירעקט פאַרבונדן מיטן אָנהויב פון „אַמפּאַל״.

„פּיט״ איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט ביים ערשטן צוזאַמענטרעף מיט חבר אברהם דיקנשטיין געשטיצט מיין פאַנטאַזיע. דר. זאַלצמאַן האָט דאַן געגעבן דעם חבר דיקנשטיין אַ בריוו צו זיין רייכן ברודער און העברע־אישער מעצענאַט וויליאַם (זאב) זאַלצמאַן, וועלכער האָט אים טאַקע שפּעטער — ווען חבר דיקנשטיין איז געקומען קיין ניו־יאָרק אָנהויבן זיין אַרבעט — שטאַרק אַרויסגעהאָלפן.

חבר דיקנשטיין האָט — ווי איך דערמאָן זיך — קודם דערציילט וועגן זיין מערקווירדיקער פלי־רייזע וואָס האָט אים גענומען איבער סינגאַפּור. דאַן האָט ער פאַר אונז אַנטוויקלט די מיסיע, צוליב וועלכער ער איז געקומען. ער האָט געבראַכט קרעדענציאַלן צו דער צפון־אַמעריקאַנער באַוועגונג פון דעם דירעקטאָר פון דער אַרבעטער־באַנק, חבר יוסף אהראָנאָוויטש ז״ל. אָט־דער נאָמען איז אונז שוין אַלעמען געווען גאָר גוט באַקאַנט. און מיר האָבן זיך אַלע צוגעהערט מיט טיפן אינטערעס צו דער עקספּאָזע פון חבר אברהם דיקנשטיין.

אין דער עקספּאָזע האָט ער דערציילט וועגן דעם גרויסן וואוקס פון דער הסתדרותישער ווירטשאַפט; וועגן איר נויטיקן זיך אין נייע אינוועסטירונג־קאַפּיטאַלן; וועגן דעם אַז די אַרבעטער־באַנק — טראָץ איר גרויסן דערפאָלג במשך די צוואַנציק יאָר וואָס זי פונקציאָנירט — קען ניט אָנהאַלטן דעם וואוקס פון די ווירטשאַפטן און קען זיי ניט באַזאָרגן מיט די סכומים אין וועלכע זיי נויטיקן זיך. דעריבער האָבן די באַנק־פירער באַשלאָסן צו גרינדן אַ נייע קערפּערשאַפט — „אַמפּאַל״, די ראשי־תיבות פון אַמעריקאַן־פּאַלעסטיין — וועמעס אויפגאַבע עס זאָל זיין צו פאַרקויפן אירע אַקציעס אין אַמעריקע. איז ער, דיקנשטיין, אַהערגעקומען דורכצופירן אָט־דעם פאַרקויף. דאַן האָט ער אָנגערופן דעם סכום אויף וועלכן ער ווערט זיך פאַרמעסטן — הונדערט טויזנט דאָלאַר.

האָט זיך ביי מיר דאַן מיטאַמאָל אַרויסגעריסן: „וואָס איז דאָס פֿאַר אַ סכום? דער פֿאַרמעסט מוז זיין פיל, פיל גרעסער. אפשר גאָר הונדערט מי־ליאָן". מיין ציפֿער האָט אַלעמען איבערגעשראָקן. מיין איינציקער אונטער־שטיצער איז געווען, ווי געזאָגט, פיט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ וויכוח און דער סך־הכל פֿון יענער באַגעגעניש איז געווען, אַז „אַמפּאַל" דאַרף זיך פֿאַר־מעסטן אויף 10 מיליאָן דאָלאַר.

## ח

נאָך אַ קליינער ביישטייער מיינער צו אָט־דעם אָנהויב, צו אָט־דער אונטערנעמונג איז באַשטאַנען אין דעם: ווען חבר דיקנשטיין איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, און איך בין אויך אַהין צוריקגעפֿאָרן, בין איך מיט אים געגאַנגען צו אַ צאָל יחידים פֿאַרקויפֿן אַקציעס. עס האָט גענומען עטלעכע וואָכן ביז ער איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט די לעגאַלע פּראָצעדורן וואָס זיינען פֿאַרבונדן מיט אַ דערלויבעניש צו פֿאַרקויפֿן אַקציעס. דאַן בין איך געווען דער ערשטער וואָס איז מיט אים אַרויסגעגאַנגען זוכן אַקציאָנערן. איך וועל אוודאי ניט אויסרעכענען די גאַנצע צאָל באַזוכן וואָס מיר האָבן געמאַכט צוזאַמען. אָבער צוויי נעמען דאַרפֿן דערמאָנט ווערן, ווייל פֿון זיי האָבן מיר ניט נאָר באַקומען די ערשטע טשעקס פֿאַר אַקציעס, נאָר אויך פיל דערמונטערונג אין זייערע פּאָזיטיווע באַציאונגען סיי צו אונז, סיי צו אונזער מיסיע. איינעם פֿון זיי האָב איך שוין דערמאָנט: ה׳ וויליאַם זאַלצמאַן. דער צווייטער איז אויך געווען אַ גרויסער גביר און אויך אַ מעצענאַט פֿאַר העב־רעאיש, ה׳ ישראל מץ (דער אייגנטימער פֿון „עקס־לאַקס"). מיר זיינען פֿון זיי ביידן אַרויסגעגאַנגען גוואַלטיק דערמוטיקט — אַ זאַך אין וועלכער מיר האָבן זיך שטאַרק געניטיקט. דווקא אייניקע פֿון די פירער פֿון הסתדרות־קאַמפּיין זיינען ניט געווען איבערגליקלעך (איידל געזאָגט) מיט דער נייער אַקציע. ווי אַלעמאָל איז דאָ אויך געווען אַביסל פחד, אויב דאָס וועט ניט שטערן דעם קאַמפּיין. מיין „פֿילאָזאָפֿיע" אין אַזעלכע ענינים איז אַלעמאָל געווען באַזירט אויף דער כאַראַקטעריסטיק וואָס דער תלמודישער זאָגט ווענגן אידן: „נתבעים למשכן ונותנים, נתבעים לעגל ונותנים". מיך האָבן נאָר געשראָקן יענע אידן, וואָס נתבעים למשכן ונותנים לעגל. אַזוי ווי אין די מערסטע פֿאַלן — ווענגן וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו האַנדלען (ווי טאַקע אין דעם פֿאַל פֿון קאַמפּיין ווערזוס „אַמפּאַל") זיינען זיי פֿאַר מיר ביידע געווען משכנ׳ס און זיינען געווען גלייך הייליק. די דערמוטיקונג וואָס מיר

האָבן באַקומען פון די ערשטע אַקציע־קויפער האָט אונז דעריבער פיל גע־שטאַרקט.

איך בין אויך אַרויסגעפאָרן צוזאַמען מיט חבר דיקנשטיין אין עטלעכע באַגנטע שטעט, אַרום ניו־יאָרק, אין פאַרבינדונג מיט דער אַקציע. איך האָב אים דאַן שריפטלעך פאַרבונדן מיט אַ ריי חברים, וועלכע זיינען שפּעטער גע־וואָרן זיינע וויכטיקסטע דירעקטאָרן. ווי ווייט זיי האָבן אים געהאָלפן אין זיין אַרבעט, קען ער בעסער דערציילן. די וויכטיקסטע פון זיי זיינען געווען די חברים דר. א. ק. עפּשטיין און בענדזשאַמין האריס אין שיקאַגאָ, דר. הערמאַן זיידעל אין באַלטימאָר, חבר משה שייווער אין דיטראָיט, חבר משה דיקשטיין אין מאָנטרעאָל. פון אָט־דער פאַרבינדונג איז שפּעטער אַרויסגעוואַקסן דער „קאַנפאַל" (קאַנאַדיען־פּאַלעסטיין), וואָס האָט איבערגענומען די אַרבעט אין קאַנאַדע. אין ניו־יאָרק זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין „אַמפּאַל" אַ צאָל חברים, צווישן זיי די חברים לואי סיגאַל און איזיק העמלין. דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט מיין ביישטייער צום אָנהויב פון „אַמפּאַל".

ט

איך האַלט פאַר נויטיק צוצוגעבן נאָך אַן עפּיזאָד, וואָס איז פאַרבונדן סיי מיט חבר אברהם דיקנשטיין, סיי מיט מיר.

איך האָב זיך באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ וואָס פּרעמיער דוד בן־גוריון האָט גערופן אין 1950 קיין ירושלים, וואו עס איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס דורכצופירן די באָנד־אַקציע. נאָכדעם ווי דער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן, איז אין אַ קליינעם קרייז פאַרהאַנדלט געוואָרן די פראַגע, ווער עס זאָל באַשטימט ווערן ווי דער אָנפירער פון דער באָנד־אַקציע. דער הויפּט־קאַנדידאַט איז געווען הענרי מאָנטאָר. איך בין אַרויסגעטראָטן קעגן דעם. מאָנטאָר האָט דאַן געפירט דעם יו־דזשי. איי. און אין מיינע אויגן איז ער, אין אָט־דער אַרבעט, געווען דערפאָלגרייך. האָב איך געהאַלטן פאַר ניט־לאָגיש אים אַוועקצונעמען פון דאָרטן. מיין אַרגומענטאַציע איז געווען אַז עס וועט דאַן זיין שווער צו געפינען אַ פּאַסיקן אָנפירער פון יו. דזשיי. איי. דערצו האָב איך אויך אויסגעדריקט מיין פחד, אַז ווען מאָנטאָר זאָל אַריבערגיין צו „באָנדס", וועט ער — לויט זיין נאַטור, ווי איך האָב זי אָפּגעשאַצט — דווקא ווערן אַ שאַרפער קאָנקורענט צום יו. דזשיי. איי. אונזער אינטערעס איז אָבער, אַז צווישן די צוויי זאָל קיין קאָנקורענץ־באַציאונגען נישט איינגע־שטעלט ווערן.

דאָ האָט חבר אליעזר קאַפּלאַן ז״ל מיר איבערגעריסן מיטן רוף: „דו ביסט דאָך אַן אַלטער קעגנער פון מאַנטאַרן *), וואָס שלאָגסטו פאָר?" האָב איך פאָרגעשלאָגן אַ קאָמבינאַציע פון צוויי: ראָבערט נייטן זאָל ווערן דער פאָרזיצער פון באָנדס און חבר אברהם דיקנשטיין זאָל ווערן דער געשעפטס־פאַרוואַלטער. איך האָב מיך געשטיצט אויף דעם גרויסן דערפאָלג וואָס חבר דיקנשטיין האָט שוין דאַן דערגרייכט אין „אַמפּאַל". אויף דעם האָט חבר קאַפּלאַן געענטפערט: „צום ערשטן מאָל הער איך פון דיר אַ פּראַקטישן, פּאָזיטיוון פאָרשלאָג, וואָס איז כדאי צו באַטראַכטן.

ווען איך בין צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק איז שוין געווען די ידיעה אַז העגרי מאָנטאָר איז פאָרט באַשטימט געוואָרן צו פירן די באָנד־אַקציע. אפשר איז עס אויך געווען צום גוטן. דאָס האָט געגעבן דעם חבר דיקנשטיין די מעגלעכקייט צו דערפירן „אַמפּאַל" צו זיינע איצטיקע אומגעהויערע דערגרייכונגען און האָט אים פאָרטיק געמאַכט צו נאָך גרעסערע דערגרייכונגען, ווען די מדינה וועט זיך אין זיי נויטיקן.

---

*) חבר אליעזר קאַפּלאַנס באַהויפּטונג איז באַגרינדעט אויף אַן אַנדער עפּיזאָד וואָס מעג אין מיינע זכרונות קורץ פאַרצייכנט ווערן. איך בין מלכתחילה געווען קעגן דעם שידוך פון יונייטעד פּאַלעסטיין אַפּיל מיטן „דזשאָינט" אין איין קאַמפּיין. ניט וויכטיק צו דערקלערן די מאָטיוון, ווייל דאָס געהערט זיכער צו איינע פון מיינע פאַלשע איינשטעלונגען, אויף וועלכע איך האָב שפּעטער חרטה געהאַט. חבר קאַפּלאַנען איז מיין שטעלונג געווען באַקאַנט. אויף איינעם פון זיינע באַזוכן אין ניו־יאָרק, אין פאַרבינדונג מיטן יו. דזשיי. איי.־קאַמפּיין, האָבן מיר געפירט אַ לאַנגן שמועס. דאָס מאָל בין איך אַרויסגעטראָטן קעגן דער באַרימטער צעטיילונג פון קאַמפּיין אין 57 פּראָצענט פאַרן „דזשאָינט" און 43 פּראָצענט פאַרן יונייטעד פּאַלעסטיין אַפּיל. חבר קאַפּלאַן האָט עס באַגרינדעט דערמיט וואָס דער „דזשאָינט" האָט איבערגענומען די עליה קיין ארץ־ישראל. האָב איך אַרויסגעבראַכט מיין טענה: אויב מען האָט שוין געמוזט האָבן די שותפות איז דאָך געווען לאָגיש, אַז די אַרבעט־שטחים זאָלן אַזוי צעטיילט ווערן, אַז אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל זאָל פינאַנסירט ווערן פון אונז און אַלע אַרבעטן פאַר אידן אין חוץ־לאַרץ זאָל פינאַנסירט ווערן פון „דזשאָינט". דאַן וואָלט דער ארץ־ישראל־צד געווען דער הויפּט־פּאַרטנער אין אָט־דער שותפות און ניט פאַרקערט.

חבר קאַפּלאַנס ענטפער איז געווען: „אפשר ביזטו אין דעם פּונקט גערעכט, אָבער מאָנטאָר דענקט, אַז אַנדערש קען די שותפות ניט זיין". האָב איך אים דאַן געענטפערט, אַז אויב העגרי מאָנטאָר וועט פאָר אייך זיין דער פּוסק אחרון אין אַלע אַקטיוויטעטן וואָס דאַרפן געפירט ווערן אין אַמעריקאַנער אידנטום, וועט פון דעם קיין גוטס ניט אַרויסקומען.

# די אַמעריקאַנער אידישע קאָנפערענץ

## א

אין אויגוסט 1963 איז געוואָרן 20 יאָר זינט עס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די אַמעריקאַנער אידישע קאָנפערענץ אין האָטעל „וואַלדאָרף אַסטאָריאַ", ניו־יאָרק. דאָס איז געווען דער צווייטער געוואַגטער פאַרזוך אויפצושטעלן אַן אַל־אידישע רעפּרעזענטאַנץ פאַרן אַמעריקאַנער אידנטום. איר פּולן ציל האָט אויך די אַמעריקאַנער אידישע קאָנפערענץ נישט דערגרייכט (וועגן דער הויפּט־סיבה אויך פון דעם דורכפאַל וועל איך זאָגן עטלעכע ווערטער צום סוף פון אָט־דעם קאַפּיטל). אָבער דער פּרואוו האָט אַריינגענומען דעם גרעסטן טייל פון אַמעריקאַנער אידנטום. מעג מען עס זיכער פאַרצייכענען ווי איינעם פון די גאָר גרויסע קאָנסטרוקטיווע מאַסן־אויפרודערונגען, וואָס דאָס אַמעריקאַנער אידנטום האָט אַדורכגעלעבט.

איך וויל, ראשית־כל, אַרויסהויבן די ראָלעס, וואָס עס האָבן אין דער פּרשה געשפּילט צוויי גרויסע אַמעריקאַנער אידישע פּערזענלעכקייטן: לואי ליפּסקי און הענרי מאָנסקי זכרונם לברכה. ביידע זיינע געווען די אַרכי־טעקטן סיי אין צוגרייטן די גרויסע קאָנפערענץ, סיי אויף דער קאָנפערענץ. צווייטנס, וויל איך אַרויסהויבן די ראָלע, וואָס אונזער אייגענע ציוניסטישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט געשפּילט אויף דער קאָנפערענץ. אויך וועגן דעם וועל איך זיך דאָ באַגרענעצן און ברענג נאָר די רעדע, וואָס איך האָב — אין נאָמען פון אונזער פראַקציע — געהאַלטן אויף דער צווייטער זיצונג פון דער קאָנפערענץ. די לייענער דאַרפן געדענקען, אַז דאָס שרייב איך דאָך מיינע זכרונות. וועלן זיי מיר ניט פאָרוואַרפן, הלמאי איך גיב פאָרצוג מיין אייגענער רעדע *).

---

*) די ראָלעס פון די אַנדערע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ — און זייער צאָל איז גאָר אַ גרויסע — דאַרפן די לייענער זוכן אין דער ספּעציעלער טעגלעכער שריפט „קאָנפערענץ־רעקאָרד", וואָס איז דערשינען במשך אַלע טעג פון דער קאָנפערענץ. דאָרטן ווערט איבערגעגעבן סטענאָגראַפיש דער פולער פאַרלויף פון דער קאָנפערענץ. איך מאַך נאָר נאָך איין אויסנאַם — מיט דער רעדע פון ראַביי אבא־הלל סילווער זכרונו לברכה, פון וועלכער איך ברענג אין דעם קאַפּיטל לענגערע ציטאַטן, ווייל זי איז זיכער געווען די סאַמע־גרעסטע רעדע פון יענער קאָנפערענץ. ב.צ.

## ב

העכער 23 יאָר נאָכדעם ווי דער ערשטער אידישער קאָנגרעס איז גע־שלאָסן געוואָרן (אין מאַי 1920), איז אין אויגוסט 1943 ווידעראַמאָל געמאַכט געוואָרן אַ פּאַרזוך אויפצושטעלן אַ קערפּערשאַפט, וואָס זאָל האָבן דאָס רעכט צו ריידן, און די פליכט צו האַנדלען, אין נאָמען פון גאַנצן אַמעריקאַנער אידנטום; אַ ציל, וואָס דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס האָט, לײדער, נישט דערגרייכט. צוויי סיבות האָבן אַרויסגערופן דעם נייעם פּאַרזוך:

ערשטנס — טאָקע דער פאַקט, וואָס דער ערשטער אַמעריקאַנער אי־דישער קאָנגרעס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו ווערן די פּערמאַנענטע רעפּרע־זענטאַנץ פון גאַנצן אַמעריקאַנער אידנטום (ווער עס איז אינטערעסירט צו וויסן די סיבות, קען זיי געפינען אין מיין צווייטן באַנד זכרונות, אינעם ספּעציעל קאַפּיטל וועגן דער קאָנגרעס־באַוועגונג פון די יאָרן 20־1914. ב.צ). ווי באַקאַנט, האָבן די אָנהענגער פון אַ פּערמאַנענטער אַל־אידישער רעפּרע־זענטאַנץ — תיכף נאָכן אָפּשלוס פון דעם ערשטן אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס — פּראָקלאַמירט די גרינדונג פון אַ נייעם פּערמאַנענטן קאָנגרעס, וועלכער פונקציאָנירט נאָך עד היום הזה. אָבער וואָס ווייטער מיר זיינען אַוועק פון יענער דאַטע (פון מאַי 1920), אַלץ קלאָרער איז געוואָרן, אַז דעם נייעם אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס וועט נישט געלינגען צו ווערן די איינציק־אָנערקענטע רעפּרעזענטאַנץ פון גאַנצן אַמעריקאַנער אידנטום. ער איז רעדוצירט געוואָרן צו דער מדרגה פון איינער פון אַ צאָל נאַציאָנאַלע אַמעריקאַנער אידישע אָרגאַניזאַציעס — און ווייט נישט די וויכטיקסטע. במשך די 23 יאָר, צווישן דעם ערשטן אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס און דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנפערענץ, האָט ער דורכגעלעבט אייניקע מאָמענטן פון אויפשוואונג. אָבער אַזעלכע מאָמענטן זיינען געווען ווייניק און זעלטן. די מערסטע צייט האָט ער געצויגן זיין בלאָסע עקזיסטענץ ביי דער זייט פון די אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. אָבער אַפילו אין מאָמענטן פון אויפ־שטייג האָט ער זיך בשום אופן נישט געקענט פאַרמעסטן צו יענער ראָלע, וואָס די אָנהענגער פון אַ דעמאָקראַטיש־אָרגאַניזירטער, פון אַלעמען־אָנער־קענטער, איינציקער רעפּרעזענטאַנץ, האָבן געוואָלט זען אינעם אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס.

אמת, אויף איין שטח איז ער, אין די ערשטע יאָרן, געווען אַנדערש פון די אַנדערע אידיש־אַמעריקאַנישע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס: ער האָט שטענדיק פאַרנומען אַ פּראָ־ציוניסטישע שטעלונג אין די פאַרשידענע גע־

ראַנגלען, וואָס זיינען אויסגעפּאַכטן געוואָרן אין אַמעריקאַנער אידנטום. איך אונטערשטרייך „אין די ערשטע יאָרן", ווייל אין די שפּעטערע יאָרן האָבן אויך אַנדערע אידיש־נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס אָנגענומען אַ פּראָ־ציוניס־טישע איינשטעלונג און אויך דערפאַר, וואָס ער אַליין, דער קאָנגרעס, האָט ביסלעכווייז פאַרלאָזט אָט־די ציוניסטישע אויסגעשפּראָכנקייט און איז געוואָרן „ככל ה'אָרגאַניזאַציעס". אָבער אַפילו אין די ערשטע יאָרן איז קיין פּראָ־ציוניסטישע אַקטיוויטעט נישט אַרויסגעוואַקסן פון זיין איניציאַטיוו. נאָר אויך זיין פּראָ־ציוניסטישע אויסגעזונדערקייט האָט אים נאָך אַלץ נישט געגעבן די מעגלעכקייט אויסצופילן יענעם בלויז, וואָס איז פאַרבליבן אין אַמעריקאַנער אידנטום.

אין געוויסע קרייזן איז טיילמאָל, במשך פון אָט־די 23 יאָר, ווידער אויפגעשוואומען די פראַגע וועגן דעם מאַנגל פון אַזאַ רעפּרעזענטאַנץ. מערסטנס איז די פראַגע אַרויסגעבראַכט געוואָרן דורך אונזער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וועלכע האָט זיך באַמיט אויפצופרישן די פראַגע אינעם דעת־הקהל. אָבער עס איז נישט געלונגען צו באַוועגן וויכטיקע אידישע אָרגאַניזאַציעס, אָדער אידישע קענטיקע פערזענלעכקייטן צו אַ נייעם פאַר־מעסט אויף אָט־דעם שטח.

## ג

דאַן איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. עס האָבן אָנגעהויבן קומען ידיעות פון דער היטלער־קאַטאַסטראָפע, וואָס איז באַפאַלן דאָס גאַנצע איראָפּעאישע אידנטום. אין די ערשטע יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך דאָס אַמעריקאַנער אידנטום געפונען אין אַ צושטאַנד, ווי אַ מענטש וואָס ווערט פאַרטויבט דורך אַ שרעקלעכן קלאַפּ; און וואָס שרעקלעכער די קלעפּ זיינען אונז באַפאַלן, אַלץ מער אָפּגעטעמפּט זיינען געוואָרן אונזערע חושים. אַ סך צווישן אונז האָבן געוואוסט, אַז דער גורל האָט אַרויפגעלייגט אויף אונז, אַמעריקאַנער אידן, אַן אומגעהויערע אחריות; אַז מיר וועלן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה מוזן באַגעגענען פיל שווערערע פּראָבלעמען פון רעליף און רעטונג, ווי מיר האָבן געמוזט באַגעגענען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה; אַז מיר וועלן ווידעראַמאָל מוזן זוכן צו באַאיינפלוסן אינ־טערנאַציאָנאַלע כוחות, בכדי זיי זאָלן אונז העלפן ראַטעווען אונזער שארית־הפליטה; אַז אויף אַלע געביטן פון אידישן פאָלקס־לעבן וועלן מיר מוזן צוטראָגן אַ פאַרפילפאַכטןביישטייער, ווי מיר האָבן צוגעטראָגן נאָך דער

ערשטער וועלט־מלחמה, נאָכדעם ווי עס וועלן פאַר אונז אויפגעדעקט ווערן די ווירטשאַפטלעכע און אַפילו פשוט־פיזישע וואונדן, וואָס די היטלער־וואַקכאַנאַליע וועט ברענגען אונזער פאָלק. מיר האָבן זיך אויך געפונען אין דער זעלבער צעטומלטקייט וועגן דער לאַגע אין ארץ־ישראל. די געפאַר פון ראָמעל׳ס מאַרשרוט צום נאָענטן מזרח האָט נאָך מער פאַרשאַרפט אונזער פחד, סיי פאַר דער פיזישער עקזיסטענץ פון אידישן ישוב, סיי פאַר אונזערע צוקונפטיקע האָפענונגען אויף ארץ־ישראל. אַלץ צוזאַמען האָט געפירט דערצו, אַז מיר זיינען אַרומגעגאַנגען פאַרווירטע אין אונזער הילפלאָזיקייט; אינעם אומוויסן, פון וואַנעט מיר וועלן מוזן אָנהויבן דעם נייעם פאַרמעסט מיט דער נייער לאַגע, וואָס די קאַטאַסטראָפע פאַרשאַרפט טאָג־טעגלעך.

אין אַזאַ געמיט האָבן מיר זיך געפונען ביזן מיטן יאָר 1942. דאַן האָבן זיך אָנגעהויבן צייכענען די ערשטע ליכטיקערע שטראַלן: עס האָט זיך גענומען שטאַרקן די האָפענונג, אַז די אַליאירטע כוחות וועלן סוף־כל־סוף מנצח זיין דעם אַשמדאַי מיט זיינע חיילות. די פאַרווירונג האָט דאַן גענומען מאַכן פלאַץ פאַר קלאָרערע מחשבות.

דאַן איז געקומען די באַרימטע „בילטמאָר״־קאָנפערענץ, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אַלע ציוניסטישע גרופירונגען פון צפון־אַמעריקע, און פאָרמולירט די לאָזונג „מדינה יהודית לאלתר״ (אַ אידישע מדינה באַלד!). געצילט האָט די דאָזיקע לאָזונג צו דעם נייעם אַלוועלטלעכן פרידנס־קאָנגרעס, וואָס וועט אָפּגעהאַלטן ווערן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. אויף דער זעלביקער קאָנפערענץ איז קלאָר געוואָרן די נויטיקייט, אַז אָט־די נייע לאָזונג דאַרף געבראַכט ווערן צום פרידנס־קאָנגרעס נישט בלויז אין נאָמען פון צפון־אַמעריקאַנער ציוניסטן, נאָר אין נאָמען פון אַלע אידן אין צפון־אַמעריקע. סיי ד״ר חיים וויצמאַן זכרונו לברכה — דער דעמאָלטיקער פרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג — סיי חבר דוד בן־גוריון אים צו לאַנגע יאָר, וואָס איז דאַן געווען דער פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער וועלט־עקזעקוטיווע, האָבן גענומען זוכן די פאַסיקע אידישע פערזענלעכקייטן, וועלכע זאָלן נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו צו דערפירן צו אַן אַל־אידישער צוזאַמענקונפט אין צפון־אַמעריקע. סוף־כל־סוף האָבן די אַלע, וואָס האָבן געהאָלפן זוכן די פאַסיקע פערזענלעכקייט, זיך אָפּגעשטעלט אויף הענרי מאָנסקי, דער דעמאָלטיקער פרעזידענט פון אָרדן „בני־ברית״.

דערווייל איז אויך קלאָר געוואָרן, אַז די פראָבלעמען פון אידישע רעכט מחוץ פון ארץ־ישראל און די פראָבלעמען וואָס וועלן אויפשטיין אין פאַר־

בינדונג מיט דער רעטונג און רעהאַביליטאַציעס פון דער שארית־הפליטה, וועלן אויך דאַרפן געבראַכט ווערן צו פרידנס־קאָנגרעס; אַז אויך אָט־די פּאָדערונגען דאַרפן געבראַכט ווערן צום קאָנגרעס אין נאָמען פון אַלע אידן. אויך די פראַגע פון די פליכטן, וואָס דאָס אַמעריקאַנער אידנטום וועט דאַרפן נעמען אויף זיך נאָכדעם ווי שלום וועט געשלאָסן ווערן, פאָדערט אַ צוזאַ־מענקונפט פון פאַרטרעטער פון אַלע אידישע שיכטן, בכדי צוזאַמען צו באַ־שליסן וואָס עס קען און וואָס עס מוז געטאָן ווערן. אָט־די אַלע פּראָבלעמען, וואָס האָבן גענומען ווערן קלאָרער, האָבן געפירט צו איין שלוס: אַ נייע צוזאַמענקונפט פון אידישע פאַרטרעטער פון גאַנץ צפון־אַמעריקע. זיי האָבן אויך גלייכצייטיק אָנגעהויבן אַרויפקוקן צו דער זעלביקער איניציאַטיוו פון הענרי מאָנסקי.

הענרי מאָנסקי האָט גענומען אויף זיך די דאָזיקע אחריות. באַלד האָט ער אַריינגעצויגן אין אָט־דער אחריות די גאַנצע פירערשאַפט פון „בני־ברית". די ציוניסטישע באַוועגונג אין אַלע אירע גרופּירונגען האָט זיך דער־קלערט גרייט צו מאָביליזירן אַלע אירע כוחות און זיי שטעלן אונטער מאָנסקי'ס פירעשאַפט. די וויכטיקסטע פערזענלעכקייט, וואָס איז אַרויסגעהויבן געוואָרן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג פאַר אָט־דער אַרבעט איז געווען לואי ליפּסקי. נאַטירלעך האָט אויך ער מיטגעבראַכט מיט זיך די אָנפירער פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען. דאַן האָבן זיך אָנגעהויבן די ממש־פיבערדיקע אַקטיוויטעטן, וואָס האָבן דערפירט צו דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנ־פערענץ.

ד

די פּיטסבורגער פאַר־קאָנפערענץ. דער ערשטער שריט פון הענרי מאָנ־סקי איז געווען: צוזאַמענצורופן די פּיטסבורגער פאַר־קאָנפערענץ, וועלכע איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין יאַנואַר 1943. אויף זיין רוף האָבן געענטפערט 32 אידישע אַמריקאַנער נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן אַהין גע־שיקט זייערע פאַרטרעטער. זיי האָבן פאַרטראָטן אַרום אַ מיליאָן מיטגלידער. פאַרן פאָרזיצער פון דער פאַר־קאָנפערענץ איז אויסגעקליבן געוואָרן טאַקע הענרי מאָנסקי אַליין. אין זיין דערעפענונגס־רעדע האָט ער אָנגעצייכנט, מיט קלאָרע שטריכן, די סיבות וואָס האָבן געפירט צו דער פאַר־קאָנפערענץ. די דאָזיקע סיבות פאָדערן אַן אַל־אידישע צוזאַמענקונפט, צו באַטראַכטן די פּראָבלעמען וועלכע וועלן אַנטשטיין פאַרן אידישן פאָלק נאָכדעם ווי שלום

וועט געשלאָסן ווערן. אייניקע פון די וויכטיקסטע געדאַנקען, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט, פאַרדינען דאָ געבראַכט צו ווערן. ער האָט, צווישן אַנדערן, געזאָגט *):

„די האָפענונג פון דער גאַנצער דעמאָקראַטישער וועלט איז קאָנצענטרירט אין די פאַראייניקטע פעלקער, וועלכע מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונג צו פאַרניכטן דעם בשותפות׳דיקן שונא און ברענגען צו אַ נצחון פאַר דער פרייהייט פון יחיד, גלייכהייט פאַר אַלע פעלקער און רעליגיעס און פאַר אינטערנאַציאָנאַלער גערעכטיקייט.

„צוזאַמען מיט דער גאַנצער מענטשהייט האָבן מיר אידן פיל איינגעשטעלט אין, און נאָכמער צו דערוואַרטן פון, דעם שלום, וואָס וועט קומען נאָכן נצחון. דאָס רעכט פון אידן צו פרייהייט, גלייכהייט און גערעכטיקייט מוז געפינען פּלאַץ אין דער נייער וועלט, וואָס וועט אַנטשטיין נאָכדעם ווי שלום וועט דערגרייכט ווערן. די עקאָנאָמישע רעהאַביליטאַציע פון די אידן מוז געפינען איר פּלאַץ אינעם רעקאָנסטרוקציע־פּלאַן פון דער גאַנצער מענטשהייט; און דאָס רעכט פונעם אידישן פאָלק בנוגע ארץ־ישראל, מוז קלאָר פאָרמולירט און דורכגעפירט ווערן.

„די איצטיקע לאַגע פאָדערט פון אַמעריקאַנער אידנטום פונדאַסניי זיך קלאָר צו מאַכן די פליכטן וואָס דער נייער גורל האָט אויף אים אַרויפגעלייגט; פליכטן צו זיך אַליין און פליכטן צו אונזער געדריקטער שארית־הפליטה אין

---

*) אָט־די ציטאַטן, פּונקט ווי אַלע אַנדערע ציטאַטן פון דעם גאַנצן קאַפּיטל, ברענג איך לויט דעם ווי זיי זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער דערמאָנטער ספּעציעלער טעגלעכער שריפט אונטערן נאָמען „קאָנפערענץ רעקאָרד״, וואָס איז דערשינען טעגלעך במשך די פינף טעג וואָס די אַמעריקאַנער אידישע קאָנפערענץ האָט געדויערט. די ציטאַט פון הענרי מאָנסקי׳ס רעדע אויף דער פּיטסבורגער פאַר־קאָנפערענץ, האָט ער אַליין געבראַכט אין זיין ערשטער רעדע אויף דער גרויסער קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק, וואָס אויך זי האָט ער דערעפנט. אַזוי איז די דאָזיקע ציטאַט געקומען אין „קאָנפערענץ רעקאָרד״, וועלכער האָט פאַרעפנטלעכט אין פולן אַלע וויכטיקע רעדעס, וואָס זיינען דאָרטן געהאַלטן געוואָרן. די הויפּט־רעדנער זיינען געווען — אויסער הענרי מאָנסקי — לואי ליפּסקי, סטיפען ס. וויז, ד״ר אבא־הלל סילווער (וועלכער האָט געהאַלטן די איינדרוקספולסטע רעדע פון דער גאַנצער קאָנפערענץ, בעיקר זיין טייל וועגן ארץ־ישראל), ריכטער יוסף פּראָסקאַוער, ד״ר נחום גאָלדמאַן, פּרוי דע־סאָלאַ פּול, גדליה בובליק, ד״ר ישראל גאָלדשטיין, יוסף וויינבערג — זיי אַלע האָבן פאַרטראָטן די הויפּט־פראַקציעס, וועלכע האָבן זיך געשאַפן אויף דער גרויסער קאָנפערענץ — און דער שרייבער פון אָט־די שורות, וועלכער האָט רעפּרעזענטירט די ציוניסטישע אַרבעטער־פראַקציע. ס׳איז כדאי צו פאַרצייכענען די נעמען פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פון „קאָנפערענץ רעקאָרד״ (לויטן אַלף־בית): ראַבביי מאַוריס אייזענדראַט, מאיר גראָסמאַן, מאיר וויסגאַל, דזשאַנעט לייבל, יעקב פישמאַן, בערנאַרד פּאָסטאַל, סעמועל קאַפּלאַן, לואיס ריטנבערג, ליליען שולץ און זכריה שוסטער. ב.צ.

גאַר דער וועלט. עס איז נויטיק אויסצואַרבעטן אַ פּראָגראַם פאַר בשותפות־דיקע טעטיקייטן, וועגן אַלע אידישע פּראָבלעמען, וועלכע וועלן אויפקומען נאָך דער מלחמה״.

ער האָט אויך גערעדט וועגן דעם, אַז בכדי אויפצושטעלן אַזאַ פּראָגראַם איז נויטיק צוזאַמענצורופן אַ קאָנפערענץ, וואָס זאָל אין נאָמען פון אַלע אידן אַרויסשטעלן די אידישע פאָדערונגען צום קומענדיקן פרידנס־קאָנגרעס. ער שלאָגט פאָר, אַז די פּיטסבורגער פאַר־קאָנפערענץ זאָל באַשליסן צוזאַמענ־צורופן אַזאַ גרויסע קאָנפערענץ. ער האָט אויך אָנגעצייכנט די דריי וויכטיקסטע פונקטן פונעם סדר־היום, וואָס די אַמעריקאַנער אַל־אידישע קאָנפערענץ דאַרף באַהאַנדלען. די דאָזיקע דריי פּונקטן האָט ער אַזוי פאָרמולירט:

„א) באַטראַכטן און רעקאָמענדירן טעטיקייטן וועגן דער רעכט און דעם סטאַטוס פון אידן אין דער נאָך־מלחמה־וועלט; ב) באַטראַכטן און רעקאָמענ־דירן טעטיקייטן אין אַלע ענינים וואָס זאָלן פירן צו דער אימפּלעמענטאַציע פון די רעכט פון אידישן פאָלק בנוגע ארץ־ישראל; ג) אויסקלויבן אַ דע־לעגאַציע דורכצופירן דאָס פּראָגראַם, וואָס די גרויסע קאָנפערענץ וועט פאָר־מולירן, אין קאָאָפּעראַציע מיט אויסדערוויילטע פאַרטרעטער פון אַלע אידן פון די פאַרשידענע לענדער וואו אידן לעבן״.

די פּיטסבורגער פאַר־קאָנפערענץ האָט אָנגענומען אַלע פאַרשלאָגן פון מאָנסקין און האָט אויסגעוויילט אַן עקזעקוטיווע, וואָס איז באַאויפטראָגט געוואָרן אַדורכצופירן די באַשלוסן פון דער פאַר־קאָנפערענץ. און אָט־די עק־זעקוטיווע האָט טאַקע דערפירט צו דער גרויסער אַמעריקאַנער אידישער קאָנפערענץ.

## ה

די וואַלן צו דער גרויסער קאָנפערענץ. די אין פּיטסבורג ניי־דערוויילטע עקזעקוטיווע האָט זיך באַלד אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט. זי האָט זיך צעטיילט אין עטלעכע סוב־קאָמיטעס. אויף דער וויכטיקסטער זיצונג אירער, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין מאַי 1943, זיינען ענדגילטיק באַשטעטיקט געוואָרן די וויכטיקסטע צוגרייטונגס־אַרבעטן, וועלכע זיינען געפירט געוואָרן דורך די דריי סוב־קאָמיסיעס: 1) אַ וואַל־קאָמיסיע פון 15 מיטגלידער, אונ־טערן פאָרזיץ פון לואי ליפּסקי. אונזער פראַקציע איז אין דער קאָמיסיע געווען פאַרטראָטן דורך חבר דוד ווערטהיים עליו השלום; 2) אַ ספּעציעלע, קלענערע, סוב־קאָמיסיע פון פינף מיטגלידער, אויסצואַרבעטן פּלענער, ווי־

אַזוי די גרויסע קאָנפערענץ זאָל, פול־דעמאָקראַטיש, געפירט ווערן. אין אָט־דער סוב־קאָמיסיע האָט אונז פאַרטראָטן דער חבר לואי סיגאַל. איר פאָרזיצער איז אויך געווען לואי ליפסקי; און 3) אַ סוב־קאָמיסיע, וועלכע איז אָנגערופן געוואָרן „פרעלימענאַרי סטאַדיס קאָמיטי", וואָס האָט געדינט ווי אַ יסוד פאַר צוגרייטן די רעזאָלוציעס וואָס וועלן געבראַכט ווערן צו דער קאָנפערענץ. איר פאָרזיצער איז געווען ראַבײַ מילטאָן שטיינבערג. אונזער פראַקציע האָט מיך באַשטימט פאַר איר פאַרטרעטער אין אָט־דער קאָמיסיע.

די רעזולטאַטן פון דער ליפסקי־(5ער)־קאָמיסיע זײַנען קאָנטיק געוואָרן שוין אויף דער גרויסער קאָנפערענץ גופא: איר אמת־דעמאָקראַטישע פירער־שאַפט, די זאָרג אַז אַלע וואַריאַציעס פון דער אידישער מחשבה אין יענע טעג זאָלן קומען צום פולסטן אויסדרוק. דורכדעם איז געקומען די כסדר־דיקע שטייגערונג פון פאַרטיפקייט, די כסדר'דיקע שטייגערונג פון שטימונג, וואָס האָט אין אַ סך מאָמענטן דערגרייכט צו אמת'ער התרוממות־הנפש. די רעזולטאַטן פון דער מילטאָן שטיינבערג־סוב־קאָמיטע זײַנען געווען די רע־זאָלוציעס, וואָס אַ ספּעציעלער רעזאָלוציע־קאָמיטעט האָט צוגעגרייט, אויפן יסוד פון די מאַטעריאַלן פון דער שטיינבערג־סוב־קאָמיסיע. אָבער וועגן די רעזולטאַטן פון דעם ליפסקי־וואַל־קאָמיטעט דאַרף שוין דאָ געזאָגט ווערן, אַז אין אים האָט לואי ליפסקי אַרײַנגעגעבן זײַן פולע באַגאַבונג, ווי אַ פאַר־לאַמענטאַריער, ווי אַ דעמאָקראַט און ווי דער אַרכיטעקט פון אַ זייער פאַר־צווייגטן וואַל־סיסטעם.

ו

איך וועל מיך נישט פאַרנעמען מיט אויסרעכענען די שוועריקייטן, וואָס דער וואַל־קאָמיטעט האָט געמוזט באַזייטיקן. עס וועט זײַן גענוג די סך־הכל'־דיקע, אונטערשטע שורה, וועלכע וועט אַליין שוין דערציילן, וואָס פאַר אַ בוי־טאַלאַנט ליפסקי האָט פאַרמאָגט.

צו דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנפערענץ זײַנען געשיקט געוואָרן צוויי סאָרטן פאַרטרעטער. 125 אַזעלכע פאַרטרעטער זײַנען אויסגעקליבן געוואָרן דורך די צענטראַלע אינסטאַנצן פון 65 גרויסע לאַנד־אָרגאַניזאַציעס. כמעט יעדע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פון באַדייטונג איז דאָרט געווען פאַרטראָטן (צו דער פיטסבורגער פאַר־קאָנפערענץ האָבן געשיקט פאַרטרעטער נאָר 32 נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס). אויך ביי דער צעטיילונג פון דער צאָל פאַר־טרעטער צו יעדער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, האָט די ליפסקי־וואַל־קאָמיסיע

געדאַרפט אָנווענדן געגנוג טאַקט און — יושר. אָבער דאָס הויפּט־פּראָבלעם איז געווען, וויאַזוי אויסצוקלויבן די אַנדערע 375 פּאַרטרעטער (דער באַשלוס איז געווען, אַז די קאָנפערענץ זאָל באַשטיין פון 500 דעלעגאַטן). עס איז געווען נויטיק אויסצואַרבעטן אַ נייעם וואַל־סיסטעם, וואָס איז פריער אין ערגעץ נישט באַנוצט געוואָרן.

וועלן מיר איצט ציטירן אַ טייל פון דעם באַריכט, וואָס לואי ליפּסקי האָט איבערגעגעבן ביי דער גרויסער קאָנפערענץ, סיי וועגן די פּרינציפּיעלע יסודות פאַרן וואַל־סיסטעם און סיי ווי זיי זיינען דורכגעפירט געוואָרן (לואי ליפּסקי איז אויך אויפגעטראָטן מיט אַן אַלגעמיינער, גרויסער רעדע אויף דער קאָנפערענץ, וואָס האָט, פּונקט ווי אַלע אַנדערע הויפּט־רעדעס פון דער קאָנפערענץ, זיך באַשעפטיקט מיט דעם גאַנצן פּלאָנטער פון פּראָב־לעמען, פאַר וועלכע דאָס אידישע פאָלק איז דאַן געשטאַנען. דאָ ציטירן מיר נאָר אַ טייל פון זיין באַריכט וועגן די וואַלן). אין זיין וואַל־באַריכט האָט ער געזאָגט:

„די עקזעקוטיווע, וואָס איז געווילט געוואָרן פון דער פּיטסבורגער פּאַר־קאָנפערענץ, האָט אַרויפגעלייגט אויף מיין וואַל־קאָמיטעט די פליכט דורכ־צופירן, אויף אַ דעמאָקראַטישן אופן, די דערוויילונג פון די דעלעגאַטן, וואָס האָבן געדאַרפט צונויפשטעלן אָט־די אויסערגעוויינטלעכע קאָנפערענץ. וויל איך גלייך באַריכטן, אַז די מאַנדאַטן פון אַלע אויסגעווילטע דעלעגאַטן זיינען שוין באַשטעטיקט, סערטיפיקאַטן זיינען שוין צעטיילט געוואָרן צו אַלע אויסגעווילטע דעלעגאַטן און די פולע רעגיסטראַציע פון די אָנטיילנעמער איז שוין אויפגעשטעלט. אַלע פּרטים פון דער דורכגעפירטער אַרבעט זיינען פאַראַן אין דעם גרויסן פּאַק פון באַריכטן, וואָס מיר האָבן צוגעשטעלט צו דער מאַנדאַטן־קאָמיסיע, וואָס איר האָט אויסגעווילט. איצט וויל איך נאָר פאַרצייכענען אייניקע עפּיזאָדן פון דעם לאַנגן וועג וואָס מיר זיינען אַדורכ־געגאַנגען, ביז מיר זיינען געקומען צו די דערפאָלגרייכע רעזולטאַטן.

„די ערשטע וואַל־געזעצן זיינען אויסגעאַרבעט און צירקולירט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד אַזוי פרי ווי דעם 5טן אַפּריל 1943. אָט־דער ערשטער וואַל־געזעץ, צוזאַמען מיט די שפּעטערדיקע ענדערונגען און אויסטייטשונגען פון פּונקטן אין געזעץ, וואָס מיין קאָמיטעט האָט געמאַכט, בהסכם מיט דער אויטאָריטעט וואָס די האָט באַקומען פון דער עקזעקוטיווע, זיינען איבער־געגעבן געוואָרן צום סעקרעטאַריאַט פון דער היינטיקער קאָנפערענץ.

„איינע פון די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס האָט זיך נישט באַנוצט מיט

די צוויי מאַנדאַטן וואָס זיינען איר צוגעטיילט געוואָרן. האָבן מיר זיך באַנוצט מיט אָט־די צוויי מאַנדאַטן, בכדי צו פאַרריכטן אַ טעות, וואָס איז געמאַכט געוואָרן בנוגע איינער פון די קהילות. דער צוזאַמענשטעל פון דער קאָנפערענץ איז בכן: 123 פון צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס און 377 פון די קהילות. אויסער דעם זיינען אַלע חילוקי־דעות, וועלכע זיינען אויפגעקומען בנוגע דער צאָל מאַנדאַטן וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן, סיי פאַר די נאַציאָנאַלע אָרגאַני־זאַציעס און סיי פאַר די קהילות, פולשטענדיק אויסגעגליכן געוואָרן".

ער רעדט דאַן וועגן דעם, אַז צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון אַמעריקאַנער אידנטום האָבן אַלע ריכטונגען און גרופּירונגען, כמעט אָן אויס־נאָם, זיך באַטייליקט אין פּאָפּולערע וואַלן. ער דערמאָנט דערביי די דירעקטע וואַלן צום ערשטן אַמעריקאַנער קאָנגרעס אין יאָר 1917, אין וועלכע וויכטיקע סעקטאָרן פון אַמעריקאַנער אידנטום האָבן זיך נישט באַטייליקט. ער פילט זיך דעריבער שטאַרק צופרידן, וואָס ער קען דאָ דערקלערן, אַז אין 1943 האָבן זיך פּאַקטיש באַטייליקט אַלע גרופּירונגען אין די וואַלן, דאָס מאָל נישט־דירעקטע וואַלן. ער דערמאָנט דערביי, אַז איניקע פון די, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די צוגרייטונגען צו דער קאָנפערענץ, האָבן אויך איצט פאַרלאַנגט דירעקטע וואַלן (געמיינט האָט ער דערביי אונזער ציוניסטיש־ע אַרבעטער־פראַקציע, וועלכע האָט געקעמפט פאַר דירעקטע וואַלן. קוקנדיק איצט צוריק אויף יענער צייט, גלויב איך, אַז גערעכט איז געווען די מאַיאָ־ריטעט, וואָס האָט אונזער וואַל־פּלאַן נישט אָנגענומען. ב.צ.). אָבער די גרויסע מאַיאָריטעט האָט געפילט, אַז דירעקטע וואַלן וועלן נישט געלינגען. האָט מען געמוזט זוכן אַ פּלאַן, וואָס זאָל זיין פּראַקטיש און זאָל דאָך דערגרייכן דעם מאַקסימום צאָל פון אידן. איז אָנגענומען געוואָרן דער פּרינציפּ אַדורכ־צופירן די וואַלן דורך די קהילות. דאַן איז אַנטשטאַנען די פראַגע: ווי אָר־גאַניזירט מען אַזויפיל קהילות פאַר אָט־דעם צוועק. דאַן זאָגט ער:

„די מערסטע פון די עקזיסטירנדיקע 'קהילות־ראַטן' (קאָמיוניטי־קאָונ־סילס) האָבן נישט געקענט באַנוצט ווערן פאַר אָט־דעם ציל. ערשטנס, דערפאַר, ווייל זיי האָבן אין זיך נישט איינגעשלאָסן אַלע עלעמענטן וועלכע האָבן געלעבט אין זייערע קהילות; צווייטנס, דערפאַר, ווייל די אַרבעטס־פּראָגראַ־מען, אויף וועלכע זיי זיינען אויפגעבויט געוואָרן, האָבן זיי כמעט ווי נישט דערלויבט צו נעמען אויף זיך אַזאַ נייע אויפגאַבע. דעריבער האָבן מיר באַ־שלאָסן צו אָרגאַניזירן די וואַלן דורך אַ נייעם סיסטעם. מיר האָבן צעטיילט דאָס לאַנד אין אַ גרויסער צאָל וואַל־קרייזן. אַ צאָל פון די גרויסע שטעט

האָבן מיר דערקלערט ווי וואַל־קרייזן. דאַן האָבן מיר אויפגעשטעלט געאָ־גראַפּישע וואַל־קרייזן. די גרעסטע שטעט, וועלכע זיינען דערקלערט געוואָרן ווי וואַל־קרייזן, זיינען אין די געאָגראַפּישע וואַל־קרייזן נישט איינגעשלאָסן געוואָרן. דאַן האָבן מיר פאַר יעדן אָנערקענטן וואַל־קרייז באַשטימט אַ ספּע־ציעלן איינרופער פון קאָנפערענצן אין יעדן באַזונדערן וואַל־קרייז. אַמאָל איז עס געווען אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט געלעבט אין דעם וואַל־קרייז. די דאָזיקע 'איינרופער' האָט מיין וואַל־קאָמיטעט באַאויפטראַגט צו־זאַמענצורופן קאָנפערענצן פון אַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס פונקציאָנירן אין זייער וואַל־קרייז, און אָט־די דאָזיקע קאָנפערענצן זיינען באַאויפטראַגט גע־וואָרן אויסצוקלויבן די צאָל דעלעגאַטן, וואָס איז פאַר אָט־דעם געגעבענעם וואַל־קרייז באַשטימט געוואָרן. וואָס האָט אונז אָט־דער סיסטעם געגעבן?

„קודם דאַרף פאַרצייכנט ווערן, אַז די וואַלן אין די קהילות, מיט זייער ווייניק אויסנאַמען, זיינען פאַר אונז געווען ממש אַ רעוואָלוציע פון דעם זעלטענעם פלייס און איבערגעגעבנקייט סיי פון די פירער, סיי פון דער גאַנ־צער באַפעלקערונג. די דאָזיקע וואַלן האָבן אָן יעדן ספק באַוויזן, אַז דאָס קאָמונאַלע לעבן פון אַמעריקאַנער אידן האָט געמאַכט גרויסע שריט פאַראויס, סיי אין אָרגאַניזיר־פעאיקייטן, סיי אין אויפנעמען, פאַרשטיין און אַנאַליזירן די פּראָבלעמען פאַר וועלכע מיר שטייען.

עס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן 80 וואַל־קרייזן אין די גרעסערע שטעט און דערצו נאָך 54 געאָגראַפּישע וואַל־קרייזן. דאָס הייסט, אַז עס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן 134 וואַל־קאָנפערענצן. אין אָט־די אַלע קרייזן האָט מען געדאַרפט וויילן מער ווי איין דעלעגאַט צו דער קאָנפערענץ. דעריבער האָט מען דאָרטן געמוזט באַנוצן באַלאָטס. אויסער דעם זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן נאָך 22 קאָנפערענצן, וואו עס האָט געדאַרפט אויסגעקליבן ווערן בלויז איין דעלעגאַט. אויף אָט־די קאָנפערענצן האָט מען קיין באַלאָטס נישט באַנוצט. די צאָל פון די באַלאָטס אין די 134 קאָנפערענצן איז געווען 23,430. די וואַל־מענער, וואָס האָבן געהאַט אַ רעכט צו שטימען אין אָט־די וואַל־קאָנפע־רענצן, זיינען אויסגעקליבן געוואָרן דורך 8,437 לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס. יעדער וואַל־מאַן אויף די וואַל־קאָנפערענצן האָט דורכשניטלעך פאַרטראָטן אַ מינימום פון 50 מיטגלידער, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין אויסקלויבן דעם וואַל־מאַן. הייסט עס — אַז מער ווי אַ מיליאָן און 171 טויזנט דערוואַק־סענע אידן האָבן זיך באַטייליקט אין אויסוויילן די 500 דעלעגאַטן צו אונזער היינטיקער קאָנפערענץ. נאָך אַן ערך אַזאַ צאָל אידן ווערן פאַרטראָטן דורך

די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. נאַטירלעך זיינען געווען אַ סך וועלכע זיינען צוויי מאָל פאַרטראַטן געוואָרן. אָבער אויב מען האָט אין זינען דעם פאַקט, אַז יעדער דערוואַקסענער וואַל־מאַן האָט פאַרטראַטן אַ משפּחה — און דער אינטערעס אין די וואַל־קרייזן איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז וועגן די קאַנדידאַטן פאַר וואַל־מענער האָט מען זייער פיל דיסקוטירט אין די פאַמיליעס — מעג מען אָננעמען, אַז די צאָל אידן וואָס זיינען געווען פאַרוויקלט, דירעקט אָדער נישט־דירעקט, אין אויסוויילן די 500 דעלעגאַטן צו אָט דער גרויסער קאָנ־פערענץ האָט דערגרייכט אַרום צוויי מיט אַ פערטל מיליאָן, פון אַ אידישער באַפעלקערונג פון פינף מיליאָן".

לואי ליפּסקי דריקט דאָ אויס עפנטלעכע אָנערקענונג צו אַלע מיט־גלידער פון זיין וואַל־קאָמיטעט. ער ענדיקט דערמיט, אַז דער דערפאָלג פון דער אונטערנעמונג איז צו פאַרדאַנקען דער הויכער אינטעליגענץ און דער העפטיקער אונטערשטיצונג וואָס דער קאָמיטעט האָט באַקומען פון די לאָקאַלע און וואַל־קרייז פירער. זיי האָבן עס דערמעגלעכט דורכצופירן אַזאַ קאָמפּלי־צירטע וואַל־אַרבעט, וואָס האָט אויסגעקליבן די 500 פאַרטרעטער, וועלכע וועלן זיך דאַרפן ראַנגלען מיט די לעבנס־פּראָבלעמען פונעם וועלט־אידנטום און מיט דער אחריות וואָס ליגט אויפן אַמעריקאַנער אידנטום.

אַזוי האָט גערעדט לואי ליפּסקי. פון מיין זייט קען איך צוגעבן, אַז אָט־די אַלע, וועלכע פאַרדינען כשר אָט־די אָנערקענונג, האָבן זיכער אין זייערע הערצער געטראַכט: מיר האָבן דאָס אַלץ געקענט דורכפירן, ווייל דו, לואי ליפּסקי, ביזט געווען אונזער קאַפּיטאַן.

## ז

די קאָנפערענץ גופא. ווען די אַמעריקאַנער אידישע קאָנפערענץ איז דערעפנט געוואָרן, דעם 29טן אויגוסט 1943, איז די צווייטע וועלט־מלחמה געווען אין איר פולן שווידער. דער פאַרנעם פון דער אידישער קאַטאַסטראָפע איז שוין דאָן קלאָר געווען פאַר אַלע באַטייליקטע. דאָס האָט זיך שוין אויס־געווירקט אויף דער ערשטער דערעפענונגס־זיצונג. אַ טיפע פייערלעכקייט — דורכגעדרונגען מיטן וויטיקדיקן באַוואוסטזיין פון דעם וואָס איז שוין געשען מיטן אייראָפּעאישן אידנטום און מיט דעם נאָך־שאַרפערן פאַרגעפיל, וואָס עס קען נאָך ווייטער געשען — האָט אָנגעפילט די הערצער און געמי־טער פון אַלעמען, פון די דעלעגאַטן און די פּאָר טויזנט געסט, וואָס האָבן בייגעוואוינט די דערעפענונג. איך מיין, אַז קיינמאָל איז אַן עולם אַזוי נישט

אויפגעציטערט געוואָרן דורך אַלע זיינע גלידער, ווי ווען העגרי מאַנסקי האָט (תיכף נאָכדעם ווי ער האָט דערקלערט, אַז די קאָנפערענץ איז געעפנט) איינגעלאַדן די באַרימטע זינגערין עמאַ לאַזאַראָף־שייוער אָנצופירן מיטן זינגען די אַמעריקאַנער און אידישע הימנען. דער גרויסער עולם האָט מיט אַ געפיל פון קדושה מיטגעזונגען. נאָך טיפער האָט זיך געשפּירט סיי די פייערלעכקייט און סיי דאָס אויפציטערן, ווען עס איז דורכגעפירט געוואָרן די אַזכרה לזכר די מיליאָנען וואָס זיינען דערמאָרדעט געוואָרן. די אַזכרה־צערעמאָניע האָט איינגעשלאָסן סיי פּאַסיקע תפילות און סיי פּאַסיקע קאַפּיטלעך תהלים, וועלכע זיינען פאָרגעבראַכט געוואָרן דורך רבנים, פאַרטרעטער פון אַלע רעליגיעזע ריכטונגען. די באַטייליקטע רבנים זיינען געווען: רבי ווילִיאַם דרייזין, רבי סאָלאָמאָן פריהאָף, רבי לואיס לעוויצקי און רבי נפתלי ריף. צום העכסטן גראַד פון ציטערניש האָט עס דערגרייכט, ווען דער חזן בנציון קאַפּאָוו־קאַגאַן האָט געזאָגט „אל מלא רחמים". די גאַנצע אַזכרה האָט דער גאַנצער עולם אויסגעהערט שטייענדיק. נאָך דער אזכרה האָט דער עלטסטער פון די רבנים, הרב ב. ל. לעווענטאַל, געבראַכט די ברכה צו דער קאָנפערענץ אין העברעאיש, ווינטשנדיק איר, אַז זי זאָל זיך דערהויבן צו ווערן ראוי דורכצופירן די אחריות, וואָס איז אויף איר אַרויפגעלייגט.

דאַן האָט העגרי מאַנסקי געהאַלטן זיין עפענונג־רעדע, וואָס אַ טייל פון איר האָב איך פריער ציטירט. נאָך אים האָט לואי ליפּסקי געבראַכט זיין באַריכט פון דער וואַל־קאָמיסיע, וואָס איז אויך טיילוויז ציטירט געוואָרן. דאַן האָט ליפּסקי פאָרגעשלאָגן, אין נאָמען פון דער 5ער קאָמיסיע, די רעגולאַציעס לויט וועלכע די קאָנפערענץ זאָל געפירט ווערן. אַרום אָט־דעם באַריכט איז פאָרגעקומען אַ קורצער וויכוח. אָבער די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען דעם באַריכט כמעט איינשטימיק. דערמיט האָט זיך געענדיקט די ערשטע עפענונג־זיצונג.

אין אָוונט איז פאָרגעקומען די צווייטע זיצונג. אויף איר האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויסע רעדעס פון די פאַרטרעטער פון די וויכטיקסטע קערפּערשאַפטן. דער ערשטער האָט גערעדט ד"ר סטיפען ס. וויַיז אין נאָמען פון אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס; נאָך אים איז אויפגעטראָטן ריכטער דזשאָזעף מ. פּראָסקאַוער אין נאָמען פון דער אַמעריקען דזשואיש קאָמיטי; נאָך אים האָט גערעדט ד"ר ישראל גאָלדשטיין אין נאָמען פון דער „זי־אָ־איי"; דאַן האָט גערעדט פרוי דייוויד דע־סאָלאַ־פּול אין נאָמען פון „הדסה"; דאַן האָט גערעדט גדליה בובליק אין נאָמען פון מזרחי; דאַן האָט גערעדט יוסף

ווייַנבערג אין נאָמען פון אידישן אַרבעטער־קאָמיטעט; דאַן האָט דער שרייבער פון די שורות גערעדט אין נאָמען פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג.

## ח

איך האָב געזאָגט:

אידער איך ברענג פאַר איך די שטעלונג פון דער ציוניסטישער אַר־בעטער־פראַקציע צום רעטונגס־פּראָבלעם, מוז איך ווידמען עטלעכע ווערטער צו איניקע געדאַנקען, וואָס זיינען דאָ נעכטן געהערט געוואָרן. עס איז נישט מיין שולד, וואָס די זיצונג — וואָס האָט געדאַרפט געווידמעט ווערן דעם רעטונגס־פּראָבלעם — איז מערסטנס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַלגעמיינער דעבאַטע וועגן אַלע פּראָבלעמען, וואָס שטייען פאַר אונזער סדר־היום.

מיינע עטלעכע זייטיקע ווערטער זיינען געווידמעט הויפּטזעכלעך צו אונזער חשוב'ן פריינט, ריכטער פּראָסעקאַוער, וועלכער האָט אַזוי שטאַרק אַפּעלירט פאַר „יוניטי" אויף דער באַזע פון אַ פּראָגראַם־מינימום. וויל איך תיכף זאָגן אונזער געשעצטן הער פּראָסעקאַוער, אַז קיין איינציקע גרופּע אין אידישן לעבן האָט נישט אָפּגעגעבן אַזויפיל ענערגיע אַריינצוברענגען איינהייטלעכע האַנדלונג פון גאַנצן אַמעריקאַנער אידנטום, ווי די פראַקציע, צו וועלכער איך האָב דעם כבוד צו געהערן. אָבער איינהייט דאַרף מען וויסן צוליב וואָס. מיר ווילן האָבן איינהייט, בכדי צו דערגרייכן סיי די גרעסט־מעגלעכע מאָס פון באַלדיקער רעטונג, סיי די גרויסע נאַציאָנאַלע צילן פון אידישן פאָלק. מיר ווילן האָבן איינהייט אויסצודריקן דעם ווילן פון דער גרויסער מאַיאָריטעט פון דעם אַמעריקאַנער אידנטום. מיר קענען נישט אָנ־נעמען אַן איינהייט, וואָס זאָל דערלויבן די אידישע קאָנפערענץ צו באַשליסן נאָר דאָס, צו וועלכן אַלע זיינען מסכים. דאָס מיינט גאָרנישט איינהייט. דאָס מיינט בלויז איין זאַך: געבן אַ וועטאָ־רעכט דער מינאָריטעט איבער דער גרויסער מאַיאָריטעט. שוין צוליב דעם אַליין איז דאָס נישט־אידיש און נישט־אַמעריקאַניש. אָבער דער ענין איז פיל וויכטיקער. איך מוז אין קורצע שטריכן אָנצייכענען וועגן וואָס דאָס גייט אונז.

דער קאַמף פון דעם אידישן פאָלק אין דער איצטיקער צייט באַשטייט פון דריי געביטן, וואָס קענען איינע פון די אַנדערע גאָרנישט אָפּגעטיילט ווערן. דער ערשטער געביט איז: קאַמף פאַר דער רעכט פון יעדן אידישן יחיד, וואו ער זאָל נישט לעבן, צו אַ גלייכן סטאַטוס מיט יעדן נישט־אידישן יחיד, וואָס לעבט אין דעם זעלבן לאַנד. דער צווייטער געביט איז: קאַמף פאַר דער

רעכט פון אידישע מינדערהייטן אין די גלות־לענדער ממשיך צו זיין אונזער עטנישע, קולטורעלע און רעליגיעזע אייגנאַרט, לויט דעם זעלבן סטאַטוס ווי ענלעכע אַנדערע עטנישע, קולטורעלע און רעליגיעזע אייגנאַרטן וואו נאָר זיי געפינען זיך און ווילן ווי אַזעלכע ווייטער לעבן. די דריטע אָפּטיילונג איז: אונזער קאַמף ווי אַ פאָלק פאַר דער אויסגלייכונג פון אונזער סטאַטוס מיט אַלע פעלקער פון דער וועלט, דורך געבן אונז די מעגלעכקייט אויפצובויען ארץ־ישראל, אונזער לאַנד, דאָס לאַנד פון אונזערע אָבות; דאָס לאַנד, וואָס יעדער דור אין דער אידישער געשיכטע האָט איר געווידמעט זיינע טיפסטע בענקשאַפטן. אויפצובויען אָט־דאָס לאַנד און נישט קיין אַנדער לאַנד, ווי אַ אידישע קאָמאָנוועלט, פאַרזיכערנדיק דורך דעם לעולם ועד אַ גלייכן סטאַטוס פאַר אונזער פאָלק מיט אַלע פעלקער פון דער וועלט.

אָט־דער דריי־גלידערדיקער רעכטס־קאַמף קען גאָרנישט צעטיילט ווערן. אָן קיינער פון די דריי גלידער קען דער אידישער פאָלקס־אָרגאַניזם איצט נישט לעבן. זיכער קען פון איר נישט אַרויסגענומען ווערן דער דריטער גליד. אָן אַ גלייכן סטאַטוס פאַר אונזער פאָלק ווי אַ פאָלק דורך ארץ־ישראל, וועלן צוזאַמענפאַלן, ווי קאָרטן־שטיבלעך, אַלע דערגרייכונגען אויף די ערשטע צוויי געביטן. אידן אין דער וועלט וועלן ווייטער בלויז לעבן אויף דעם חסד פון אַנדערע. און די גאַנצע וועלט ווי אַזעלכע וועט נישט באַפרייט ווערן פון אַלע אומגליקן, וואָס אַנטיסעמיטיזם, דאָס באַגלייט־קינד פון אידישער היימ־לאָזיקייט, ברענגט דער גאַנצער מענטשהייט.

## ט

מיין אַלטן פריינט וויינבערג, און צוזאַמען מיט אים אַלע מיינע ליבע חברים פון אידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, וויל איך זאָגן, אַז אויך מיר זיינען איינשטימיק מיט זייער פאָדערונג פון פרייער איינוואַנדערונג אין אַלע לענדער. איר וועט עס באַלד הערן פאָרמולירט פון מיר, ווען איך וועל צוקומען צו דעם רעטונגס־פּראָבלעם. איר, פריינט וויינבערג, האָט אַפילו בנוגע פרייער איינוואַנדערונג זיך אויסגעהיט נישט צו דערמאָנען, חלילה, נישט בלויז דאָס טריפה וואָרט פאַר אייך „ארץ־ישראל״, נאָר אַפילו דאָס פאַר אייך שוין כשר׳ע וואָרט „פּאַלעסטינע״. מר. פּראָסקאַוער איז שוין אין דעם פּונקט געווען פיל, פיל ברייטהאַרציקער ווי איר. דערלויבט מיר אָבער אייך ביידן צו זאָגן קלאָר און דייטלעך — און זאָלן די ווערטער געווענדעט ווערן אויך צו אונזערע ציוניסטישע פריינט, וועלכע האָבן אַזוי האַרציק אַפּלאָדירט ה׳

פּראָסעקאַוער, ווען ער האָט גערעדט פאַר פרייער איינוואַנדערונג אין ארץ־ישראל — דערלויבט מיר אייך צו זאָגן פּאַלגנדיקס:

מיר וועלן זיך פרייען, מיר וועלן זיין גליקלעך, ווען די פאַראייניקטע פעלקער, און איבערהויפּט ווען ענגלאַנד וועט דערקלערן פאַר אונז פרייע איינוואַנדערונג אין ארץ־ישראל. אויך פון זיי וועלן מיר פאָדערן מער. אָבער עס קען אין אונז נישט אַרויסרופן קיין גרויס באַגייסטערונג, אויב איר, ה׳ פּראָסעקאַוער, זיינט גרייט צו פאָדערן סתם פרייע איינוואַנדערונג אין ארץ־ישראל. קיין ארץ־ישראל פאָדערן מיר פריווילעגירטע איינוואַנדערונג, פאַר אונז, און בלויז פאַר אונז. מיר וועלן אויף דער הויכער טריבונע פון אָט־דער אידישער קאָנפערענץ נאָך האָבן די געלעגנהייט צו באַגרינדן די גערעכטיקייט פון אָט־דער פאָדערונג. אָבער איך ווענד זיך צו אייך, ה׳ פּראָסעקאַוער, איר זיינט אַ ריכטער, טאָ פאַרשטייט אונז: מיר קומען איצט פאַר דעם געריכט פון דער וועלט מיט אַ טענה צו איר. מיר פאָדערן פון איר וואָס עס איז אונזערס, צו וואָס מיר זיינען באַרעכטיקט לויט די אַלע באַגריפן פון יושר, פון אמת׳ער גלייכהייט און פון מענטשלעכקייט. איז אָדער ארץ־ישראל קומט אונז, אָדער נישט. קומט עס אונז נישט, וועלן מיר זיך באַנוגענען מיט וואָס מען וועט אונז צוואוואַרפן דורך דעם חסד פון דער וועלט. קומט עס אונז יאָ, זאָל די וועלט זאָגן אָפן און קלאָר — ארץ־ישראל איז אייערס! נישט בלויז פרייע אימיגראַציע, נאָר דאָס רעכט ווי אַ פאָלק אויף אונזער לאַנד, אָט־דאָס מוזן מיר פאָדערן בנוגע ארץ־ישראל.

צווייפלט איר, הער פּראָסעקאַוער, אַז די אומגעהויערע מאַיאָריטעט פון אידישן פאָלק גלויבט און פילט אַזוי ווי איך? אויב איר צווייפלט, אויב די וואַלן צו אָט־דער גרויסער „אַסעמבלי" האָבן אייך גאָרנישט איבערצייגט, לאָמיר נאָכאַמאָל פרעגן דאָס פאָלק. אויב אָבער איר צווייפלט נישט, ווי קען מען פאַרלאַנגען פון דער מאַיאָריטעט פון פאָלק אויפצוגעבן, אין אַ צייט ווען די אומגעהויערע ענדערונגען קומען פאַר אין דער גאַנצער מענטשהייט, אַ פאָדערונג, וואָס רייסט זיך פון האַרץ פון אַלע דורות פון אונזער געשיכטע; אַ פאָדערונג, וואָס דרינגט אַדורך די בענקשאַפט פון יעדער תפילה אונזערער, פון יעדן שיר פון אונזערע פּאָעטן — בפרט, ווען אין דעם איז אָפּהענגיק דער סאַמע קיום אונזערער ווי אַ פאָלק?

# י

איר האָט דערמאָנט מר. לואי מאַרשאַל. זאָגן מיר אייך גאַנץ קלאָר און אָפן: מיר ווילן גאָרנישט בעסערס פון אייך און פון אייער גרופּע, סיידן איר זאָלט האַנדלען ווי לואי מאַרשאַל האָט געהאַנדלט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער האָט געהאַט זיינע מיינונגען וועגן ארץ־ישראל, וועגן נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן־רעכט. ער איז געווען זיכער באַרעכטיקט צו זיי, פּונקט ווי איר זיינט באַרעכטיקט צו אייערע מיינונגען, ווי איך בין באַרעכטיקט צו מיינע מיינונגען. ער האָט געקעמפט פאַר זיינע מיינונגען נאָר אַזויווי לואי מאַרשאַל האָט געקענט קעמפן. ער האָט זיך אָבער צום סוף געבויגן פאַרן ווילן פון פאָלק. דאָס איז געווען דער שטאָלצסטער בויגן זיך, וואָס איז מעגלעך פאַר מענטשן־קינדער. צו אַזאַ בויגן זיך דערהויבן זיך נאָר יענע, וואָס פאַרמאָגן די גרעסטע מאָראַלישע גבורה: איזהו גיבור הכובש את יצרו — און מר. לואי מאַרשאַל האָט געבראַכט פאַר דער וועלט, אין נאָמען פון גאַנצן פאָלק, אַלע פאָדערונגען פון גאַנצן פאָלק. געדענקט, ה׳ פּראָסקאַוער, אַלע פאָדערונגען, איינשליסנדיק די קלאָרע פאָדערונג, אַז ארץ־ישראל זאָל צוריק ווערן די נאַציאָנאַלע היים פון דעם אידישן פאָלק.

דאָס איז געווען דער אופן פון „יוניטי” פון לואי מאַרשאַל, וואָס טראָגט די פאַרשידענע גערעַנגלען — וואָס מיין באַוועגונג און איך פערזענלעך האָבן מיט אים אין יענע יאָרן געהאַט — זאָג איך אַרויס מיט דעם טיפסטן נשמה־ציטער וועגן אים אונזער טראַדיציאָנעלן זכר צדיק לברכה. מר. פּראָסקאַוער, איר פאַרנעמט איצט די שטול פון לואי מאַרשאַל. צו אייך און צו דעם קאָמיטעט, וואָס איר רעפּרעזענטירט, ווענדן מיר זיך פון דער דאָזיקער הויכער טריבונע פון דער אידישער קאָנפערענץ מיט דעם רוף:

גייט אין די וועגן פון לואי מאַרשאַל!

# יא

און איצט — צום רעטונגס־פּראָבלעם.

מיט גרויס פאַרשפּעטיקונג האָבן מיר זיך סוף־כל־סוף דאָ צוזאַמענגעקליבן. מיר האָבן ענדלעך אויפגעשטעלט אַן איינהייטלעכן אַדרעס פאַרן אַמעריקאַנער אידנטום. מיר נעמען היינט איבער די פּאַקטישע און מאָראַלישע אחריות פאַר אַלץ, וואָס דאָס אַמעריקאַנער אידנטום דאַרף טאָן, בכדי צו ראַטעווען די אידן, וואָס לעבן נאָך, און כדי זיך צוצוגרייטן צו די נאָך־מלחמה־פּראָבלעמען פון גאַנצן אידישן פאָלק.

די וואָס האָבן צוגעגרייט די קאָנפערענץ, האָבן זייער ריכטיק געטאָן, וואָס זיי האָבן געווידמעט די ערשטע זיצונג, באַלד נאָך דער אָפיציעלער דערעפענונג, דעם פּראָבלעם פון רעטונג. דורך די רעזולטאַטן פון אָט־דער זיצונג וועלן מיר אַליין געפּרובירט ווערן. ווילן מיר דאָ אָפּהאַלטן נאָך אַן אסיפה אויסצושרייען אונזער וויי צו דער וועלט און אונזער צער צו זיך אַליין און דערמיט זיך באַנוגענען — אָדער מיר ווילןווירקלעך נעמען אויף זיך די פליכט, וואָס שרייט צו אונז אַרויס סיי פון די מיליאָנען פון די שוין־אויסגעשאָכטענע ברידער אונזערע, סיי דער נאָך מער טראַגישער פאַרצווייפלונגס־געשריי פון די מיליאָנען לעבן־געבליבענע, וועלכע רופן צו אונז מיט זייערע לעצטע פאַרבליבענע כוחות: ראַטעוועט!

אַ צווייענדיקע פליכט ליגט אויף אונז: אַ פליכט כלפּי חוץ און נאָך אַ גרעסערע פליכט כלפּי פּנים. מוזן מיר קלאָר פאַרשטיין די פליכט און אָפן און ערלעך זיי דערפילן.

אונזער פליכט כלפּי חוץ איז צו ריידן פּשוט. בעטן העלפט נישט. פּראָטעסטירן העלפט נישט. מוזן מיר אין פּשוטע קלאָרע ווערטער פעסטשטעלן אונזער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן דער וועלט.

## יב

מיר באַשולדיקן די רעגירונגען פון דער פרייער וועלט: די וועלט, וואָס פירט דעם קאַמף פאַר פרייהייט און דעמאָקראַטיע, אונזער אייגענע רעגירונג איינגעשלאָסן — זיי באַשולדיקן מיר, אַז זיי האַנדלען קעגן אונז, מיט גרינגשעצונג צו אונזער פאָלקס־בראָך. מיר זאָגן זיך אָפּ צו גלויבן, אַז זיי קענען גאָר מיינען ערנסט, ווען זיי טרייסטן אונז, אַז די אידן וועלן געראַטעוועט ווערן, ווען די מלחמה וועט געוואונען ווערן. אונז דאַרף קיינער נישט דערקלערן, וואָס עס מיינט צו געווינען די מלחמה קעגן היטלערן. איבער זעקס יאָר נאָכאַנאַנד האָבן מיר געטראָגן דעם קאַמף קעגן דער היטלער־באַוועגונג איינזאַם און אַליין. דעם קאַמף קעגן היטלעריזם ווי אַ באַוועגונג האָבן מיר פאַראייינזאַמט געטראָגן פיל יאָרן, נאָך איידער היטלער איז געקומען צו דער מאַכט. מיר שאַצן זיכער נישט אונטער די חלקים, וואָס יעדעס פאָלק האָט בייגעשטייערט צו דער איצטיקער מלחמה קעגן נאַציזם און פאַשיזם. מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן די טעג פון דונקערק, ווען דאָס בריטישע פאָלק איז איינע אַליין געבליבן ווי אַ דאַמבע קעגן דער פאַרפלייצונג פון היטלעריזם, אונטער וועמענס האַק עס האָבן אָנגעהויבן פאַלן אַלע פעלקער פון אייראָפּע.

מיר שאַצן ווי געהעריק אָפּ דעם אומגעהויערן ביישטייער פון רוסלאַנד, פון אונזער אייגענער אַמעריקע און פון כינעזישן פאָלק, אויף וועמען דער יאַפּאַנישער טייל פון דער נאַצי־פאַשיסטישער אַקס האָט אַרונטערגעלאָזט איר גאַנצע מיליטערישע קראַפט. מיר שאַצן אָפּ די ביישטייערן פון אַלע אָקופּירטע לענדער אין זייער גוראַנגל קעגן דעם ווילדן אָקופּאַנט. מיר זיינען גאַרנישט אין דער לאַגע פון מענטשן, וואָס שטייען מן הצד אין אָט־די אַלע קאַמפן און טיילן בלויז אויס אָנערקענונג צו פרעמדע. די דאָזיקע אַלע פראָנטן זיינען דאָך אויך אונזערע פראָנטן. אומעטום מישט זיך דאָס בלוט פון אונזערע אידישע קינדער מיט דעם בלוט פון די קינדער פון אַלע דערמאָנטע פעלקער. אָבער פאַר וועלכן פאָלק איז אַזוי געשטעלט געוואָרן די געפאַר פון פולשטענדיקער אויסראָטונג, ווי פאַר אונזער פאָלק זינט דעם ערשטן טאָג, וואָס די נאַצישע שלאַנג האָט זיך באַוויזן אויף דער ערד? פון וועלכן פאָלק רייסט מען אָפּ לעבעדיקע אברים פון זיין גוף, ווי פון אונזער פאָלק? ווייסן מיר זייער גוט, וואָס עס מיינט פאַר דער גאַנצער וועלט — און פאַרן אידישן פאָלק בפרט — דער נצחון איבער היטלעריזם. אָבער מיר זאָגן זיך אָפּ צו גלויבן, אַז די רעגירונגס־מענטשן — וועלכע הייסן אונז וואַרטן ביז צום געווינען די מלחמה — ווייסן נישט, אַז אויב זיי וועלן נישט ראַטעווען באַלד, וועט קיין איינציקער איד אין דער אָקופּירטער אייראָפּע נישט דערלעבן יענעם גליקלעכן טאָג פון נצחון. אַלע אַזעלכע תירוצים מוזן מיר דעריבער באַטראַכטן ווי חוזק געמאַכט איבער אונזער בלוט. און אויב מיר פאַרמאָגן נישט קיין כוח וועמען עס איז צו צווינגען צו ברענגען ממשות׳דיקע רעטונג, האָבן מיר נאָך גענוג כוח אויסצושרייען:

שטעלט אָפּ דעם חוזק איבער אונז!

זאָלן מיר אויסרעכענען אַלע איינצלהייטן, וואָס איר האָט געקענט טאָן און נישט געטאָן? זאָלן מיר דאָ איבער׳חזר׳ן אַלע פאָרשלאָגן, וואָס זיינען פאָרמולירט געוואָרן אויף אונזערע ווײ־פאַרזאַמלונגען, אויף אונזערע אבילות־פאַרזאַמלונגען, אויף אונזערע פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען? — צו וואָס? אין אייערע שופלאָדן שימלען הונדערטער מעמאָריאַלן, צוגעשיקט פון פאַרשידענע אידישע קערפּערשאַפטן. איר קענט, אויב איר ווילט, אין זיי אַריינקוקן. איר וועט דאָרטן געפינען גענוג פאָרשלאָגן. און דאַרפט איר האָבן מעמאָריאַלן פון אונז? אַליין ווייסט איר נישט וואָס צו טאָן? דער גאַנצער שפּיל מיט מעמאָריאַלן, מיט בערמודאַ־קאָנפערענצן, מיט קאָמיטעטן און קאָמיסיעס — ווי טיף זיי דערנידעריקן אונז! ווי ביטער מיר פילן, ווען מיר זוכן צו קומען צו אייערע קאָנפערענצן, ווען מיר ווילן געפינען אַ פּלאַץ אין אייערע קאָמיטעטן

און קאָמיסיעס — און איר פאַרהאַקט די טיר פאַר אונז אין פּנים. מיר זאָגן זיך אָפּ צו האָפן אויף אָט־די קאָמיסיעס. אויב איר מיינט ערנסט, איז פאַראַן איין־איינציקער, ווירדיקער וועג: איר פאַרטרעטער פון די פאַראייניקטע פעלקער, פאָדערט אויף עפנטלעך היטלערן, אַז ער זאָל אַרויסלאָזן די לע־בעדיקע אידן. באַוויזט אָבער, אַז איר מיינט עס טאַקע. דערקלערט גלייכ־צייטיק, אַז איר זיינט גרייט צייטווייליק צו מאַכן פּלאַץ פאַר די אידן אין אייערע לענדער; באַאיינפלוסט אויך, אין דעם זינען, די נייטראַלע לענדער. צעברעכט אַלע שטערונגען, וואָס שטייען אין וועג צו ראַטעווען אידן. זאָל אונזער לאַנד, אונזערע פאַראייניקטע שטאַטן, עפענען צייטווייליק אירע טירן. זאָל ענגלאַנד עפענען צייטווייליק די טירן פון איר גרויסער אימפּעריע, זאָל זי תיכף עפענען די טירן פון ארץ־ישראל. צי דאַרפן מיר אייך לערנען ווי צו האַנדלען אין פאַלן פון אַ נאַציאָנאַלער סכנה? האַלט איר אויף אַלע אייערע אייגענע איינאָרדענונגען פון שלום־צייטן אויך אין צייטן פון מלחמה? ענ־דערט איר נישט אייער גאַנץ לעבן? פאַרוואָס, ווען עס קומט צו אונז, פאַר־פאַנצערט איר זיך אונטער רעגולאַציעס, וואָס פיל פון זיי זיינען אויך אין שלום־צייט געווען אוממענטשלעך. אויב איר מיינט ערנסט צו העלפן, טאָ דערקלערט, אַז איר זיינט גרייט אַלע אייערע באַריערעס — וואָס שטייען אין וועג פון רעטונג — תיכף צו צעברעכן.

באַהאַלט זיך נישט אונטערן תירוץ: היטלער וועט נישט אַרויסלאָזן. צי ער וועט יאָ אַרויסלאָזן, צי נישט — וויסן מיר נישט. אָבער איידער אַזאַ פאַרזוך איז געמאַכט געוואָרן, קען קיינער פון אייך זיך נישט ריינוואַשן פון אחריות פאַר אונזער אומשולדיק בלוט. קיינער נישט. נישט ענגלאַנד, נישט רוסלאַנד, נישט אונזער אייגענע אַמעריקע און נישט קיינער פון די אַלע אַנדערע פון די פאַראייניקטע פעלקער, וואָס האָבן וועלכן ס'איז איינפלוס און נוצן אים נישט אויס פאַר אַ גרויסער רעטונגס־אַקציע.

מיר דערקלערן, אַז מיר באַטראַכטן אייער אָפּזאָג ווי אַ פאַרזוך אויס־צומיידן שוועריקייטן פאַר אייך. מיר לייקענען גאָרנישט, אַז די זאַך איז נישט גרינג. אָבער וואָס פאָדערן מיר פון אייך, עפּעס אַ לוקסוס־זאַך? מיר פאָדערן פון אייך צו ראַטעווען לעבנס, אַזעלכע טייערע לעבנס, ווי די לעבנס פון אייערע פאָלקס־קינדער; לעבנס, וואָס זייער אויסלעשונג און, בעיקר, דער אופן ווי מען לעשט זיי אויס, וועט בלייבן אַן אייביקער שאַנד־צייכן נישט אַזוי אויף די רוצחים — וואָס איז דען פאַר זיי אַ שאַנד־צייכן מער, אַ שאַנד־צייכן וויניקער — אַ שאַנד־צייכן וועט עס אָבער בלייבן אויף אייך, איר פירער פון די רעגירונגען פון די פרייע פעלקער.

## יג

פונקט אַזוי אָפן, געערטע קאָנפערענץ, מוזן מיר ריידן צו זיך אַליין.

מיט דעם טיפסטן געפיל פון זינד אין מיין נשמה, שטיי איך דאָ פאַר אייך, סיי ווי אַ יחיד, סיי ווי אַ פאַרטרעטער פון מיין ציוניסטישער אַרבעטער־ריכטונג. אַמעריקאַנער אידן, מיר, נישט ווייניקער ווי די רעגירונגען פון די פאַראייניקטע פעלקער, מוזן טראָגן אויף אונזער געוויסן פיל טויזנטער אויס־געלאָשענע לעבנס פון אונזערע ברידער. די פאַראייניקטע פעלקער האָבן, אמת, געקענט און קענען נאָך איצט ראַטעווען מיליאָנען. מיר האָבן בלויז געקענט ראַטעווען צענדליקער טויזנטער. מיר האָבן אָבער אויך דאָס נישט געטאָן. איך קען דאָ נישט אויסרעכענען איינצלנע פאַלן פון אַזעלכע מעגלעכקייטן. אונזערע חברים וועלן דאָס אַוודאי טאָן אין די קאָמיסיעס. אָבער קיינעם פון אונז ליגט איצט נישט אין זינען סתם זעלבסט־פייניקונג. ניין, איך זאָג אייך וואָס איך ווייס. מיר האָבן געקענט שיקן צו זיי מער שפּייז. מיר האָבן געקענט שיקן צו זיי מער קליידער. מיר האָבן געקענט שיקן צו זיי מער מעדיקאַ־מענטן. מיר האָבן געקענט אַרויסראַטעווען צענדליקער טויזנטער אין דער ריכטיקער צייט. מיר האָבן געקענט העלפן זיי באַקומען וואָפן, מיט וועלכע זיי זאָלן זיך קענען ראַטעווען פון דעם שאַנד־טויט, צעריבן צו ווערן ווי ווערים. מיר האָבן געקענט און מיר קענען נאָך איצט אויסנוצן קאַנאַלן, וואָס פעלקער מיט געזונטע אינסטינקטן זוכן נישט שטענדיק אַ הונדערט־פּראָצענטיקן הכשר, נישט פון שטאַנדפּונקט פון איבערגעטריבענער אידלקייט און אויס־קלויבן מיט וועמען צו האַנדלען, נישט פון שטאַנדפּונקט פון איינגעשטעלטע בלאָקאַדעס און פון איינגערעדטע קריגס־סטראַטעגיעס. יעדע גלות־רעגירונג האָט זיך גענומען און נעמט זיך געוויסע פרייהייטן אין אַזעלכע פראַגן, בכדי צו העלפן איר פאַרשקלאַפטער באַפעלקערונג. מען האָט צו איר צוטרוי, אַז זי וועט טאָן נאָר דאָס, וואָס וועט נישט שעדיקן די אינטערעסן פון קריג. מיר, אַמעריקאַנער אידן, האָבן אָבער צו זיך אַליין נישט געהאַט אַזאַ צוטרוי. מיט טויזנטער שפּעקטיוון פאָרשן אויס אונזערע אַמעריקאַנער אידישע קאָ־מיטעטן, וואָס פאַרמאָגן פאָלקס־בודזשעט, יעדן געעפנטן קאַנאַל צוצוקומען צו אונזערע צום שאַנד־טויט איבערגעלאָזטע ברידער. מען פאָרשט אויס, טאָמער, חלילה, קען זיין ערגעץ־וואו אַ פגם קעגן די אַנשויאונגען פון ערגעץ אַ בלאָקאַדע־באַאַמטן. פאַראַן אין אַמעריקע אויסנאַמען: איין אויסנאַם איז אַ מער־באַדייטנדיקער, און זאָל עס געזאָגט ווערן פון אַ פאַרשטייער פון אַ באַוועגונג, וואָס געהערט נישט צו אָט־דעם אויסנאַם. איך האָב אין זינען

דעם אידישן אַרבעטער־קאָמיטעט. אַ צווייטער אויסנאָם איז: די אָנשטרענ־גונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן פון אונזער אייגענער ציוניסטישער באַוועגונג.ביידע אויסנאַמען זיינען אָבער געווען ווי אַ טראָפּן אין ים לגבי דעם, וואָס דאָס אַמעריקאַנער אידנטום האָט געקענט טאָן און האָט נישט געטאָן.

אָבער אין דער גאַנצער אידישער וועלט, אויסער אַמעריקע, זיינען געשען זאַכן: עס וועלן קומען טעג, ווען מען וועט קענען אָפּן דערציילן עס פאַר דער גאַנצער וועלט, און עס וועט אויפגעדעקט ווערן אַ קאַפּיטל פון אידישער גבורה, אַ נייער הייליקער קאַפּיטל פון אידישן קידוש־השם, וואָס וועט אויס־האַלטן דעם פאַרגלייך מיטן אַנטפּלעקטן העראָאיזם דורך זייערע קאָמאַנדאָס, דורך זייערע גערילאַס.

* * *

מיט טיפן יראת־הכבוד שטייען מיר אַלע פאַר דעם קידוש־השם־קאַפּיטל, וואָס וועט לעולם ועד אַריין אין אונזער געשיכטע אונטערן נאָמען „וואַרשע־ווער געטאָ“. וויפל מסדה׳ס צוזאַמענגענומען האָבן זיך דאָ אַנטפּלעקט? אָבער זייט וויסן, געערטע קאָנפערענץ, אַז אויך אין דעם העראָאישן קאַפּיטל איז דאָ איין פּסוק, וואָס שטייגט אומפאַרגלייכלעך איבער אַפילו דעם אַלגעמיינעם העראָאיזם. די אידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער געטאָ, אַודאי האָבן זיי געראַטעוועט דעם כבוד פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק דורך זייער קידוש־השם, אָבער געווען צווישן זיי אַ גרופּע, וואָס זיינען געווען אין פרייע לענדער, ווי איר און איך. זיי האָבן געקענט בלייבן לעבן. אָבער דער רוף צו פאָלקס־אַחריות איז געווען שטאַרקער ווי דער ווילן צו זיין, צו לעבן. דער רוף צו יעדער פאָלקס־אַחריות, וואָס האָט געדאַרפט ראַטעווען דעם כבוד פון גאַנצן אידישן פאָלק, אונזער כבוד אייבגעשלאָסן. מען האָט געדאַרפט צושטעלן וואָפן. עמעצער האָט עס געדאַרפט ברענגען. און אידישע בחורים און מיידלעך, דערצויגן אין די זעלביקע שולן, וואָס האָבן אונז געגעבן צוויי דורות פון חלוצישע בויער אין ארץ־ישראל, זיי זיינען עס געווען די, וואָס האָבן פאַר־לאָזט פרייע לענדער און פרעגט נישט וויאַזוי. עס וועט קומען אַ טאָג, ווען אויך איר וועט וויסן וועגן דעם — זיי זיינען עס געווען, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט דאָס העלדישע קאַפּיטל פון וואַרשעווער געטאָ*). נייך, נישט, חלילה,

*) נאָכדעם ווי די רעדע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „קעמפער“, האָבן אייניקע זשורנאַליסטן, בעיקר פון דער בונדישער פרעסע, פּראָטעסטירט קעגן דעם וואָס איך האָב אַרויסגעהויבן צופיל די ראָלע פון איין גרופּע פון די וואַרשעווער געטאָ־קעמפער קעגנ־איבער די אַנדערע גרופּן. מוז איך אָפּן מודה זיין אַז אין אָט־דער קריטיק איז דאָ אַ טייל אמת. מיין דערקלערונג, פאַר זיך אַליין, באַשטייט אין דעם, וואָס אין היץ פון ריידן האָט מיין מחשבה אַוועקגעבלאָנדזשעט צו דער גרופּע צנחנים, מיט די קדושים חנה סענעש און

צו פֿאַרקלענערן אויף אַ האָר די הייליקייט פֿון אַלע, וואָס האָבן זיך אין אַט־דעם קאַפּיטל באַטייליקט, ווערן די דאָזיקע ווערטער געזאָגט. אויף וויפֿל עס וועט מעגלעך זיין צו דערוויסן זיך די נעמען פֿון די אַלע, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם הייליקן קאַמף, וועט דער אוצר פֿון דער אידישער געשיכטע זיי אַלעמען אין זיך אַריינעמען. לזכר וועלן זיי אייביק בלייבן; ולמשל וועלן זיי ווערן פֿאַר קומענדיקע אידישע דורות. איך האָב אַרויסגעבראַכט די ספּעציעלע ראָלע פֿון יענע, וואָס זיינען געקומען פֿון פֿרייע לענדער, בכדי בולטער צו מאַכן אונזער אייגענע זינד. ווייל די גבורה פֿון אונזערע וואַרשעווער קדושים איז סיי אַ פֿאַרוואורף, סיי אַן אַרויסרוף צו אונז. אַ שאַרפֿער פֿאַרוואורף פֿאַר אונזער ביז־איצטיקער זינד און אַן אַרויסרוף צו האַנדלען אַנדערש אין דער צוקונפֿט. סיי דער פֿאַרוואורף, סיי דער אַרויסרוף ווערן שטאַרקער, ווען מען ווייסט, אַז אַ גרופּע אידן פֿון פֿרייע לענדער האָבן געהאַט אַ חלק אין מעגלעך מאַכן דעם וואַרשעווער אַרויסטריט און אייניקע האָבן זיך אין דעם דירעקט באַטייליקט און מקדש געווען דעם אידישן נאָמען מיט זייערע סאַמע לעבנס.

און ווי גרעסער עס וואַקסן אויס אונזערע זינד, ווען מען ווייסט, אַז אין אייניקע זייער־וויכטיקע פֿאַלן האָט געלט־מאַנגל געשטערט באַדייטנדיקע רעטונגס־מעגלעכקייטן.

געערטע קאָנפֿערענץ! איך נעם אויף זיך פֿולשטענדיק די אַחריות פֿאַר אַט־דער באַהויפּטונג. איך ווייס, אַז מיין פֿאַרברעכן און אייערער, ווערט נאָך ווייניקער פֿאַרשטענדלעך, נאָך מער הימל־שרייענדיק. ווי האָט עס געקענט געשען, אַז אין אַזאַ צייט פֿון נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפֿע האָבן אַ מיליאָן אידן ווייניקסטנס נישט אָפּגעגעבן מעשר פֿאַר דער אידישער רעטונגס־אַרבעט? ווי האָט אונז געקענט איינגיין דאָס לעבן, ווען מיר האָבן נישט דערפֿילט די עלעמענטאַרע פֿליכט צו אונזער אייגן פֿאָלק?

---

אנצא סערעני בראש, און איך האָב זיי צוזאַמענגעמישט מיט דעם וואַרשעווער אויפֿשטאַנד, כאָטש איך האָב ניט געהאַט קיינע ידיעות אַז ווער פֿון זיי האָט זיך אין וואַרשעווער געטאָ־קאַמף באַטייליקט. בין איך מיר אַוודאי שטאַרק מצער אויף אַט־דער אומפּינקטלעכקייט פֿון מיין באַהויפּטונג. אָבער עס בלייבן אַלץ ריכטיק וואָס איך האָב געזאָגט וועגן דעם שולד־געפֿיל וואָס אַמעריקאַנער אידן האָבן געדאַרפֿט און וואָס איך, ווי איינער פֿון זיי, האָט שאַרף געפֿילט. דערביי בלייבן אויך ריכטיק וואָס איך האָב געזאָגט אַז דער אוצר פֿון דער אידישער געשיכטע וועט אַריינעמען אין זיך דעם זכר פֿון אלע, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די גבורות פֿון וואַרשעווער געטאָ־קאַמף; און אַוודאי ווערט אונזער שולד־געפֿיל נאָך שאַרפֿער ווען מיר פֿאַרגלייכן אונזערע האַנדלונגען אין יענע ביטערע צייטן, מיט די האַנדלונגען פֿון דער דערמאָנטער גרופּע צנחנים בראש מיט חנה סענעש און אנצא סערעני. עס איז אַוודאי אויך אמת אַז זייער ביישפּיל האָט זייער שטאַרק משפּיע געווען אויף אונזערע אלע וואַרשעווער געטאָ־גיבורים. ב. צ.

און לאָמיר דאָ נישט זוכן קיין שולדיקע. נישטאָ צווישן אונז קיין אומ־שולדיקע. נישטאָ קיין איינציקער וואָס קען זאָגן: ידי לא שפכו את הדם הזה. עס איז אונזער פליכט דאָ אין נאָמען פון גאַנצן אַמעריקאַנער אידנטום, אָפן צו אָנערקענען אונזער זינד. דאָס אַליין איז אָבער ווייניק. דורך אמתער תשובה, דורכגעלעבט טיף אין איגענעם הארץ, מוזן מיר זיך אַנטשליסן איצט אָנצוהויבן גיין אויף אַ נייעם וועג. אונזער קאָנפערענץ טאָר זיך נישט באַנו־גענען בלויז מיט אויסשרייען אין חלל העולם אונזער צאָרן צו דער וועלט און אונזער צער צו זיך — און איבערלאָזן די לאַגע ווי געווען. ביז איצט איז נישט געווען קיין בשותפותדיק־אידישער אַדרעס. היינט איז ער געשאַפן געוואָרן. היינט האָבן מיר איבערגענומען די אַחריות פאַרן גאַנצן אַמערי־קאַנער אידנטום. היינט מעג דערקלערט ווערן: אַלע זאָרגן פאַר דער רעטונג נעמען מיר אויף זיך און אַלע קוואַלן, וואָס דאָס אַמעריקאַנער אידנטום פאַר־מאָגט פאַר דער רעטונגס־אַרבעט, מוז פון אונז מאָביליזירט ווערן. אַ ספּעציעלן אָרגאַן פאַר דער רעטונגס־אַרבעט מוזן מיר אויפשטעלן. אַלע קערפּערשאַפטן, וואָס פירן הילפס־אַרבעט, מוזן זיך רעכענען מיט די באַשלוסן פון אַזאַ רעטונגס־אָרגאַן.

* * *

יעדעס פאָלק ענדערט זיין לעבן אין מלחמה־צייטן. מיר קענען נישט בלייבן ביי דער ביז־איצטיקער איינשטעלונג פון דעם מאַנאָפּאָל, פון וועמען עס זאָל נישט זיין, איבער אידישע בודזשעטן פאַר רעטונגס־אַרבעט. ביז היינט איז עס אַזוי געווען. היינט איז עפּעס געבוירן געוואָרן. היינט איז אויפגעשטעלט געוואָרן די אָרגאַניזירטע אַחריות אין אידישן לעבן. ווי וועט אונז זיין, אויב מיר וועלן נישט וואַגן פון דאַנען אַרויסצוגיין מיט גרייטקייט צו אַ סך ענדערונגען אין אונזער איגענעם אַמעריקאַניש־אידישן לעבן. אָבער פּשוט פאַרברעכעריש וועט עס זיין, אויב מיר זאָלן נישט גרייט זיין צו באַדייטנדיקע ענדערונגען אויף דעם רעטונגס־געביט.

איינצלהייטן וועלן מיר באַהאַנדלען אין אונזערע קאָמיסיעס. אָבער אין דער איצטיקער הייליקער שעה פון חשבון־הנפש, געווידמעט ספּעציעל דער רעטונגס־אַרבעט, מוזן מיר אַלע גרייט זיין צו פּערזענלעכע און אָרגאַניזאַ־ציאָנעלע קרבנות, אויב נאָר זיי קענען פאַרגרעסערן דעם רעטונגס־פאַרנעם.

געערטע קאָנפערענץ! איין וואָרט צום שלוס, איינגעטלעך אַ וואונטש, אַ וואונטש פאַר אונז אַלעמען: מיר זאָלן נישט געשטרויכלט ווערן אין אונזער גרויסער, אַחריות׳פולער מיסיע. דערצו איז נויטיק: בטחון! בטחון אין נצח ישראל. מיר אַליין, דער אַמעריקאַנער אידישער קיבוץ, איז אַ דעמאָנסטראַציע

פון אַט־דעם נצח ישראל. וויפל נצח־ישראל־קראַפט ליגט אין דעם פאַקט, וואָס מיר זיינען דאָ און נישט דאָרטן! נצח ישראל פאַרפליכטעט; איצט איז געקומען דער מאָמענט די דאָזיקע פליכט צו דערפילן. אַ גרויסער טייל פון דער נצח־ישראל־אויפגאַבע: „שמור שארית ישראל", איז אויף אונז אַרויפ־געלייגט געוואָרן פון דער געשיכטע. לאָמיר זיך אַליין היילקן צו דער מיסיע; זאָל סיי אונזער „שמע ישראל", וואָס מיר דאַרפן אויסשרייען צו זיך אַליין, סיי אונזער „שמע עולם", וואָס מיר שרייען אויס צו דער וועלט, אַרויסגעבראַכט ווערן פון אונזערע נשמות מיטן זעלביקן הייליקן ציטער, מיט וועלכן דער „שמע־ישראל"־געשריי האָט זיך געטראָגן דורך אַלע דורות פון אונזער געפּייניקט פאָלק.

* * *

אַריבערגייענדיק צו דער גרויסער רעדע פון רבי אבא הלל סילווער, דאַרף פריער געזאָגט ווערן, אַז ער האָט זיך הויפּטזעכלעך קאָנצענטרירט אַרום דער פאָדערונג פון אַ אידישן קאָמאָנוועלט אין ארץ־ישראל. פּונקט ווי ביים ערשטן אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס, אַזוי אויך אויף דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנפערענץ איז אַרום אַט־דעם פּונקט פאָרגעקומען דער שאַרפסטער געראַנגל. עס איז אָבער בנוגע דעם געווען אַיין וויכטיקער אונטערשייד צווישן די צוויי אַמעריקאַנער אַל־אידישע אַסיפות. פאַר דעם ערשטן אַל־אידישן קאָנגרעס איז וועגן אַט־דעם פּונקט געפירט געוואָרן אַ ברייטע עפנט־לעכע צוגרייטונג און אויפקלערונגס־אַרבעט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן כמעט גלייך נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין אויגוסט 1914. עס זיינען אויך פאָרגעקומען אָפטע אונטערהאַנדלונגען צווישן די צדדים וואָס האָבן פאָרטראָטן פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן. ווי אַ רעזולטאַט פון אַט־די אונטערהאַנדלונגען זיינען אַלע געקומען צום ערשטן אַל־אידישן קאָנ־גרעס וויסנדיק לכתחילה, וואָס זיין שטעלונג וועט זיין צו אַט־דעם וויכטיקסטן פּראָבלעם, וואָס איז געשטאַנען פאַרן אידישן פאָלק. פאַר דער אַל־אידישער קאָנפערענץ זייען אַזעלכע אונטערהאַנדלונגען צווישן די פאַרשיידענע צדדים נישט פאָרגעקומען. און דער געראַנגל צווישן די צדדים האָט געמוזט אויס־געפאָכטן ווערן אויף דער קאָנפערענץ גופא. דעריבער האָט די גרויסע רעדע פון רבי אבא הלל סילווער געהאַט אַזאַ אַנטשיידנדיקע באַדייטונג אויף דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנפערענץ.

די ניט־ציוניסטן האָבן ניט דירעקט געקעמפט קעגן דער פאָרמולירונג פון דער פאָדערונג פאַר אַ אידישער קאָמאָנוועלט. זיי האָבן געוואוסט, אַז די מאַיאָריטעט איז גרייט אָנצונעמען די פאָרמולירונג. דעריבער האָבן זיי

אַרויסגערוקט גאָר אַן אַנדער אַרגומענטאַציע. זיי האָבן אַרויסגערוקט די לאָזונג פון אחדות (יוניטי). עס איז נויטיק אחדות אין אַמעריקאַנער אידנ־טום. די אַמעריקאַנער אידישע קאָנפערענץ מוז דעמאָנסטרירן אַט־די אחדות. דאָס קען געשען נאָר דאַן, ווען מיר וועלן זיך קאָנצענטרירן אַרום יענע פּאָדערונגען און פּראָבלעמען, וועגן וועלכע עס הערשט ביי אונז איינשטימיקייט. קיינער דאַרף זיך ניט פאַרשטייפן אין יענע פּונקטן וואו עס איז נאָך קיין איניקייט ניט דערגרייכט געוואָרן.

אויף אַט־דעם הינטערגרונט האָט עס רבי אבא הלל סילווער אויסגעוועבט זיין גרויסע רעדע אויף יענער קאָנפערענץ, פון וועלכער איך ברענג אייניקע ציטאַטן:

„איך האָב מורא — האָט ער געזאָגט — אַז מיר זיינען ווידעראַמאָל מקריב קאָלטע, ווען אַפילו ביטערע, לאָגיק און זוכן זיך און אַנדערע צו פאַרפירן דורך פאַנטאַזיעס אין חלל. מיר קערן זיך ווידער אַוועק פון געשיכטע צו חלומות, וואָס אייניקע פון אונז — צו אונזער גרויסער פאַרוואונדערונג! — רופן עס נאָך אַן רעאַליזם און שטאַטסמאַנשאַפט.

„האָט איר פאַרגעסן וואָס עס האָט פּאַסירט צווישן ביידע וועלט־מלחמות? מעגן מיר גאָר וואָגן עס צו פאַרגעסן? די ערשטע וועלט־מלחמה האָט געמאַכט די וועלט ‚זיכער פאַר דעמאָקראַטיע‘ און האָט פעסטגעשטעלט פאַר די אידן אין צענטראַל־ און מזרח־אייראָפּע ניט נאָר בירגער־רעכט, נאָר אַפילו אויך ‚מינאָריטעטן־רעכט‘. אָבער געדענקט איר, אָדער איר האָט פאַרגעסן, אַז די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אין איר אָפּשלוס אונז אויך געבראַכט דעם טיפגייענדיקסטן, ברוטאַלסטן און חורבן־טראָגנדיקסטן אַנטיסעמיטיזם, וואָס אונזער פאָלק האָט ווען עס איז באַגעגנט?

„איצט האָפט איר צו דערגרייכן — דורך אַ נייעם נצחון פון די אַליאירטע כוחות דאָס, וואָס דער נצחון פון די אַליאירטע כוחות אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ניט באַוויזן אונז צו ברענגען; דאָס וואָס אַ גאַנצער יאָרהונדערט פון אויפקלערונג, פון ליבעראַליזם און פּראָגרעס האָט ניט באַוויזן אונז צו ברענגען: פרידן און זיכערקייט. ווידער אַמאָל באַשאַפט מען די קאָנפוזיע צווישן פּאָרמעלער פּאָליטישער גלייכבאַרעכטיקונג און די נויטיקייט צו פאַר־זיכערן אונזער פאָלק קעגן עקאָנאָמישע און סאָציאַלע דרוקן, וואָס ווערן קעגן אים אָנגעווענדעט, צוליב זיין ספּעציעלער לאַגע אין דער וועלט.

„דאָס אייביקע פּראָבלעם פון אונזער הימלאָזיקייט, וואָס איז דער הויפּט־קוואַל פון אונזער טויזנט־יעריקער טראַגעדיע, בלייבט אין קראַפט היינט פּונקט אַזוי ווי אַלעמאָל און טראָגט אין זיך נייע סכנות פאַר אונזער פאָלק.

דאָך געפינען זיך אידן וואָס זוכן ווידער אַרומצוגיין אַרום דאָס דאָזיקע פּראָב־לעם דורך איינריידן זיך („ווישפול טהינקינג״); דורך פאַרבאַהאַלטן דאָס דאָזיקע פּראָבלעם, וואָס שרייט צו די הימלען צו קומען צום אויסדרוק און צו אַ לייזונג, אונטער אַ דעק־מאַנטל פון אַן אַפּעל פאַר אידישער אַחדות און אידישער גוטהאַרציקייט.

„עס שיינט מיר, אַז אַ סך שטודירער פון אַנטיסעמיטיזם פאַרזעען דעם טראַגישן היסטאָרישן פאַקט. די געשיכטע פון אידישער עמאַנציפּאַציע אין אייראָפּע, זינט די טעג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, ביז די טעג פון פאַר דער היטלעריסטישער נאַצי־רעוואָלוציע, איז די געשיכטע פון פּאָליטישע פּאָזיציעס דערוואָרבן, אַנטקעגן עקשנות׳דיקער אָפּאָזיציע מצד וויכטיקע כוחות אינעם פאָלק צווישן וועלכע אידן האָבן געלעבט; אָבער אונזער עמאַנ־ציפּירטע מינאָריטעט אין יעדן לאַנד איז געבליבן איינגעשלאָסן אינעווייניק, אין דער ניט־באַזיגטער און דער ניט־צופרידנגעשטעלטער אָפּאָזיציע. און ביי יעדער קלענסטער פּראָוואָקאַציע — אַזוי שנעל ווי אַ לאַגע איז געוואָרן אומסטאַביל — האָט די אָפּאָזיציע ווידער באַנייט קעגן אונז אירע שאַרפע אַטאַקעס און האָט איינגעשניטן אין אונז טיפע וואונדן.

„און אין אונזערע טעג, אויפגערודערט דורך פּאָליטישע און עקאָנאָמישע קאַמפן, וועלכע האָבן צעריסן פעלקער איינע פון די אַנדערע, האָט אַט־די קיינמאָל ניט צופרידנגעשטעלטע אָפּאָזיציע, ווידער פאַרפלייצט די אידישע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּאָזיציעס אין אייראָפּע און זיי פולשטענדיק חרוב געמאַכט. אַ דיקער שוואַרצער פאָדעם פאַרבינדט די עפּאָכע פון פיכטע אין דייטשלאַנד, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט ווילדע געשרייען ׳העפּ, העפּ!׳ מיט דער עפּאָכע פון היטלער מיט אירע ווילדער געשרייען ׳יודע פאַרעקקע!׳ פּונקט אַזוי פאַרבינדן זיך די דמשק בלבול־אַפּערע פון 1840, מיט דער ווייט־פאַרברייטערטער רעאַקציע נאָך דער רעוואָלוציע פון 1948, מיט דער מאָרטאַראַ־פּרשה אין איטאַליע, מיט דער קריסטלעך־סאָציאַ־לער באַוועגונג אין דער ביסמאַרק־עפּאָכע, די טיסאַ־עסלער פּרשה אין אונגאַרן, מיט דעם צוריק אויפגעלעבטן בלוט־בלבול אין באָהעמיע, מיט די פּאָגראָמען פון 80־ער יאָרן אין רוסלאַנד, מיט דער דרייפוס־אַפּערע אין פראַנקרייך, מיט די פּאָגראָמען פון 5־1903 ווידער אין רוסלאַנד, מיט די אוקראַינער בלוט־בעדער נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און מיט גאַז־קאַמערן אין פּוילן אין דער איצטיקער וועלט־מלחמה.

„דאָס, מיינט פריינט, איז אונזער שטענדיקע פאַר׳עשקנ׳טע פּראָבלעם; דאָס איז אויך אונזער באַלדיקע שעת־חירום פּראָבלעם, וועלכע איז, צו אונזער

אומגליק, געווען ׳באַלדיק׳ כמעט אין אַלע דורות פון אונזער געשיכטע אין כמעט אַלע לענדער. וואָס מיר מוזן היינט קאָנפראָנטירן איז די שרעקלעכע צערייצונג און פאַרשאַרפונג פון אָט־דער לאַגע, וואָס האָט כסדר פאַרשוואַרצט די בלעטער פון אונזער געשיכטע, זינט דעם אָנהויב פון אונזער גלות.

„ובכן, וואָס איז די לייזונג צו אָט־דער שטענדיק באַשטייענדיקער שעת־חירום אין אונזער אידישן לעבן? עס גיט בלויז איין ענטפער צו אונזער באַציאָנאַלער הימלאָזיקייט, וועלכע — איך זאָג נאָכאַמאָל — איז דער הויפּט־קוואַל פון אונזער טויזנט־יעריקער טראַגעדיע — דער ענטפער איז: אַ אידישע נאַציאָנאַלע היים! ניט נייע וואַנדערונג־מעגלעכקייטן אין אַנדערע לענדער פאַר אונזערע אַנטלויפנדיקע פליטים; ניט קיין נייע קאָלאָניזאַציע־פּלענער ערגעצוואו אין אַנדערע ווינקלען פון דער וועלט, וואָס אַ סך אַזעלכע פאַרזוכן זיינען געמאַכט געוואָרן אין די לעצטע פאַר צענדליק יאָר און אַלע האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַזוי וויניק דערפאָלג. דער וועג צו נאָרמאַליזירן דעם פּאָליטישן סטאַטוס פון אידישן פאָלק אין דער וועלט איז נאָר איינער: פאַר־זיכערן פאַר אים אַ נאַציאָנאַלן באַזיס אין זיין נאַציאָנאַלער און היסטאָרישער היים".

* * *

רבי אבא הלל סילווער מאַכט דאָן אַ שפּאַציר איבער געשעענישן פון דער לעצטער צייט אין דער וועלט מיטן ציל צו באַווייזן, אַז די אויפגעקלערטע פון דער וועלט האָבן סוף־כל־סוף איינגעזען די ריכטיקייט פון אָט־דער לייזונג צו אונזער פּראָבלעם. ער שטעלט זיך אָפּ בעיקר אויף דער באַלפור־דעקלאַראַציע און ווי זי איז פאַרשטאַנען געוואָרן פון די וויכטיקסטע וועלט־פירער און ציטירט צוליב דעם די סטייטמענטס פון פּרעזידענט ווילסאָן, לאָיד־דזשאָרדזש, גענעראַל סמאַטס, ווינסטאָן טשוירטשיל און אַנדערע און באַווייזט, אַז אַלע האָבן אין דער דעקלאַראַציע געזען ניט עפּעס אַ פּלאַן צו עפענען אַ נייע מעגלעכקייט פאַר אידישער וואַנדערונג, נאָר די דעקלאַראַציע איז געווען „אַ פּאָליטיש־נאַציאָנאַלער אַקט, וואָס האָט באַצוועקט צוריק אויפצובויען דאָס נאַציאָנאַלע לעבן פון אידישן פאָלק אין זיין הימלאַנד". ער דערמאָנט די באַשלוסן פון דעם ערשטן אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס, וואָס האָט אין נאָמען פון אַלע אַמעריקאַנער אידן געפאָדערט, אַז „פּאַלעסטינע זאָל אַנטוויקלט ווערן אַזוי, אַז זי זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ אידישער קאָמאָנוועלט". און דאָן זאָגט ער:

„פאַרוואָס איז אַנטשטאַנען ביי אונז אַזאַ טויט־שרעק פאַרן טערמין ׳אידישע קאָמאָנוועלט׳, וועלכן די ענגלישע און אַמעריקאַנער מלוכה־מענער

האָבן אָנגענומען און אונזערע ברידער־אידן פון אַלע צדדים האָבן אינדאָרסירט מיט אַ פּערטל יאָרהונדערט צוריק? פאַרוואָס זיינען אַנטי־ציוניסטן, ניט־ציוניסטן און נייטראַלע אַזוי אַנטשלאָסן אויסצומעקן אַט דעם טערמין, און איך בין חושד, אַז אייניקע פון זיי ווילן אַפילו אויסמעקן אונזער האָפענונג אויף אַ אידישער מדינה.

„פאַרוואָס פאַרלאַנגען זיי פון אונז, אין נאָמען פון אַחדות, אויפצוגעבן אַ פּאָליטישן גרונט־באַגריף, וואָס איז געווען אַ טייל פון דעם פּלאַן אַרום דער באַלפור־דעקלאַראַציע? איך בין חושד, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל אייניקע פון זיי האָבן קיינמאָל ניט שלום געמאַכט, ניט מיט דער באַלפור־דעקלאַראַציע און ניט מיט דעם מאַנדאַט, וואָס די דעקלאַראַציע איז אַ טייל פון אים. זיי וואָלטן אינגאַנצן געוואָלט פאַרגעסן וועגןביידע; זיי וואָלטן געוואָלט, אַז די גאַנצע וועלט זאָל עס פאַרגעסן. אַוודאי האָבן זיי גאָרנישט קעגן דעם, אַז אידן זאָלן איינוואַנדערן קיין פּאַלעסטינע. פּונקט ווי זיי האָבן גאָרנישט קעגן דעם, אַז אידן זאָלן וואַנדערן קיין ניו־זעלאַנד, אָדער קיין אויסטראַליע, אָדער ערגעץ אַנדערשוואו אין דער וועלט.

„מען זאָגט אונז, אַז אונזער באַשטיין אויף אַ קאָמאַנוועלט איז אַ באַשטיין אויף בלויז אַן אַבסטראַקטער אידעאָלאָגיע. און מען פרעגט אונז, פאַרוואָס זאָלן מיר שאַפן אומאייניקייט אין די רייען פון אַמעריקאַנער אידנטום צוליב אַן אידעאָלאָגיע?

„אין פולער ערנסטקייט בעט איך אייך, פריינט, צו טראַכטן צוזאַמען מיט מיר — איז עס דען בלויז אַן אידעאָלאָגיע? איז דער נאַטירלעכער נאָרמאַלער אינסטינקט פון אַ היימלאָזן פאָלק צו געפינען פאַר זיך, נאָך יאָרהונדערטער פון היימלאָזיקייט, אַ היים, וואו ער זאָל קענען פירן אַ נאָרמאַלע, נאַטירלעכע עקזיסטענץ, בלויז אַן אידעאָלאָגיע? איז עס בלויז אַן אידעאָלאָגיע פאַר אַן ענגלענדער צו באַגערן זיין ענגלאַנד? איז עס בלויז אַן אידעאָלאָגיע פאַר אַ פראַנצויז צו וועלן זיין פרייע פראַנקרייך? און ווען איינער פון זיי וואָלט געווען פאַרטריבן פון זיין לאַנד, וואָלט עס געווען בלויז אידעאָלאָגיע, ווען ער וואָלט מיטן גאַנצן האַרצן געשטרעבט זיך אומצוקערן אַהיים? פאַרוואָס איז עס אַן אידעאָלאָגיע בלויז פאַרן פאָלק ישראל צו וועלן צוריק באַקומען זיין לאַנד, פון וועלכן ער איז פאַרטריבן געוואָרן מיט הונדערטער יאָרן צוריק און דורכדעם פאַרלוירן זיין פרידן, זיין רו און דעם סאַמע נחת פון לעבן?

„איז עס געווען בלויז אַן אידעאָלאָגיע, וואָס האָט געהאַלטן 19 הונדערט יאָר נאָכאַנאַנד לעבעדיק אין אונזער פאָלק די האָפענונג אויף נאַציאָנאַלן ווידעראויפבוי אין ארץ־ישראל? זיינען דען דאָס ניט געווען דווקא די האַרטע,

אַכזריות'דיקע פאַקטן פון אונזער עקזיסטענץ, קעגן אַלע גלותן, באַליידיקונגען און פאָגראָמען; זיינען עס ניט געווען די זעלביקע פאַקטן פון אונזער געשיכטע, וואָס האָבן דערמעגלעכט אונזערע איבערלעבונגען במשך פון דער איצטיקער קאַטאַסטראָפע, וועלכע ציט זיך אָן אַן אויפהער פון 1917 ביז 1943?

„ניט מיר באַשטייען אויף אידעאָלאָגיעס. מיר באַשטייען אויף דער פולער דורכפירונג פון פאַרפליכטונגען, וואָס זיינען אונז געגעבן געוואָרן; מיר באַשטייען אויף רעספעקטירן אָפּמאַכן, וואָס זיינען געשלאָסן געוואָרן מיט אונז. מיר פאַרלאַנגען ניט קיין נייע זאַך. דווקא אַנדערע עצה'ן אונז זיך אָפּצוזאָגן פון אָט־די פאָדערונגען, וועלכע זיינען שוין אָנערקענט געוואָרן דורך אינטער־נאַציאָנאַלע באַשטעטיקונגען. דווקא אונזערע קעגנער ווערן באַוועגט דורך אַבסטראַקטע אידעאָלאָגיעס. די אידעאָלאָגיע פון אונזערע קעגנער איז צוריק אויפצוועפענען אַ פראַגע, וואָס האָט אין פולער געוויסנהאַפטיקייט געדאַרפט זיין פאַרענדיקט אין 1917".

מען דאַרף נאָך נעמען אין חשבון דעם גוואַלטיקן אָראַטאָרישן טאַלאַנט, וואָס סילווער האָט פאַרמאָגט און זיין אויסערגעוויינטלעכע פעאיקייט אַריבער־צופלאַנצן אין די הערצער פון זיינע צוהערער דעם טיפן הייליקן אויפברויז, וואָס האָט אים אַליין באַהערשט, ווען עס האָט פון אים אַרויסגערעדט דער קול פון ישראל סבא.

איבעריק נאָכאַמאָל אונטערצושטרייכן, אַז אָט־די רעדע האָט איבערגע־לאָזט אַ מעכטיקן רושם אויף דער גאַנצער גרויסער אַסיפה. דאָס איז געווען איינע פון די דערהויבנסטע מאָמענטן אויף יענעם אימפּאָזאַנטן אַמעריקאַנער אַל־אידישן צוזאַמענקונפט, וואָס האָט געהאַלטן אין כמעט כסדר'דיקער התרוממות הנפש ניט נאָר די 500 דעלעגאַטן, נאָר אויך די עטלעכע טויזנט געסט, וואָס האָבן אָנגעפילט די זאַלן פון וואַלדאָרף־אַסטאָריאַ אין ניו־יאָרק.

* * *

איך מוז איצט, צו מיין טיפסטן ווייטיק, אַריבערגיין צו אַ מינאָרנעם טאָן. דווקא ווייל איך דערמאָן מיך אין יענע גרויסע גייסטיקע איבערלע־בונגען ווער איך אַרומגענומען פון ווייטיק איבער דעם גאָרנישט פריילעכן סוף פון אָט־דעם געוואַגטן נייעם פאַרזוך אַרייַנצוברענגען אָרגאַניזירטע אַחריות אין אַמעריקאַנער אידנטום. נאַטירלעך האָט די אַמעריקאַנער אידישע קאָנפע־רענץ געוויילט אירע אינסטאַנצן דורכצופירן אירע ווייט־אומפאַסנדיקע באַ־שלוסן און אַוודאי האָט יעדע ריכטונג געזוכט צו האָבן איר אָרט אין אָט־די אינסטאַנצן. די 500 דעלעגאַטן זיינען זיך צעפאָרן אין זייערע שטעט און שטעטלעך, מיטטראָגנדיק די האָפענונג, אַז אַ גרויסע נייע זאַך איז געבוירן

געוואָרן אין אַמעריקאַנער אידנטום. ווי לאַנג זיי האָבן זיך געשפּיזט מיט אַט־דער האָפענונג איז שווער צו וויסן. אַ סך חדשים נאָכן שלוס פון דעם גרויסן כינוס האָט אַ גרופּע אַמעריקאַנער אידן, מיט לואי ליפּסקי בראש, געזוכט, דורך ענערגישער אַרבעט און גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקייט, אָנצוהאַלטן דעם רוח חיים פון דער ביי־געשאַפענער קערפּערשאַפט. אָבער גאָר שנעל האָבן אָנגעהויבן ניכר ווערן די נעגאַטיווע קאַפּריזן אין אונזער געזעלשאַפט־לעכן לעבן. דער הויפּט־קאַפּריז, ווי איך זע אים, איז דער קאַפּריז פון יעדן וואָס זיצט ערגעץ ביי אַ דעסק און פאַרנעמט דורכדעם אַ געוויסע פּאָזיציע אין דער געזעלשאַפט, צו קעמפן מיט אַלע כוחות אַט־די פּאָזיציע אָנצוהאַלטן. ווי וויפל שאָדן אַט־דער קאַפּריז ברענגט אין אַלע באַוועגונגען — אונזער אייגענע באַוועגונג ניט אויסגעשלאָסן. אפשר וועט מען אַמאָל דאַרפן אויך דעם שאָדן, וואָס אַט־די קאַפּריזן האָבן געבראַכט אונזער אייגענער באַוועגונג, ערגעץ פאַררעגיסטרירן. דערווייל האַלטן מיר ביים קאַפּיטל אַמעריקאַנער אידישע קאָנפערענץ און מיט טיפסטן באַדויערן מוז איך רעגיסטרירן וואָר, נאָך מיין מיינונג, איז געווען אַממערסטן פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן דורכפאַל אויך פון אַט־דעם פאַרזוך.

אוודאי ווייס איך, אַז עס זיינען געווען גרופּירונגען וואָס זיינען געקומען צו דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנפערענץ מלכתחילה ניט מיטן גאַנצן האַרצן. עס איז ניט מיין אויפגאַבע דאָ צו פירן וויכוחים מיט זיי. אָבער זיי קען איך כאָטש פאַרשטיין. זיי האָבן גערעכנט, אַז עס איז ניט אין איינקלאַנג מיט זייערע פּרינציפּן זיך אונטערגעבן דער דיסציפּלין פון אַן אַל־אידישער רעפּרעזענטאַנץ. צי דאָס איז דער אַמעריקאַנער אידישער קאָמיטעט, וואָס האָט עס געמאַכט פאַר זיין „פּרינציפּ" ניט צו געהערן צו אַ צענטראַלער אידישער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל דורך אַ מאַיאָריטעט קענען אָננעמען אַ באַשלוס, מיט וועלכן דער קאָמיטעט איז ניט מסכים; אָדער געוויסע טיילן פון דעם אידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, וואָס האָבן דאַן נאָך אַלץ זיך ניט געקענט באַפרייען פון דער איינגערעדטער איינשטעלונג קעגן מיטאַרבעטן מיט כל־ישראל. מיר שיינט, אַז דער הויפּט־פאַקטאָר, וואָס האָט געפירט צום דורכפאַל איז גאָר דאַן געווען דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס. זיינע דעמאָלטיקע פירער האָבן ניט געפונען אין זיך דעם מוט צו זאָגן זיך און זאָגן דער אידישער וועלט, אַז ווען עס איז סוף־כל־סוף אויפגעשטעלט געוואָרן אַן אַל־אידישער אַדרעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָב איך, אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס, מיין ציל דערגרייכט. וואָלט ער — דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס — יאָ פאַרמאָגט אין זיך אַט־דעם מוט, וואָלט ער געקומען

## ב ר ו ך   צ ו ק ע ר מ אַ ן

צו דער לעצטער סעסיע פון דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנפערענץ און געזאָגט: „איך בין גליקלעך וואָס סוף־כל־סוף האָבן מיר אַ ברייטע אַל־אידישע רעפּרעזענטאַנץ. דאָס איז דאָך געווען מיין ציל ביים סאַמע אָנהויב פון מיין באַוועגונג. און ווען עס איז דאָ אַזאַ רעפּרעזענטאַנץ, האָב איך דערמיט פאַר־ענדיקט מיין אייגענע עקזיסטענץ". אַט אַזוי האָט ער געדאַרפט זאָגן און טאַקע ציען דערפון די געהעריקע מסקנות. דאָס האָט ער ניט געטאָן. פאַרקערט! ער האָט געקעמפט פאַר זיינע דעסק־אינטערעסן אַפילו אין די אינסטאַנצן פון דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנפערענץ. דערמיט איז אויך באַשאַפן געוואָרן די אוממעגלעכע סיטואַציע פון דער עקזיסטענץ פון צוויי צענטראַלע קערפערשאַפטן פאַר די זעלביקע צילן. דאָס האָט לאַנג ניט געקענט אויס־האַלטן. און טאַקע אויף דעם כינוס פון דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנפע־רענץ אין יאָר 1947, פונקט אין יענע גרויסע טעג פון דער אָפּשטימונג אין יו־ען וועגן אויפשטעלן אַ אידישע מדינה אין אַ טייל פון ארץ־ישראל, איז קלאָר געוואָרן, אַז די אַמעריקאַנער אידישע קאָנפערענץ קען ווייטער איר עקזיסטענץ ניט אָנהאַלטן.

# וועגן „יד ושם"

א.

אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל האָב איך פאַרצייכנט, אַז דער געדאַנק איז געבוירן געוואָרן פריער אין ארץ־ישראל און שפּעטער אין צפון־אַמע־ריקע. איך האָב אויך פאַרצייכנט, אַז די איניציאַטאָרן אין צפון־אַמעריקע האָבן ניט געהאַט קיין אַנונג, אַז אַן ענלעכער געדאַנק איז אויפגעקומען ערגעץ אַנדערש. לאָמיר דעריבער דאָ פאַרצייכענען אַביסל מער פּרטים וועגן די ביידע איניציאַטיוועס און וויאַזוי זיי זיינען סוף־כל־סוף צוזאַמענגעגאָסן געוואָרן אין איין איניציאַטיווע.

אין ארץ־ישראל איז דער געדאַנק אויפגעקומען אין דעם זייער פּרוכט־באַרן מח פון חבר מרדכי שנהבי פון משמר העמק. ער האָט אויסגעאַרבעט אַ פּיל־בריי טערן, גרעסערן און מער דעטאַלירטן פּלאַן, ווי די איניציאַטאָרן אין צפון־אַמעריקע. ער האָט זיין פּלאַן געהאַט פאַרטיק אַזוי פרי ווי אין 1942. אין סעפּטעמבער פון זעלביקן יאָר האָט ער זיין פּלאַן פאַרגעשלאָגן שריפטלעך דעם דירעקטאָריום פון קרן קימת. די איניציאַטאָרן אין צפון־אַמעריקע — ד״ר יעקב העלמאַן און איך — האָבן אָנגעהויבן אויסאַרבעטן זייער פּלאַן ערשט סוף 1944; און ערשט אין פעברואַר 1945 האָבן זיי געבראַכט זייער פּלאַן פאַר דער עקזעקוטיווע פון אידישן וועלט־קאָנגרעס. וועגן די אַנטוויקלונגען אין ארץ־ישראל וועל איך שפּעטער דערציילן, לויט דעם ווי זיי זיינען מיר באַקאַנט געוואָרן ערשט אָנהויב 1946, ווען איך האָב זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל און אַריינגעטראָטן, צוזאַמען מיטן חבר שנהבי, אין אַ קאָמיטעט וואָס האָט געדאַרפט דעם שפּעטער־פאַראייניקטן פּלאַן דורכ־פירן אין לעבן. איך האָב זיך דאַן דערוואוסט וועלכע שטיינער עס זיינען געלייגט געוואָרן איבעם וועג פון חבר שנהבי צו רעאַליזירן זיין פּלאַן. מער פּרטים וועגן דעם דאַרף אַמאָל דערציילן חבר שנהבי אַליין. איך קען נאָר דערציילן וועגן דעם, וואָס מיר איז אויסגעקומען דורכצולעבן איבעם פאַרזוך

צו רעאַליזירן דעם פּלאַן. דאַרף איך פעסטשטעלן, אַז איך האָב קיין שווערי־קייטן אין די ערשטע סטאַדיעס פון אָט־דער אַרבעט מיינער ניט באַגעגנט. מיינע שוועריקייטן האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן דאַן, ווען איך בין געוואָרן אַ פּאַרטנער צום חבר שנהבי אינעם פאַרזוך צו רעאַליזירן דעם פּלאַן. דאַן האָב איך שוין צוזאַמען מיט אים געטיילט די שוועריקייטן, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט דווקא אין ארץ־ישראל. אָבער פריער וועל איך דערציילן וועגן די שטאַפּלען וועלכע מיר זיינען דורכגעגאַנגען אין צפון־אַמעריקע.

* * *

וויאַזוי איז דער געדאַנק געבוירן געוואָרן אין צפון־אַמעריקע?

אין נאָוועמבער 1944 איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די ערשטע אַלוועלטלעכע אַסיפה פון אידישן וועלט־קאָנגרעס זינט דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. עס זיינען געקומען פאַרטרעטער פון דער גאַנצער אידישער וועלט. צווישן זיי פאַרטרעטער פון אַלע לאַטיין־אַמעריקאַנער אידישע ישובים מיט ד״ר יעקב העלמאַן בראש. ד״ר העלמאַן איז דאַן געווען דער פאַרטרעטער פון אידישן וועלט־קאָנגרעס פאַר גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע. ער איז אַהין דעלי־גירט געוואָרן תיכף ווי די צווייטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן. איך בין דאַן געווען הויפּט־פאַרוואַלטער פון אָרגאַניזאַציאָנס־דעפּאַרטמענט פון אידישן וועלט־קאָנגרעס. דערפאַר איז אויף אונז צוויי געפאַלן דער גרעס־טער טייל פון אחריות פאַר דעם דערפאָלג פון דעם גרויסן אַלוועלטלעכן אידישן כינוס, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אַטלאַנטיק־סיטי פון שטאַט ניו־דזשוירזי.

מיר ביידע, חבר העלמאַן און איך, האָבן זיך גוט געקענט פון אַ פּאָר צענדליק יאָר צוזאַמענאַרבעטן אין דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. צום סוף פון אָט־דעם קאַפּיטל גרייט איך זיך צו געבן אַ קורצע כאַראַקטע־ריסטיק פון אָט־דעם מערקווירדיקן מענטש, מיט וועלכן מיינע אַקטיוויטעטן האָבן אונז צוזאַמענגעבראַכט שוין אין די פריע צוואַנציקער יאָרן פון דעם יאָרהונדערט. ווען מיר האָבן זיך איצט, איבער צוואַנציק יאָר שפּעטער, גע־טראָפן אין אַטלאַנטיק־סיטי, איז דער חברישער בונד צווישן אונז נאָך פעס־טער געוואָרן. דערצו האָבן די אידישע צרות פון יענער צייט אונז נאָך פיל נענטער געבראַכט. מיר האָבן שוין דאַן געוואוסט פון דעם גאַנצן פאַרנעם פון אונזער גרויסן בראָך דורך דער היטלער־קאַטאַסטראָפע. אין די טעג פון דעם גרויסן כינוס האָבן מיר זיך באַטייליקט אין ברענגען פאַר דער ברייטער אידישער און ניט־אידישער עפנטלעכקייט די לאַגע, ווי מיר האָבן זי געזען

און די אַחריות וואָס דער גורל האָט אויף אונז, די אידישע שארית הפליטה, אַרויפגעלייגט.

נאָך דער גרויסער אַסיפה האָבן מיר ביידע, חבר העלמאַן און איך, געפילט די אַחריות וואָס איז אויף אונז צוויי אַרויפגעפאַלן צו העלפן דורכפירן די באַשלוסן פון אָט־דעם גרויסן אַלוועלטלעכן אידישן כינוס. ער איז געבליבן אַ פּאָר וואָכן אין ניו־יאָרק. אָט די וואָכן זיינען פאַר אונז געווען אַ לאַנג־פאַרצויגענער שמועס וועגן די פּראָבלעמען פאַר וועלכע מיר שטייען.

נאָך איינעם אַזאַ שמועס האָט חבר העלמאַן, אַזויווי כלאחר־יד, אַרויסגע־בראַכט אַזאַ מערקווירדיקן געדאַנק: אונזער כינוס האָט זיך באַשעפטיקט נאָר מיט דעם וואָס מיר מוזן טאָן פאַר די וואָס זיינען לעבן־געבליבן. אָבער צי זיינען מיר אויך ניט פאַרפליכטעט אויפצושטעלן אַ זכר צו די מיליאָנען פאַרטיליקטע?" דער דאָזיקער געדאַנק האָט תיכף אונז ביידן ממש אָנגעצונדן. נאָך וויטערדיקע געשפּרעכן האָב איך אויף זיך גענומען צוצוגרייטן שריפט־לעך אַ פּלאַן, וואָס זאָל אויסדריקן דעם רעזולטאַט פון אונזערע שמועסן וועגן דעם און ברענגען עס צו דער פירערשאַפט פון וועלט־קאָנגרעס. עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָב איך געפּיבערט איבער דעם. יעדן טאָג האָב איך זיך באַגעגנט מיט חבר העלמאַן, בכדי צוזאַמען דורכצוטראַכטן די פאַרשריבענע סעיפים. נאָך אַ 5־טאָגיקן פיבער, פריער פון מיר אַליין און דאַן צוזאַמען מיט חבר העלמאַן, איז גרייט געוואָרן דער גאַנצער פּלאַן.

און אָט איז דער פּלאַן ווי ער איז ענדגילטיק פאָרמולירט געוואָרן פון אונז ביידן און געבראַכט געוואָרן צו דער פירערשאַפט פון אידישן וועלט־קאָנגרעס.

* * *

## לזכרון עולם

1) אויפן הר הכרמל זאָל אויפגעשטעלט ווערן אַ מאָנומענט לזכר אונזערע קדושים וטהורים.

2) די בעסטע אידישע אַרכיטעקטן, סקולפּטאָרן און מאָלער זאָלן אויס־אַרבעטן דעם פּלאַן פאַר אָט־דעם מאָנומענט. צווישן אַנדערע דאַרפן אין אָט־דעם מאָנומענט זיך געפינען די פאָלגנדיקע אָפּטיילונגען:

א) באַזונדערער חדר אין וועלכן עס זאָלן אויפגעשריבן ווערן אויף פּאָר־מעטן די נעמען פון אַלע קדושים וואָס מען וועט קענען אויפזאַמלען. אַ באַזונ־דערער אַפּאַראַט דאַרף תיכף אויפגעשטעלט ווערן אָנצוהויבן זאַמלען די נעמען.

ב) אין אַ באַזונדערן גרויסן צימער זאָל אַריינגעבויט ווערן אַ גאַז־קאַמער.

אַמבעסטן וואָלט געווען ווען מען וואָלט אַהין געקענט אַריבערפירן אַ גאַז־קאַמער, אין וועלכן עס זיינען פאַרגאַזט געוואָרן אידישע קדושים.

ג) אין אַ באַזונדערן צימער זאָל אַריינגעשטעלט ווערן אַ וואַגאָן, וואָס האָט געפירט די קדושים צו די גאַז־קאַמערן.

ד) אין אַ באַזונדערן צימער זאָל אויפגעשטעלט ווערן אַ מין מאַסן־קבר, אויסגעאַרבעט פון אונזערע בעסטע קינסטלער.

ה) אַ באַזונדער צימער געווידמעט די געטאָ־קאַמפן.

ו) באַזונדערע חדרים פאַר יעדן לאַנד וואו די קאַטאַסטראָפע האָט דער־גרייכט און אין זיי זאָלן אויפגעזאַמלט ווערן אַלע דאָקומענטן וואָס זיינען שייך צו דער קאַטאַסטראָפע אין דעם געגעבענעם לאַנד. קאָפּיעס פון די נעמען פון די קדושים פון יענעם לאַנד (אין דעם ספּעציעלן צימער פאַר די קדושים דאַרפן אַלע נעמען געשריבן ווערן אויף פּאַרמעטן).

ז) אַ באַזונדער צימער פאַר ניט־אידן וועלכע האָבן געהאָלפן ראַטעווען אידן.

ח) אַ ספּעציעלער גרויסער זאָל מיט אַ פּאַסיקער ביבליאָטעק, וואו סטו־דענטן זאָלן קענען שטודירן די קאַטאַסטראָפע־תקופה.

ט) אַ ספּעציעלער בית־תפילה זאָל אויפגעבויט ווערן אין אָט־דעם מאָנומענט.

י) אַ ספּעציעלער בית־מדרש צו לערנען תורה.

יא) אין אַ ספּעציעלן צימער זאָלן זיך געפינען פּנקסים וואו עס וועלן פאַרצייכנט ווערן די נעמען פון אַלע ציגל־ביישטייערער אויפצושטעלן אָט־דעם נאַציאָנאַלן מאָנומענט.

3) דער אַרכיטעקט צוזאַמען מיט די קינסטלער זאָלן צוגרייטן פּאַסיקע אַנדרעטעס און פּאַסיקע אויפשריפטן פאַרן גאַנצן מאָנומענט בכלל און פאַר יעדער צימער באַזונדער.

4) דער אידישער וועלט־קאָנגרעס, די אידישע אַגענץ און די אידישע רעליגיעזע מוסדות זאָלן פּראָקלאַמירן יעדן יאָר אַ טרויער־טאָג לזכר די קדושים. יענעם טאָג זאָלן אידן עולה־רגל זיין צו אָט־דעם אויפגעשטעלטן מאָנומענט. אַמפּאַסיקסטן וואָלט געווען די אידישע דאַטע פון 19 אַפּריל 1943.

5) ווער עס באַטראַכט זיך ווי אַ קינד פון אידישן פאָלק טראָגט צו אַ ציגל צום אויפבוי פון אָט־דעם מצבת זכרון. יעדער ראש פון אַ משפחה דאַרף ביישטייערן אַזויפיל ציגל וויפל מיטגלידער די משפחה פאַרמאָגט. יעדער ציגל וועט פאַרצייכנט ווערן אויפן נאָמען פון יעדן מיטגליד.

6) דער מינימום־פּרייז פון אַ ציגל זאָל זיין: אין די פאַראייניקטע

שטאַטן 5 דאָלאַר; פאַר די שטערלינג-לענדער איין פונט שטערלינג; פאַר אַנדערע לענדער לויט זייער וואַליוטע. אָבער יעדער דאַרף באַצאָלן פאַר דעם ציגל וויפל ער קען נאָר זיך דערלויבן. די דורכשניט הכנסה דאַרף זיין 20 דאָלאַר פאַר אַ ציגל. מען דאַרף שטרעבן צו דערגרייכן אַ מינימום פון 5 מיליאָן ציגל. די געזאַמלטע הכנסה פון אָט־דער גרויסער אונטערנעמונג דאַרף דערגרייכן הונדערט מיליאָן דאָלאַר.

7) דאָס אויפגעזאַמלטע געלט דאַרף פאַרוועגדעט ווערן פאַר פאָלגנדיקע צילן: 5 מיליאָן אויף אויפשטעלן דעם מאָנומענט; 5 מיליאָן אויף אויפזאַמלען די נעמען פון די קדושים און אַלע אַנדערע דאָקומענטן פאַרן אַרכיוו פון דעם מאָנומענט. דער איבעריקער סכום זאָל צעטיילט ווערן: 50 פראָצענט פאַר דער אידישער אַגענץ פאַר איר אַרבעט איינצואָרדענען די שארית הפליטה אין ארץ־ישראל; 10 פראָצענט צו דער הסתדרות העובדים פאַר איר חלק אין דעם פאַרזוך איינצואָרדענען די שארית הפליטה און 40 פראָצענט זאָל איבערגעגעבן ווערן צו אַ פאַראייניקטער וועלט־קערפּערשאַפט פאַר די צוועקן פון רעליף און רעהאַביליטאַציע פון אידן מחוץ פון ארץ־ישראל. אויב אַזאַ קערפּערשאַפט וועט ניט אויפגעשטעלט ווערן, זאָלן די אינסטאַנצן פון אידישן וועלט־קאָנגרעס נעמען אויף זיך אָט־די אַרבעטן.

8) דער קומענדיקער חודש ניסן זאָל באַשטימט ווערן פאַר דער ציגל־אַקציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ביז דאַן דאַרפן מאָביליזירט ווערן וויניקסטנס 50 טויזנט וואָלונטירן, וועלכע זאָלן במשך דעם חודש באַזוכן יעדע אידישע משפחה אין די פאַראייניקטע שטאַטן און באַקומען פון זיי זייערע ציגל־שטייערן.

9) פון די ציגל־שטייערן טאָר ניט אויסגעגעבן ווערן קיין סענט פאַר דער ציגל־קאַמפּאַניע. יעדער תורם דאַרף צוטראָגן נאָך 25 סענט פאַר די קאָסטן פון דער קאַמפּאַניע.

10) בראש פון אָט־דער אונטערנעמונג זאָלן שטיין ד"ר חיים ווייצמאַן, ד"ר סטיפן וויז, הרב יצחק הערצאָג, אַלבערט איינשטיין און אלכסנדר זיסקינד ראַבינאָוויץ. ביז די געלטער וועלן איבערגעגעבן ווערן צו די אויבנדערמאָנטע קערפּערשאַפטן, זאָל הער בערנאַרד באַרוך פונקציאָנירן ווי דער גזבר פון דער גאַנצער אַקציע.

11) עס ווערט אויפגעשטעלט אַ וועלט־אָרגאַניזאַציע פאַר דער אַקציע פון „לזכרון עולם" און אַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס קענען זיך אין איר אָנשליסן. עס זאָלן אויסגעאַרבעט ווערן פּלענער לויט וועלכע אַלע לאַנדס־מאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציעס זאָלן זיך קענען באַטייליקן ניט נאָר אין זאַמלען

מאַטעריאַלן פאַרן אַרכיוו וועגן דער קאַטאַסטראָפע אין די שטעט פון וואַנען זיין קומען, נאָר אויך אין דער גאַנצער אַלגעמיינער אַרבעט.

12) צוויי וואָכן פאַרן חודש פון ציגל־קאַמפּיין ווערט צוזאַמענגערופן אין ניו־יאָרק אַ גראַנדיעזער פאָלקס־צוזאַמענפאָר, וואו דער ציגל־קאַמפּיין וועט פּראָקלאַמירט ווערן. אויף אַט־דער פאַרזאַמלונג זאָל געלייענט ווערן אַ דאָקומענט וואָס זאָל געבן אַ ריכטיקע אָפּשאַצונג פון דער גרויסער אונטער־נעמונג „לזכרון עולם". דער צוזאַמענפאָר זאָל געשלאָסן ווערן דורך אַ גרויסער פאָלקס־צוזאַמענקונפט אין מעדיסאָן סקווער גאַרדן.

אַט דעם פּלאַן האָבן מיר, ד"ר העלמאַן און איך, פריער געבראַכט צו ד"ר נחום גאָלדמאַן. מיר אַלע דריי האָבן אים געבראַכט צו ד"ר סטיפן וויז. די התלהבות פון דעם לעצטן פאַרן גאַנצן פּלאַן איז ממש געווען אָן אַ גרענעץ. דאָן האָבן מיר באַשלאָסן עס פאָרצוברענגען פאַר דער גאַנצער פירערשאַפט פון אידישן וועלט־קאָנגרעס.

* * *

דעם תמצית פון אַט־דעם פּלאַן האָבן מיר תיכף איבערגעטעלעגראַפירט צו דער אידישער אַגענץ אין ירושלים. פון זייערע ענטפערס האָבן מיר זיך דערוואוסט וועגן דער שנהבי־איניציאַטיווע אין ארץ־ישראל. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען איז פון ביידע צדדים באַשלאָסן געוואָרן צו וואַרטן מיט די פּלענער ביז אויגוסט 1945, ווען עס וועט פאָרקומען אַ זיצונג פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט. דאָרטן וועלן זיין די פירער פון ועד לאומי, די חברים יצחק בן־צבי און דוד רמז, וועלכע זיינען פאַראינטערעסירט אין דעם שנהבי־פּלאַן. דאָרטן וועלן מיר באַשליסן וויאַזוי צו קאָרדינירן ביידע איניציאַטיוועס.

אַזוי איז עס טאַקע געשען. דער רעזולטאַט פון יענער באַגעגעניש איז געווען, אַז אָנהויב 1946 קום איך קיין ארץ־ישראל אין נאָמען פון אידישן וועלט־קאָנגרעס אָנטייל צו נעמען אין דער רעאַליזירונג פון אַט־די פּלענער.

דערוויל איז פאָרגעקומען די לאַטיין־אַמעריקאַנער קאָנפערענץ פון אידישן וועלט־קאָנגרעס. דאָרטן האָב איך, אין נאָמען פון דער עקזעקוטיווע, פאָרגעבראַכט אונזער אַמעריקאַנער פּלאַן. ער איז דאָרט אויפגענומען געוואָרן מיט אומגעהויערער באַגייסטערונג. די גאַנצע קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן צו העלפן מיט אַלע כוחות דורכצופירן אַט־דעם פּלאַן.

וועגן דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג וועל איך דערציילן, ערשטנס, דורך אַ דאָקומענט, וואָס איז געווען דער ערשטער וואָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן פון דער פאַראייניקטער קאָמיסיע אין ארץ־ישראל. איך האָב דעם דאָקומענט צוגעגרייט אין אידיש. חבר דוד רמז האָט עס איבערגעזעצט אין

העברעאיש. דערביי האָט ער מיין טעקסט אַ רעכט־ביסל רעדאַקטירט. אין אָט־דעם דאָקומענט האָט שוין דער פּלאַן באַקומען זיין ענדגילטיקן נאָמען „יד ושם״ — ווי ווייט איך געדענק האָט דעם נאָמען פאָרגעשלאָגן טאַקע דער חבר דוד רמז עליו השלום. אויסער אָט־דעם דאָקומענט וועל איך געבן דעם תמצית פון אַ בריוו־אויסטויש, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו פירן וועגן „יד ושם״ מיט דעם באַרימטן פּאָעט מנחם באָרײַשאַ עליו השלום. דער תוכן פון אָט־דער חליפת־מכתבים וועט אויפקלערן די ספקות וואָס מענטשן פון גאָר הויכן גייסט האָבן געהאַט וועגן דעם גאַנצן פּלאַן פון „יד ושם״.

דער ערשטער דאָקומענט האָט געזוכט טעאָרעטיש צו באַגרינדן דעם „יד ושם״־געדאַנק און אויך אויפקלערן וועגן וויכטיקע איינצלנע סעיפים וואָס זיינען אין גאַנצן פּלאַן אַרייַנגעבראַכט געוואָרן. דער דאָקומענט האָט געטראָגן דעם נאָמען: „די צילן פון ׳יד ושם׳״. ער האָט אַרויסגעבראַכט אָט־די דאָזיקע צילן:

* * *

א. בעיקר העלפן איינשפּאַנען סיי דעם גרויסן חורבן פון אייראָפּעאישן אידנטום, סיי די אידישע גבורה פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין אַ זכר־קראַפט וואָס זאָל, ווי נאָך אַלע פריערדיקע אידישע קאַטאַסטראָפעס אָדער גבורות, אַריינגעפלאַנצט ווערן אינעם באַוואוסטזיין פון אידישן פאָלק, אַרייַנגעוועבט ווערן אין זיין לעבנס־שטייגער און דורכדעם אַרויסברענגען נייע המשך־תשוקות כדי פעסטער צו מאַכן די קיום־יסודות פון אונזער פאָלק בכל התפוצות און אַרויסרופן גאולה־בענקשאַפטן וואָס זאָלן שטאַרקער מאַכן די אָנשטרענגונגען פאַר בנין הארץ.

ב. אויפשטעלן אין ארץ־ישראל אַ זכר פאַר אַלע אידישע יחידים וואָס זיינען אויסגעקוילעט געוואָרן דורך די היטלער־האָרדעס און עס איז פון זיי ערגעץ אַפילו קיין קבר ניט געבליבן.

ג. אויפשטעלן אַ היכל פאַר אַלע אידישע זעלנער וואָס האָבן אָנטייל־גענומען אויף אַלע שלאַכט־פעלדער אין דער מלחמה קעגן פאַשיזם און נאַציזם און דורכדעם אַרויסברענגען דעם פולן שטייער וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט בייגעטראָגן צום נצחון אין דער גרעסטער פרייהייטס־מלחמה פון דער מענטש־הייט׳ס געשיכטע.

ד. אויפשטעלן אין „יד ושם״ אַ זכר פאַר אַלע חרוב־געוואָרענע אידישע קהילות, דורך וועלכע עס זאָל איבערגעגעבן ווערן לדורות אַלץ וואָס די קהילות האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט: די געשיכטע פון דער קהילה, די אנשי־רוח וואָס זי האָט אַרויסגעגעבן אויף אַלע געביטן פון אידישער יצירה,

די גייסטיקע עשירות פון גאַנצן קאָלעקטיוו און וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט דורך זייער פאַרוויסטונג פאַרלוירן.

ה. דערציילן פאַר דער צוקונפט וועגן דעם אוממענטשלעכסטן פאַר־ברעכן וואָס איז ווען עס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן אַ פאָלק און דורכדעם זאָל זיך טראָגן אונזער אייביקער פלוך אויף די קעפּ פון יענע, וואָס זיינען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם.

ו. אויפזאַמלען אַלע אידישע קולטור־אוצרות וועלכע דער צורר האָט ניט באַוויזן צו פאַרניכטן, אַלע מאַטעריאַלן וואָס האָבן אירגענד וועלכן ווערט: רעליגיעזן, נאַציאָנאַלן, קולטורעלן, היסטאָרישן און אויפבעוואַרן זיי אין די אַרכיוו־אוצרות פון „יד ושם".

דאָס זיינען די הויפּט־צילן פון „יד ושם". יעדער איינער פון זיי וועט מיט זיך מיטברענגען וויכטיקע באַגלייט־דערגרייכונגען, וואָס וועלן פאַרשטאַרקן די פאַרבינדונגען צווישן אַלע טיילן פון פאָלק אין גאַר דער וועלט, פאַרטיפן אומעטום דאָס געפיל פון עם אחד וגורל אחד און ענגער פאַרקניפּן יעדן אידן, וואו ער זאָל ניט לעבן, מיט ארץ־ישראל און מיט איר ישוב.

זכר פאַר יחידים. דער דאָזיקער ציל איז אַזוי עלעמענטאַר, אַז ער נויטיקט זיך ניט אין קיין פירוש. ניטאָ קיין לעבן־געבליבענער איד אין דער וועלט וואָס זאָל ניט פילן אַ פערזענלעכן חוב אויפצושטעלן אַ מצבה פאַר די אומגעבראַכטע מיטגלידער פון זיין משפחה. וואָלט ער געוואוסט פּינקטלעך דאָס אָרט וואו זיינע קדושים זיינען אומגעקומען, וואָלט ער געזוכט דאָרטן אויפצושטעלן פאַר זיי מצבות. אין מיליאָנען פאַלן ווייס מען ניט דעם דאָזיקן אָרט. זייער טויט איז געווען דורכאויס אַ אידישער, ווייל אַלס אידן זיינען זיי אויסגעמאָרדעט געוואָרן, אָבער צו קבורת ישראל האָבן זיי ניט זוכה געווען. „יד ושם" וועט העלפן יעדן לעבן־געבליבענעם קרוב אויסלייזן זיינע קדושים פון אָט־דעם בזיון המת. „יד ושם" וועט העלפן דעם לעבן־געבלי־בענעם אידן אויפצושטעלן אַ זכר פאַר זייער קרובים־קדושים אין דעם הייליקסטן אָרט אויף דער וועלט: אינעם „היכל יזכור", וואָס וועט אויפגעבויט ווערן לזכר פון אַלע זעקס מיליאָן אידישע קדושים און אין דעם צענטראַלסטן פּלאַץ פון דער גאַנצער אידישער געשיכטע — אין ארץ־ישראל. קינדער און קינדס־קינדער וועלן קענען אָט־דעם הייליקן אָרט באַזוכן און זיך מתיחד זיין מיט דער נשמה פון זייער פאַרשניטענעם קרוב, תוך כדי התיחדות מיט די נשמות פון אַלע אַנדערע אידישע קדושים פון דער איצטיקער חורבן־עפּאָכע.

היכל פאַרן אידישן זעלנער. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דאָס

אידישע פאָלק צוגעטראָגן אַ שטייער וואָס איז פאַרטיילט אין דריי קאַטע־גאָריעס. די ערשטע קאַטעגאָריע — די זעקס מיליאָן קרבנות וואָס מען האָט פון אונז מיט געוואַלט אַוועקגענומען. די צווייטע קאַטעגאָריע — די איבער אַ מיליאָן מיט אַ פערטל אידישע זעלנער, וועלע מיר האָבן, פונקט ווי אַלע פעלקער, מיט אונזער איגענעם ווילן צוגעטראָגן צו אַלע שלאַכטפעלדער. אָבער אָט־דער גרויסער שטייער אונזערער צום נצחון איבערן נאַציזם וועט אין דעם וועלט׳ס ספר הזכרון פאַרשריבן ווערן — ניט אויף אונזער נאָמען. איבער אַ האַלבער מיליאָן פון אונזערע זעלנער וועלן פאַרשריבן ווערן אויף דער קאָנטאָ פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע. כמעט אַן ענלעכע צאָל וועט פאַרשריבן ווערן אויפן חשבון פון סאָוועט־רוסלאַנד. קלע־נערע צאָלן וועלן פאַרשריבן ווערן אויף די קאָנטאָס פון אַלע מדינות, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. צוזאַמען וועט אַלזאָ פון אונזער נאַציאָנאַלער קאָנטאָ אינעם וועלט׳ס ספר הזכרון אַוועקגענומען ווערן אַרום אַ מיליאָן מיט אַ פערטל אידישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן סיי זייער בלוט, סיי זייער גבורה אַריינגעגאָסן אין די ים׳ען פון בלוט און גבורה וואָס האָט דער מענטשהייט געקאָסט זיך צו באַפרייען פון דעם פינסטערן געשפענסט פון נאַציזם. אויף אונזער נאַציאָנאַלער קאָנטאָ וועלן בלייבן בלויז יענע אידישע זעלנער — אונזער דריטע קאַטעגאָריע — וועלכע דער אידישער ישוב אין ארץ־ישראל האָט מאָביליזירט און צוגעשטעלט צו די אַרמייען פון דער וועלט, ווייל בלויז דער ארץ־ישראל׳דיקער איד איז ניט קיין געשפּאָלטענער צווישן איד־זיין און זיין נאָך עפּעס דערצו. איבערלאָזן אַזאַ צושטאַנד וואָלט געווען אַ פעלשונג פון אונזער געשיכטע. מיר קענען ניט און מיר טאָרן ניט מוותר זיין אויף אונזער רעכט צו פאַררעכענען אויף אונזער קאָנטאָ די איבער אַ מיליאָן מיט אַ פערטל סאָלדאַטן וועלכע מיר האָבן בייגעשטייערט צו דער מלחמה און וואָס איבערשטייגט לויט פּראָצענט יעדן פאַרגלייך מיט אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט.

מיר קענען ניט און ווילן גאָר ניט אַרויסנעמען פון די חשבונות פון אַנדערע פעלקער זייערע אידישע בירגער. מיר ווילן אָבער און מיר מוזן אין איין אָרט אין דער וועלט — נאַטירלעך אין ארץ־ישראל! — פאַרצייכענען אונזער פולן שטייער אין דער דאָזיקער מלחמה.

„יד ושם" וועט דעריבער צוזאַמען מיטן „היכל יזכור" אויפשטעלן אַ צווייטן היכל — „היכל הגבורה" — וואוהין עס וועלן צוזאַמענגעבראַכט ווערן די נעמען פון אַלע אידישע זעלנער פון אַלע לענדער, פון אַלע קהילות און פון אַלע שלאַכטפעלדער און דאָרטן אויפבעוואַרט ווערן לדורות, אַן אייביקער

צייכן פון דער פולער מאָס פון אידישער גבורה וואָס איז אַריינגעגעבן געוואָרן אינעם נצחון פון דער מענטשהייט איבער נאַציזם.

דאָס זיינען די צוויי זכר־זיילן אויף וועלכע „יד־ושם״ איז אויפגעבויט. אויסער דעם וועלן אַריינגעבויט ווערן ספּעציעלע ביתנים פאַר:

ספּעציעלע אונטערשטרייכונגען. אין פאַרבינדונג סיי מיטן חורבן, סיי מיט אונזער גבורה זיינען פאַרגעקומען געשעענישן וואָס פאַרפליכטן אונז זיי ספּעציעל צו אונטערשטרייכן אין „יד ושם״. אין מיטן פון דער השמדה פון אונזערע זעקס מיליאָן קדושים זיינען אויפגעשטאַנען די מורדי הגיטאות אונזערע; אין דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה און אויף אַלע אירע פראָנטן זיינען געווען אַקטיוו אונזערע פּאַרטיזאַנען און אונזערע גאָרילאַ־קעמפער פון פאַרשיידענע מינים; פון אונזער מיליאָן און אַ פערטל זעלנער האָבן צענדליקע טויזנטער באַצאָלט מיט זייערע לעבנס; די ארץ־ישראל׳דיקע אידישע בריגאַדע האָט איר באַזונדערן שטייער צוגעטראָגן סיי צו דער מלחמה, סיי צו דער רעטונג פון אידישע לעבנס; די געניטע פאָרשונג פון דער דאָזיקער עפּאָכע וואָס „יד ושם״ וועט דורכפירן דורך אַ רייע פון אונזערע אנשי רוח, וועט זיכער אַרויסברענגען נאָך אַנדערע געשעענישן, וואָס פאַרדינען אַ ספּעציעלע היסטאָרישע אונטערשטרייכונג — פאַר אַלע די־דאָזיקע געשעענישן וועט „יד ושם״ אויפבויען ספּעציעלע ביתנים — צווישן די צוויי הויפּט־היכלות פון יזכור־און גבורה — וואו אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט דער געגעבענער ספּעציעלער געשעעניש וועט אַריינגעזאַמלט און אָפּגעהיט ווערן.

אַזאַ באַזונדערן ביתן וועט „יד ושם״ אויך אויפשטעלן לזכר פון יענע חסידי אומות העולם, וואָס אַ גענויע פאָרשונג וועט פעסטשטעלן, אַז זיי האָבן מיט אייגענעם מסירת נפש געזוכט צו ראַטעווען אידישע לעבנס און אידישע האָב און גוטס פון די הענט פון די צוררים. „יד ושם״ וועט עס טאָן צוליב צוויי צילן: ערשטנס צוליב דעם היסטאָרישן אמת גופא. מיר דאַרפן איבערגעבן לדורות אַלע דערשיינונגען פון דער איצטיקער תקופה. דאָרטן וואו אונזער אייגענע אידישע קדושה וגבורה וועט פאַראייביקט ווערן טאָר אויך ניט פעלן די מעשים פון קדושה וגבורה פאַר אידישער רעטונג דורכגעפירט דורך ניט־אידן, אויב זיי זיינען נאָר געטאָן געוואָרן לשמה. צווייטנס וועט דער דאָזיקער ביתן באַווייזן, אַז די וואָס האָבן באמת געוואָלט ראַטעווען האָבן טאַקע גע־ראַטעוועט, אָפּלייקנדיק אַלע תרוצים אַז מען האָט ניט געקענט ראַטעווען.

מאָנומענטן פאַר אידישע קהילות. עס זיינען חרוב געוואָרן אידישע קהילות, וואָס יעדער איינציקע פון זיי האָט פאַרמאָגט איר אייגענעם לעבן,

איר אייגענעם גייסטיקן אויסזען, איר אייגענע געשיכטע. יעדע קהילה האָט אַרויפגעלייגט איר חותם אויף יעדער איין אידן וואָס איז אין איר געבאָרן געוואָרן און האָט אַריינגעטראָגן איר אייגענעם פּלוס אין דעם גרויסן שטראָם פון דער אידישער געשיכטע. פיל פון זיי האָבן פאַרמאָגט אַזויפיל אייגנאַרטיקע שעפערישע קראַפט, אַז זיי זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין סימבאָלן: סימבאָלן פון תורה, סימבאָלן פון עבודה, סימבאָלן פון חסידים, סימבאָלן פון נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען, סימבאָלן פון קדושה און סימבאָלן פון גבורה. אַ כמעט טויזנט־יעריקע געשיכטע איז איבערגעהאַקט געוואָרן. דעם זכר פון אָט די קהילות און וואָס זיי האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט, וועט „יד ושם" צוזאַמענברענגען. קודם־כל וועלן פאַך־מענטשן צוגרייטן פּנקסים פון יעדער קהילה אין וועלכע איר גאַנצע געשיכטע, פון איר אָנהויב ביז איר פאַרניכטונג, וועט איבערגעגעבן ווערן. אויסער דעם וועט פאַרן אַריינגאַנג אין היכל יזכור, אין רעליעף, אויסגעשפּרייט ווערן די שׂחה אירופּה לויט איר געאָגראַפישן אויסזען און באַצייכענען יעדע אידישע קהילה אויף איר געאָגראַפישן אָרט. די גרעסטע קינסטלער צוזאַמען מיט די בעסטע אידישע אַרכיטעקטן וועלן אויסאַרבעטן די נויטיקע אויסדרוק־פאָרמען, וואָס זאָלן פון איין זייט איבערגעבן די כאַראַקטעריסטיק פון יעדער קהילה באַזונדער און פון דער אַנדער זייט אַרויסברענגען דעם געזאַמטן חורבן פון גאַנצן אייראָפּעאישן אידנטום — דורכדעם וועט „יד ושם" געבן די מעגלאַכקייט אַלע יוצאי קהילות צו טאָן דעם לעצטן חסד מיט דער קהילה אין וועלכער זיי זיינען געבאָרן געוואָרן. דורכדעם וועט „יד ושם" געבן די מעגלאַכקייט אידן פון היינט און אידן פון מאָרגן און חסידי אומות העולם פון אַלע צייטן צו קענען קומען און זען וועלכע פאַרוויסטונגען דער צורר האָט געבראַכט אויף אונז. דורכדעם זאָלן קריגן אַ תיקון די גייסטיקע עשירות וואָס אונזער פאָלק האָט פאַרמאָגט, ווייל דאָס וועט העלפן אַריבערטראָגן אין נשמות פון נייע דורות אַלע גייסטיקע זאַפטן וואָס האָבן געשפייזט די יצירה־כוחות פון דעם פאַרניכטעטן אייראָפּעאישן אידנטום.

זכור את אשר עשה לך. דער מענטשלעכער מוח האָט זיך נאָך ניט דערטראַכט צו אַ נקמה וואָס זאָל זיך קענען פאַרמעסטן מיט די שענדלעכע אכזריותן פון מיידאַנעק, אַשוויענטשים און אַנדערע מאָרד־ און ברען־פונקטן וואָס די צוררים האָבן אויפגעשטעלט און האָבן דאָרטן דורכגעפירט זייער סאַטאַנישע פּלענער קעגן דעם אידישן פאָלק. געבליבן איז אונז בלויז איין וועג ווי אַזוי צו רעאַגירן קעגן דעם — דער אַלטער וועג פון „זכור את אשר עשה לך עמלק". „יד ושם" וועט עס זוכן אַרויסזאָגן אויפן בולט׳סטן אופן, כדי סיי אונזער איי־

גענער געוויסן, סיי דער געוויסן פון דער מענטשהייט זאָל קיינמאָל ניט איינ־געשטילט ווערן, כדי צוזאַמען צו זוכן וועגן ווי זיך צו פאַרפאַנצערן קעגן אַן ענלעכן אויסברוך פון דער מענטשלעכער חיה.

ראַטעווען אונזערע קולטור־אוצרות. די פולע מאָס פון פאַרוויסטונג אויף דעם געביט וועט שוין וואַרשיינלעך קיינמאָל ניט קענען פעסטגעשטעלט ווערן. ווער קען וויסן וויפיל כתבי־יד עס זיינען פאַרניכטעט געוואָרן? ווער קען וויסן וועלכע פאַרענדיקטע אָדער אַפילו בלויז אָנגעהויבענע ווערק עס זיינען שוין אויף אייביק פון אונזער קולטור־אוצר אַוועקגענומען געוואָרן? אין די לעצטע צענדליקע יאָרן האָט דאָך אַרויסגעשטראָמט אידישע יצירה־קראַפט אויף אַלע געביטן, רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע, קולטורעלע מיט אַזאַ אימפעט, אַזוי ווי זי וואָלט געוואוסט אַז איר שאַפונגס־צייט איז באַגרעניצט; אַז אַ האַק וועט זיך אויפהויבן סיי אויף אונזער גייסט, סיי אויף אונזער סאַמע לייב־און־לעבן. זי האָט דעריבער געזוכט אָנצוגרייטן אין דעם אידישן גייסט־שפייכלער אומגע־הויער פיל שפייז פאַר קומענדיקע דורות. פיל פון אָט דעם גייסטיקן שפייז איז טאַקע אַריינגעזאַמלט געוואָרן אין אונזערע געשיכטלעכע שייערן. פיל איז אויך פאַרניכטעט געוואָרן. עס איז אָבער אויסער יעדן ספק אַז פיל קולטור־אוצרות אונזערע וואַלגערן זיך נאָך ערגעץ אין קעלערן, אויף בוידעמער, באַהאַלטן אין פאַרשיידענע באַהעלטענישן, באַגראָבן אין פאַרשיידענע ערדן. „יד ושם" וועט אויפשטעלן אַן אַפּאַראַט וואָס זאָל פאָרשן, זוכן און ראַטעווען, וואָס נאָר עס וועט מעגלעך זיין. געראַטעוועטע תשמישי קדושה וועלן אויף אַ פּאַסיקן אופן אָפּגע־היט ווערן אין די מוזייען פון „יד ושם". וויכטיקע כתבי־יד וועט „יד ושם" אָפּדרוקן. מאַטעריאַלן פון היסטאָרישער באַדייטונג וועלן געפינען זייער פּלאַץ אין די אַרכיוון פון „יד ושם". ספּעציעלע בתי־עיון וועלן אויפגעשטעלט ווערן, וואו אידישע גייסט־מענטשן וועלן שטודירן די דאָזיקע מאַטעריאַלן און זאָרגן דערפאַר, אַז אַלץ וואָס האָט אירגענד וועלכן קולטור ווערט זאָל אַריינגעבראַכט ווערן אין אונזערע נאַציאָנאַלע צנורות, כדי גייסטיק רייכער מאַכן דעם לעבע־דיקן אידישן מענטשן בכל מקום שהוא און דינען אַלס סטימול פאַר ווייטערדי־קע אידישע יצירות.

זכר קראַפט. מיר באַטראַכטן דעם דאָזיקן ציל אַלס וויכטיקסטן אין דעם גאַנצן פּלאַן פון „יד ושם". דאָס אידישע פאָלק האָט דעמאָנסטרירט אַ ספּעציעלע פיאַיקייט איינצושפּאַנען זיינע היסטאָרישע פּאַסירונגען אין אַ זכר קראַפט, וואָס האָט גענערירט המשך־זאַפט פאַר נייע דורות. אַזוי איז יציאת מצרים געוואָרן דער זכר ליציאת מצרים — אַ גוואַלטיקער קאַנאַל דורך וועלכן עס

זיינען אַריינגעפּלאָסן פּריוואַטע-תשוקות אינעם אידישן פאָלק; אַזוי האָבן די חורבונות — דורך זכר לחורבן — אַריינגעגאָסן כיסופי גאולה אין אַלע אונזערע דורות; אַזוי האָבן די מלחמות היהודים — דורך זכר לגבורה — אַריינגעשטראָמט מוט און האָפענונג אין אַלע דורות אונזערע. יעדער סאָרט זכר איז — דורך ספּעציעלע געדענק-טעג — אַריינגעוועבט געוואָרן אין דעם אידישן לעבנס-שטייגער. יאָר-איין יאָר-אויס האָט זיך די אידישע מחשבה אָקערגעטאָן צו יענע פּאַסירונגען און די אידישע נשמה איז פול געוואָרן מיט די בענקשאַפטן וואָס זיי האָבן אַרויסגערופן.

„יד ושם" באַצוועקט צו העלפן פאַרוואַנדלען די גרויסע עפּאָכע וואָס אונזער פאָלק האָט דורכגעמאַכט אין אַ נייעם זכר-קראַפט פאַרן אידישן פאָלק.

עס זיינען דאָ צוויי הויפּט וועגן ווי אַזוי איינצוזאַמען אַן עפּאָכע און פאַרוואַנדלען זי אין זכר קראַפט. איינע — דורך אַ ספר, די צווייטע — דורך גרויסע בנינים, דורך מאָנומענטן. דאָס אידישע פאָלק דאַרף אין דער איצטיקער עפּאָכע באַנוצן זיך מיט ביידע וועגן: סיי דאָס בוך, סיי בנינים-מאָנומענטן.

אין צוויי הויפּט פּונקטן אונטערשיידעט זיך אונזער איצטיקע עפּאָכע פון אַלע פריערדיקע עפּאָכן אין אונזער צוויי-טויזנט-יעריקן גלות. ערשטנס איז דאָס גייסטיקע לעבן פון אידישן פאָלק אין דער איצטיקער עפּאָכע ניט אַזוי קאָנצענטרירט אויסשליסלעך אויפן רעליגיעזן געביט, ווי אין די פריערדיקע עפּאָכעס. מיר נעמען דערמיט ניט קיין שטעלונג צו דער עצם דערשיינונג. גוט אַזוי צי שלעכט — דער פאַקט בלייבט אַ פאַקט. צווייטנס איז אין די פריערדיקע עפּאָכן אונזער לעבן געווען כולו אין גלות מיט בלויז בענקשאַפטן צו ארץ-ישראל. אין אונזער עפּאָכע האָבן מיר אַ פעסט-פאַרוואָרצלטן אידישן ישוב אין ארץ-ישראל.

ווען אונזער גייסטיקער לעבן איז געווען קאָנצענטרירט כמעט אויסשליסלעך אין רעליגיע איז געווען געניג דער ספר אַליין פאַר זכר צוועקן. הגדה פאַר יציאת מצרים, איכה פאַרן חורבן און די קורצע תפילה על הנסים לזכר פון די מכבים זיינען געווען גענוג ווירקנדיקע אויסדרוקן צו האַלטן וואַך אונזער זכר צו די פּאַסירונגען וואָס זיי האָבן פאַראייביקט. ווייל ווי אַ צוגאָב צו די קליינע ספרים אָדער דער קורצער תפילה האָט די רעליגיעזע אידישע ליטעראַטור געווידמעט גאַנצע מסכתות, ילקוטים, מדרשים און אומציילקע פּיוטים סיי צו די פּאַסירונגען גופא, סיי צו יעדן דעטאַל ווי אַזוי יעדער איד דאַרף אָפּהיטן דעם זכר צו די פּאַסירונגען. פּסח פאַרנעמט נאָך דערצו אַזאַ וויכטיקן אָרט אין אונזער ספר הספרים. איכה איז אַ טייל פון אונזערע כתבי-קודש.

גענוג פעסטע יסודות, אַז דער זכר זאָל חלילה ניט אָפּגעשוואַכט ווערן. דאָס איז געווען די פּאָזיטיווע סיבה פאַרוואָס מיר האָבן זיך דאַן געקענט באַנוגענען בלויז מיט ספר.

די נעגאַטיווע סיבה איז געווען — דער גלות. גלות האָט זיך כסדר באַוועגט. דעם ספר האָבן מיר אַלעמאָל געקענט מיט זיך מיטנעמען וואו מיר זיינען ווייטער ניט פאַרטריבן געוואָרן. מאָנומענט־בנינים מוזן אָבער שטענדיק בלייבן אויף זייער אָרט. נאָר אין ארץ־ישראל איז מעגלעך פאַרן אידישן פאָלק אויפצובויען מאָנומענט־בנינים לזכר פון זיינע וויכטיקסטע איבערלעבונגען. אַפילו דאָס פאַרבליבענע פאַראייניזאַמטע וואַנט — דער כותל מערבי — איז, שטייענדיק אין ארץ־ישראל, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גוואַלטיקער זכר קראַפט, וואָס האָט גענערירט אידישע המשך־זאַפט אין אַלע דורות פון אידישן גלות.

דערפון איז געדרונגען, אַז אין די פריערדיקע עפּאָכעס פון גלות האָט דאָס אידישע פאָלק, ערשטנס, זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דעם מאָנומענט־בנין לזכר זיינע איבערגעלעבטע געשיכטלעכע פּאַסירונגען און, צווייטנס, האָט עס געקענט זיך באַנוגענען מיט ספר אַליין. אין אונזער איצטיקער עפּאָכע מוזן מיר אָבער ביידע הויפּט־וועגן באַנוצן כדי איינצושפּאַנען דעם איצטיקן חורבן אונזערן אין אַ נייער זכר קראַפט.

דערצו איז נאָך ספר ניט אַן ענין וואָס לאָזט זיך פּלאַנירן. עס מוז קומען דער פּאַסיקער מענטש פון גייסט. עס מוז קומען אַ נייער ירמיהו. זייענדיק איבערצייגט אַז דאָס אידישע פאָלק פאַרמאָגט נאָך גענוג אידישע יצירה־כוחות, גלויבן מיר אַז דער נייער ירמיהו וועט זיך נאָך באַווייזן. די אַנטוויקלונגען וואָס דאַרפן אים אַרויסברענגען וועלן אויף אַ נאַטירלעכן אופן אָנגיין איבעם אידישן פאָלק. אָבער האָבנדיק אַן איינגעפעסטיקטן ישוב אין ארץ־ישראל טאָרן מיר אויך דעם וועג פון מאָנומענט־בנינים ניט פאַרקוקן. בפרט ווען די אויבנאויסגערעכנטע צילן פון „יד ושם" קענען אָן מאָנומענט־בנינים גאָר ניט דורכגעפירט ווערן. אַזעלכע מאָנומענט־בנינים מוזן געפּלאַנט ווערן. „יד ושם" האָט די דאָזיקע אויפגאַבע אויף זיך גענומען.

פּלאַנירנדיק די מאָנומענט־בנינים האָט „יד ושם" במחשבה תחילה צו פאַרבינדן זיי מיטן פליסנדיקן אידישן לעבן בכל התפוצות. ווי אַזוי וועלן מיר עס מאַכן ?

מיר וויסן אַז קיין פולשטענדיקע רשימה פון אַלע זעקס מיליאָן אומגעקומענע אידן וועט אונז נישט געלינגען צוזאַמענצושטעלן. הונדערטער־טויזנטער נעמען וועלן אונז פעלן. וועלן מיר דעריבער אויפשטעלן אַ ספּעציעלן מאָנומענט

לזכר פון דעם אומבאַקאַנטן אידישן קרבן, וואָס וועט טראָגן דעם נאָמען „גל־עד״. מיר מיינען צו מאַכן פונעם „גל־עד״ דעם צענטראַלן סימבאָל פון „יד ושם״. דער דמות פון „גל־עד״ וועט באַשטימט ווערן דורך אַ קאָנקורס וואָס מיר וועלן דורכפירן צווישן די גרעסטע אידישע קינסטלער פון דער גאַנצער וועלט. אַ קאָמיטעט פון די וויכטיקסטע אידישע אנשי־רוח וועלן דאָן באַשטימען וועלכן דמות אָנצונעמען. „גל־עד״ וועט דאַן פון די גרעסטע מומחים אויף דעם געביט געבויט ווערן לויט דעם אָנגענומענעם דמות. דער דאָזיקער „גל־עד״ וועט שטיין ביים אַריינגאַנג צום היכל יזכור, וואו מיר באַצוועקן מגניז צו זיין די געמען פון אונזערע זעקס מיליאָן קדושים. אַזאַ מין „גל־עד״ בצלמו ודמותו און פון ארץ־ישראל׳דיקן שטיין וועט „יד ושם״ אויפשטעלן אומעטום וואו עס האָט פּאַסירט אָדער גרויסער אידישער אומגליק אָדער גרויסע אידישע גבורה אין אָט דער חורבן תקופה. אין מיידאַנעק און אָשוויענטשים, אין גיטו ורשה און גיטו קראָקאָ, אין אלע פּלעצער וואס עס געפינען זיך אידישע מאַסן־קברים — אומעטום וועלן מיר אַזאַ „גל־עד״ אויפשטעלן. אויסער דעם זיינען מיר זי־כער, אַז יעדער אידישע קהילה בכל התפוצות וועט אויפשטעלן אַ „גל־עד״ פון ארץ־ישראל׳דיקן שטיין אויף איר בית עולם און אַ מנהג וועט איינגעפירט ווערן, אַז יעדער לוויה וועט דורכגיין פאַרביי דעם „גל־עד״, וועט זיך אויף אַ מאָמענט אָפּשטעלן און זיך מתיחד זיין מיט דער עפּאָכע און אירע קדושים.

דאָס איז איין וועג ווי אַזוי „יד ושם״ וועט פאַרבונדן ווערן מיטן גאַנצן אידישן גלות. אַ צווייטער וועג וועט זיין דורכדעם וואָס אידישע אויטאָריטעטן וועלן באַשטימען אַ ספּעציעלן טאָג אין יאָר געווידמעט לזכר פון דער גאַנצער תקופה. וועלכן טאָג אויסצוקלייבן וועלן באַשטימען אונזערע היסטאָריקער, נאָכדעם ווי זיי וועלן האָבן אויסגעפאָרשט, וועלכער טאָג איז געווען דער וויכ־טיקסטער אין דער איבערגעלעבטער צייט. אין דעם דאָזיקן טאָג וועלן זיך צענדליקער טויזנטער אידן ציען צו „יד ושם״, אַ נייער עולי־רגל טאָג וועט אַריינגעבראַכט ווערן אין אונזער קאַלענדאַר. און אין דער גאַנצער וועלט וועלן זיך אידן אין דעם טאָג צונויפקלייבן ביים „גל־עד״ אויף זייער בית־עלמין און וועלן, פון אַ נייער ספּעציעל פאַר דעם פאַרפאַסטער הגדה אַרויס, דער־ציילן צו קינדער און קינדס־קינדער איבער דער עפּאָכע. „וכל המרבה לספר יהיה משובח״. און ווען דאָס אידישע פאָלק וועט קולט זיין אין זיין לעבנס־שטייגער דעם נייעם זכר שטראָם וועט אַ נייער סדר־אָוונט אַריינגעבראַכט ווערן אין אונזער דרך החיים, אַ נייער קוואַל פון אידישן המשך זאַפט וועט געעפנט ווערן צו שפּייזן אידן איבער דער גאַנצער וועלט און פאַר אַלע דורות.

און כדי ענגער צו פאַרבינדן דאָס אידישע קינד מיט דער עפּאָכע, כדי

אין זיין נשמה וואָס טיפער אַריינצופלאַנצן סיי אונזער גרויסן אומגליק, סיי די אידישע גבורה דערשיינונגען, וועלן אידישע קינדער אין דעם טאָג זיך צונויפ־מענקלייבן אין זייערע חדרים, אין זייערע קלובן און אַנדערע פאַרזאַמלונג־פלעצער און אַ פּראָגראַם וועט אויסגעאַרבעט ווערן געווידמעט אויסשליסלעך דעם זכר פון דער עפּאָכע. בעיקר זאָל אַרויסגעבראַכט ווערן די דעראיבערונג־גען אָן דעם מיליאָן אידישע קינדער וואָס זיינען אין אָט דער חורבן עפּאָכע אויסגעשאָכטן אָדער פאַרברענט געוואָרן. אַ ספּעציעלער יערלעכער מפעל הילד, פאַרבונדן מיט „יד ושם", וועט איינגעפירט ווערן און יעדעס אידיש קינד וועט האָבן די געלעגנהייט אין דעם דאָזיקן מפעל זיך באַטייליקן און דורכ־דעם זיך נאָך ענגער צונויפגעבינדן מיט דער עפּאָכע.

ווי אַ פּאַראַלעל צו דעם דערמאָנטן שדה אירופּה וועט פון צווייטן זייט פון די היכלות, ביים אַרויסגאַנג פון היכל הגבורה אויסגעשפּרייט ווערן, אין רע־ליעף, שדה המולדת, וואָס זאָל וויזן ארץ־ישראל אין איר גאַנצן געאָגראַפישן אויסזען, אין וועלכע עס זאָלן באַצייכנט ווערן אַלע פּונקטן פון אידישן ישוב; אין וועלכן עס זאָל אַריינגעגעבן ווערן אַ צייכן פון יעדן נייעם אידישן פּונקט, אַזוי שנעל ווי ער ווערט אויפגעבויט. שדה אירופּה וועט דעמאָנסטרירן אונזער חורבן; שדה המולדת — אונזער אויפבוי. אין היכל יזכור וועט אָנגעצונדן ווערן אַ נר־תמיד לזכר די נשמות פון אַלע אונזערע קדושים. אַ ריי בתי־לווי וועלן אַריינגעבויט ווערן אין „יד ושם". אַ קאַרטאָטעקע וועט אויפגעשטעלט ווערן אין וועלכער עס וועלן רעגיסטרירט ווערן כמעט אַלע לעבנגעבליבענע אידן פון דער גאַנצער וועלט און דורכדעם ענגער פאַרבינדן די אידן פון דער וועלט מיט ארץ־ישראל. ספּעציעלע מומחים־קאָמיטעטן פאַר יעדער באַזונדער פונקציע פון „יד ושם" וועלן אויפגעשטעלט ווערן.

מיט דעם איז נאָך ניט פולקאָם אויסגעשעפּט וואָס „יד ושם" וועט דאַרפן מיט זיך פאָרשטעלן. בכלל וועט „יד ושם" ניט בלייבן פאַרשטיינערט און פאַר־ענדיקט. אונזער דור, דורך אונזערע אנשי־רוח, וועט אַריינגעבן אין „יד ושם" אַלץ וואָס מיר עמפּינדן אין דער איבערגעלעבטער תקופה. קומענדיקע דורות וועלן אַריינגעבן אין „יד ושם" זייערע, אפשר נאָך טיפערע, אויפפאַסונגען פון אַלץ וואָס איז איבער אונזער פאָלק איבערגעגאַנגען אין אָט דער שוידערלע־כער תקופה. זיי וועלן אפשר קענען ריכטיקער עמפּינדן די תקופה ווי מיר, ווייל דער צייט־מרחק וועט אפשר קלערער מאַכן זייער בליק אויף דער תקופה, ווען אונז, וואָס האָבן איר אַליין מיטגעלעבט, איז זייער שווער צו געפינען דעם פּאַסיקן אויסדרוק צו איר.

אונזער פליכט איז אָבער אָנצוהויבן בויען „יד ושם". צו דערפילן די דאָזיקע פליכט טרעטן מיר איצטער צו.

פאַר אונזערע אויגן שטייט דער קלאָרער ציל ניט צו דערלאָזן אַז די עפּאָכע זאָל פאַרגעסן ווערן; ניט צו דערלאָזן אַז מיליאָנען אויסגעשאָכטענע קדושים זאָלן נאָך זיך אַפילו קיין ברעקל זכר ניט איבערלאָזן; ניט צו דערלאָזן דערצו אַז די אייראָפּעאישע אידישע קהילות זאָלן חלילה אָפּגעמעקט ווערן פון אונזער גייסט, ווי דער צורר האָט זיי פיזיש אָפּגעמעקט; ניט צו דערלאָזן אַז עס זאָלן פון אונזערע נאַציאָנאַלע קולטור־שייערן פאַרלאָרן ווערן אוצרות פון אידישע קולטור־ווערטן; ניט צו דערלאָזן דערצו, אַז דער וועלטס־ספר הזכרון זאָל אויסמעקן פון אונזער נאַציאָנאַלער קאָנטאָ דעם פולן שטייער אין לעבנס און גבורה וואָס מיר האָבן צוגעטראָגן צום נצחון איבער נאַציזם; איינזאַמלען אין איין אָרט אַלע גבורות פון אונזערע געטאָ־קעמפּער, פון אונזערע פּאַרטיזאַנען, פון אונזער בריגאַדע, פון אונזערע זעלנער אין אַנדערע אַרמייען וואָס האָבן זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט אינעם קריג. פאַר אונזער דמיון שטייט דער הויפּט־ציל צו פאַרוואַנדלען סיי דעם חורבן, סיי די גבורה פון אונזער עפּאָכע אין אַ שטענדיקער זכר־קראַפט, וואָס זאָל אַריינגיסן אין אונזערע קומענדיקע דורות תשוקות צו גאולה, תשוקות צו פרייהייט און תשוקות צו אַ ווירדיקן מענטשלעכן לעבן אין אַ גערייניקטער מענטשהייט.

אַזוי זעען מיר ווי די מאָנומענט־בנינים פון „יד ושם" מיט אַלץ וואָס רינגלט זיי אַרום, שטייענדיק אין ארץ־ישראל, איבן אויס זייער זכר ווירקונגען, דורך די קאַנאַלן פון אונזער פאָלקס־לעבן, צעטראָגן עס בכל התפוצות און שטראָמען אַריין סיי אינעם היינטיקן שארית ישראל בכל מקום שהוא, סיי אין קומענדיקע דורות נייע המשך־זאַפט, העלפן דורכדעם פאַרפעסטיקן אונזער פאָלקס־קיום און העלפן אַרויסצוברענגען וואָס מער מכוח אל הפועל אַלע יצירה פּאָטענצן פון אונזער אידיש פאָלק.

* * *

איך גיי איצטער אַריבער צו ציטירן טיילן פון בריוו־אויסטויש צווישן דעם גרויסן פּאָעט מנחם באָריישאָ און מיר וועגן „יד ושם".

ווען איך בין שוין געווען אין ארץ־ישראל האָב איך פון ירושלים אים געשריבן כ"ט סיון תש"ו, 26טן יוני, 1946, אַ בריוו פון וועלכן איך גיב אַרויס איניקע ציטאַטן. איך שרייב אים:

צום חבר מנחם באַריישאַ,
ניו־יאָרק.

מיין ליבער מנחם,

בעיקר וויל איך מיין היינטיקן בריווווידמען דעם ענין „יד ושם". ערשטנס —האָב איך עס אייך פאַרשפּראָכן; צווייטנס — באַטראַכט איך עס ווי אַ המשך פון אונזער וויכוח וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן אויף דעם געזעגענונגס־אָונט, וואָס די עקזעקוטיווע פון וועלט־קאָנגרעס האָט איינגעאָרדנט לכבוד מיין משפּחה.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אין אונזער וויכוח גייט עס נישט וועגן איינצלהייטן. עס האַנדלט זיך וועגן דער אידעאָלאָגיע פון „יד ושם". וויל איך עס פאַרבינדן מיט אַ פּאָר ווערטער וואָס איך האָב אַרויסגעזאָגט אויף יענעם געזעגענונגס־אָונט און האָב דאָן נישט באַוויזן מפרש צו זיין וואָס איך האָב געמיינט.

איר וועט זיך דערמאָנען, אַז איך האָב באַרירט די פראַגע: וואָס האָט אידיש־געשיכטלעך טיפער געווירקט — דער עצם פאַקט פון יציאת מצרים אָדער דער זכר ליציאת מצרים, — און האָב געענטפערט, אַז דער זכר האָט פיל מער תשוקה־צו־גאולה אַריינגעגאָסן אין אידישן המשך ווי דער עצם פאַקט פון יציאת מצרים. אוודאי, אָן דעם עצם פאַקט וואָלט נישט מעגלעך געווען קיין זכר צום פאַקט. וועגן דעם עצם פאַקט פון דער איצטיקער לאַגע פירן מיר דאָך נישט קיין וויכוח. דער פאַקט איז דאָך אַ געגעבענער. דער חורבן איז דאָך געשען; די 6 מיליאָן אידן זיינען דאָך פאַרשניטן געוואָרן. אונ־זער וויכוח גייט בלויז וועגן דעם, ווי אַזוי מיר זאָלן איינשפּאַנען די גרויסע עפּאָכע פון חורבן און פאַרוואַנדלען זי אין אַ נייער זכר־קראַפט, וואָס זאָל גענערירן המשך־זאַפט פאַר קומענדיקע אידישע דורות. אין דעם ענטפער אויף דער פראַגע ליגט פאַר מיר די באַדייטונג פון „יד ושם".

עס זיינען דאָ צוויי הויפּט־וועגן ווי אַזוי איינצוזאַמען אַן עפּאָכע און פאַרוואַנדלען זי אין זכר־קראַפט. איין וועג איז — דאָס בוך. אַ צווייטער וועג איז — האָלץ און שטיין. איך געדענק זייער גוט, אַז אין אייערע רייד אויף יענעם אָונט האָט איר געגעבן דעם ענטפער: בלויז דאָס בוך. „יד ושם", ווי איך פאַס עס אויף, גיט דעם ענטפער: סיי דאָס בוך, סיי שטיין און האָלץ. אַפילו מיט ביידע זיך אויך ניט באַגרעניצן.

„בוך" איז פאַרבונדן מיט אַ סך אַנטוויקלונגען, וועלכע קיינער קען ניט באַשאַפן. דאָס וויכטיקסטע — ס'מוז קומען דער מענטש! אַפילו פון אונזערע אַלטע חורבנות איז געבליבן נאָר איין „איכה", ווייל יענער חורבן האָט אַרויס־

געבראַכט אַ ירמיהו. אוודאי זיינען געווען געשיכטלעכע סיבות וואָס האָבן אין איין חורבן אַרויסגעבראַכט אַ ירמיהו און אין אַ צווייטן חורבן נישט. איך באַ־שעפטיק מיך נישט מיט געשיכטס־דערקלערונגען און איך באַטראַכט מיך נישט פאַר אַ מומחה אין געשיכטס־פאָרשונגען, כדי צו קענען פעסטשטעלן, אויב דער איצטיקער חורבן וועט אַרויסברענגען אַ נייעם ירמיהו אָדער נישט. אויב איר געדענקט, האָב איך ביים שלוס פון דער אַטלאַנטיק־סיטי קאָנפערענץ פון אידישן וועלט־קאָנגרעס אויסגעדריקט מיין גלויבן, אַז ערגעץ־וואו, אויף די פעלדער פון ארץ־ישראל, גייט אַרום אַ יונגער מענטש, אַ געראַטעוועטער פון ערגעץ אַ טויטן־קאַמער, ער זאַפט זיך אָן מיט דעם אווירה דארץ־ישראל און פון דער מזיגה פון דער מעגלעכקייט צו קענען זאָגן „אני הגבר ראה עני" און פון דער נשמה־לייטערונגס־קראַפט וואָס אווירה דארץ־ישראל באַזיצט פאַר דעם עמפינדלעכן אידן, ווערט אין אים געבאָרן די יצירה־קראַפט צו ווערן דער מאָדערנער ירמיהו. דער דאָזיקער מענטש וועט אונז געבן דאָס בוך וואָס וועט געגערירן זכר־קראַפט אין אידישן המשך, ווי עס האָט געגערירט ירמיהו'ס „איכה". אין דעם גלויב איך אויך איצטער. איך וויל נאָר דערביי צוגעבן, אַז אויב „יד ושם" וועט אויך דורך שטיין און האָלץ אויפשטעלן יע־נעם גיגאַנטישן מאָנומענט וואָס מיר טראָגן דערווייל אין אונזערע הערצער און מוחות, וועט דורך דעם געגעבן ווערן נאָך אַ גרויסע מעגלעכקייט פאַר דעם עמפינדלעכן אידן פון וואַנען צו ציען זכר־ווירקונג אויף זיין אייגענער נשמה. אַזוי ווי עס איז דאָך זיכער מעגלעך, אַז נישט איין ירמיהו און נישט איין „איכה" וועט אונז דאַרפן איבערבלייבן אין אונזער אוצר פון ספר, דאַרף מען אָנעמען, אַז נישט איין מענטש פון גייסט וועט באַפרוכפערט ווערן פון דאָס וואָס מיר האָבן בדעה אויפצושטעלן אין ארץ־ישראל.

דער וועג פון „בוך" וועט זיכער פון קיינעם נישט אָפּגעפרעגט ווערן. אין דעם איז צווישן אונז קיין חלוקי־דעות ניטאָ. בנוגע אָבער „שטיין און האָלץ" האָט איר אויסגעדריקט אַ געדאַנק, אַז דאָס איז נישט דער אידישער וועג. איך קען אייך אויף דעם געבן בלויז מיין פערזענלעכן ענטפער; אַנדערע חברים וואָס זיינען פאַר „יד ושם" און דווקא אין ארץ־ישראל, האָבן מן הסתם זייערע ענטפערס אויף דער זייער וויכטיקער פראַגע. מיין ענטפער איז אַ פשוט'ער: שטיין און האָלץ איז פאַרוואָרפן געוואָרן פון אידן ווי אַ מיטל פון פאַראייביקן היסטאָרישע געשעענישן נאָר אין גלות. איך רעכן, אַז עס איז געווען געבויט אויף אַ געזונטן אינסטינקט. שטיין און האָלץ מוזן בלייבן סטאַטיש, גלות באַ־וועגט זיך כסדר. דעם ספר האָבן אידן געוואוסט, קענען זיי מיטנעמען, וואוהין זיי דאַרפן וואַנדלען; שטיין און האָלץ האָבן זיי נישט געקענט מיטנעמען מיט

זיך. נאָך עפּעס: אויך אונזערע ספרים זיינען אָפּט באַשמוצט געוואָרן. מיר האָבן אָבער אַלע מאָל פאַרמאָגט פּלעצער וואו די קדושה פון אונזערע ספרים איז אָפּגעהיט געוואָרן. אַריינגיסן קדושה אין שטיין און האָלץ האָבן אידן געפילט אַז אין גלות קענען זיי נישט בלויז חרב ווערן, נאָר אויך פאַרשמוצט ווערן. עס איז דעריבער פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס אידן האָבן פאַרגעצויגן דעם ספר איבער שטיין און האָלץ אַריינצוגיסן אין אים אַלע זכר־פּאָטענצן, וואָס זייער אינסטינקט האָט זיי אונטערגעזאָגט, אַז זיי דאַרפן אָפּגעהיט ווערן לדורות. דערביי קען מען נישט זאָגן, אַז דער איד האָט זיך אין גלות בכלל אָפּגעזאָגט פון בוצן שטיין און האָלץ פאַר זיינע קדושה־הצטרכות. אַ באַוויז, אַז אידן האָבן דאָך געבויט, וואו זיי האָבן געקענט, שיינע און מאָנומענטאַלע בתי־מדרש אויך אין גלות. זיי האָבן עס אַ נאָמען געגעבן מקדש מעט. אויך דאָס באַווייזט, אַז אידן האָבן אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו שטיין און האָלץ פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל. ווייל אידן האָבן נישט פאַרגעסן די באַציאונג צו שטיין און האָלץ וואָס וועגן איר דערציילט דער ספר הספרים. זייט אַזוי גוט און לייענט נאָך אַמאָל איבער די פּרשיות פון משכן אין חומש, די פּרשיות פון בנין הבית בימי המלך שלמה, און איר וועט זען, וויפיל גייסט, וויפיל נשמה־טיפקייט אידן האָבן אַריינגעגעבן אין אויפבויען אַ מאָנומענטאַל־ווערק, פון שטיין און האָלץ, אוודאי באַפּוצט אויך מיט גאָלד און זילבער. נישט אין די שטאָפן גייט עס דאָך, נאָר אין דעם עצם געדאַנק פון בויען גיגאַנטישע געביידן פאַר גרויסע קדושה־הצטרכות. ווען דער געפיל פון זיכערקייט, דורך זיצן און לעבן אינעם אייגענעם לאַנד, האָט אומעגלעך געמאַכט יענע געפילן פון אומזיכערקייט, וואָס אידן האָבן אין זיך געטראָגן אין אַלע לענדער פון גלות, — איז דאָן די באַציאונג צו שטיין און האָלץ געווען גאָר אַן אַנדערע. און דאָס איז טאַקע איינע פון די סיבות פאַרוואָס „יד ושם" מוז זיין נאָר אין ארץ־ישראל. איך מיין דערמיט נישט צו באַהויפּטן, אַז מיר פאַרמאָגן שוין איצטער אין ארץ־ישראל יענעם געפיל פון זיכערקייט פון אַ פאָלק וואָס זיצט אין זיין לאַנד. מיר זיינען נאָך ליידער זייער ווייט דערפון. איך האָף, אַז איר וועט מיר גלויבן, אַז די עטלעכע ווערטער וואָס איך וויל איצטער אַרויסברענגען, זיינען נישט קיין רעזולטאַט פון דעם ציוניסטישן פּראָפּאַגאַנדיסט וואָס לעבט אין מיר. איך וועל אייך ביי אַ צווייטער געלעגנהייט, כשיגוח הרוח עלי, שרייבן וועגן מיינע איבערלעבונגען פון די לעצטע וואָכן, וואָס אַנטהאַלטן לייזער אויך זייער פיל שלילה־מאָטיוון. פאַר היינט וועט זיין גענוג ווען איך וועל אייך זאָגן, אַז טראָץ אַלע די דאָזיקע שלילה־מאָמענטן, גיט נישט אין דער גאַנצער וועלט נאָך אַן אָרט, וואו אַן עמפּינדלעכער איד זאָל דערשפּירן אַזאַ איינגעוואָרצלטקייט, אַזאַ

מולדת־געפיל, ווי אין ארץ־ישראל, אָן אונטערשייד וואו ער זאָל נישט האָבן באמת געבוירן געוואָרן. דעריבער מעג מען שוין אין ארץ־ישראל אָנהויבן באַנייען די באַציאונג צו שטיין און האָלץ פון די צייטן פון בצלאל בן חור, פון די צייטן פון שלמה המלך.

איך גלויב נישט, אַז עס איז נייטיק צו אונטערשטרייכן דעם אונטערשייד צווישן דער באַציאונג צו שטיין און האָלץ בכלל און די באַציאונג צום באַגריף „פסל״. פסל איז זיכער טריף פאַר אידן. אין דעם „פסל״ ליגט די געפאַר צו פאַרבייטן כמעט גאָט־באַגריפן מיט שטיין. דער אידישער גייסט רעוואָלטירט קעגן דעם. קיינער פון „יד ושם״ טראַכט נישט וועגן דעם. אָבער „מצבה״ אפילו אין דער גיגאַנטישסטער פאָרמע, גייט נישט להיפוך דעם אידישן גייסט. און אָט דעם באַגריף פון מצבה גרייטן מיר זיך אַריינצוטראָגן אין דער גאַנצער אידעאָלאָגיע פון „יד ושם״.

אין די וויטערדיקע טיילן פון מיין בריוו ברענג איך אַרויס אייניקע געדאַנקען וואָס זיינען אַריין אין דעם דאָקומענט וואָס איך האָב אָקאָרשט פאַרעפנטלעכט. אויף אָט דעם בריוו האָב איך געקראָגן פון אים אַן ענטפער דאַטירט דעם 17טן יולי 1946. ער שרייבט אַזוי:

„אויב מען וויל קען מען מיינע טענות אַריינברענגען אין דעם נוסח: „ספר אַנטקעגן שטיין״. אין דער אמת׳ן האָב איך ניט אַזוי מנסח געווען דאָס פּראָבלעם. איך האָב אַזוי געזאָגט: דער חורבן בית־ראשון האָט גורם געווען די גרויסע גייסטיקע רעוואָלוציע, וואָס האָט נאָכדעם באַשאַפן די כנסת הגדולה. חורבן בית־שני — האָט באַשאַפן יבנה און אין איר המשך דעם תלמוד. גירוש ספרד האָט געבראַכט — לויט דעם אויסדרוק פון פּראָפעסאָר גרשום שלום די אידייע פון שברי־כלים צו דער פּראַקטישער קבלה. גזירת ת״ח ות״ט האָט פריער געבראַכט די שבתי־צבי באַוועגונג און נאָכדעם צו חסידות. דאָס מיינט אַז יעדער היסטאָרישע קאַטאַסטראָפע האָט געבוירן אַ גייסטיקע רעוואָלוציע, וואָס האָט באַפעסטיקט דאָס אידנטום און האָט פאַרטיפט דעם זין פון אונזער עקזיסטענץ אויף דער וועלט. ווילט איר איז עס ספר, בוך. ווילט איר איז עס פיל העכער דערפון. דאָס איז די כסדר׳דיקע אַנטוויקלונג פון דער היסטאָרישער פערזענלעכקייט וואָס מיר רופן מיטן נאָמען איד.

„פאַר מיר איז די אידישע געשיכטע פון גלות מצרים ביז גלות היטלער איין פּראָצעס פון פלעגן און לייטערן אָט די מענטשלעכע פערזענלעכקייט אַז זי זאָל זיין ראוי צו געהערן צום עם הקדוש. מיר שייגט אַז דעם העכסטן שפיל אין אונזער נאַציאָנאַלער קולטור האָבן מיר דערגרייכט אין די באַגריפן פון

פאָלק וועגן דעם ל״ו׳ניק — דער באַגריף וועגן דעם אידן וואָס אַרבעט שווער, וואָס איז אַ שטילער און אַ הייליקער, וואָס אין זיין זכות שטייט די וועלט. וועגן דעם קענען מיר פיל ריידן. אָבער אונז גענוגט בלויז ראשי פּרקים. אַט דער פּראָצעס אין אונזער געשיכטע וואָס האָט אונז געבראַכט דעם באַגריף ל״ו (אין דער אמת׳ן דערגרייכט זייער צאָל צווישן אונז צו טויזנטער) איז איבער־געריסן געוואָרן מיט דער עמאַנציפּאַציע. מיר האָבן אַדאַפּטירט פרעמדע באַ־גריפן. אויך וועגן דעם דאַרף איך ניט מאריך זיין. עפּעס פון אַט די פרעמדע באַגריפן איז, ווי מיר שיינט, אויך אַנטהאַלטן אינעם רעיון פון „יד ושם״.

„איך וויל אונטערשטרייכן מיט פולער קראַפט: איך באַשאַף ניט קיין ניגוד צווישן חומר און רוח. איך זאָג: זאָל געבענטשט זיין יעדע מאַשין, יעדער האַמער און שרייפל, יעדעס שטיין און ציגל וועלכע העלפן באַפעסטיקן דעם אידישן קיום אין ארץ־ישראל. איך ווייס וואָס עס הייסט אַן אייגן הויז און ווען מען מעג לייגן יסודות פון שטיין. אָבער מיר איז אויך באַוואוסט די גרויס פון דער סכנה, טאָמער וועלן אונזערע דורות וועלכע זיינען פאַרכאַפט געוואָרן צו איראָפּייאיזאַציע און אַמעריקאַניזאַציע, וועלן פאַרשלונגען ווערן אין דעם קלימאַט וואָס רינגלט אַרום שטיינערנע געביידעס און וועלן זיך ניט וויסן מאכן פון דער זאַך, וואָס איז אונזער קראַפט און דער תוך פון אונזער עקזיס־טענץ. אַט די סכנה איז אייך באַוואוסט פונקט ווי מיר. און איך האָב מורא פאַר אייער פלאַן, אַז דווקא אין דער איצטיקער תקופה אין אונזער געשיכטע, ווען אונזער המשך ווי אַ פאָלק הענגט אָפּ אָן דעם צי מיר וועלן ווידער דערפילן דעם שורש פון אונזער אידישקייט און איר יסוד — וואָס דווקא אין אַט דער צייט וועלן מיר צוטראָגן דעם צעטומלטן און דעם מוסר־שוואַכן דור אַ מעג־לעכקייט יוצא צו זיין זיין חוב דורך העלפן אויפשטעלן שטיינערנע געביידעס.

„איך וויל ריידן נאָך מער אָפן. אונזער אַמעריקאַנער ישוב ציילט 5 מיליאָן נפשות. די געשיכטע האָט געוואָלט אַז במשך צענדליקע יאָרן זאָל דער עיקר פון זיין אידישקייט אויסגעדריקט ווערן אין געבן רעליף אידן אין איראָפּע און העלפן בויען ארץ־ישראל. דאָס איז געווען אומפאַרמיידלעך. אַזוי האָט עס געמוזט זיין. איצטער איז עס געווען דער ווילן פון אונזער געשיכטע אַז מיר, די 5 מיליאָן אידן, זאָלן בלייבן דער רוב מנין ובנין פון די אידן אין אַלע תפוצות. אין אונזער גרעסטן טייל זיינען מיר אַן אומוויסנדיק פאָלק, אָבער אין אונז זיינען באַהאַלטן כוחות וואָס פון זיי קענען גראַדנווייז געבויט ווערן אַ כנסת ישראל. אויב שלילת הגלות זאָל דערפירן צו דעם, אַז מען זאָל אונז לחלוטין מפקיר זיין, דאַן איז ניטאָ מער וועגן וואָס צו ריידן. אָבער אויב מען גלויבט אַז אויך מיר האָבן נאָך אַ שליחות דורכצופירן אין פאָלק, און אַז דער

חורבן אייראָפּע מוז פריער אָדער שפּעטער, ברענגען אַן אויפטרייסלונג און אַן אויסלייטערונג אויך צווישן אונז, דאַרף מען דאָך זיך ערנסט פאַרטראַכטן צי דער פּלאַן פון „יד ושם" איז פאַר אונז ווינשנסווערט אָדער ניט. מיט פּשוטערע ווערטער: פון וואַנען וועט איר נעמען די מיליאָנען דאָלאַרן וואָס זיינען נויטיק פאַרן פּלאַן? איר וועט זיך דאָך ווידער ווענדן צו אונז צום אַמעריקאַנער אידנטום.

„איז אַנשטאָט צו קומען צו אונז און זאָגן אונז אַז דער גרויסער חורבן איז אונז מחייב צו זיין די יורשים פון די אומגעקומענע, וועט געזאָגט ווערן צו אונזער ציבור אַז ער דאַרף געבן דאָלאַרן אויפצושטעלן אַ מצבת־זכרון צום חורבן און דאָס זאָל זיין אונזער אַלטערנאַטיווע במקום צו ווערן אַ לעבעדיק און אַקטיוו אידנטום; פּונקט ווי מיר האָבן זיך געפירט די לעצטע 30 יאָר צו געבן כופר נפש ביי יעדער געלעגנהייט. צי טראַכט איר ניט וועגן דעם, אַז אויב אָט די מיליאָנען זאָלן דאָ פאַרווענדעט ווערן אויף בויען ישיבות, חדרים, שולן, ביבליאָטעקן, ביכער־אויסגאַבן און דורכדעם העלפן אין וועלכער עס איז מאָס אויפצושטעלן אַ דור פון באַוואוסטזיניקע אידן, אַז דאָס וואָלט געווען אַ פּיל וויכטיקערער אויפטו לזכר פון די 6 מיליאָן קדושים, ווי אַ גרויסע מצבה וואָס וועט אויפגעבויט ווערן אין ארץ־ישראל? מיר דאַרפן האָבן אידן, לעבעדיקע אידן. מיר נויטיקן זיך אין אַ רעוואָלוציע אין אונזער באַנעמונג פון דער וועלט; מיר נויטיקן זיך אין פאַרוואָרצלען אַ אידישן תוכן אינעם באַדן אויף וועלכן דער רוב פון אידן וועלן ממשיך זיין צו לעבן. איך האָב ניט גערעדט וועגן איין איינציקן בוך, אָבער וועגן צענדליקע ביכער וועלכע זאָלן „פאַראייביקן" אונזער נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע. אונזער תורה און אונזערע טויזנטער ספרים אויך זיי זיינען נאָר מיטלען צום אויסוואַקסן פון דעם אידעאַלן אידן. מען קען ניט באַשטעלן, אָדער באַשאַפן דורך מעכאַנישע מיטלען, אַ נייע תורה, אַ נייע הלכה אָדער אַ נייע קבלה. זיי מוזן פון זיך אַליין אויפקומען, נאָכדעם ווי דער זין פון דער קאַטאַסטראָפע וועט אַריינדרינגען אין אונזער מהות. אָבער אויב מיר קענען ניט באַשטעלן אַ נייע תורה, דאַרפן מיר וויניקסטנס וויסן, אַז דאָס איז אונזער טיפער וואונטש. אויב עס איז מעגלעך אירגענד וועלכע פאַרגיטיקונג פאַר דער גרויסער שחיטה, קען עס נאָר זיין דורך אַ נייע התגלות, אַ נייע אַנטפּלעקונג, וואָס זאָל פאַרזיכערן דעם אידישן פּראָצעס פאַר פילע דורות.

„און ווידער, ווי אין יענעם געזעגענונג־אָוונט פאַר אייך, וויל איך פאַר־ענדיקן מיט דער דערקלערונג, אַז איך וויל בשום אופן ניט שטערן אייער אַר־בעט און אייערע פּלענער. וואָס איך זאָג דאָ וועל איך אין קיינע אַרטיקלען ניט שרייבן. איך האָב נאָר געוואָלט פאַרצייכענען מיין חשש, טאָמער איז אינעם

פּלאַן פון „יד ושם" אַנטהאַלטן אַ שמץ פון דער ניט־אידישער אויפפאַסונג פון אונזער געשיכטע און וואָס פון איר וואַקסט אויך אַרויס דער שלילת הגלות.

„איך וויל גלויבן — און איך קען ניט ניט גלויבן! — אַז אין פאַרלויף פון די קומענדיקע טעג וועט זיך ארץ־ישראל באַפרייען פון איר ניט־אידישער גאווה אין איר באַציאונג צו אַנדערע אידן, וואָס מאַכט וואַקסן שלילת הגלות; אַז אויך אין ארץ־ישראל וועט זיך שטאַרקן דער רצון צו זען אין די תפוצות אַ אידישן שעפערישן לעבן, אַ לעבן דורכגעדרונגען מיט טיפן אידישן באַ־וואוסטזיין. דאַן וועט מען זיך איבערצייגן אין ארץ־ישראל, אַז אַנשטאָט צו קו־מען צום אַמעריקאַנער אידנטום און פאַרשלאָגן אים נייע פּלענער, וואָס זאָלן העלפן די אַמעריקאַנער אידן יוצא זיין זייער אידישן חוב דורך געבן נאָך אַ נדבה, — זאָל מען בעסער ברענגען דעם אַמעריקאַנער אידנטום אַן אידייע פון אַ אידישן זיין, וואָס איז איינע פאַר אַלע לענדער און פון אַלע צייטן".

* * *

אויף אַט דעם אויסדרוק פון אַ פאַרטיפטער אידישער נשמה פון אַ גרויסן אידישן דיכטער האָב איך געענטפערט ערב ראש השנה, תש"ז, פאָלגנדיקן בריוו.

„מיינע ערשטע ווערטער וועלן זיין זייער האַרבע, ווייל זיי דריקן אויף מיין האַרץ און איך בין געצוואונגען זיי אַרויסצוברענגען. איך האָף אַז איר, חבר מנחם, וועט ניט אין כעס ווערן אויף מיר, וואָס איך האָב אייך אויסגעקליבן אַלס ציל־ברעט פאַר אָט די האַרבע רייד. ערשטנס — שטעל איך פאַר אייך אויף אַן ערן־פּלאַץ אין אַ זייער ערנהאַפטיקן פּסוק, ווען איך האָב באַשלאָסן „ולפני מנחם ישפוך שיחו". צווייטנס — האָב איך אַ שטיקל שולד דאָך געפו־נען אין אייך.

„איך וועל דעריבער אָנהויבן פון דאָס וואָס עס טוט מיט אַמשטאַרקסטן ווי — פון דער קעגנערשאַפט צו „יד ושם" מצד די פירער פון די גרויסע ציוניסטישע פאָנדן, קרן היסוד און קרן קימת. ווייניקסטנס אויף איין שטח האָב איך געפונען אין אייער בריוו אַ שותפות׳דיקייט פון געדאַנק צווישן אייך און די פירער פון די פאָנדן. אין איין זאַץ פון אייער בריוו האָב איך דער־שפּירט אָט די שותפות און אָט דער זאַץ האָט מיך שטאַרק ווי געטאָן. איר שרייבט: „צי טראַכט איר ניט וועגן דעם, אַז אויב אָט די מיליאָנען זאָלן דאָ פאַרוועגדעט ווערן אויף בויען ישיבות א.אז.וו."

„איך פרעג אייך דיזעלביקע פראַגע וואָס איך האָב געשטעלט די פאָנדן־פירער: פאַרוואָס מוזן עס זיין דווקא „אָט די מיליאָנען"? פאַרוואָס רעכענען די פאָנדס־פירער אַז אָט די מיליאָנען זיינען באַשטימט נאָר פאַר זיי, אַזוי ווי

זיי וואָלטן שוין זיך געפונען אין זייערע קאַסעס. און פאַרוואָס טראַכט איר, חבר מנחם, אַז „אָט די מיליאָנען" זייַנען באַשטימט דווקא פאַר אידישע קולטור־צוועקן? צי פאַרמאָגן די אַמעריקאַנער אידן בלויז אָט די מיליאָנען? איז עס ניט אונזער אַלעמענס פליכט צו פלעגן אין אַמעריקאַנער אידנטום די גרייטקייט צו „געבן" פאַר אַלע וויכטיקע צילן? צי קאָנען זיי עס ניט באַווייזן?

„פון מיינע דערפאַרונגען אין בעטן געלט ביי אידן — און איר ווייסט אַז איך האָב אויך אָט דעם שטח אויפגעזאַמלט אַ סך דערפאַרונג — האָב איך געלערנט צוויי נייע פסוקים: א. — מרבה קרנות, מרבה תורמים; ב — מרבה קרנות, מגדיל תרומות. ניט נאָר די צאָל תורמים ווערט גרעסער, נאָר די גרויס פון דער תרומה וואַקסט. דער שרעק פון די פאַנד־מענטשן פאַר נייע פאַנדן איז אַן אומזיסטער. דאָס נאַרמאַלע פאַרפאַנצערן זיך קעגן „געבן" ווערט שנעלער אויפגעשפּאָלטן, אויב ער ווערט וואָס אָפטער „אַטאַקירט"! ווען אַ איד לערנט זיך אויס די תורה פון „געבן" ווערט ער געבן פאַר אַלע צילן. ניט אומזיסט איז וועגן אידן געזאָגט געוואָרן: נתבעים למשכן ונותנים, נתבעים לעגל ונותנים. מען דאַרף אַוודאי זיך קעגנשטעלן קעגן יעדער סאָרט „נתינה לעגל". און אויב ווער עס איז טראַכט אַז „יד ושם" געהערט צו דער קאַטעגאָריע פון „עגל" דאַרף ער אַוודאי קעמפן קעגן „יד ושם". אָבער בלויז פון אַזאַ שטאַנדפּונקט, אָבער זיכער ניט פונעם שטאַנדפּונקט, אַז „יד ושם" וועט באַקומען „אָט יענע מיליאָנען".

„וויבאַלד ווי אַלע אַנדערע ווענדונגען צו באַקומען געלט פון אידן געהערט „יד ושם" צו דער קאַטעגאָריע וואָס זוכט צו באַקומען ביישטייערונגען. „יד ושם" שלאָגט פאַר יעדן אידישן יחיד און יעדער אידישער משפחה די מעגלעכקייט צו דערפילן אַ פּערזענלעכע פליכט. אויב נאָר מען וועט אונז דערלויבן צו קומען צו אידן, וועט יעדער איד קענען רעגיסטרירן — דורך „יד ושם" — דעם נאָמען פון זיין נאָענטן מענטשן וואָס איז פאַרגאַזט געוואָרן אין מיידאַנעק, אין טרעבלינקע אָדער אין אוישוויץ; זיין נאָענטן מענטשן וואָס איז צו קבורת ישראל ניט געקומען. צי דענקט איר אויך אַז יענער איד, אָדער אידישע משפחה וואָס וואָלט זיך באַנוצט מיט אָט דער געלעגנהייט וואָס „יד ושם" גיט אים וואָלט אָוועקגענומען „יענע" דאָלאַרן פון אַ קולטור־ציל? זייט איר זיכער, אַז אויב „יד ושם" וועט אים ניט דערגרייכן וועט ער יענע דאָלאַרן טאַקע אָוועקגעבן פאַר אידיש־קולטורעלע צוועקן? אפשר זייַנען מיינע ווערטער צו ביטער, אָבער איר מוזט געדענקען, אַז עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז אָט דער צוגאַנג מצד די פאַנדן־מענטשן וועט קאָסטן „יד ושם" זיין גרויסן פאַרנעם, עס וועט אים קאָסטן די אינעווייניקסטע דיבאָמישקייט וואָס מיר זוכן

אין אים אַריינצוגעבן; ער וועט מוזן מצמצם זיין זיין שוואונג, פאַרקירצן זיין אָטעם און — איינס פון די ביידע — אָדער עס וועט אים איינגאַנצן דער־ווערגן, אָדער עס וועט אים פאַרוואַנדלען אין אַ מין „נפל" וואָס וועט פאַר־מאָגן עפּעס אַ רוח חיים, אָבער ווייט ניט אַזאַ ווי מיר האָבן געוואָלט זען אין „יד ושם".

„נאָכדעם ווי איך האָב מיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן קען איך קומען צום צענטראַלן פּונקט פון אייער בריוו.

„איך שיק אייך דאָ דעם אַנטוואורף וואָס איך האָב צוגעגרייט (געמיינט דערמיט דעם אויבן־געבראַכטן דאָקומענט וואָס באַגרינדעט די צילן פון „יד ושם"—ב.צ.). איך בעט אייך צו באַטראַכטן עס ווי אַ טייל פון מיין ענטפער צו אייך. אין אָט דעם בריוו וויל איך נאָר אָנווייזן אויף דעם עיקר אונטערשייד צווישן אייער און מיין שטאַנדפּונקט.

„דער וויכטיקסטער פּונקט אין אייער בריוו איז אייער צוגאַנג צו דער אידישער געשיכטע. און צו דעם וויל איך אָט וואָס זאָגן: פּונקט אַזאַ צוגאַנג צום עם הפלאות האָב איך לאַנג צוריק אָנגענומען נאָכדעם ווי איך האָב זי אַרויסגעלערנט פון משה העס און בעיקר פון מיין רבי'ן נחמן סירקין. אין דעם איז צווישן אונז קיינע חילוקי דעות ניטאָ. עס איז אַמאָל מעגלעך אַן אַנדער אָפּשאַצונג פון דער סיבה ומסובב. אָבער דאָס רירט ניט אָן דעם יסוד פון אייער שטאַנדפּונקט פון דער אידישער געשיכטע, וואָס איז אַנטהאַלטן אין אייער געבענטשטן אויסדרוק — „דער פּראָצעס פון פּלעגן און לייטערן די פּערזענלעכקייט זי זאָל זיין ראוי צו באַלאַנגען צום עם הקדוש".

„און אָט דאָ הויבט זיך אָן דער אונטערשייד צווישן אונז. איר מיינט אַז מען קען אָט דעם פּראָצעס אויפלעבן דורך ליטעראַטור און קולטור אין גלות. אויך איך באַטראַכט זיי ווי אַ וויכטיקן ציבור דורך וועלכן צו שפּייזן אָט דעם פּראָצעס. אָבער אָן ארץ־ישראל וועט אָט דער ציבור, פּונקט ווי אַנדערע ציבורות פאַר דער אויפלעבונג פון אידישקייט אין אַמעריקע, בלייבן קראַפט־לאָז און ווערטלאָז. איר רעדט ווייטער אין אייער בריוו וועגן „אַ נייער אַנט־פּלעקונג וואָס זאָל פאַרזיכערן דעם אידישן פּראָצעס פאַר אַ סך דורות". נעם איך אָן אויך אָט די געבענטשטע הגדרה אייערע. אָבער איך זאָג: אַזאַ נייע אַנט־פּלעקונג וועט קומען בלויז דורך דער נייער באַהעפטונג צווישן אידישן פאָלק און ארץ־ישראל׳ ווייל עס איז ניט קיין בלויזער צופאַל דער פאַקט, וואָס ביידע וויכטיקסטע גאָט־אַנטפּלעקונגען פון דער מענטשהייט, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די העכסטע קולטור־דערגרייכונגען פון דער גאַנצער מענטשלעכער

געשיכטע זיינען ביידע פֿאַרבונדן מיט אַזאַ זיווג פֿון אידישן פֿאָלק מיט ארץ־ישראל.

„איך גלויב באמונה שלמה אַז אויב עס וועט ווידער געגעבן ווערן דעם אידישן פֿאָלק די מעגלעכקייט פֿון דאָס ניי צו אַנטוויקלען זיין פֿולע אייגנאַרטיקייט — דורך דעם וואָס ער וועט קענען פֿירן זיין לעבן אָן שטערונגען פֿון דרויסן אין זיין אייגענער ארץ־ישראל, וועט ער נאָך באַוויזן צו עפֿענען שמים חדשים פֿאַר זיך און פֿאַר דער גאַנצער מענטשהייט, וואָס זאָלן זיך פֿאַרגלייכן מיט זיין העכסטער ביז־איצטיקער גייסטיקער דערגרייכונג — מיט מתן תורה!

„פֿון אָט דעם שטאַנדפּונקט טרעט איך אויך צו צום ענין יד ושם". בויען אין ארץ־ישראל ווי וויט נאָר מעגלעך אַ געדענק־כוח, וואָס זאָל שעפֿן זיין יניקה סיי פֿון דעם גרויסן חורבן, סיי פֿון דער גרויסער גבורה פֿון אונזער איצטיקער תקופה; אויסשפּרייטן אָט דעם כוח אין אַלע תפֿוצות און אַרויסרופֿן דורכדעם כיסופֿי גאולה, וואָס זאָלן צוגעבן צום פּראָצעס פֿון „פֿלעגן און לייטערן יענע מענטשלעכע פּערזענלעכקייט וואָס זאָל זיין ראוי צו זיין אַ קינד פֿונעם עם קדוש. מיט ארץ־ישראל און אין ארץ־ישראל ווערט „יד ושם" אויך פֿאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן ציאונג־כוח אין דער געוווּנטשטער ריכטונג.

„דער חשש טאָמער וועט דורכדעם געגעבן ווערן דעם דור וואָס זיין עטיק איז פּגימה'דיק די מעגלעכקייט יוצא צו זיין מיט בויען גרויס־צאַניקע שטיין־געביידעס און דורכדעם אָפּציען זיין אויפֿמערקזאַמקייט פֿון יענער זאַך וואָס איז אונזער הויפּט־קראַפֿט און דער הויפּט־תוכן פֿון אונזער זיין — אָט דער חשש איז, צו מיין גרויסן צער, אַ ממשות'דיקער. אַפֿילו ווען מען נעמט ניט אָן דעם שטאַנדפּונקט לויט וועלכער „יד ושם" איז בלויז אַ ריזיקע שטיין־געביידע. אָבער אָט די געפֿאַר קען ניט אויסגעמיטן ווערן דורך ניט בויען „יד ושם". ווי וויט עס איז נוגע צו „יד ושם" אין זיין פֿולן געשטאַלט. אָבער אויך מיט דעם איז עס ניט גענוג. נאָר איין וועג איז דאָ וואָס קען זיך שטעלן קעגן אָט דער געפֿאַר: אָנפֿילן מיט פּאַסיקן אינהאַלט אַלע קאַנאַלן דורך וועלכע דער נייער אידישער דור זאָל דורכגעדרונגען ווערן מיט דער תשוקה צו פֿאַרטיפֿן זיין אידישקייט: סיי דעם רעליגיעזן ציבור, סיי דעם ציוניסטישן, בעיקר דעם חלוצישן ציבור, אויך דעם אידישן קולטור־ציבור פֿון אַלע זיינע גאַטונגען. אַלע פֿון זיי דאַרפֿן אָנגעפֿילט ווערן מיט וואָס טיפֿערן נאַציאָנאַלן תוכן. דער בת־קול וואָס רעדט אַרויס פֿון אונזער תקופה זאָגט אונז אַז דאָס איז אונזער אַלעמענס פֿליכט זיך צו באַנוצן אויף אַזאַ אופֿן מיט די גייסטיקע כוחות, וואָס זיינען אונז פֿאַרבליבן נאָכן גרויסן חורבן פֿון אייראָפּעאישן אידנטום, וואָס זאָלן

ברענגען דעם מאַקסימום נוצן פֿאַר אַלע קאַנאַלן דורך וועלכע מען מוז באַ־זאָרגן גייסטיקע שפּייז פֿאַר דעם אידישן המשך. בויען ארץ־ישראל איז אין מיינע אויגן דער וויכטיקסטער ציגור פֿאַרן אידישן המשך אין אונזער עפּאָכע; פֿאַרשטאַרקן אמונה, פֿאַרשטאַרקן און פֿאַרטיפֿן אונזער קולטור זיינען אויך אומגעהויער וויכטיקע ציגורות. איך פֿאַרגלייך ניט „יד ושם", פֿון שטאַנד־פּונקט פֿון גייסטיקע ווערטן, צו די אַנדערע ציגורות. אָבער אויך „יד ושם" זע איך ווי אַ וויכטיקן ציגור דורך וועלכן עס קען פֿון־דאָס־ביי געבאָרן ווערן די תשוקה פֿאַר המשך. וואָס איז שייך דאָס אַמעריקאַנער אידנטום זיינען מיר אַלע מחויב העלפֿן אים אָנפּילן מיט יענעם „רעיון פֿון אידישן זיין" און אויפֿ־וועקן זיין אחריות־געפֿיל צו דעם.

„און אויב איר זאָגט: „אַנשטאָט צו קומען צום אַמעריקאַנער אידנטום און ברענגען פֿאַר אים נייע פֿאַרשלאָגן . . . דאַרף מען פֿאַר אים ברענגען די אידייע פֿון אידישן זיין" — זייט איר ניט גערעכט אין אַוועקשטעלן איינס קעגן דאָס צווייטע. מען דאַרף קומען צו אים מיט ביידע זאַכן און נאָך צוגעבן דערצו כהנה וכהנה.

„וואָס איז שייך שלילת הגלות און דאָס באַנוצן עס קעגן אַמעריקאַנער אידנטום, ווען איך וויל אויך דאָ אויסדריקן דעם הבדל צווישן אייער צוגאַנג און מיינעם, וואָלט איך עס ווידער מנסח געווען דורך אַ זאַץ אין אייער בריוו: „פֿאַרוואָרצלען דעם אידישן תוך אינעם אַמעריקאַנישן באָדן" — אַט דעם טייל נעם איך אָן, אָבער די באַגרינדונג אייערע צו אַט דעם געדאַנק, ווייל „דאָס אָרט וואו דער רוב מנין ובנין פֿון אידן וועט ממשיך זיין זיין לעבן" — קען איך אָננעמען נאָר פֿאַר אַ באַגרענעצטער צייט, ווייל אין אַט דעם פּונקט בין איך איבערצייגט אַז מיר וועלן אַמאָל דערגרייכן צו פֿולן קיבוץ גלויות אין ארץ־ישראל, וואָס זאָל איינשליסן אויך דאָס אַמעריקאַנער אידנטום.

„פֿון אַט דעם אַלעם קענט איר זען אַז „יד ושם" איז ווייט פֿון צושטעלן דעם אַמעריקאַנער אידנטום די מעגלעכקייט „זיך צו באַפֿרייען פֿון ווערן אַן אַקטיווע און לעבעדיק אידנטום, אַזוי ווי עס האָט עס געטאָן די לעצטע 30 יאָר". איך האָף צו האָבן אַמאָל אַ געלעגנהייט צו באַווייזן, אַז אויך אייער אָפּשאַצונג פֿון די לעצטע 30 יאָר איז ניט אין גאַנצן ריכטיק. הייגט מוז איך מיך באַגנוגענען נאָר מיט נאָך אַמאָל זאָגן, אַז „יד ושם" האָט קיינמאָל ניט באַ־צוועקט צו קומען במקום עפּעס אַנדערש, צו פֿאַרנעמען דאָס אָרט פֿון אַנדערע אַקטיוויטעטן פֿאַר אידישן המשך. „יד ושם" זוכט פֿאַר זיך אַן אָרט און אַ מעג־לעכקייט עפּעס מוסיף צו זיין און ניט עפּעס אַראָפּצונעמען. „יד ושם" וועט ניט געבויט ווערן אויף דעם חשבון פֿון קיין אַנדער אַקטיוויטעט.

„צום סוף נאָר נאָך איין־איינציקער פּונקט.

„איך נעם אָן אייער געדאַנק, אַז „מיט מעכאַנישע מיטלען קען מען ניט באַשאַפן קיין נייע תורה, הלכה אָדער נייע קבלה. זיי דאַרפן דערשיינען פון זיך אַליין ווי אַ רעזולטאַט פונעם טיפן אַריינדרינגען פונעם זין פון דער קאַ־טאַסטראָפע אין אונזער גאַנצן מהות". איך וויל נאָר צוגעבן, אַז מען דאַרף קודם־כל זאָרגן אַז די קאַטאַסטראָפע אַליין זאָל ניט פאַרגעסן ווערן. צי פילט איר ניט די סכנה פון שכחה וואָס הענגט איבער אונז? „יד ושם", אויב נאָר עס וועט אים דערלויבט ווערן ריכטיק צו אַרבעטן קען פאַרוואַנדלט ווערן אין דעם וויכטיקסטן מיטל אין קאַמף קעגן דער שכחה. ער וועט אָט די אויפגאַבע דערפילן שוין אין פּראָצעס פון זיין אויפשטעלונג, דורך כסדר׳דיקן וואַך־האַלטן די קאַטאַסטראָפע פאַר די אויגן פון פאָלק און דעם זין פון דער קאַטאַסטראָפע. און „יד ושם" וועט אויפגעשטעלט ווערן, וועט דאָך זיין עצם עקזיסטענץ ניט דערלויבן אַז די שכחה זאָל אונז באַהערשן. שטענדיק וועט ער דאָך אויף אונז משפיע זיין זיך וואָס מער צו פאַרטיפן אין דעם זין פון דער קאַטאַסטראָפע. אָבער צוליב דעם דאַרף „יד ושם" אויפגעשטעלט ווערן אין יענע מאָסן ווי ער איז פאַרטראַכט געוואָרן. „יד ושם" מוז ווערן אָדער גאָר אַ גרויסע זאַך, אָדער מען דאַרף אים גאָר ניט אָנהויבן בויען."

* * *

די ווייטערדיקע אַנטוויקלונגען פון „יד ושם" גייען שוין ניט אַריין אין גדר פון מיינע זכרונות. ווי איך האָב דערציילט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל האָב איך מיך באַטייליקט אין דער אַרבעט פון „יד ושם" אין ארץ־ישראל בלויז 9 חדשים. ווען די אַרבעט האָט זיך — צוליב די שטערונגען בעיקר דורך די פירער פון די ציוניסטישע קרנות — ניט אַנטוויקלט אין געהעריקער טעמפּאָ, האָט די עקזעקוטיווע פון אידישן וועלט־קאָנגרעס מיך באַפוילן צו פאָרן אין איר נאָמען ווידעראַמאָל אין די סקאַנדינאַווישע לענדער.

דער מענטש וועמען עס קומט דער הויפט־קרעדיט פאַר אויפהאַלטן און ממשיך זיין די אַקטיוויטעטן פון „יד ושם" אין ארץ־ישראל איז — דער דער־מאָנטער חבר מרדכי שנהבי. זיין עקשנות׳דיקע אויסגעהאַלטנקייט איז געווען דער הויפּט־פאַקטאָר, וואָס האָט דאָך דערפירט צום ספּעציעלן געזעץ וועגן „יד ושם", וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין כנסת. ער, חבר מרדכי שנהבי, איז דער באַרופענער מענטש צו דערציילן וועגן אַלע ווייטערדיקע אַנטוויקלונגען פון סוף 1946 ביז היינטיקן טאָג. ווייל „יד ושם" פונקציאָנירט דאָך פאָרט. צי עס איז געלונגען אויפצושטעלן „יד ושם" אין יענעם פאַרמעסט פון די ראשונים, איז אַוודאי ניט קיין ענין צו דיסקוטירן אין מיינע זכרונות.

איך האָב דאָ געבראַכט דאָס וואָס איך האָב געהאַלטן פאַר וויכטיק צו דערציילן וועגן אָנהויב פון „יד ושם“ און איבערצוגעבן אייניקע דאָקומענטן, וואָס האָבן, נאָך מיין מיינונג, אַ באַדייטונג פאַר דער וויטערדיקער געשיכטע פון „יד ושם“.

איך האַלט אָבער פאַר מיין הייליקן חוב צוצוגעבן צום סוף פון אָט־דעם קאַפּיטל אַ קורצע אָפּשאַצונג פון מיין חבר און מיט־איניציאַטאָר פון דעם „יד ושם“־געדאַנק — ד״ר יעקב העלמאַן זכרונו לברכה.

מיר אַליין האָט די איצטיקע מועצה פון „יד ושם“ אויסגעדריקט איר אָנערקענונג אויף אַן אופן וואָס האָט מיך גערירט ביז טרערן. צו מיין 75סטן געבוירנטאָג האָט זי מיר צוגעטראָגן אַ מתנה, איינע פון די ערשטע קופּערנע לייכטער (מיניאַטורן פון דער גיגאַנטישער לייכטער וואָס שטייט אין דער הויפּט־געביידע פון „יד ושם“). די לייכטער פאַרמאָגט פראַכטפול־אויסגעאַר־בעטע זעקס רערן אין וועלכע עס דאַרפן אַריינגעגעבן ווערן — אינעם יום־הזכרון פון די 6 מיליאָן — 6 ליכט. די לייכטער איז אַריינגעבויט אין אַ קונסט־אויסגעאַרבעטן קליינעם פּעדעסטאַל. אויפן פּעדעסטאַל איז אַרויפגע־צויגן אַ קופּערנע פּלאַטע, אין וועלכער די וואָס האָבן עס פאַר מיר צוגעגרייט, האָבן אַריינגעקריצט אָט־דעם אויפשריפט:

לחברנו הדגול<br>ברוך צוקערמאַן<br>איש ההשראה והמעשה<br>מראשוני מגשימי רעיון הזכירה<br>ברכות ליום הולדתו ה75<br>מועצת „יד ושם“<br>ח׳ בתמוז תשכ״ב

טאָ זאָל כאָטש אין אָט־דעם דריטן ספר פון מיינע זכרונות פאַרבונדן ווערן דער נאָמען פון מיין פאַר מיר אומפאַרגעסלעכן חבר יעקב העלמאַן ע״ה.

כ׳וויל דאָ אַריינגעבן מיין אָפּשאַצונג פון אים גלייך נאָך זיין פּטירה אין יאָר 1950 און די עטלעכע ווערטער וואָס איך האָב געשריבן ווען מ׳האָט זיינע ביינער מיט יאָרן שפּעטער געבראַכט צו קבורה אין מדינת ישראל. נאָך זיין פּטירה האָב איך געשריבן:

איבער דריי צענדליק יאָר האָט זיך געצויגן מיין באַקאַנטשאַפט מיט חבר יעקב העלמאַן. פון זיי די לעצטע 20 יאָר אין זייער נאָענטער פאַרבינדונג און כמעט שטענדיקער צוזאַמענאַרבעט. כ׳האָב אים צום ערשטן מאָל באַגעגנט אין ריגע אַלס רעדאַקטאָר פון דער איינציקער טאָג־צייטונג „פרימאָרגן“

און אַלס איינער פון דער קליינער גרופּע אידישע דעפּוטאַטן אין לעטלענדישן פּאַרלאַמענט. דערנאָך האָב איך אים פיל מאָל געטראָפן אין כמעט אַלע לענדער פון דרום־אַמעריקע, וואו ער האָט פונקציאָנירט ווי דער סימבאָל, נישט בלויז ווי דער פאַרטרעטער, פון אידישן וועלט־קאָנגרעס. די גאַנצע צייט האָב איך נאָכגעפאָלגט די פּראָצעסן פון זיין טראַכטן וועגן ענינים וואָס האָבן באַאומ־רואיקט אונזער גאַנצן דור. דער שטח פון די דאָזיקע ענינים האָט איינגעשלאָסן מחשבות איבער איד, מענטש, קלאַס, נאַציע, קולטור, פילאָזאָפיע, הויפּטזעכ־לעך געשיכטלעכע פילאָזאָפיע. שווער אין קורצע ווערטער צו געבן אַן אָפּשאַ־צונג איבערן מהות פון דעם דאָזיקן מענטשן. איך קען זיך נאָר פּאַרמעסטן אָנצוצייכענען אייניקע שטריכן:

ער האָט פאַרמאָגט אַ מוח וואָס האָט געקענט סיי שאַרף, סיי טיף אַנאַליזירן פּראָבלעמען, און אַ האַרץ וואָס האָט געקענט נאָך טיפער פילן; דערצו אַ טעמפּעראַמענט וואָס האָט שטענדיק געברויזט, בפרט ווען זיין עמפינדלעך האַרץ איז באַרירט געוואָרן. אין צוגאָב צו דעם האָט ער פאַרמאָגט אַ גוואַלדיקן כח פון התמדה. ווען נאָרמאַלע מענטשן האָבן גערוט, האָט ער געלערנט, גע־שטודירט, זיך פּאַרטיפט, אָנגעפילט זיין מוח מיט מער וויסן, אויסגעשאַרפט זיין מוח טיפער צו באַנעמען, טיפער צו פאַרשטיין דערשיינונגען, וואָס האָבן אים פּאַראינטערעסירט, און געלערנט האָט ער ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן.

דער יסוד פון זיין פערזענלעכקייט איז פאָרמירט געוואָרן אין זיינע סאַמע קינדער־יאָרן, אין קליינעם שטעטל און אין חדר, אין דעם דאָן נאָך גאַנצן אידישן לעבנס־שטייגער, מיט דער פולקייט פון אידישע שבתים און ימים־טובים, מיט דער גאַנצקייט וואָס האָט געהערשט צווישן דער אידישער גאַס, דער אידישער היים און דעם אידישן חדר. פאַרפיקסירט איז די דאָזיקע פערזענלעכקייט געוואָרן אין די ישיבות, וואו ער האָט דערנאָך געלערנט. ווען ער האָט אָנגעהויבן באַזוכן באַרימטע אוניווערזיטעטן איז זיין פערזענ־לעכקייט שוין געווען אַן אויסגעפּרעגטע. אין די דאָזיקע אוניווערזיטעטן האָט ער אַריינגענומען אין זיך פיל פון דער מאָדערנער וועלטלעכער פילאָזאָפיע. זי האָט אים אין זיין גאַנצן לעבן גענוצט ווי אַ מעטאָדע פאַר זיין אייגענעם טראַכטן. פאַרכאַפּט האָט אים אָבער וויטער די ספּעציעלע אידישע פילאָזאָפיע; די פילאָזאָפיע פון דער אידישער אמונה און די אידישע געשיכטס־פילאָזאָפיע. די דאָזיקע פילאָזאָפיע איז פאַר אים געווען ניט בלויז אַ שפע פון ידיעות, נאָר אַ קוואַל פון אייגענע טיפע איבערלעבונגען, זיי האָבן באַפרוכפּערט זיין נשמה און זי פאַרוואַנדלט אין אַ טראָפּן אינעם גרויסן יצירה־שטראָם

פון אידישער אייביקייט. זיינע בעסטע שאַפונגען, פון די ערשטע אַרטיקלען וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין „העולם" מיט איבער 40 יאָר צוריק, ביז זיין קרוין־שאַפונג פון די לעצטע טעג, זיין ספר „ירושלים", זאָגן עדות, אַז זיין אייגענער נשמה־טראָפּן האָט זיך זייער גוט איינגעפּאַסט אין דעם אידישן יצירה־שטראָם. די נצחיות פון דעם אידישן יצירה־שטראָם, די פאַרזיכערונג פון זיין המשך עד סוף כל הדורות, איז טאַקע געוואָרן די צענטראַלע אידייע פון זיין גאַנצן לעבן.

דאָס איז געווען העלמאַן דער מענטש. ווי האָט אויסגעזען דער דור ווען ער האָט אָנגעהויבן צו ווירקן?

דער אָנהויב פון העלמאַנס באַוואוסטזיניקן ווירקן איז צוזאַמענגעפאַלן מיטן אָנהויב פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די דאָזיקע באַוועגונג איז אויפגעשטאַנען אין אַ דור וואָס איז געקומען נאָך דער אַנטוישונג פון דער השכלה־באַוועגונג; דאָס איז געווען אַ דור וואָס האָט זיך דערשראָקן, ווען ער האָט דערשפּירט אַז דער יסוד פון אונזער פאָלקס־קיום הויבט אָן זינקען. דאָס איז געווען אַ דור וואָס האָט געזוכט אַ נייעם יסוד פאַר אונזער קיום. טיילן פון דעם דור האָבן זייערע ענערגיעס אַריינגעגעבן אין סאָציאַ־ליסטישע באַוועגונגען, האָפנדיק אַז דורך דער אויסגלייכונג פון די עקאָנאָ־מישע קרומקייטן אין אונזער לעבן וועט די מעגלעכקייט פון אידישן המשך גאַראַנטירט ווערן. אין יענעם דור זיינען אויפגעשטאַנען מענטשן וואָס האָבן געזען טיפער, וואָס האָבן פאַרשטאַנען, אַז נאָר דורך אומקערן זיך צו די אידישע מקורות קען אידישער קיום פאַרזיכערט ווערן; וואָס האָבן זיך פאַר־טיפט אין די איבערלעכע פּראָצעסן פון דער אידישער געשיכטע און וואָס האָבן דערשפּירט אין דער שטרעבונג צו קיבוץ גלויות און אין דער דורכפירונג פון קיבוץ גלויות די פעסטסטע גאַראַנטיע פאַר אונזער ווייטערדיקן המשך.

אָבער אויך די מחנה האָט זיך צעטיילט אין איר אידעאָלאָגיע. געווען אַ טייל וואָס דערשפּירנדיק די גרויסע גאולה־מעגלעכקייטן דורך קיבוץ גלויות האָבן נעגירט אַלץ וואָס דאָס אידישע לעבן אין אַלע גלות־לענדער האָט באַשאַפן. זיי האָבן אויפגעשטעלט אַ נוסח: געראַטעוועט וועלן ווערן נאָר די וואָס וועלן אַליין אין פּראָצעס פון קיבוץ גלויות אַריינטרעטן. אַלע איבעריקע זיינען פאַרמשפּט צו נאַציאָנאַלן אונטערגאַנג. זיי זיינען דערגאַנגען אין זייער איינשטעלונג ביז צו דער אָפּלייקענונג, אַז אויך אין גלות קען דאָס אידישע פאָלק זיין שעפעריש. זיי האָבן נישט איינגעזען, אַז די שטרעבונג צו רעוואָ־לוציאָניזירן דאָס אידישע לעבן דורך קיבוץ גלויות איז אַליין אַ שאַפונג פון גלות־אידנטום. די דאָזיקע עקסטרעמע איינשטעלונג האָט איבערגעשראָקן

דעם גרעסטן טייל פון דער אידישער אָרטאָדאָקסיע און האָט זיי דערוויטערט פון ציוניזם. זי האָט איבערגעשראָקן אַ טייל פון דער ערלעכער אידישער אינטעליגענץ, וועלכע האָט אויך בישט געקענט אָננעמען דעם נוסח פון עקס־טרעמען שלילת הגלות.

אַ קליינע גרופּע איז דאָן אויפגעשטאַנען מיט אַ נייעם געשיכטס־פילאָ־זאָפישן צוגאַנג צו וועלט, פאָלק און מענטש, מיט אַ נייעם צוגאַנג צו דער אידישער געשיכטע, אַנגעמענדיק די אינטעגראַלע און אייביקע אידישקייט ווי עס האָבן עס אויפגעפאַסט משה העס, א. ד. גאָרדאָן און נחמן סירקין. העלמאַן איז געווען איינער פון דער קליינער גרופּע, וואָס איז צוגעקומען צו דער געשיכטס־פילאָזאָפישער איינשטעלונג. ער האָט דערשפירט, אַז מען קען די אייגנאַרטיקייטן פונעם אידישן פאָלק ניט מעסטן מיט די זעלביקע מאָסן פון די אייגנאַרטיקייטן פון די אַנדערע פעלקער. דער עם־אחד באַוואוסטזיין האָט אים דאַן אינגאַנצן פאַרכאַפּט — דער אידישער עם־אחדיזם וואָס דער־הויבט זיך ביז צו דער אַנערקענונג, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַן עם הפלאות. ער האָט זיך ניט דערשראָקן — בשעת פיל אַנדערע האָבן זיך יאָ דערשראָקן — פאַר דער געוואַגטקייט פון דעם דאָזיקן געדאַנק. ער האָט ניט מורא געהאַט, אַז מ׳וועט אים באַשולדיקן אין אתה־בחרתניזם. ער האָט אָנערקענט, אַז יעדעס פאָלק האָט אַ שטח פאַר איר אייגענעם אתה בחרתנו. דאָס איז יענער שטח אין וועלכן דאָס געגעבענע פאָלק איז אַנדערש ווי אַלע אַנדערע פעלקער. ער האָט דערשפּירט די ראָלע פון אמונה אין אונזער עם־הפלאות׳דיקער אַנדערשקייט. די לעצטע צענדליקער יאָרן האָט ער זיך פאַרטיפט אין די דאָזיקע נשמה־איבערלעבונגען. אַלץ וואָס ער האָט אין דער דאָזיקער תקופה געשריבן איז געווען דורכגעדרונגען פון אָט־דעם באַוואוסטזיין. טיילן פון זיינע שריפטן וועלן טאָקע דערפאַר האָבן אַ בלייבנדיקן ווערט.

צום גליק איז העלמאַן ניט געווען דער איינציקער אין דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער מחנה. איך רייד וועגן דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער מחנה ווייסנדיק, אַז אויך אין אַנדערע ציוניסטישע גרופּירונגען זיינען געווען מענטשן וואָס האָבן אַזוי געטראַכט. איך מיין אָבער, אַז עס איז שוין היינט אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט, אַז דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער מחנה איז באַשערט געווען אַ פיל גרעסערע ראָלע אין דער מאָדערנער אידישער גע־שיכטע, דערפאַר ווייל זי האָט אויף זיך גענומען אַ פיל גרעסערן חלק פון דער אַחריות פאַרן המשך פון דער אידיש־געשיכטלעכער אייגנאַרטיקייט. אויסערלעך האָט עס אָפט אויסגעזען, אַז זי האָט גענומען אַלס איר יסוד דעם ריין־מאַטעריאַליסטישן קוק אויף דער וועלט־געשיכטע. דאָס איז אָבער געווען

אַ טעות. די פאַרשידענע שפּאַלטונגען אין דער דאָזיקער באַוועגונג האָבן טאַקע באַצוועקט אַרויסצוברענגען צו געשיכטלעכער שעפערישקייט דווקא יענעם טייל פון דער באַוועגונג, וואָס אידישער גייסט־המשך איז געווען דער יסוד פון אַלע זיינע תשוקות. דער עלעמענט האָט דעריבער שטענדיק מנצח געווען, ווייל די דאָזיקע באַוועגונג האָט געשיכטלעך געטראָגן אין זיך גאָר אַ גרויסן חלק פון די משיחישע תשוקות פון דעם אידישן פאָלק און דעם באַגער זיי מגשים צו זיין. העלמאַן האָט עס אין דער דאָזיקער באַוועגונג דערשפּירט און האָט זיך איר איבערגעגעבן בלב ונפש.

ביסלעכוויז האָבן גענומען בולט ווערן די הויפּט־שטריכן פון דער דאָזיקער געשיכטלעכער אָנשויאונג, צו וועלכער העלמאַן האָט זיין גאַנצן לעבן געווידמעט. די אָנשויאונג וואָס האָט, ערשטנס, געזען דעם ציוניזם ווי אַ גרויסע רעוואָלוציע אין דער אידישער געשיכטע; צווייטנס, האָט זי געזען די גוואַלדיקע יצירה־קראַפט פון אידישן פאָלק, וואָס דער גלות האָט ניט נאָר ניט געקענט אונטערגראָבן, נאָר האָט איר צוגעטראָגן נייע יצירה־שטחים וואו זי האָט זיך געקענט ווידער אַנטפּלעקן — קיבוץ גלויות איז איינע פון די וויכטיקסטע פון אָט־די יצירה־שטחים; דריטנס, די אידישע שאַפונגס־געשיכטע מוז גענומען ווערן ווי אַן איביקייטס־פּראָצעס און נאָר באַוועגונגען וואָס פאַרבינדן זיך מיט אָט־דעם פּראָצעס קענען זוכה זיין צוצוטראָגן זייער קאַפּיטל צו אידישער נצחיות; פערטנס, אויך די שטרעבונגען אויסצוגלייכן די עקאָנאָמישע קרומקייטן אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט דאַרפן ביים אידישן פאָלק ענג פאַרבונדן ווערן מיט דעם גרויסן רעוואָלוציאָנערן פאַרנעם פאַר זיין נאַציאָנאַלער באַפרייאונג דורך קיבוץ גלויות. די שטייער וואָס דאָס אידישע פאָלק קען צוטראָגן צו דער דאָזיקער אויסגלייכונג קען דווקא זיין גאָר אַ וויכטיקער, ווען ער איז פאַרבונדן מיט דעם פּראָצעס פון נאַציאָנאַלער באַפרייאונג. זיין שטייער דאַרף זיין: הגשמה! דורך אַליין פירן אַזאַ לעבן, דעמאָנסטרירן די מעגלעכקייט פון אויסגעגלייכטע עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון אַ ווירטשאַפט אָן מענטשלעכער עקספּלואַטאַציע.

די דאָזיקע אַלגעמיינע שטריכן האָט העלמאַן אָנגענומען אַלס זיין לעבנס־יסוד. און ווי אַ מענטש וואָס האָט געוואַגט צו האַנדלען לויט זיינע אידייען האָט ער פון זיי געצויגן די מאַקסימאַלסטע קאָנסעקווענצן. פון דעם האָט זיך גענומען זיין באַציאונג צו אידישער טראַדיציע, זיין פאַרהייליקונג פון דעם אידישן שבת, זיין פּאָזיטיווע באַציאונג צו אידישער אמונה און אַלע אירע אַרויסשטראַלונגען. אַמבעסטן קען אָבער זיין געוואַגטקייט כאַראַקטעריזירט ווערן דורך דער אָפּשאַצונג פון פאַרשידענע געשיכטלעכע אידישע עליות

קיין ארץ־ישראל. דעם דאָזיקן ענין האָט ער געווידמעט פיל מאמרים. אין זיין ספר „ירושלים״ פאַרנעמט עס אויך זייער אַ וויכטיקן אָרט.

די מאָדערנע ציוניסטישע באַוועגונג הויבט אָן רעכענען די מאָדערנע עליה קיין ארץ־ישראל פון די בילויים. דאָס איז אויך ריכטיק. אָבער זייער ווייניק ווערט לײַדער צווישן ציוניסטן גערעדט וועגן פריערדיקע אידישע עליות. העלמאַן האָט אין אַן אַרטיקל, וואָס האָט געטראָגן אַ כאַראַקטעריס־טישע העלמאַנישע איבערשריפט: „מעפּילים פאַר מתן ציוניזם״, דערציילט וועגן די דאָזיקע עליות. נאָך ברייטער דערציילט ער וועגן זיי אין זיין ספר „ירושלים״.

ער דערציילט וועגן דער עליה פון ר׳ יהודה הלוי אין 12טן יאָרהונדערט, פון דעם רמב״ן (רב משה בן נחמן) אין 13טן יאָרהונדערט. שפּעטער אין דעם זעלביקן יאָרהונדערט פון רב יהודה בן שלמה אַלחריזי. דאַן פון די 300 רבנים פון ענגלאַנד און פראַנקרייך אין 14טן יאָרהונדערט. די שפּעטערדיקע עליות פון רבנים פון איטאַליע, אין וועלכע עס האָט זיך געפונען רב עובדיה מברטנורא. פון די עליות פון די מקובלים, דער אר״י הקדוש, דער של״ה, רב יוסף קאַרו. נאָך שפּעטער די תלמידים פון בעש״ט (בעל־שם־טוב). די פאַרזוכן פון די תלמידים פון ווילנער גאון; די פאַרזוכן פון די תלמידים פון בעל התניא. זיי אַלעמען בינדט ער צוזאַמען אין איין געשיכטלעכער מיסטיש־רעליגיעזער תשוקה פון גאולה, וועלכע ווירקט כסדר אין דעם אידישן לעבן, ביז עס ווערט אַרויסגעבראַכט די הערצל־געשטאַלט. די דאָזיקע געשיכטלעכע גאולה־תשוקה בינדט ער צוזאַמען מיט דעם וואָס ירושלים סימבאַליזירט מיט זיך אין דער וואונדער־געשיכטע פון דעם אידישן פאָלק. דער ספּעציעלער העלמאַנישער געדאַנג־גאַנג ווערט אויסגעדריקט אין דעם וואָס ער שטעלט העכער די עליה פון רבנים און צדיקים, וואָס איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון אינעווייניקסטער גאולה־בענקשאַפט און ווי אַ ווידערשטאַנד קעגן דעם בזיון פון גלות — די דאָזיקע עליה איז ביי אים פיל העכער ווי די עליה פון אַ טייל פון די בילויים, וואָס איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון זייער יאוש און קאָסמאָפּאָליטישע פאַנטאַזיעס.

דאָס זיינען בלויז אייניקע שטריכן פון דער העלמאַן־פּערזענלעכקייט. פאַראַן אַן אַלטער זאָג אין תלמוד: „אין אדם מת וחצי תאוותו בידו״ — קיין מענטש שטאַרבט נישט וואָס זאָל האָבן דערפילט אַ העלפט פון זיינע תאוות. זיכער מיינט עס נישט צו באַצייכענען בלויז ריין־פיזישע תאוות. עס ווערט מער געמיינט יענע גייסטיקע תאוות וואָס אַ מענטש פאַרמאָגט, צו וועלכע ער ציט זיך, צו וועלכע ער שטרעבט. העלמאַן האָט אַוודאי נישט דערגרייכט די

העלפט פון די גייסטיקע תאוות וואָס האָבן אין אים געלעבט. אָבער יענע טיילן וואָס ער האָט יאָ דערגרייכט האָט ער איינגעוועבט אין אונזער באַוועגונג, וואָס איז געוואָרן די טרעגערין פון די משיחישע תאוות פון אידישן פאָלק. צו אָט־דער באַוועגונג האָט ער צוגעטראָגן זיין שעפערישן וואָרט. איר האָט ער צוגעטראָגן זיין טיפע מחשבה. דורך דעם האָט ער געגעבן אַ גרויסן שטייער דעם דור אין וועלכן מיר לעבן, דעם פאָלק וועמענס קינדער מיר זיינען, דער געשיכטע פון וועלכער מיר זיינען אַ טייל, די צילן וועלכע שטייען פאַר אונז און די אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן פון אידישן פאָלק. דערמיט האָט ער זיך איינ־געקריצט אין דעם גאַנג פון אונזער באַוועגונג און דורך איר אין דעם גאַנג פון דער אידישער געשיכטע. דורך דעם איז ער אַריינגעגאַנגען בצרור החיים פון דעם אידישן פאָלק אין זיין גאַנג צווישן דער מענטשהייט.

און מיר וואָס זיינען פאַר׳יתומ׳ט, מיר וועלכע וויסן, אַז העלמאַן האָט מיט זיך מיטגענומען אין קבר באַדייטנדיקע ניט־אויסגעלעבטע שעפערישע כוחות, מיר קענען בלויז טאָן איינס: ווידעמען אַביסל קאָנצענטראַציע זיין אָנדענק. לאָמיר זאָרגן דערפאַר, אַז יונגע מענטשן זאָלן זיין באַקאַנט מיט דעם וואָס ער האָט צוגעטראָגן צו אונזער באַוועגונג. לאָמיר אַריינפלאַנצן זיינע שעפערישע פונקען אין די הערצער פון יונגע דורות, כדי זיי צו שפּיזן און כדי אויף אַזאַ אופן פאַרוויכערן די נצחיות פון אידישער שעפערישקייט עד סוף כל הדורות.

* * *

ווען מען האָט געבראַכט זיינע ביינער אין מדינת ישראל, האָב איך זיך געפונען אין ניו־יאָרק. האָב איך דאַן געשריבן:

יעקב, מיין חבר! דיינע ביינער ווערן איצט געפירט פון דיין לעצטן גלות, אַרגענטינע, צו דער מדינה וואָס דו, בתוך כלל ישראל, האָסט אויסגעבענקט און דו האָסט זוכה געווען צו דערלעבן איר אויפקום. דאָרטן וועלן דיינע ביינער געפינען זייער אייביקע רו. און טויזנטער מיילן וויט סיי פון אַרגענ־טינע און סיי פון ישראל זיץ איך, דיין חבר, און באַגלייט מיט מיין גאַנצן וועזן דיין לעצטן גאַנג. דערביי טראַכט איך וועגן דיר, וועגן דיין לעבן און וועגן דיין טויט און מיר שיינט, אַז דאָס וואָס געשעט מיט דיינע ביינער סימבאָליזירט דיין גאַנץ לעבן: גלות איז געווען דיין שיקזאַל, גאולה דיין בענקשאַפט.

בלויז אַ קורצע צייט האָסטו געלעבט אין ארץ־ישראל, אָבער קיין איין מינוט האָסטו ניט געלעבט אָן אמונה אין גאולה. דיין נשמה האָט געשוועבט צווישן גלות און גאולה אַלע יאָרן פון דיין באַוואוסטזיניקן לעבן. לעבנדיק

אין גלות האָסטו געטראָגן טיפע אידישקייט אין דיין נשמה און דער סימן מובהק פון טיפער אידישקייט איז אמונה אין גאולה. גאולה פון אייגענעם פאָלק און גאולה פון דעם מין מענטש. און גאולה פון אייגענעם פאָלק איז ביי דיר שטענדיק געווען פאַרבונדן מיט שיבת ציון. ביים לעבן האָסטו ניט גע־קענט רעאַליזירן דיין פערזענלעכע תשוקה צו פערמאַנענטער שיבת ציון, ברענגט מען איצט דיינעביינער אַהין.

דו ביזט געווען אַ מאמין. דו האָסט געגלויבט אין די וואונדערבאַרע כוחות פון דעם אידישן פאָלק. האָסט געגלויבט אין זיין ספעציעלן יעוד אין דער מענטשהייט וואָס ער קען דערפילן דווקא דורך לעבן וואָס טיפער זיין אייגנאַרטיק אידישן לעבן. אויך ווען ער לעבט ניט אויף זיין היסטאָרישער געאָגראַפיע איז דער איד ניט געווען פריי פון זיין מיסיע צו זיין אַ נר לגוים. און ער איז טאַקע געווען. אָבער זיין מעגלעכקייט דעם דאָזיקן יעוד פול־שטענדיק צו דערפילן קען ער געפינען נאָר דורך שיבת ציון. האָסטו אַזוי טאַקע געלעבט: וואו דו האָסט זיך געאָגראַפיש געפונען האָסטו די טיפע אידישקייט אין זיך געטראָגן, זי פון זיך אַרויסגעלעבט און משפיע געווען דורכדעם אַלעמען וועלכע האָבן געהאַט דעם זכות מיט דיר זיך צו באַגעגענען. אין דער זעלביקער צייט האָסטו שטענדיק געטראָגן ציון און ירושלים אין דיין גאַנצן מהות. ניט אַלע האָבן באַגריפן דיין דרך, דעם דרך פון דער מזיגה פון פולשטענדיקן אידישן לעבן אין גלות און שטענדיק טראָגן די גאולה־בענקשאַפט אין זיך. פאַר דיר איז אָבער דער דרך געווען קלאָר. דיין אמונה האָט פאַר דיר אָט־דעם לעבנס־וועג צוגעגרייט. דו האָסט געוואוסט, אַז אין טיפן אידישן לעבן מוז דעם ערשטן אָרט פאַרנעמען אמונה אין שיבת ציון, אמונה אין דעם אחרית הימים, די אמונה אַז אונזער פאָלק איז נאָך באַשערט צו פאַרווירקלעכן זיין היסטאָרישע ראָלע, וואָס איז פאַרקערפּערט אין דער נבואה אַז מציון תצא תורה ודבר ה׳ מירושלים. דיין דרך איז דעריבער געווען דער דרך פון אַלע שלימות׳דיקע אידן אין אַלע צייטן און אין אַלע גלותן, דער דרך פון אַלע מעפּילים קיין ארץ־ישראל פון פאַר און נאָך מתן־ציוניזם, ווי דו האָסט זיי געשילדערט אין דיין לעצטן ווערק „ירושלים״. קיין אַנדערער דרך איז פאַר דיר ניט מעגלעך געווען, ווייל די שרשים פון דיין נשמה האָבן זיך גענערט פון די טיפסטע מקורות פון דער אידישער אייגנאַרטיקייט, וואָס האָט זיך אַמשאַרפסטן אַנטפּלעקט אין אמונה און וואָס האָט איר גאַנצע אַנטוויק־לונגס־חיותה געצויגן פון אמונה. די דאָזיקע אייגנאַרטיקייט האָט אויך באַ־שטימט דעם שטח פון דער אויסדערוויילטקייט פון דעם אידישן פאָלק, אין

וועלכן דו האָסט אַזוי טיף געגלויבט. דאָס אַלץ האָט באַשטימט דיין דרך. קיין אַנדערער איז פאַר דיר ניט מעגלעך געווען.

דורך מיין געדאַנק גייען דורך אונזערע וויכוחים איבער דעם אופן ווי צו פאַרשטיין די אידישע אויסדערוויילטקייט, איבער דער פראַגע ווי צו פאַרשטיין השארת הנפש. איך דערמאָן זיך ווי שאַרף דו ביזט געווען אין דיינע וויכוחים, ווי ברויזנדיק דיין קאַמף איז געווען פאַר אַן אידייע וואָס דו האָסט געטראָגן אין זיך. ווי טיף דו האָסט געליטן וואָס צו ניט אַלע ענטפערס האָבן מיר זיך געקענט דערגרונטעווען מיטן באַגרענעצטן מענטשלעכן שכל. אונז ביידן האָט ליידער געפעלט דער גלויבן אין השארת הנפש, ווי אַמאָליקע אידישע דורות האָבן עס באַנומען. ערשט ווען מען שטייט אין אַנגעזיכט פון טויט דערשפירט מען ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען מען וואָלט געקענט גלויבן אַז אונזערע נשמות וועלן זיך נאָך אַמאָל באַגעגענען אין זייערע ריינסטע געשטאַלטונגען און מיט יענע אַנדערע אויגן, וואָס מען מוז מן־הסתם באַקומען אויף דעם עולם־האמת, אַ קוק טאָן אויף וועלט און מענטש, אויף זיך אַליין און קלאָר באַגרייפן דעם גאַנצן זין פון זייַן, פון לעבן, פון דער וועלט און פון גאַנצן יקום. ניט פאַרמאָגנדיק אָט־דעם גלויבן, ווערט צו שאַרף בולט דער סוף פון דעם מענטש און דער זין פון לעבן ווערט פאַרטונקלט. איך קען אָבער זיין אַן עדות, אַז אין פּראָצעס פון דעם לעבן אויף דער וועלט איז השארת הנפש אַ גוואַלטיקער כוח. מבשרי אחזה. מיט מיין באַגרענעצטן שכל ווייס איך דאָך אַז דו, מיין חבר, ביזט שוין ניטאָ, אָבער מיט מיין נשמה שפיר איך דיך, איך שפיר אין זיך דעם איינפלוס פון דיין גייסט. איך וועל עס שפירן ביז מיין טאָג וועט קומען און איך וועל גיין דעם זעלביקן גאַנג וואָס דו ביזט געגאַנגען. אין דעם זע איך דעם זין פונעם פסוק איבעם אַלטן טראַדיציאָנעלן „אל מלא רחמים״, וואָס זאָגט: ויצרור בצרור החיים את נשמתו. דיין נשמה איז אַריינגעוועבט אין דעם לעבן פון די צווישן וועלכע דו האָסט געווירקט.

מיר אַליין פעלסטו זייער, מיין חבר יעקב. אין דער איצטיקער תקופה, וועלכע האָט אונז געשטעלט פאַר זייער קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען, פעלט מיר דיין אינטואיציע צו קענען דערשפירן דעם ריכטיקן וועג און דיין אַנאַליטישע פעאיקייט זיך צו דערקלייבן צום דאָזיקן וועג. זאָג איך טאַקע פונדערווייטנס צוזאַמען מיט די וואָס באַגלייטן דיך צו דיין לעצטער רו: חבל על דאבדין ולא משתכחין.

# די פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל

ווי איך האָב אויבן געזאָגט, באַטראַכט איך זיך ניט פֿאַר גענוג טאַלענטירט צו שילדערן אַפילו מיינע אייגענע איבערלעבונגען אינעם טאָג פון דער פּראָקלאַמירונג פון דער מדינה. איך מוז זיך דעריבער באַנוגענען צו שליסן אָט־דעם דריטן באַנד פון מיינע זכרונות מיט דעם ערשטן אַרטיקל וואָס איך האָב אָנגעשריבן אַ פּאָר טעג נאָך דער פּראָקלאַמירונג און איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין „קעמפער“, דעם 21טן מאַי 1948.

איך האָב געשריבן:

פרייטיק, דעם 14טן מאַי, און אין אונזער אייגענעם קאַלענדאַר דעם 5טן אייר, בלייבט אַ גרויסער טאָג אין דער געשיכטע פון דעם אידישן פאָלק און פון דער גאַנצער מענטשהייט.

מענטשהייט איז ניט קיין אַבסטראַקטער באַגריף. די מענטשהייט איז אַן אָרגאַניזם וואָס באַשטייט פון פאַרשידענע גלידער. איין קראַנקען גליד אין אַן אָרגאַניזם שטעלט אין געפאַר די גאַנצע מענטשהייט. ווען אַזאַ קראַנק פאָלק הויבט אָן אויסגעהיילט צו ווערן, ווערט די גאַנצע מענטשהייט באַפרייט פון אַ געפאַר וואָס קען זיך דורך דעם איינציקן קראַנקן גליד פאַרשפרייטן איבערן גאַנצן אָרגאַניזם. לעצטן פרייטיק האָט זיך אָנגעהויבן דער אויס־היילונג־פּראָצעס פון דעם אידישן פאָלק, וואָס איז טויזנטער יאָרן שוין דער קראַנקסטער גליד אין דעם אָרגאַניזם פון דער מענטשהייט.

על אחת כמה וכמה איז עס געווען אַן אַנטשיידנדיקער טאָג פאַרן אידישן פאָלק. כמעט פולע צוויי טויזנט יאָר האָבן אַלע דורות פון אידישן פאָלק אַרויסגעקוקט אויפן דאָזיקן טאָג. אינעם האַרץ פון דעם אידישן מענטשן איז אויף קיין איין מינוט ניט פאַרגעסן געוואָרן דאָס שטרעבן צוריקצוקערן זיך צום אידישן לאַנד, וואו דאָס אידישע פאָלק איז צום ערשטן מאָל אַרויפגעטראָטן אויף דער אַרענע פון דער מענטשלעכער געשיכטע; צום לאַנד וואָס האָט געשפילט אַ גרויסע ראָלע אין אַרויסברענגען זיינע גייסטיקע פאַטענצן און פאַרמירן זיין גייסטיקע אייגנאַרט, אַן אייגנאַרט, וואָס האָט רייך געמאַכט זיין

אייגן לעבן און וואָס איז גלייכצייטיק געווען זיין שטייער צו דעם געזאַמלטן אוצר פון מענטשלעכן גייסט ; צום לאַנד וואָס איז פאַרהייליקט געוואָרן אין זיין באַוואוסטזיין און אין זיינע תפילות.

אין כמעט יעדן דור פון דער אידישער געשיכטע איז אויפגעשטאַנען אַן איינצלנער איד אָדער אַ גאַנצע גרופּע, וואָס האָט געזוכט די בענקשאַפט פון דעם אידישן פאָלק זיך אומצוקערן קיין ארץ־ישראל צו פאַרוואַנדלען אין אַ רעאַליטעט. געווען עפּאָכעס ווען די דאָזיקע בענקשאַפט האָט אַרויסגעבראַכט אייגנאַרטיקע פּאָליטישע באַוועגונגען. אין שפּראַך פון דער אידישער געשיכטע זיינען זיי באַצייכנט געוואָרן אַלס פאַלשע משיח־באַוועגונגען. גייען מיר ניט אַריין היינט אין דער אָפּשאַצונג, צי זיינען עס טאַקע געווען פאַלשע משיחים, אָדער בלויז דער אויסדרוק פון דעם משיח־דראַנג פון אידישן פאָלק, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן ניט אין אַ פּאַסיקער צייט און ניט אין אַ פּאַסיקן דור. אין אונזער מאָדערנער אידישער געשיכטע איז אויפגעשטאַנען דער מאַן פון גרויסער וויזיע, איז אויפגעשטאַנען טעאָדאָר הערצל און האָט אויפגעבויט די באַוועגונג וואָס האָט אונז דערפירט צו די איצטיקע גרויסע טעג. טאָ זאָל זיין נאָמען זיין דער ערשטער דערמאָנט צו ווערן, ווען מיר ריידן וועגן דער גרויסער געשיכטלעכער פּאַסירונג.

הערצל האָט אין זיינע ערשטע שריט געבלאָנדזשעט. ער האָט געזוכט יסודות אויף וועלכע זיין וויזיע אָנצושפּאַרן. ביסלעכווייז האָט ער געפונען דעם יסוד. ער האָט געפונען דאָס אידישע פאָלק אַליין. אויף די פּלייצעס פון פאָלק האָט הערצל אַרויפגעלייגט די גרויסע לאַסט, אָבער אויך די אָנגענעמע פליכט דורכצופירן זיין — הערצלס — וויזיע. ער האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן דאָס אידישע פאָלק פאַר דורכברעכן אַ וועג צו דער גאולה.

די ציוניסטישע באַוועגונג, וואָס ער האָט אויפגעבויט, איז דורכגעגאַנגען פאַרשידענע עטאַפּן. די אידייע גופא איז געווען קלאָר. עס האָט אָבער אַ לאַנגע צייט געפעלט דער טרעגער און דער אויספירער פון דער אידייע. נאָך פאַר דער גרינדונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַנטוויקלונג, וואָס האָט אָנגעצייכנט דעם וועג וויאַזוי די גרויסע און טיפע שטרעבונג פון אַלע דורות זאָל אָננעמען פלייש און בלוט. מיט איבער 70 יאָר צוריק זיינען אויפגעשטאַנען די ערשטע חלוצים פון דער מאָדערנער גאולה־באַוועגונג — די בילויים. אונטער דער לאָזונג פון „בית יעקב לכו ונלכה", האָבן זיי גערופן די אידן פון רוסלאַנד און עסטרייך, וואָס זיינען געווען דער רוב מנין ורוב בנין פון אידישן פאָלק, זיך אומקערן קיין ארץ־ישראל. זייער העראָאיזם, וואָס איז אַנטפּלעקט געוואָרן אַפילו אין זייערע

דורכפאַלן, איז פאַרשריבן געוואָרן אויף אייביק אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק. היינט דערמאָנען מיר זיי תיכף נאָך דעם נאָמען פון הערצל. מיר פּרובירן אַרויסרופן אין אונזער באַוואוסטזיין זייערע נשמות און מיר זאָגן זיי: אייער טאָג איז געקומען, אייער אָנהויב האָט געבראַכט רעזולטאַטן. דער דאָן וויסטער באָדן פון אונזער לאַנד, צוזאַמען מיטן מאַנגל פון די גרויסע אידישע מאַסן אין אַלע גלות־לענדער געהעריק אָפּצושאַצן אייער אַרבעט, האָט אייך געלאָזן אַליין צו ראַנגלען זיך מיט אייער גרויסער אידייע. די מערסטע פון אייך זיינען אומגעקומען אין די דאָזיקע ראַנגלענישן, אָבער דאָס וואָס איר האָט פאַרפלאַנצט, האָט געבראַכט פרוכטן.

צענדליקער יאָרן שפּעטער איז אויפגעשטאַנען זייער אמת׳ער יורש, דער אידישער אַרבעטער, דער חלוץ, דער פּיאָנער. איבער פיר־צענדליק יאָר האָט ער זיין מי, זיין שוויס, זיין געזונט, און זייער אָפט זיין סאַמע לעבן אַריינגעגאָסן אין דעם פאַרוואָרלאָזטן באָדן, און עס האָבן אָנגעהויבן אויסוואַקסן אידישע ישובים, פריער איינצלנע, דערנאָך צענדליקער, דערנאָך הונדערטער. געוואַקסן איז פריער דאָס אידישע דאָרף, דערנאָך האָט זיך גענומען בויען די אידישע שטאָט. אויף די זאַמדיקע ברעגעס פון ים התיכון איז אַרויסגע־צויבערט געוואָרן די הונדערט־פּראָצענטיקע אידישע שטאָט, תל־אָביב, אַ רעזולטאַט פון אידישן פלייס, פון אידישן אונטערנעמונגס־גייסט און בעיקר, פון דעם היסטאָרישן דראַנג אומצוקערן זיך צוריק צו דעם לאַנד פון אונזערע אָבות, וואָס מוז פאַרוואַנדלט ווערן אין לאַנד פון אונזערע קינדער.

בויענדיק דאָרף און שטאָט, האָט דער אידישער חלוץ אויך אויפגעשטעלט די העלדישע שוץ־קראַפט אונזערע, אַ קראַפט וואָס ווערט באַוואונדערט היינט פון דער גאַנצער וועלט, די קראַפט פון „הגנה". ער אַליין איז אַריין אין הגנה און זיין קינד איז אים נאָכגעגאַנגען. און אַ פעסטן פּרינציפּ האָט אונזער הגנה פאַר זיך אָנגעצייכנט: איר וואָפן מוז בלייבן ריין און הייליק. קיין אומשולדיק בלוט זאָל דורך דעם וואָפן ניט פאַרגאָסן ווערן. און איר ציל איז: ניט אָנגריף אויף קיינעם, נאָר שוץ פון אידישע לעבנס, פון אידיש האָב און גוטס און פון דער גרויסער אידישער אידייע, צוליב וועלכער דער אידישער חלוץ איז געגאַנגען און גייט נאָך אויך איצט קיין ארץ־ישראל. אַט־דעם פּרינציפּ האָט אונזער שוץ־אַרמיי אָפּגעהיט ביז איצט און, ווי ווייט נאָר מעגלעך, אויך אין צייט פון אַ מלחמה, היט זי עס אויך איצט אָפּ. דער דאָזיקער שוץ־אַרמיי גע־הערט אונזער ערשטער סאַלוט. צו איר ווערט אויסגעדריקט אונזער ערשטע סאַליד־אַריזירונג.

דער זעלביקער אידישער אַרבעטער און חלוץ האָט אויפגעשטעלט יענע

מחנה, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן אַנטקעגן דעם גרעסטן ים־פּלאָט פון דער וועלט, כדי צו ברענגען וואָס מער גערעטעוועטע אידן און וואָס מער פון יענע אידן וואָס זיינען גרייט אויסצוברייטערן די פּאָזיציעס אונזערע אין דאָרף און שטאָט און אויסצופילן די פּאָזיציעס פון אונזער שוץ־אַרמיי. זיי האָבן עס אָרגאַניזירט די עליה ב׳, וואָס איר העכסטער אויסדרוק איז געווען: עקזאָדוס 1947. צו זיי און צו אַלע יענע צענדליקער טויזנטער, וואָס געפינען זיך נאָך אין די פאַרשידענע לאַגערן, צו יענע וואָס ליגן אין פאַרשידענע באַהעלטענישן, וואַרטנדיק אויף זייער מעגלעכקייט אַריבערגעבראַכט ווערן קיין ארץ־ישראל, צו יענע וואָס געפינען זיך אין ציפּערן וואָס געפינען זיך אויף די ימים, צו זיי אַלעמען גייט אונזער צוויטער סאַלוט. מיר לעבן דורך צוזאַמען מיט זיי די געפילן פון פריידן, וואָס די טויערן פון אונזער ארץ־ישראל זיינען פאַר זיי געעפנט געוואָרן, און די נאָך ניט פאַרבויטע אידישע פעלדער וועלן אָנגעטרונקען ווערן מיט זייער מי און אַרבעט, כדי דורכדעם צו פאַרפעסטיקן די אידישע מדינה, וועלכע האָט אָנגעהויבן לעצטן פרייטיק פונקציאָנירן, כדי איר עקזיסטענץ צו פאַרזיכערן.

נישט היינט וועלן מיר אָנצייכענען די שוועריקייטן וואָס מיר האָבן באַ־געגנט אין אונזער וועג. ניט היינט איז דער טאָג אַפילו צו דערמאָנען די שטיינער וואָס גרויסע מלוכות, אין וועמענס אימפּעריאַליסטישע פּלענער אַ אידישע מדינה פּאַסט זיך ניט אַריין, האָבן געלייגט אין אונזער וועג. די צייט פאַר דעם וועט קומען שפּעטער. היינט רייניקן מיר אויס אונזערע הערצער פון אַלע פאַרביטערונגען וואָס מיר טראָגן אין זיך, כדי צו הייליקן זיך פאַר דער גרויסער פּאַסירונג, פאַר אונזער צוריקקער צו אַ גלייכן פּאָליטישן סטאַ־טוס מיט אַלע פעלקער פון דער וועלט, פאַר דעם אָנהויב פון אַ זעלבסט־שטענדיקן לעבן פאַר אונזער פאָלק, פאַר דער מעגלעכקייט אַליין צו קענען ווייטער שמידן דעם גורל פון אונזער געשיכטע.

זאָלן מיר היינט דערמאָנען אַלע די, וואָס האָבן אונז געהאָלפן אין אונזער שווערן געראַנגל? — אויך פאַר דעם וועט די צייט קומען שפּעטער. איך האַלט דאָך פאַר נויטיק אונטערצושטרייכן איין היסטאָרישן פאַקט, וואָס קען טאַקע פאַרגעסן ווערן: די ערשטע ניט־אידישע אָרגאַניזאַציע וואָס האָט קלאָר און דייטלעך פאָרמולירט איר שטעלונג, אַז אידן האָבן אַ רעכט צו אַן אייגענער מדינה, איז געווען די דאָזן פאַראייניקטע אַמעריקאַנער טרייד־יוניאָן באַוועג־גונג, אונטער דער פירערשאַפט פון סעמיועל גאָמפּערס. זי האָט אויף איר קאָנווענשאָן אין מינעאַפּאָליס, אין 1917, תיכף נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, דערקלערט איר פּאָזיטיווע באַציאונג צו דער גרינדונג פון דער אידישער

מדינה. די דאָזיקע שטעלונג איז אויסגעהאַלטן געוואָרן פון דער גאַנצער אַמעריקאַנער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט ביזן היינטיקן טאָג. אין דעם זעלביקן וועג זיינען געגאַנגען די צוויי צעטיילטע טרייד־יוניאָנס באַוועגונגען — וואָס ווענדן זיך האָפנטלעך צוריק פאַראייניקן — סיי די אַמעריקען פעדע־ריישאָן אָוו לייבאָר און סיי די סי־איי־אָ. אין אונזער אָפּשאַצונג פון דער גרויסער געשעעניש דערמאָנען מיר עס מיט טיפער שמחה און אונטערשטרייכן עס מיט גרויס שטאָלץ.

זייענדיק אָנגעפילט מיט טיפסטער פרייד, טאָרן מיר אָבער ניט זיין פאַרבלענדעט. מיר מוזן געדענקען די לאַגע אין וועלכער מיר געפינען זיך. אַוודאי שטייען מיר ביים וויכטיקסטן שטאַפּל פון אונזערע פּאָליטישע דער־גרייכונגען, אָבער היינט איז בלויז אַן אָנהויב. די קומענדיקע טעג, חדשים און יאָרן וועלן זיין פּרוביר־צייטן פון דער אינערלעכער קראַפט, וואָס דאָס אידישע פאָלק פאַרמאָגט נאָך אין זיך סיי מאַטעריעל, סיי פּאָליטיש, סיי גייסטיק. מאַטעריעל וועלן מיר נאָך דאַרפן יאָרן־לאַנג אינוועסטירן אין אונזער מדינה אומגעהויערע סכומים פון אַרבעט, מי און געלט אין קאָלאָ־ניזאַציע, אין עליה, אין אינדוסטריע, אין האַנדל. פּאָליטיש וועלן מיר מוזן אַרויסברענגען פון זיך אַלע מקורות פון פּאָליטישער חכמה, כדי צו קענען עטאַבלירן אַ פּערמאַנענטן שלום מיט אונזערע אַראַבישע שכנות'דיקע פעל־קער, באַזירט אויף דער גלייכווערטיקייט און גלייכבאַרעכטיקונג פאַר ביידע פעלקער. פּאָליטיש וועלן מיר נאָך האָבן אַ געראַנגל פאַר דער אָנערקענונג פון דער אידישער מדינה פון אַלע פעלקער פון דער וועלט און פאַר אַריינ־ברענגען זי ווי אַ גלייכן מיטגליד אין דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער. גייסטיק וועט שטיין פאַר אונז נאָך אַ פּיל מער קאָמפּליצירטע אויפגאַבע.

ערשטנס, וועלן מיר דאַרפן מאָביליזירן אַלע כוחות פון גייסט און געדולד וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט אין זיין לאַנגער געשיכטע אָנגעזאַמלט כדי ענדגילטיק אויסצובויען אַזאַ יסוד פאַר שלום און פאַרשטענדיקונג מיט דער אַרומיקער אַראַבישער וועלט, וואָס זאָל פאַרזיכערן פאַר ביידע פעלקער דעם מאַקסימום פון פרייהייט אַרויסצוברענגען פון זיך אַלע גייסטיקע פּאָטענצן וואָס יעדע איינע פון די צוויי פעלקער פאַרמאָגט. מיר קומען צוריק קיין ארץ־ישראל ניט כדי וועמען עס איז אַסימילירן. מיר קענען די געשיכטע פון דעם אַראַבישן פאָלק און די טיפע פאַרבאָרגענע גייסטיקע כוחות וואָס לעבן אין אים. עס וועט זיין אין אונזער אינטערעס צו העלפן די דאָזיקע כוחות פון אונזערע שכנים־פעלקער זיך צו אַנטוויקלען ביז צום מאַקסימום.

נאָכמער מוזן מיר זיך גרייטן צו אַנטוויקלען אונזערע אייגענע גייסטיקע כוחות.

מיר קומען צוריק קיין ארץ־ישראל כדי דורך דער דערוואָרבענער נאַציאָנאַלער פריקהייט אונזער אייגן לעבן גייסטיק צו דערהויבן. מיר זיינען איבערצייגט, אַז טראָץ דעם אומגעהויערן חורבן וואָס דאָס אידישע פאָלק איז דורכגעגאַנגען, טראָץ דעם פאַרלוסט פון איבער אַ דריטל פון אונזער פיזישן וועלט־אָרגאַניזם און אפשר מער ווי צוויי־דריטל פון אונזער גייסטיקן נאַציאָנאַלן אוצר, פאַרמאָגן מיר נאָך אין אונזערע נשמות גענוג גייסטיקע פּאָטענצן, וועלכע, פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל און פאַרזיכערט מיט פרייען אויסדרוק, וועלן פון אונז אַרויסשטראָמען, וועלן אונזער אייגן לעבן באַרייכערן און דורך דעם צוטראָגן אַ גרויסן שטייער דער מענטשלעכער קולטור. סיי דער אידישער קולטור־אינסטרומענט, סיי דער אַראַבישער, פאַרמאָגן אין זיך טיפע אייגנאַרטן, וואָס זיי וועלן אַריינטראָגן אין דעם אָרקעסטער פון דער וועלט־קולטור.

צו אָט־די גרויסע אויפגאַבן וועט זיך ווידמען דאָס גאַנצע אידנטום בכלל, און די אידישע מדינה בפרט, אין די גרויסע טעג וועלכע מיר לעבן איצט דורך. זעקס מיליאָן פאַרשניטענע אידן קענען צוריק לעבעדיק ניט ווערן. די אידישע מדינה און דאָס אידישע פאָלק וועלן זאָרגן דערפאַר, אַז אַלע גייסטיקע אוצרות, וואָס זיי האָבן געטראָגן אין זיך און אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט זייער זכר, זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין המשך־זאַפט פאַר קומענדיקע דורות און אין אונזער דור זאָלן זיי פאַרשטאַרקן די גייסטיקע נאָרונג פאַר די אידן אין ארץ־ישראל און אָנפילן מיט אידישן אינהאַלט יענע אידן וואָס וועלן נאָך דאַרפן בלייבן אין אונזער צעשפּרייטונג און דאָרטן ממשיך זיין זייער לעבן ווי אידן.

מיר זאָגן אָפן: מיר רעכענען אויס אויף דער מאָראַלישער און פּאָליטישער הילף וואָס עס וועט אונז געגעבן ווערן פון אַלע פרייע פעלקער פון דער וועלט; מיר רעכענען הויפּטזעכלעך אויס, אַז די אַרבעטערשאַפט פון דער גאַנצער וועלט וועט איר מאָראַלישע און פּאָליטישע הילף אונז ווייטער געבן אין אַזאַ מאָס, אַז דאָס זאָל אָפּווישן פון זכרון פון דער אַלוועלטלעכער אַרבעטערשאַפט די פלעקן מיט וועלכע בעווין און זיינע אַרויסהעלפער האָבן פאַרדאַרבן דעם נאָמען פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט. בעיקר אָבער מוזן מיר בויען אויף די אייגענע כוחות. הויפּטזעכלעך אויף די כוחות פון אַמעריקאַנער אידנטום. צו אָט דער נייער עפּאָכע מוז זיך אָנהויבן גרייטן די ציוניסטישע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע.

איצט שיקן מיר אַריבער צו דער פּראָוויזאָרישער אידישער רעגירונג,

צום גאַנצן אידישן ישוב און צו זיין הגנה, אונזער פייערלעכע שבועה צו שטיין מיט זיי אין אַלע שווערע מאָמענטן וואָס זיי וועלן נאָך דאַרפן דורכגיין; ווי ווייט דאָס איז אונז געגעבן, פאַרשפּרעכן מיר צו ווידמען אונזער לייב און לעבן אין מיטבויען אונזער מדינה. אָבער דערצו מוזן מיר זיך מאַכן גרייט און פעאיק. די ציוניסטישע אַרבעטער־באַוועגונג מוז פיל שטאַרקער ווערן. דעריבער ווענדן מיר זיך צום אַמעריקאַנער אידנטום, צו דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג און בפרט צו די אידישע אַרבעטער מיט דעם רוף:

איר האָט ביז איצט פיל געהאָלפן דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל, דער הסתדרות, און אירע גרויסע ווירטשאַפטלעכע זאָרגן; איר האָט אין די לעצטע יאָרן געהאָלפן אויך באַגעגענען טיילן פון אירע פּאָליטישע זאָרגן. עס איז געקומען הייגט דער טאָג, וואו מיר מוזן זיך פּאָלי־טיש צוזאַמענשליסן און ווי אַ פעסטע וואַנט זיך אַוועקשטעלן אַנטקעגן אַלע פּאַרזוכן וואָס וועלן נאָך געמאַכט ווערן אונטערצוגראָבן דעם היינט־אויפ־געשטעלטן אידישן שטאַט. דעריבער רופן מיר אייך אין די ציוניסטישע אַרבעטער־רייען.

באַגריסנדיק דעם אידישן שטאַט, סאָלידאַריזירנדיק זיך מיט אים, דער־קלערן מיר, אַז מיר נעמען אויף זיך אַ טייל פון יענע גרויסע פּאַראַנטוואָרט־לעכקייטן, וואָס די אויפשטעלונג פון מדינת ישראל האָט אַרויפגעלייגט אויפן אידישן פאָלק. צוזאַמען מיטן אידישן ישוב אין „ישראל" מוזן מיר די יסודות פון דער אידישער מדינה אַזוי באַפעסטיקן, אַז קיין וויגט זאָל זי ניט קענען אַרויסרייסן.

מיר האָבן אָבער נאָך אַן אויפגאַבע: צוזאַמען מיט דער גאַנצער מענטש־הייט מוז אונזער מדינה, ווי אויך דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, העלפן איינפירן יענע ענדערונגען אין ווירטשאַפטלעכן לעבן וואָס זאָלן אויסגלייכן די קרומ־קייטן צווישן מענטש און מענטש און צווישן פאָלק און פאָלק און דורכדעם אומנויטיק מאַכן ווייטערדיקע מלחמות אויף דער וועלט; דורכדעם העלפן אַרויספירן די גאַנצע מענטשהייט פון דעם פינסטערן ווינקל אין וועלכן זי געפינט זיך איצט; אַרויספירן צו פולער פרייהייט און גלייכהייט פאַר אַלע מענטשן ווי מענטשן, פאַר אַלע פעלקער ווי פעלקער; אַרויספירן צו אמת'ער אינטערנאַציאָנאַלער פאַרבינדונג פון אַלע פעלקער. און אין דער דאָזיקער אינטערנאַציאָנאַלער פאַרבינדונג זאָל זיין רעפּרעזענטירט און זאָל כסדר מיט־ווירקן דער פרייער אידישער שטאַט — די מדינת ישראל.